

# Sunland

May, 1925

אין דעם נומער

אייזענבערג א.
אייזענשטאט מ.
א סניטקאָווער
בעלסקי ש. י.
י. ל. מ.
י. ס.
מאלאמוט י. ל.
עסעלין א.
פרידלאנד י.
קוצענאָגי י.
קיץ יוסף
רויזענבלאט ה.

בילדער:

פאניץ פייגעל
פרישמאן דוד
ראָזענפעלד יונה
רויזענבלאט ה.
שלום־עליכם

No. 2

פרייז 15 ס.

## גאמוט קלוב טעאטער

זונטיק אווענט דעם 24־טן מאי 8:15 פונקט

דאָס ערשטע מאָל אין לאָס אנגעלעס

אן אמת אידישער פאָלקס קאנצערט

אראנזשירט פון „נגינה“ אונטער דער מוזיקאלישער דירעקציע פון דעם

באקאנטען מוזיקער

פּראָפ. פּאול לעמקאָף

1. פייגעל באניין, די באליבטע פאָלקס לידער זינגערין אין א רעפּערטואר פון גאנץ נייע פאָלקסלידער.

2. נגינה כאָר, וועלכער באשטייט פון בלויז געשולטע זינגער אין מאָדערנע און פאָלקסטימליכע לידער.

3. די כלי זמרים, (א היימישע קאפּעליע)

4. פּראָפּ. לעמקאָף, אין זיין ערשטער אָפיציעלער אויפטריט אין אייגענע קאָמפּאָזיציעס.

---

בילעטן : 50 — $2.00 אלע פּלעצער רעזערווירט.

---

צו באקומען אין פּלעטס מוזיק געשעפטן. אויך דורך טעלעפאָן: טאָקער 2648

# זונלאנד

## מאנאטשריפט

רעדאקטירט פון: — י. ל. מאלאמוט — יוסף קי״ן

לאס אנגעלעס, אייר, תרפ״ה — Los Angeles, May, 1925



ה. רויזענבלאט

צו זיין פינף און צוואנציק יעריקן יובילעאום.

ה. רויזענבלאט

# אוקראיניש פאסטוך-ליד

דער האלז מיינער — גראניט-שטיין שווארץ,
די האָר מיינע פלאקס און דאָס פּנים מיינס בראָנז,
צו דיר ציט, יאוודאָניא, מיין הארץ.
א וואָלקן אין הימל, אן אָדלער אין ווינט —
יאָוודאָניא, צו דיר ציט מיין הארץ!
היי, היידא וואַטהאַ איבער טאָל איבער בערג,
היי היידא, היי היידא, וואטהאַ!

געברענט ביז פארטאָג האָט מיין פייער אין פעלד.
דער רויך ציט האלב בלוי און האלב שווארץ...
דער מזרח צופלאקערט זיך רויט אין די בערג —
דאָס פלאקערט, יאוודאָניא, מיין הארץ!
יאָוודאָניא, פארברענט ווערט מיין הארץ.
היי, היידא וואַטהאַ איבער טאָל איבער בערג,
היי היידא, היי היידא, וואטהאַ!

א שעפּסעלע מיינס האָט דער וואָלף מיר פארצוקט.
א שעפּסעלע זייד-ווייך און שווארץ...
דער וואָלף איז ניט זאט און מיין שעפּסעלע טויט —
פארצוקט איז יאָוודאָניא, מיין הארץ!
יאָוודאָניא, פארצוקט איז מיין הארץ!!
היי, היידא וואַטהאַ איבער טאָל איבער בערג,
היי היידא, היי היידא, וואטהאַ!

# שלום עליכם׳ס טייטש-ווערטלאך

## געזאמעלט פון יוסף קוצענאגי

אין דעם יאר 1916, ווען שלום עליכם איז געשטארבן, האב איך אפגעדרוקט אין נויארקער „טאג“ די דאזיקע טייטש ווערטלאך, וועלכע איך האב געזאמעלט פון שלום עליכם׳ס שריפטן.

ווען שלום עליכם׳ס העלדן פארטייטשן א פסוק, זארגן זיי זיך זייער ווינציק וועגן דעם ריכטיקן פירוש־המלות. דער פסוק איז נאר א באווייז אויף למדנות. דער עיקר איז גאר דאס אייגענע ווערטל — א פאלקס ווערטל, אדער שלום עליכם׳ס אן אייגענער איינפאל.

די פארטייטשונגן און ווערטלאך זענען שוין אזוי אריין אין אונזער טעגליכן גע־ברויך, אז מען וועט שוין באלד אין גאנצן פארגעסן ווער עס האט זיי געשאפן — און אין די טייטשן שפיגעלט זיך אפ א שטיק פילאזאפיע, עטיק און עסטעטיק פון אונזערע פאלקס מאסן.

א צייטונג איז א קקיון־דיונה, און אום צו געבן די אידישע דאס פארגעניגן צו דערקוויקן זיך מיט די פערלדיקע ווערטלאך, און אזוי ווי היינטיקער חודש איז דער יארצייט פון שלום עליכם׳ן, זענען מיר מקיים זיין צוואה — ניט צו טרויערן — און מיר געפינען ניט קיין פאסיקערן אופן צו פייערן זיין יארצייט, ווי מיט איבערצודרוקן זיינע פאלקסווערטלאך.

י. ק.

### א.

אבל והפוי ראש — א צובראכענער, א צוברעקעלטער.

אגיל ואשמח — צוגעשניטן און אויפגענייט . . .

אדם יסודו מעפר וסופו לעפר — א מענש איז שוואכער פון א פליג און שטארקער פון אייזן . . .

אדם כבהמה נדמה — א מענטש באדארף ארבעטן, הארעווען, פארשווארצט און אויסגעריסן ווערן צוליב א שטיקל ברויט . . .

אדם קרוב לעצמו — אז מ׳איז גוט פאר יענעם, איז מען שלעכט פאר זיך . . .

אהבתי כי ישמע לי — כ׳האב פיינט אזעלכע קאטאוועסלאך . . .

אֲהבתי — ער וויל זי, זי וויל אים . . .
אולי ירחם — טאָמער פארדין איך דאָ . . .
אחרי ככלות הכל — עק וועלט . . .
איזה לחיים ואיזה למות — מאכט רש"י: גאָט איז גאָט און בראנפען איז בראנפען . . .

אין אומר ואין דברים — ער דערקענט מיך גאָר ניט . . .
אין אסתר מגדת — מאכט זיך תם'עוואטע . . .
אין חדש תחת השמש — קיין חכמות גייען נישט אָן . . .
אין לך אָדם שאין לו פעקל — פון וואָס מ'זאָל ניט רעדן, אויפ'ן טויט מוז מען ארויף . . .

אין קוצים בפרוצים — פאר'ן עסן גייט קיין טאנץ ניט . . .
איש כמתנת ידו — איטליכער דארף זוכן זיין גלייכן . . .
איש לפעלו ואדם לעבודתו — דער שניידער צו דער שער און דער שוסטער צום ווארשטאט . . .

אין קמח אין תורה — אז מ'שמירט ניט פאַרט מען ניט . . .
אל הארץ אשר אראך — וואוהין די אויגן וועלן טראָגן . . .
אל הארץ אשר אראך — נא וסיע טשעטירע סטאָראָני . . .
אל רחום וחנון — ער ווייסט וואָס ער טוט . . .
אל תהי בז לכל בשר — אז מ'עסט ניט קנאָבל, הערט זיך ניט נאָך...
אל תסתכל בגלעזעל אלא בפלעשעל . . .
אל תסתכל בקנקן — קוק נישט אהין וואו מ'דארף ניט. . . .
אל תִפתח פה לשטן — ניט דערהארן וועלן דאָס מיינע שונאים . . .
אל תקשו לבבכם — ארויסגעוואָרפן מיין טרחה . . .
אל תשלח ידך — א קאָטע פון דער פוטער . . .
אל תתהלל ביום מחר — א מענטש טראכט און גאָט לאכט . . .
אם אין אני לי מי לי — איך בין ניט איך, דו ביזט ניט דו . . .
אם אין קמח אין תורה — די תורה ליגט אין קאסטען און חכמה — אין קעשענע.

אם כבנים אם כעבדים — ווי מיט קינדער אזוי איז אָן קינדער . . .
א מכה בחברותה — וואָס גאָט גיט אבי איניינעם . . .
אני לדודי ודודי לי — איך בין דיינע און דו ביזט מיינער . . .

אָסור לרחם — נישט ווערט וואס די ערד טראָגט . . .

איש להבה — שוועבל און פעך . . .

אשרי האיש אשר לא הלך — וואויל איז דעם מענטשן, וואָס גייט נים צופוס . . .

אתה בחרתנו — נים אומזיסט איז אונז די וועלט מקנא . . .

אתה יצרת — דו האָסט, גאָט, באשאפן, עולמך — דיין וועלטל, מקדם — אויף יענער זייט שטאָט; בחרת בנו — און אונז אידעלאך האָסטו אויסדער־ווײלט מיר זאָלן זיצן אין ענגשאפט, קאָפּ־אויף־קאָפּ אין א דערשטיקעניש; ותתן לנו — און דו האָסט אונז געטון געבן: צרות מיט ווייטאָגן, מיט דלות, קדחת מיט רביעית האָסטו אונז געגעבן ברחמיך הרבים . . .

ב.

באו מים עד נפש — דערלאַנגט אין ביין אריין . . .

באו מים עד נפש — ערגער קען שוין נים זיין . . .

בגלופין — גאנץ פריילאך . . .

בגפו יבוא בגפו יצא — געווען אן ארימאן און ארוים אן אביון . . .

בגפו יבוא בגפו יצא — אז מ'לייגט אריין קרענק נעמט מען ארוים קדחת . . .

בור כרה ויחפרהו — ס'וועט א רוח אין זייער פאָטער און מוטער אריין . . .

בחסד וברחמים — א שטריקעל אויפ'ן האלז און פאָזשאליוטע וו' קאזנו . . .

בחרבי וקשתי — ווי די מאמע האָט מיך געהאט . . .

בכל לבבך ובכל נפשך — עסטו ברויט, דארפסטו וויסן פאר וואָס...

בימינך נצח — מיט'ן קאָפּ אין דער ערד . . .

בלא חרטה ובלא דריי — א גאנג זאָל זיין א גאנג . . .

במקום שאין איש — איז הערינג פיש . . .

בנים גדלתי ורוממתי — האָרעווע פון קינדער'ס וועגן, שלאָג זיך קאָפּ אין דער וואנט, והם פשעו בי — זאָגן זיי, אז זיי פארשטייען בעסער...

דאס זענען נאר א קליינער טייל פון די טייטש־ווערטלאך. שלום עליכם'ס געזאמעל־טע טייטש־ווערטלאך, פון „א" ביז „ת" דרעשיינען אינגיכן אין פארלאג „זונלאנד".

# שלום עליכם, דוד פרישמאן און דיקענס

(פערזענלאכע זכרונות פון אברהם אייזענבערג *)

ווער עס האָט געקענט דוד פרישמאנען, מיט זיין קריטישן בליק אויף אַלץ וואָס עס האָט זיך געשאפן בא אונז סיי אין דער ליטעראטור, סיי אין דער קונסט, ווער עס קען אים פון זיינע שריפטן, הויפטזעכלאך פון זיינע ארטיקלען וועגן ליטעראטור, קונסט און טעאטער, ווייס ווי זעלטן עס האָט גע־טראָפן אז פרישמאן דער גרעסטער קענער אין די דאָזיקע פראגן זאָל געפינען עמיצענס א ווערק פולקאָם.

דער וואָס האָט געהאט די געלעגנהייט צו זיצן בא אים אין קאבינעט, בא זיין שרייב־טיש, טרינקען מיט אים א גלעזעל טיי, אונטער פיר אויגן זיך אונטערהאלטן א שעה אָדער צוויי וועגן דער אידישער וועלט, וועגן אידישע שרייבער, יענער האָט געהאט א געלעגנהייט צו הערן פון אים אזעלכעס וואָס אין ארטיקלען און איבערהויפט אין געדרוקטן וואָרט האָט זיך דאָס ניט גע־לאָזט ארויסזאָגן.

ניט דערפאר ווייל ער האָט געפונען אז אונזערע קולטור־שאפער זע־נען ניט גרויס, ניין. ער האָט תמיד געוואָלט, אז אונזער ליטעראטור און קונסט זאָל זיין גרעסער ווי זי איז. קיינער האָט אים ניט צופרידענגעשטעלט; „מיר אידען“, פלעג ער טענה'ן „גיבן אוועק אזוי פיל גוטעס צו פרעמדע, פאר־וואָס זאָל מיר ניט שאפן פאר אונזער אייגענער קולטור נאָך בעסערעס ווי דאָס וואָס מיר שאפן פאר אנדערע?“

זייענדיק זיינער א נאָנטער שכן, פלעג איך אים אָפט באזוכן אין זיין וואוינונג אויף כלאדנע גאס אין ווארשע, און אָט אזוי זיצענדיק בא אים אין קאבינעט, אין דער אטמאָספערע פון ציגארן־רויך (ער איז געווען א ליידענ־שאפטליכער ציגארן־רויכער) טרינקענדיק א גלעזל טיי, דורכקיבעצענדיק אונזער וועלטל, זאָגט פרישמאן צו מיר:

„איך וועל אייך באלד וויזן אן אינטערעסאנטן בריוו, וואָס איך האָב באקומען פון שלום עליכם'ן.“

דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען שלום עליכם איז שוין געלעגן קראנק אין נארווי, שוויץ. עס איז אים געווען פארבאָטן צו שרייבן זיצנ־דיקערהייט, פלעג ער שרייבן אין בעט, ליגענדיק, אויף קליינע בלאָקס, און אָט אזא בלאָק־בריוו האָט פרישמאן פון אים ערהאלטן.

אין דער שווייץ האָט זיך שלום עליכם דערוואוסט וועגן דעם גרויסן ערפאָלג וואָס עס האָט געמאכט זיין ערשטער באנד, איבערזעצט אין רוסיש און ארויסגעגעבן אין מאָסקווע.

די גאנצע רוסישע קריטיק מיט אמפיטעאטראָוון בראש, האָט דאָס

---

*) זע די צוויי צייכענונגען אין היינטיקן נומער.

בוך אויפגענומען מיט גרויס ענטוזיאזם, און דאָס האָט שלום עליכם'ן שטאַרק הנאָה געטון. נאָך דעם גוטן איינדרוק האָט ער געשריבן, דעם סקעפּטיקער בזה הלשון:

„האָסטו געהערט, דוד, וואָס דער גרויסער און גראָבער גוי אמפיטע־אטראָוו שרייבט וועגן מיר? *) ער זאָגט דאָך אז איך בין טשאַרלס דיקענס! אז איך האָב דאָס איבערגעלעזן, האָב איך געמאכט אין שטוב א קליינעם פּאָגראָמ'ל — וואָס הייסט עפּעס, איך בין דאָך דיקענס, וויל איך אזוי! . . .



*) אלעקסאנדער אמפיטעאטראָוו, איינער פון די גרעסטע און אָנ־געזעענסטע רוסישע שרייבער און קריטיקער, איז אויך בארימט מיט זיין קאָלאָסאלן וואוקס. איך האָב אים פּערזענלאך געקענט. ער איז געווען אומגעהויער גרויס און דיק און אויף א געוויינטליכן שטול האָט ער ניט גע־קענט זיצן.

נאָמבערג מוז חתונה האָבן! איך וויל אזוי! איך בין דאָך דיקענס!“

פאר יעדערן פון אונזערע שרייבער אין יענער צייט, האָט ער צוגע־פאסט עפּעס א פארלאנג וואָס יענער מוז אויספילן, מחמת ער איז דאָך עפּעס דיקענס — א קליייניקייט! ניט קוקענדיג דערויף וואָס ער איז געווען אזוי קראנק, האָט אים דאָך זיין הומאָר ניט פארלאָזן.

איבערלייענענדיק דעם בריוו, וועלכער האָט פארנומען א גאנצן בלאָק־נאט האָט פרישמאן א זאָג געטון:

„מ'האלט מיך פאר א מענטשן, וואָס האלט נאָר אין איין קריטיקירן, פאר א מענטשן, וואָס זוכט נאָר חסרונות — אָבער זאָגט אליין, איז דער בריוו ניט געניאל? שטייט שלום עליכם ניט העכער פון דיקענס'ן? איז דען דער בריוו זיינער ניט בעסער פון מארק טווייננס זאכן? אליין א קראנקער, א צעבראָכענער, פארשטייט ער אז איצט, ווען די גוים האָבן אָנגעהויבן צו שרייבן וועגן אים, אז ער איז אויסגעוואָקסן, איצט וועלן מיר אים אלע מוזן ווערן אונטערטעניק — וואָס פאר א איראָניע!“

מיר זענען ביידע געבליבן זיצן, א קורצע צייט געשוויגן: פרישמאן האָט פאררויכערט איינע פון די גרעבסטע ציגארן, דאָס שרייב־צימער איז אָנגעפולט געוואָרן מיט א פרישן וואָלקן רויך . . .

אין דעם נעפּל פון דעם רויך האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט א בילד אין די שווייצארישע בערג פון נארווי. א סאַנאַטאָריום. שלום עליכם ליגט אין בעט, שרייבט ווידער א בלאָק־בריוו צו זיינע פריינט, זעט זיך אין דער גע־שטאלט פון טשארלס דיקענס, שרייבט באפעלן און מיר מוזן אויספילן אלע זיינע פארלאנגן . . .



י. ל. מאלאמוט.

# וועגען אידישע פאָלקסלידער

יעדעם פאָלק האָט זיך אירע פאָלקסלידער, וואָס ווען איר שטודירט זיי גרינטלאך, געפינט איר אויס, ווי אזוי דאָס פאָלק האָט געלעבט, צו וואס ער האָט געשטרעבט; מחמת אין דעם פאָלקסליד איז פארקערפּערט דער צער און די פּיין, די פרייד און די לייד. דורות האָבן געלעבט, זענען אונטערגעגאנגען, אָבער זייערע לידער זענען אומגעגאנגען פון מויל צו מויל, דורך דער קייט פון דורות און אזוי קענט איר אמאָל אָנכאפּן אין אן אלטן מאָטיוו פון א פאָלקסליד דעם טאָן פון א לאנג־פארגאנגענעם דור.

ווער עס וויל זיך דעריבער באקאָנען מיט דער ווייטער אידישער פאר־גאנגענהייט, יענער מוז אָנקומן צו דעם אידישן פאָלקלאָר בכלל און טאקע צו דעם אידישען פאָלקסליד בפרט.

דער אונטערשייד צווישן אונז און אנדערע פעלקער בנוגע דעם שאַ־פונגס פּראָצעס אין דער ליטעראטור איז דער, וואָס בא אלע אנדערע פעלקער הויבט זיך די ליטעראטור אָן צו אנטוויקלן אויף א נאטירליכן אופן. גאָר צום ערשטן קומט דאָס פאָלקסליד, דאָס איז דאָך דער אורשפּרונג פון דער פּאָעזיע און מוזיק. — *)

אזוי ווי דאָס פאָלקסליד איז ניט אָפּגעדרוקט געוואָרן, איז דאָס זייער אָפט פארגרייזט געוואָרן, אָבער סוף כל סוף פלעג זיך דאָ און דאָרט באווייזן דער אמת'ער מבין מיט א חוש און אן אויער פאר מוזיק און פלעגט שוין אליין איבערבויען די ווערטער, די סטראָפן, און דאָס אליין האָט געפירט צו דעם, עס זאלן געשאפן ווערן אלערליי וואריאציעס, אויף דעם פאָלקסליד. דאָס אייגענע קען געזאָגט ווערן אויף דער פאָלקס־מוזיק, פּשוטע מענטשן, אָבער מיט א פיינעם אויער פאר מוזיק פלעגן צופּאסן א מעלאָדיע צו א ליד, דאָס האָט באלעבט דעם טעקסט און פאראייביקט דאָס ליד, אויב עס איז נאָר גע־פעלן געוואָרן דעם פאָלק.

---

*) פאָלקסלידער געהערן צו דער עפּאָכע, ווען מענטשן האָבן נאָך ניט געשריבן און ניט געדרוקט קיין לידער; אין פאָלק זענען אָבער שוין געווען דיכטער, מענטשן מיט שעפערישן גייסט, פלעגן זיי צוטראכטן א ליד, באזינגען א געשייעניש. דעם פאָלק איז דאָס ליד געפעלן געוואָרן, פלעגט מען דאָס אויפכאפּן, נעמן נאָכזינגען, און ווען דאָס פאָלק האָט דאָס ליד נאָכגעזונגען, איז דאָס געווען די הסכמה אויף דעם ליד, וואָס איז געגאנגען פון מויל צו מויל, פון שטאָט צו שטאָט, און דערפאר איז דאָס טאקע געוואָרן א פאָלקסליד.

און פונקט ווי דאָס פאָלקסליד און די פאָלקסמוזיק, געהערט אויך צו יענער פארצייטיקער עפּאָכע די פאָלקס־מעשה, די לעגענדע.

אין פרימיטיווע צייטן האָבן מענטשן געגלויבט אין וואונדער, געטער און מלאכים זענען אומגעגאנגען אויף דער ערד, און מענטשן מיט רייכע פאנטאזיעס האָבן געשפונען צויבער־געשיכטן פון יעדער דערשיינונג, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט ערקלערן אויף נאַטירליכן אופן. עפּעס איז געשען איי־נער האָט דערציילט, אן אנדערער האָט דאָס אויפגעכאפּט און איבערדערציילט, דער דריטער האָט שוין עפּעס צוגעלעגט פון זיין אייגענער פאנטאזיע, און אזוי איז געוואָרן א לעגענדע, א פאָלקס־מעשה.

געשיכטע, פּאָעזיע, דערציילונגען — דאָס שאפט זיך שוין בא א פאָלק וואָס האָט שוין באשטימטע פאָרמען פון קולטור, שטייט שוין אויף א העכערער שטופע פון גייסטיקער אנטוויקלונג.

על פי דרך הבע און לויט דעם שכל נאָך, וואָלט אונזער אידישע ליטע־ראטור געוועזן געדארפט זיך אנטוויקלען לויט פאָלגענדען פּלאַן: די ערשטע אי־דישע שרייבער וואָלטן געוועזן געדארפט זיך כאפּן פאר דער אידישער פאָלקס־מעשה, פאר דער לעגענדע. די ערשטע אידישע דיכטער פאר דעם פאָלקס ליד, די ערשטע אידישע מוזיקער פאר דעם פאָלקס־מוזיק, געבויט אויף די טראַ־דיציאָנעלע אידישע תפלות און נגונים. שפּעטער ערשט וואָלט געוועזן גע־דארפט קומען די דערציילונג, די מעשה און די פּאָעזיע. פּאסירט האָט אָבער דאָס פארקערטע: מען קען אָנווייזן א גאנצע רייע פון אָנגעזעהענע אי־דישע שרייבער, ווי פּרץ, דינעזאָן, ספּעקטאָר, שלום עליכם, אש, הירשביין, פינסקי און אנדערע, וואָס האָבן זיך גלייך א כאפּ געטאָן צו שאפן א ליטעראַ־טור און האָבן לחלוטין זיך ניט אינטערעסירט א לענגערע צייט, ניט מיט דעם נאַטירליכן שאפונגס פּראָצעס פון א ליטעראטור, ניט מיט דעם אידישן עבר. וואָס דארף און מוז זיין אן אינספּיראטיווער קוואַל פאר א קאָלעקטיוון שאפן פון א פאָלק.

עס איז א מערקווירדיקע כאראקטעריסטיק: ווארשאווסקי'ן האָט שלום עליכם ערשט אין 1910 ארויסגעפירט מיט א פּאָררעדע צו א זאמלונג פון אי־דישע פאָלקסלידער. דאָס באווייזט ווי גרינגשעצנדיק דאָס אידישע פאָלקס־ליד איז נאָך געוועזן ביז ניט לאַנג צוריק.

עס איז אפילו, אויב מען וויל, פאראן אן ערקלערונג דערפאר: נאָכ־אַלעמען זענען מיר אן אַלט פאָלק, מיט אן אַלטער קולטור און ליטעראטור. אין פארלויף פון אונזערע גלות'ן בייטן זיך אונזערע שפּראַכן; די אידישע געשיכטע איז טויזנטער יאָרן אַלט, אנשטאָט דעם, וואָס אונזער אידיש איז ערשט אינגאנצן פינף הונדערט יאָר אַלט. דאָס ענדערט אָבער ניט דעם פאקט, אז דאָס אידישע פאָלקסליד איז זייער שטארק פארנאכלעסיקט געוואָרן און איז נאָך אפילו ביז איצט ריכטיק ניט אָפּגעשאצט און ניט געזאמלט געוואָרן.

די ערשטע וואָס האָבן געמאכט א פּרווו צו זאמלען דאָס אידישע

צוועלף

פאָלקסליד זענען געווען גינזבורג און מארעק: „אידישע פאָלקסלידער" דער־
שינען אין פעטערבורג, צום סוף פון נײַנצענטען יאָרהונדערט. מען איז ארומ־
געפאָרן איבער אידישע שטעט און שטעטלאך, זיך צוגעהערט ווי אזוי דאָס
פאָלק, די בעלי־מלאכות, די דינסטמיידלאך זינגען, און אזוי ארום האָבן זיי
צונויפגעזאמלט א בוך אידישע פאָלקסלידער. מיט צען יאָר צוריק איז ארויס
א באנד פאָלקסלידער פון נח פרילוצקי און אויך צוויי בענד לידער פון י. ל.
כהן. אין די דאָזיקע לידער האָט מען געפונען דעם שליסל צו דער גרויסער,
אידישער פאָלקס־נשמה, וואָס טובל'ט זיך אין צאָרן און יסורים, באָדט זיך
אין יאוש און פיין, לייטערט זיך דורך אין דער התרוממות פון דעם פאָלקס
דיכטער, בעת ער זינגט אוים דעם אידישן ווײ, דעם אידישן קרעכץ און אין
דעם געזאנג געפינט דאָס פאָלק א דערלייכטערונג, א טרייסט אין זיינע שווע־
רע צייטן.

א מענטש, וואָס זינגט ניט איז ניט מסוגל צו קענען ווערן באגייסטערט
פאר קיין גרויסע מעשים, און אין א מאָמענט פון שווערן יאוש, ווערט אזעל־
כער צודריקט און ארונטערגעצויגן אין טיפן תהום און קען זיך קיינמאָל ניט
דערהויבן צו קיין העכערער מדרגה.

דאָס אידישע פאָלק וואָס טראָגט אין הארצן אן אייביקן חלום, וואָס
שפינט זיך נאָך פון זיין ווייטן עבר, און זוכט זיך אריינצוואווען אין זיין צו־
קונפט, אזא פאָלק האָט געמוזט זיך אויסלערנען אויסזינגען זיין צער און צאָרן,
זיין פרייד און האָפנונג. אין ערגעץ ניט ווי אין דעם אידישן פאָלקסליד,
שפיגלט זיך ניט אָפּ אזוי בולט די גרויסע, אידישע פאָלקס־טראגעדיע, וואָס
ציט זיך דורך א שווערער, לאנגער קייט פון דורות, גלות־איין גלות־אוים.

אין די צייטן, ווען אונזער אידיש איז נאָך ניט געווען געווען קריסטאַ־
ליזירט, האָט די שפראך אין זיך פארמאָגט א רייכן עלעמנט פון העברייאיש,
די שפראך, וועלכע דער איד האָט מיטגעבראכט פון זיין אייגענעם לאנד. דאָס
האָט געפירט צו דעם, וואָס די ערשטע אידישע פאָלקס־לידער האָבן זיך דורכ־
געמישט מיט דער אלטער שפראך, העברייאיש, גאָר אָפט מער העברייאיש ווי
אידיש. דאָס פילט זיך אין דעם פאָלגענדיקן ליד:

אמר ד' ליעקב, יאַ טאטע יאַ, יאַ פאטער יאַ,
דו האסט דאך אונז צוגעזאגט:
אל תירא עבדי יעקב,

ניין טאטע ניין, ניין טאטע ניין,
מיר האבן פאר קיינעם קיין מורא ניט
נאָר פאר דיר אליין.

דאָס אידישע טאָג־טעגליך לעבן, דער אינ־דער־וואָכן איז געפאלן
און האָט געדריקט זייער שווער. שבת האָט נאָך ווי עס איז אריינגעטראָגן

אין לעבן אביסל פרייד, דורך דער נגינה אין דעם נוסח פון שבת'דיקן דאווגען, דורך די זמירות בא דעם שבת'דיקן טיש, וואָס האָבן אויף עטליכע שעה גע־מאכט פארגעסן די דאגות חיונה און דעם שפל'דיקן מצב, וואָס אָבער האָט דער פרומער איד געזאָלט טאָן שבת־נאכט, נאָך הבדלה, ווען די נשמה יתירה האָט שוין אָפּגעטון פון אים, און עס איז ווידער געוואָרן שווער אויף דעם געמיט, האָט דער פרומער איד געפונען אן אָנהאלט, זיך געקרעפטיקט מיט בטחון . . . וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם זינגען דעם „אמר ד' ליעקב“ מיט רעליגיעזן פייער, מיט התלהבות. אליין איז דער פרומער איד געווען הילפלאָז, אָבער א גאָט אין הימל, און אויך זכות־אָבות האָט דער איד פאר־מאָגט, האָט זיך דאָס אין פאָלקסלידער פון יענער עפּאָכע אָפּגעשפּיגעלט זייער שטארק.

איר קענט געפינען א גאנצע רייע פאָלקסלידער, וואָס טראָגן א רעליג־יעזן כאראקטער, וועלכע זענען דורכגעמישט מיט הברייאיש.

שפּעטער, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט איבערגעוואנדערט אין די סלאווישע לענדער, און האָט אָנגעהויבן ארייגזאַפּן אין זיך צוביסלאָך אויך די סלאווישע שפּראך, האָט דאָס פריער דערמאָנטע פאָלקסליד, פּונקט ווי א סך אנדערע פאָלקסלידער זיך אויסגעשפּונען דורך א באהעפטונג פון דעם העברייאישן עלעמענט, און דער צומישונג פון סלאווישע ווערטער אין דער אידישער נאָך־ניט פאָלקאָמענער שפּראך. דעריבער האָט זיך געשאפן אויף דער פריער ציטירטער ליד אזא וואריאנט:

אמר ד' ליעקב
אל תירא עבדי יעקב
ניע באיעס, ניע באיס בארין יעקב
אל תירא עבדי יעקב,
ניע באיס ניטשעווא;
ניע באיס ניעקאווא
טאלקא באגא אָדנאווא.

דער זיידע אונזערער, וואָס האָט כמעט ניט פארשטאנען קיין סלאוויש, האָט געזונגען דעם ערשטען „אָמר ד' ליעקב“, דער טאטע האָט שוין געזונגען ביידע. די התלהבות און די פייערליכקייט איז געווען די אייגענע.

צו דער אייגענער קאטעגאָריע לידער געהערט אויך דאָס דאָזיקע ליד:

אבראם אבראם אטיעץ טי נאש,
זאטשעם טי ניע כאדיש,
זאטשעם טי ניע מאליש;
זאטשעם טי ניעפראסיש
באגו זא נאס.

שטאב אז נאם וויקופיל,
שטאב אז נאם וויוואדיל;
קודא? לארצינו!

א שווערע צייט געווען פאר אידן. עס האָט אָבער נאָך געפעלט קלאָר־קייט אין דער אידישער שפּראַך אוסיצודריקן דאָס טרויעריקע געמיט, האָט דאָס פאָלק זיך אָנגעהאלטן פעסט בא איין ברעג פאָדעם פון דעם אידישן עבר; דאָס לאנד און דער גלויבן, דורך אַלץ וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין העב־רייאיש און דעם דאָזיקן ברעג האָט דאָס פאָלק געזוכט צו באהעפטן מיט דעם מאָרגן, מיט'ן גלויבן אין בעסערע צייטן.

אזוי וועט איר געפינען רעליגיעזע, אידישע פאָלקסלידער דורכגעזאפּט מיט דער מעלאָדיע פון אידישן פּיוט, די תפילות פון דעם אידישן יום־טוב'דיקן דאווגען * *) די דאָזיקע לידער זענען פול מיט רעליגיעזן פייער, מיט דער אייגענער השתפכות הנפש, מיט וועלכער א פרומער איד טרעט צו צו עבודת הבורא.

שפּעטער, ווען אידן האָבן זיך אביסל בארואיקט און שלום געמאכט מיט דעם געדאנק, אז אזוי איז דער רצון פון בורא: צו זיין אין גלות און צו דינען דעם בורא, האָבן זיי אָנגעהויבן מונטערן דאָס פאָלק אין זייערע פאָלקס־לידער, מיט דער אייגענער התעוררות, וואָס דער מטיף אין שול בין מנחה למעריב האָט גע'מוסר'ט די אידן:

גוואלדזשע ברידער, וואס־זשע שלאפט איר —
איינס, צוויי דריי, פיר —
ס'איז שוין צייט צו גיין אין מקוה,
איינס, צוויי, דריי, פיר —
ניט קיין מקוה, נאר געשלאפן,
וואס־זשע לעבט איר אויף דער וועלט?
מיט וואס וועט איר קומן אויף יענער וועלט?

דאָס דאָזיקע ליד רעט אין די ווייטערדיקע פערזן פון לערנען משנה, מקרא, גמרא, א. א. וו. קורץ: עס איז פול מיט פאטאָס, מיט ברען און נאָר אידן, האָבן זיך געקענט אויפהויבן העכער פון דער ערד און זיך באגייסטערן מיט מקרא, משנה, גמרא אין דער אייגענער צייט, ווען זיי זיי זיינען גע־רודפ'ט געוואָרן פון דרויסן, פון א געפערליכן שונא, פרעמדע, פיינדליכע פעלקער, פרעמדע קולטורן, פרעמדע זיטן, פרעמדע מנהגים, און פון אינעווי־ניק — די אסימילאציע, די אידישע השכלה, וואָס האָט אין יענער צייט גע־וואָלט ניט אנדערש, נאָר אז אידן זאָלן אויפהערן צו רעדן אידיש, צו פילן אידיש, נאָר זיך אויסמישן מיט דעם רוסישן פאָלק, אים נאָכטון און אים זיך

* *) זע „אף ברי“ (גינזבורג און מארעק)

אונטערגעבן, דאָס הייסט, פארשלונגען ווערן און אויפהערן צו חלום'ן, אויפ־
הערן צו דענקן ווי אידן, פילן ווי אידן.

אויך די השכלה האָט זיך געהאט אירע פארערער און נאָכפאָלגער,
האָט געשאפן פאָלקסלידער, וואו מען האָט אָפגעלאכט פון דעם אידישן פא־
נאטיזם, באזונדערס, פון דעם אידישן חסידיזם, וועלכער האָט בייגעטראָגן
זייער פיל צו דעם אידישן פאָלקלאָר בכלל און צו דעם פאָלקסליד בפרט.

ווייל די השכלה האָט געפּרעדיקט אסימילאציע, א „רפואה“, וואָס אי
זי איז ניט נאטירליך, אי זי איז שעדליך פאר דעם יחיד ווי פאר דעם רבים,
האָבן אידען, פרומע, ערליכע, פשוט'ע אידן, דוקא ארויסגעוויזן גרויס ווידער־
שטאנד און זענען געבליבן פאר'עקשנ'ט פרום און אויסגעהאלטן אין זייער
גלויבן. זיי האָבן ניט אויפגעהערט צו זינגן:

וואס מיר זענען, זענען מיר ;
אבער אידן זענען מיר ;
וואס מיר זענען, זענען מיר ;
אבער אתרוג בענטשן מיר ;
וואס מיר זענען, זענען מיר ;
אבער גאט לויבן מיר ;
וואס מיר זענען, זענען מיר ;
אבער דאוונען, דאוונען מיר.

דאָס דאָזיקע ליד איז שוין ניט מיט קיין טרויעריק, אומעטיקן ניגון
ווי די מייסטע פריערדיקע לידער, דאָס לעצטע ווערט געזונגען אין א שנעלער
טעמפּאָ, מיט א וויגענדיקער ריטם, מיט טאקט, מיט פרייד. עס פילט זיך
אין דער ליד מסירות־נפש . . . דאָס איז אן ענטפער די „משכילים“ די
אפיקורסים, וואָס האָבן געוואָלט ארייגברענגען די אסימילאציע. די פרומע
אידן, בא וועמען דער גלויבן איז דער נאציאָנאלער „אני מאמין“, האָבן אויף
דער השכלה און אויף דער אסימילאציע געענטפערט מיט א גאנצער רייע
פאָלקסלידער, וואָס האָבן געקרעפטיקט די גלויביקע, זיי געשטארקט און דער־
האלטן בא דעם לעבן.

אבער א מעלה, ווידער א מעלה :
אום אני חומה ;
ווידער א מעלה, אבער א מעלה :
ברה כחמה ;
האטש, האטש, האטש :
גולה וסורה ;
פארט, פארט, פארט
דמתה לתמר.

די ווערטער זענען פון „הושענות“ און רעדן פון דער אידישער מאר־
טירעלאָגיע; ווי דאָס אידישע פאָלק איז תמיד בארייט זיך צו לאָזן אומ־
ברענגען פאר זייער גלויבן. עס בלייבט אויסגעהאלטן און פעסט ווי א מויער,



פייגעל פאַניץ
באקאנטע זינגערין פון אידישע
פאָלקסלידער

קלאָר ווי די זון. געטריבן און געפּלאָגט — איז דאָס פאָלק דאָך געגליכן צו תמר'ן. דאָס איז געווען דער ענטפער וואָס די אסימילאציע האָט באקומן פון די פרומע אידן, ווייל קיין מאסע איז נאָך אין יענער צייט ניט געווען.

שפּעטער, ווען עס איז געקומען די גזרה פון „פּריזיוו“ האָט זיך די גאנצע גזרה קלאָר און בולט אָפּגעשפּיגעלט אין די אידישע פאָלקסלידער פון יענער צייט: אידן האָבן ניט געוואָלט זיך אויסמישן מיט די קריסטן: — האָבן ניט געוואָלט עסן פון „קעסל“. ניט מחלל שבת זיין, האָבן זיי די גזרה פון פּריזיוו באקלאָגט זיך אין די פאָלקסלידער:

אוי וויי, ברידער, מיר זענען פארלוירן;
א גזרה א נייע אויף דער וועלט:
אוי וויי, ברידער, מיר זענען סאָלדאטן;
מיר האבן פארשפּילט אונזער וועלט!

(גינזבורג און מארעק)

א סך האָבן טענות צו די אידישע פאָלקסלידער, וואָס זיי זענען אזוי טרויעריק, מעלאנכאָליש, פול מיט אומעט און וויימוט, מיט קרעכצן און זיפצן. דאָס איז געוויס א לעכערליכע טענה און א גאַנץ פארשטענדליכע זאך פאר דעם, וואָס קען די אידישע געשיכטע און וויים, אז דאָס אידישע לעבן אין דער פארגאנהייט איז געווען ניט מער ווי א לאנגע קייט פון יסורים און לייד, און על כל צרה שלא תבא, האָט זיך געשאפן א ליד. פּונקט ווי די ליטעראטור קען ניט זיין אנדערש ווי דאָס לעבן, און שפּיגלט נאָר אָפּ דאָס וואָס עס קען און לעבט דורך א פאָלק; פּונקט אזוי קען אויך ניט זיין אנדערש דאָס פאָלקסליד.

עפּישע לידער, העלדישע געזאנגען, ווערן געשאפן אין א צייט, ווען א פאָלק דערהויבט זיך קעגן זיין באדריקער. אן „אָז ישיר“ שאפט א פאָלק, אין דעם מאָמענט, ווען זיינע שונאים ווערן באזיגט, א „שיר השירים“ שאפט א פאָלק, ווען עס פירט אן אייגן, זעלבסשטענדיק לעבן, פריי און פריילאך. לידער, אָבער, וואָס זענען געשאפן געוואָרן אין גלות, ווען דער חלף איז גע-לעגן אויפ'ן האלז; אזעלכע לידער קענען ניט שאלן מיט קיין פרייד און יובל, ווייל דאָס פאלק איז יעמאָלט פארזונקן אין טרויער און אין צער!

אן ענליכען אומעט און מעלאנכאָליע געפינט איר אויך אין די „מאלאָ-רוסישע“ און אוקריינער פאָלקסלידער. ניט מער; דער מאלאָרוס האָט אין זיך אריינגעזאפּט די ברייטקייט פון דעם סטעפּ, דאָס שיינקייט פון וואלד און פעלד, די טיפקייט פון טייך און די פרישקייט פון די גרינע גראָזן. אידן, אָבער, האָבן געזונגען, זייענדיק צונויפגעדריקט צווישן די ענגע ווענט פון דער געטאָ. עס איז געווען מער געוויינט ווי געזונגען . . .

עס זענען אָבער שפּעטער געקומען נייע, בעסערע צייטן. ניט נאָר רעליגיעזע אידן האָבן געזונגען, נאָר אויך די אידישע מאסע האָט אָנגעהויבן זיך איינשטעלן, כאָטש עס איז געווען פארבאָטן בא אידן קול באשה. האָבן

פונדעסטוועגן אונזערע מאמעס דאָך אָנגעהויבן צו זינגען; פריער תחינות און דערנאָך פאָלקסלידער, וויג־לידער.

צו די אידישע פאָלקסלידער געהערט זיכער די דאָזיקע תחינה פון פאר הבדלה:

גאָט פון אברהם, פון יצחק און יעקב;
באהיט דיין פאָלק ישראל אין דיינעם לויב.
דער ליבער שבת קודש גייט אוועק;
די וואָך זאָל אונז קומען צו מזל,
צו גליק, צו ברכה, צו הצלחה, אמן ואמן,
אמן ואמן, דאָס איז וואָר,
משיח זאָל קומען היינטיקס יאָר!

דאָס דאָזיקע פאָלקסליד האָט עטליכע וואריאנטן. פאָלקלאָריסטן ווילן האָבן, אז דאָס ליד האָט פארפאסט ניט קיין קלענערע פערזענליכקייט ווי לוי יצחק בארדיטשעווער.

ווי די זאַך זאָל ניט זיין, קוים האָבן נאָר אידישע פרויען שוין אָנגע־הויבן צו זינגען, האָבן זיי זיך שוין ניט אָפּגעשטעלט בא די תחינות, זיי האָבן אָנגעהויבן זינגען די פריזיוו־לידער, דערנאָך האָבן זיי אפילו אליין פאר־פאסט וויג־לידער. אין די פשוט'ע שיכטן פון די אידישע פאָלקסמאסן, צווישן בעלי־מלאכות, משרתים און דינסטן, האָט מען אָנגעהויבן זיך פאר־ליבן. פארשטייט זיך אז עס האָבן זיך אָנגעהויבן שאפן אידישע ליבעס־לידער, נאָר וועגן זיי וועט אונז שפּעטער אויסקומען צו ריידן באריכות.

ווי עס שוין פריער באטאָנט געוואָרן: ווען א פאָלק ווערט פאר עפּעס באגייסטערט, שאפט דאָס וואונדערליכע געזאנגען!

ווען דער חסידיזם האָט זיך באוויזן אויף דער אידישער גאס, און האָט פאר דעם פשוט'ן המון, פאר די ניט־געבילדעטע פאָלקסמאסן, אריינגעבראכט אזוי פיעל ווארימקייט און ליכטיקייט אין זייער ביז איצטיק וואָכענדיקן לעבן, ווען אידן האָבן זיך דערוואוסט אז מען קען דינען גאָט, ניט נאָר מיט תעניתים, נאָר מיט געזאנג און פרייד יעמאָלט, ווען עס האָט זיך באפעסטיקט דער חסידיזם; די גרעסטע, פארצייטיקע דעמאָקראטישע באוועגונג בא אידן אי־בער גאנץ אוקריינע, באזונדערס איבער פּאָדאָל און וואָלין. — פון דעם דאָ־זיקן מאָמענט אָן הויבט זיך אָן אריינגברעכן א פריילעכער אקאָרד אין דעם טרויעריקן אידישן פאָלקסליד!

ווען חסידים זענען געקומען צום רבי'ן אויף יום־טוב, איז דאָס געוועזן א שמחה בתוך שמחה. אויסגעקרומטע רוקענס האָבן זיך מיטאמאָל אויסגע־גלייכט, אויסגעלאָשענע אויגן האָבן זיך ווידער אָנגעצונדען; אידן וואכעדיקע, מיט א טויזנט פּוד דאגות אויף די פּלייצעס האָבן פארוואָרפן דעם יאָך. זיי האָבן דערזען דאָס גרויסע ליכט, די ווארימקייט פון דער קדושה האָט זיי דורכגעדרונגען אין אלע אברים, און מענטשן, וואָס האָבן ביז נעכטן מער ניט געקענט ווי נאָר זיפצן, האָבן מיטאמאָל גאָר אָנגעהויבן צו טאנצן און צו זינגען

חסידיש, פריילאך מיט ברען און פייער, עקסטאז און אָפּטימיזם, מיט וועלכן דער חסידיזם האָט זיך אין זיין ערשטער עפּאָכע אזוי אויסגעצייכענט.

דער רבי האָט געהייסן פריילאך זיין ;
טרינקן בראָנפן, טרינקן וויין.
דער רבי האָט געהייסן פריילאך זיין
ביז דעם ווייסן טאג אריין !

דער חסידיזם האָט בכלל באריייכערט דעם אידישן פאָלקלאָר. וואָס עס איז שייך צו דער אידישער פאָלק־מעשה, איז גענוג נאָר אָנצעווייזן אויף דעם גרויסן אוצר, וואָס אונזער י. ל. פרץ האָט ארויסגעשעפּט פון דעם דאָזיקן קוואַל, און בנוגע פאָלקסלידער, איז כדאי נאָר צו וויסן, אז די לידער פון דעם בארדיטשעווער רב, לוי יצחק, ווי דער „קדיש“, דער „דין־תורה“, די „דודעלע“ „מאיר׳קע מיין קינד“ און אנדערע ווערן נאָך היינט אויך באטראכט פאר די שענסטע נומערן אויף דער אידישער קאָנצערט־בינע. דעם בארדיטשעווער רב׳ס לידער באגייסטערן נאָך איצטער אונזערע בעסטע אידישע קאָמפּאָזיטאָרן און מוזיקער. זיי אלע שעפּן פון דעם אלטן אידישן קוואַל, שטודירן די טעקסטן, די מעלאָדיעס און שאפן זיי איבער. פונקט ווי פרץ האָט אויפגע־מישט די אלטע אידישע מעשיות, וואָס זענען אומגעגאנגען צווישן פאָלק, האָט דאָרטן דערטאפּט אלטע עטרות, יארמעלקעס, גארטלן; אָפּגעשויבט די עטרה, האָט א בליאסק געטאָן ריין זילבער, אז עס האָט פארכאפּט דאָס אויג, און פון די זיידענע גארטלן און יארמעלקעס האָבן ארויסגעשיינט צו אונז שיינע, פארצייטיקע, ערליכע געשטאַלטן, שבת און יום־טוב׳דיקע אידן, מיט וואונדערליכע, גרויסע, ליכטיקע נשמות. אידן, וואָס האָבן געלעבט מיט מסירות־נפש און אומגעקומען על קידוש השם; פונקט דאָס אייגענע דערפילן איצט אונזערע מאָדערנע אידישע קאָמפּאָזיטאָרן. איין ציטריקער אקאָרד פון אן אלטן, אידישן פאָלקסליד, פארקלייבט זיך צו דעם אידישן מוזיקער אין דעם הארצן, און דאָס איז אמאָל גענוג אים צו אינספּירירן איבערצושאפן א שטיק אידישע פארגאנגענהייט, לויט יענעם מאָטיוו.

צו אילוסטרירן דעם געדאנק, וויל איך ציען אויפמערקזאמקייט צו דעם ליד: „אין חדר“.

קום אהער, דו קליין איינגעלע נעהענטער צו מיר,
און טו א קוק אין די קליינינקע אותיות :
טייערע אותיות, גילדערנע אותיות :
גיכער, גיכער קום אהער !

ווען איר הערט דאָס ציטירטע ליד זינגען פנחס יאסינאָווסקי׳ן אָדער הירשמאנ׳ן, שווימט פאר אייך ארויף דאָס אידישע חדר, מיט׳ן רבי׳ן מיט אלץ, וואָס עס האָט פאר אייך געלעבט אין אייערע חדר־יאָרן, אזא כח האָט אין זיך דאָס ליד !

פונקט ווי אז איר הערט זיך צו צו די אידישע וויג־לידער, קלינגט אייך אין אייער אויער דאָס קול פון דער אידישער מוטער; איר דערזעט

דאָס ליכטיקע געשטאַלט פון דער אידישער מאַמע, זיצענדיק בא דעם וויגל, ווי זי שפּינט א גאָלדענעם חלום פאַר איר קינד, א לעבן פון תורה און מעשים־טובים. זי זאָרגט פאַר דעם קינד'ס נשמה, פאַר זיין חלק גן־עדן :

אז איך וואָלט געהאַט דעם קיסרס אוצרות, מיט זיין גאַנצער מלוכה
וואָלט דאָס ניט געווען ביי מיר אזוי ניהאַ, ווי דו ביזט בא מיר ניהאַ,
מיין קינד, מיין שיין, ווען איך דערזע דיך, דאַכט זיך מיר
די גאַנצע וועלט איז מיין.
שלאָף מיין קינד, שלאָף מיין קינד, זאָלסט לאַנג לעבן און זיין געזונט.

דער טאַטע האָט דאָס קינד ניט געלערנט וואָס גאָט האָט געבאָטן,
וועט מען אים אויף יענער וועלט ברענגען און בראָטן :
נאָר דו, מיין קינד, וועסט זיך פאַר אים מיען,
דעם טאַטען פון גיהנום ארויסצוציען.

שלאָף מיין קינד, שלאָף מיין קינד,
זאָלסט לאַנג לעבן און זיין געזונט.“

דאָס אידישע פאָלקסליד איז אן אוצר פון גינגאָלד פאַר דעם פאָרשער פון אידישן פאָלקלאָר, און וואָס מער אונזערע זינגער און קאָמפּאָזיטאָרן וועלן אליין טרינקן פון דעם דאָזיקן קוואַל, אַלץ גרעסערע אינספּיראַטיווע כוחות, וועלן זיך אָנזאַמלען צו שאַפן פאַר די קומענדיקע דורות. מען קען דורך דעם כח פון א פאָלקסליד מער אויפטון צווישן די אידישע מאַסן, ווי מיט דער שטאַרקסטער אגיטאַציאָנס רעדע. דורך איין קינדערליד קען מען מער איינ־פלוס האָבן אויף אידישע קינדער, ווי מיט א גאַנצער סעריע לעקציעס. אין דער צייט פון דער לעצטער וועלט־מלחמה האָט דאָס אונזער פּרין גוט באַגריפן, און ווען ער האָט די קינדער געזוכט צו קרעפטיקן אין יענע שווערע, ביטערע צייטן, האָט ער זיך אָפּגעגעבען מיט זאַמלען און שאַפן לידער פאַר די קינדער.

וועלן מיר אויפזאַמלען אונזערע אַלטע אידישע פאָלקסלידער, און זיך אין זיי פאַרטיפן, וועט מען ערשט דערנסטמאָל דערזען, וואָס פאַר אן עשירות מיר פאַרמאָגן, די נייע קאָמפּאָזיטאָרן, וועלן אויסהערן די מאָטיוון, אויפציטערן טיף אין זייער נשמה און אין באַגייסטערונג ווייטער שפּינען דעם גאָלדענעם פאָדעם, וואָס וויקעלט זיך אויף אזש פון ווייטן עבר און זוכט זיך צו באהעפטן מיט אונזער היינט און מאָרגן. די אַלטע פאַרשטאָרבענע קלאַנגען, וועלן דורכגעלייטערט ווערן און דער צער און צאָרן אין וועלכן זיי זענען געבוירן געוואָרן, וועט איבערגעגאָסן ווערן אין האָפענונג און פרייד. א ניי ליד וועט אויפשאַלן, א ליד וואָס וועט רופן צו א שענער לעבן, צו א ליכטיקער און פריי־דיקער לעבן, פריילאַכע פאָלקסלידער וועלן געזונגען ווערן אויף דער אידישער גאַס, און באצירן אונזער שבת און יום־טוב, .אונזערע פאַרזאַמלונגען און נאַצ־יאָנאַלע פייערונגען !

(שלום קומט)

איין און צוואַנציק

שלמה י. בעלסקי.

# עס איז געווען אַ פּרוי

מיידל, עס איז דיין וויין ניט שטארק גענוג
צו פאר'שכור'ן מיין אומעט.
און שוימט דיין יוגנט-וויין, דיין נאַענטקייט ;
און שרייט מיין בלוט דאָס ווילד געשריי פון באגערן, —
ווײנט אלץ מיין ביינקשאפט ווי א חיה א געפענטעטע,
וואָס גריזשעט די אייגענע לאפּע כדי פריי צו ווערן.
ווייל קיין זאַך קען ניט שטערן
דעם שטראָם פון טענער,
וואָס מיין אומעט זינגט אין הארצן,
דאָס וויי-געזאנג פון יענער,
וואָס איז ניט וויט
און וועט שוין קיינמאָל נאָענט מער ניט ווערן.

---

עס איז געווען א פרוי,
שיין, מוטוויליק און פארעטעריש.
אירע האָר זיידענער און שווארצער פון דלילה'ן ;
אירע בריסט גאוה'דיקער,
אירע היפטן תאוה'דיקער פון ווענוסן.
נאָר איך —
ניט קיין שמשון און ניט קיין טאנהייזער —
אַן איינפאכער, א שטילער
ווי יענער, וואָס גייט פארביי דיין פענסטער,
און אפשר שוואכער נאָך און קלענער.

עס איז געווען א פרוי,
שיין, שקאָדיש און פארעטעריש.
אירע אויגן איינגעראמט אין שוואַרצע ראמען —
נר-תמיד'ס פלעמלדיקע פאר אשתרות ;
איר לייב געוויירויכט האָט פארפיום און סם'ען

פארפירערישער פון די בשמים
וואָס באַרבאַרן האָבן געריויכערט פאַר זייערע עבודות-זרות.

עס איז געווען א פרוי — — —

ווילסטו, מיידעל, וויסן וואָס עס איז געוואָרן? —
בא א בוים אָן אפּגעשניטענעם
קענסטו איבערציילן אויפן שטאם די רינגען,
דאָס זיינען שטומע עדות פון פארגאנגענע יאָרן —
נאָר וואָלסטו דיר דאָס אלטע הארץ מיינס אויסגעשניטן
וואָלט זי ריידעוודיקער ניט געוואָרן.

יוסף קיץ.

# קוויטלאַך

## א.

## ביינאכט

נאכט — ליבע. הימל — שטילער, רואיקער; לופט — רייצענדיקע. שטערן — שיינען-אויף, טאנצן; פייגל — פרייענדיקע. גראָז — גלייכע, שטאָלצע.

צוויי איניינעם.

דאָס לעבן — באַזיסן.

אָבגעקילטע.

מידע.

נאכט — צאָרענדיקע, אומרואיקע. הימל — בייזער; לופט — שווע־רע, שטיקענדיקע. שטערן — פאלן; פייגל — שפרינגען, קלאָגן. גראָז — צעטראָטענע . . .

ב.

## מאי־קא־משמע־לן ?

פון חדר אַן צוגעוואוינט: אַלעם מיט א סיבה צו דערקלערן.

די גאנצע וועלט איז באשאפן געוואָרן צוליב ישראל׳ן. ישראל לעבט צו לערנען תורה. און תורה דארף מען לערנען — נחת רוח דעם כביכול צו פארשאפן.

און צעבליט זיך א בוים, צעשפרייט זיינע שטאָלצע צווייגן און דו פילסט א ווארימקייט אין הארצן — טאָרסט עס ניט באמערקן.

שיינקייט אליין — מאי־קא־משמע־לן ?

---

די בלומען בליען — די בין זאָל זיי זויגן און האָניק שאפן. און האָניק דארף מען א ברכה צו מאכן. אויך דער רעגענבויגן איז א סימן. און די לבנה — צו מחדש, אָדער מקדש, זיין. פרוכטן זיך די בוימער — אידישע קינדער זאָלן הנאה האָבן און מיט מער חשק תורה לערנען. און במילא האָבן שוין די אומות־עולם אויך הנאה . . .

זענען מיר פון חדר ארויס, איבער וועלט צעשפרייט. זיך אונזערע באַ־גריפן געביטן, איינס איז פארבליבן :

מאי־קאַ־משמע־לן ?

די פייגל — ווער דארף זייער זינגען? די פרוכטלאָזע בוימער — אז וואָס צו עסן איז אויף זיי נישטאָ? דער שרייבער — מיט זיין צער, מיט זיין טרויער, מיט זיין קלאָגן —

מאי־קא־משמע־לן ?

ג.

## דער קאַלעגע

(א פאראָדיע)

אזוי לאנג ווי טאָלסטאָי ליגט אין
דער ערד, בין איך א שרייבער.
מיין מאָטאָ.

וואו ביזטו ניטאָ, קאָלעגע? איך זע דיך אין די טריט פון יעדן פאר־בייגייער, אין דעם האנטדרוק פון יעדן באקאנטן. אומעטום זענט איר דאָ. און דאָס ביסעלע אונשטערבליכקייט איז אזוי קליין. און כבוד ווילט זיך אזוי פיל . . .

* * *

פיר און צוואנציק

כ'האָב נעמוזט אוועק פון דער שרייבער קאָפּע, גאָט, וואָס איך האָב דאָרט געפונען! בארימעריי, וואולגאריזירטע קנאה, חניפה, בורלעסק־באַצי־אונג, ענגהארציקע קלייזל־פּאָליטיק. אָבער דאָס פאַרמאָג איך דאָך אַליין! און זיך גרויסן דאָרטן — איז דאָ גרעסערע פון דיר! און זיי אָנשרעקן מיט טאָלסטאָי, גאָרקי, האמסון און מעטערלינק — קען מען ניט.

* * *

האָב איך פאַרלאָזט ניו יאָרק און אוועק זוכן ניט קיין שרייבער. אומעטום אויסגעוועז. אויף די בערג געוואנדערט, אין די טאָלן זיך אראָפּגעני־דערט. דעם שרייבערשן שטעקן מיטגענומען. דעם מאנטל אויפן אַקסל אַלאַ משה פארוואָרפן, די כתבים אין די קעשענעס אריינגעשטעקט און נאָכן קאָ־פּיטשקעלע כבוד זיך געלאָזט.

טרעף איך דיר אָבער, קאָלעגע מיינער, אומעטום! וואו איך קער זיך און וואו איך ווענד זיך — , נאָר שרייבער! אָבער צו ווייסט איר פון שילער, געטע, פלאָבער, סאן בעף, טען, גאטיע, רענאַן, עמערסאָן, קארלייל, אנדרעיעוו, בייראָן, שעלי, באדלער און טאָראָ! דרך ארץ פאר מיר! און אויף א פייפעלע קענט איר שפּילן? און אזוי פארקנייטשן דעם שטערן, אויסציען דעם האלז און רעדן ניט דאָס וואָס מ'מיינט — קענט איר? טו אהער מיט דעם קאפּיטש־קעלע כבוד וואָס איז דא — ניטאָ קיין אנדערער אויסער מיר ! ! !

א. סניטקאָווער.

# גאָלד

(א קאפּיטל קאליפאָרניער געשיכטע)

(באארבייט)

יאָר 1848. הונדערטער פורן אין געשפּאַן פון אָקסן, מייסטענס פון די מיטל־וועסטליכע שטאטן, האָבן זיך געצויגן איבער די בערג קיין קאלי־פאָרניע, דאָס לאנד פון גוטן קלימאט און עשירות. די עמיגראנטן מיט זייערע פאמיליען האָבן געטרוימט וועגן א שטיקל ערד פאר א קליינער פארם און פון א רואיק לעבן. אָבער ניט אזוי לייכט איז אין יענער צייט אָנגעקומען צו דער־גרייכן דאָס נייע לאנד.

כל זמן די זון אין דער מיטל־וועסט האָט געוואָרימט, איידער דער ווינטער איז אָנגעקומען, האָבן די עמיגראנטן מיט זייערע פרויען און קינדער בייטאָג געצויגן און ביינאכט גערוט און גע'חלום'ט. אָבער סוף אָקטאָבער, פלעגן שוין אָנקומען די פרעסט און שניי־שטורמס, זיך שוין אויסלאָזן דער פּראָוויאנט, און ווער עס האָט געקענט באווייזן אָנצוציען קיין קאליפאָרניע, איידער דער ווינטער איז אָנגעקומען — יענער איז געווען גליקליך. טויזנטער מענטשן אָבער זענען אומגעקומען אויפ'ן וועג און האָבן ניט דערלעבט צו זען דאָס פארשפּראָכענע לאנד.

איין פאמיליע איז פאראייביקט געווארן אין דער געשיכטע פון קאליפאָרניע אין יענער צייט: די פאמיליע איז געווען דאָנער. אין דער גרופּע זענען געווען פינף און זיבציק נפשות: מענער, פרויען און קינדער. זיי האָבן גראָד אויסגערעכנט, אז לויט דער צייט ווען זיי האָבן אָנגעהויבן די רייזע, דארפן זיי אָנקומען איידער עס ברעכן אויס די שניי־שטורמס אין די בערג. האָט אָבער גראָד פּאסירט, אז דער קאראוואן האָט פארלוירן דעם ריכטיקן סליאד און דורכדעם האָט זיך די רייזע פארלענגערט. זייער פּראָוויאנט האָט זיך אויך אויסגעלאָזט, שטורמס און בליזארדן, איינער שרעקליכער פאר׳ן אנדערן, האָבן פארשאָטן די וועגן ,די קאראוואנען באגראָבן טיף אין שניי, אין די קאראוואנען זענען קליינע קינדער אויסגעגאנגען פון קעלט און הונגער, די מענער און פרויען האָבן אָפּט געזען זייער אייגענעם נאָענטן סוף, אין די שרעקליכע בילדער פון קעלט און טויט בא זייערע שכנים אין וואָגן. איין סוף האָט דערווארטעט אלעמען. קאליפאָרניע פלעגט אפילו יא ארויסשיקן רעטונגס פּארטיעס צו באגעגענען די פארלוירענע אין די בערג, אָבער בלויז די נאָענטע האָט מען געקענט דערגרייכן.

דאָנער, ווי אן עכטער בראווער קאפּיטאן, באם טראנספּאָרטירן די פּארטיעס איז פארבליבן מיט דער לעצטער פּארטיע וואָס האָט זיך פארשפּעטיקט. דערצו איז זיין פרוי קראנק געוואָרן און זי האָט ניט געוואָלט פארלאָזן איר מאן;

צוזאמען מיט זיי איז איבערגעבליבן א מאן מיט׳ן נאָמען קיזבורג. און סוף ווינטער, ווען דער שניי האָט זיך צושמאָלצן און א פרישע רעטונגס פּארטיע האָט דערגרייכט דעם פּלאץ, וואו דאָנער האָט געהאט זיין קעמפּ איבער׳ן ווינטער, האָבן זיי געטראָפן אזא אומגלויבליך בילד :

דאָנער איז געלעגן א טויטער, אזוי צוגעגרייט, ווי מען גרייט צו בא ציווילעזירטע מענטשן קעלבער אין „סטאָרעדזש“ פאר׳ן ווינטער . . . קיזבורג האָט אויסגעזען אזוי ווילד, ווי א גאָרילא און זיך אויפגעפירט ווי אן אמת׳ר משוגענער. דאָנערס פרוי האָט מען געפונען שוין, נאָר טיילווייז, אין די גרויסע קאָך־קעסלן פון דעם קעמפּ . . . איינגעזאלצן. און ווען מען האָט פארוואָרפן א שטריק איבער קיזברג׳ס האלז האָט ער זיך מודה געווען, אז ניט נאָר האָט ער די דאָנער פאמיליע דערמאָרדעט, נאָר אז א קליין קינד איז אמאָל אין א ווינטער נאכט אריינגעקראָכן צו אים אין בעט זיך אָנווארעמען, האָט ער דאָס ביז טאָג דערשטקיט און אויפגעגעסן. מיט א פּאָר יאָר שפּעטער, ווען אזא זאך זאָל זיך טרעפן, וואָלט מען שוין אין קאליפאָרניע געווען אזעלכן געלינטשט. נאָר אין יענם יאָר, אין די שרעקליכע שטורמס, האָט דער שטילער שניי־פאל, די טויטע ווילדערניש און דער שרעקליכער הונגער אזוי געקענט ווירקן כמעט אויף יעדן איינעם, וועלכער וואלט גענדארפט אויסשטיין אזא נסיון. מען האָט דעריבער קיזבורג׳ן ניט געהאנגן, דער הונגער האָט אין אים שוין לאנג פארגיפטעט זיין מארך און בלוט און ער איז געבליבן אין די בערג, ביז ער איז אין א קורצע צייט ארום געשטאָרבן.

זעקס און צוואנציק

די גרעסטע פּראָבלעם אין יענער צייט איז געווען געהילץ. די אַלע
עמיגראַנטן וואָס האָבן זיך דערשלאָגן צו דער „סאַקראַמענטאָ וועלי“ האָבן זיך
גענויטיקט אין אַ וואוינונג, און מען האָט זיך גענומען אויפבויען אַ זעג־מיל,
וואָס זאָל פּראָדוצירן בוי־מאַטעריאַלן. און אין דעם אייגענעם יאָר, אין
אויגוסט, האָט זיך אַ פּאַרטיע מאַרמאָנען, צוריקגעקערטע פון דער מלחמה אין
מעקסיקע און אויף זייער וועג אַהיים קיין סאָלט לייק סיטי, האָבן זיי דערוויייל
געמוזט אַרבעטן, צוזאַמען מיט אַ צאָל אינדיאַנער — געשטעלט האַקן אַ וואַלד
אין די סיעראַס. פיר חדשים האָט געדויערט דאָס אויסהאַקן פון די בוי־
מער און אויפשטעלן די מיל.

און ווען מען האָט צום ערשטן מאָל געלאָזן לויפן דאָס וואַסער האָט
דער אויפזעער מאַרשאַל באַמערקט, שפּאַצירענדיק ביי דעם ברעג פון די
טויערן, וואו דאָס וואַסער איז אַראָפּגעלאָפן, ווי אין וואַסער פליסן גלאַנציקע
שטיינדלאַך. ס'האָט אים אַ צי געטאָן זיך אָנצובויגן און זען וואָס דאָס איז.
ער האָט אויפגעהויבן אַ פּאָר שטיקלאַך, לאַנג געקוקט אויף זיי, אָבער ער איז
נאָך אַלץ ניט געווען זיכער אויב דאָס איז גאָלד. דאָס איז געווען מאָנטיק
דעם 24־טן יאַנוואַר. מיט עטלאַכע טעג שפּעטער איז מאַרשאַל אַריינגע־
פאָרן אין „סאָטערס פאָרט“, דאָרטן איז מען אויך געווען אין ספק אויב דאָס
איז טאַקע גאָלד, ביז מען האָט גענומען אַן ענציקלאָפּעדיע, און לויט די פאָר־
שריפטן, האָט מען אָנגעווענדעט דעם פּרואוו פון סולפאָריק־עסיד און ניט נאָר
האָט מאַרשאַלס פּעקל אַנטהאַלטן אין זיך גאָלד, נאָר דאָס גאַנצע פּעקל איז
געווען לויטער גאָלד!

מאַרשאַל און סאָטער האָבן באַשלאָסן ניט אויסצוזאָגן קיינעם, ביז עס
וועט אויך פאַרטיק ווערן די ברויט־מיל, וואָס מען האָט געהאַט באַשלאָסן צו
בויען גלייך נאָכדעם ווי עס וועט פאַרטיק ווערן די זעג־מיל. אָבער דאָ האָט
פּאַסירט אַ מערקווירדיגע זאַך: די נאַטור קען אַמאָל אירע גאָלד־סודות האַלטן
אין זיך הונדערטער טויזנטער יאָרן, אָבער אַ מאַן, געבוירן פון אַ פרוי
איז אַנדערש. איינער פון מאַרשאַלס אַרבעטער, וועמען מען פלעגט אַלע צוויי
טעג שיקן שיסן אַ הירש, האָט גלייך צושפּרייט אַ קלאַנג, אַז גאָלד איז אין די
וואַסערן פון די סיעראַס אַזוי פיל, ווי דאָס זאַמד בא דעם ברעג פון ים און
אין ווינציקער פון זעקס וואָכן איז אין דער גאַנצער געגענט אַרום סאָטערס
פאָרט און אין דער סאַקראַמענטאַ וועלי ניט געבליבן קיין איין געזונטער,
פּעאיקער אַרבעטס מענטש . . . אפילו די אינדיאַנער זענען זיך צולאָפן.
אַלע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין די סיעראַ קעניאָנס נאָך גאָלד.

יערבאַ בוענאַ — די היינטיקע סאַן פראַנציסקאָ — איז שוין אין יע־
נער צייט ניט געווען נאָר אַ מיליטערישער פּאָסטן, עס זענען שוין דאָרטן גע־
ווען אַכט הונדערט איינוואוינער; מייסטענס סוחרים, וואָס האָבן געמאַכט אַ
בכבוד'יק לעבן פון די אַרבעטער און מיליטער. אַרבעטער האָבן באַקומען צוויי
דאָלער אַ טאָג; ביז יענער צייט איז אַלץ געגאַנגען כשורה, די איינציקע וויכ־
טיקע געשייענישן פלעגט זיין, ווען עס פלעגט אָנקומען פּאָסט פון דער „איסט“

אָדער אַן אָקסן־געפּעכט, וואָס די צוויי וואָכענטליכע צייטונגען פלעגן באַשרייבן מיט אַלע פּינקטליכקייטן; די צייטונגען זענען געווען „דער קאַליפאָרניער“ און דער „קאַליפאָרניער שטערן“.

דעם 15־טן מאַרטש האָט דער „שטערן“ געמעלדעט, אַז עס איז אַ סברה, אַז אין אַ סאַטערס מיל האָט מען אַנטדעקט אַ גאָלד מינע. דערנאָך איז דער רעדאַקטאָר אַליין צוגעפאָרן זען אויב די נייעס איז ריכטיק. דער רעדאַקטאָר, נאָך זיין צוריקקומען האָט גראָד אויסגעלאַכט זיך פון דער נייעס און געראָטן אַלעמען צו בלייבן אַרבעטן און ניט זוכן קיין גאָלד, ווייל די גאַנ־צע מעשה איז אַן אויסגעטראַכטע. דאָס האָט שוין אָבער ניט געהאָלפן. אין רעדאַקציע איז ניט געבליבן קיין איין זעצער, קיין איין מאַשיניסט און דער רעדאַקטאָר איז געווען געצוואונגען צו פאַרמאַכן די צייטונג.

עס איז ניט געווען קיין טעלעגראַף, אַפילו ניט קיין פערדן־צוג אין יענער צייט, וואָס מען זאָל קענען זאָגן, אַז זיי האָבן פאַרשפּרייט די נייעס וועגן גאָלד און דאָך האָט אין אומזעבאַרע כוואַליע דאָס וואָרט גאָלד אַריינגע־שושקעט יעדערן אין אויער אַריין. רייכע סוחרים האָבן צוגעשלאָסן די גע־שעפטן, ווייל זיי האָבן ניט געהאַט קיין אַרבעטער. די קלענערע סוחרים האָבן געלאָזן די געשעפטן צו זייערע ווייבער, אויב זיי האָבן געהאַט ווייבער און ווען ניט האָבן זיי איבערגעדרייעט דעם שליסל און אינאיינעם מיט די מע־כאַניקער, וועלכע האָבן אוועקגעלעגט דאָס געצייג, זענען אוועק די קרעמער, די שוואַרצע אַרבעטער, די אינדיאַנער, די פעלד־אַרבעטער, און אויך די פעלד־באַזיצער, קורץ, יעדער איינער האָט זיך באַזאָרגט מיט אַ רידל, אַ ברעך־אייזן, און איז אוועק.

פון אַלעמענס מויל האָט זיך געהערט איין וואָרט: גאָלד, און גע־טראַכט האָבן אַלע אויך נאָר פון דעם געלן מעטאַל, וואָס האָט אַלעמען גע־שווינדלט פאַר די אויגן, ניט געלאָזט איינזיצן, ניט געלאָזט שלאָפן. אין חלום האָבן אַלע שוין געזען זיך אויפ׳ן פּלאַץ, שאַרענדיק גאָלד מיט גרויסע לאָ־פּעטעס. די תבואה אין פעלד האָט געפוילט, די רעדאַקטאָרן זענען נאָכגע־גאַנגען די זעצער, ווי אַ מאַגנעט האָט דאָס אַלעמען געצויגן.

אַרום יולי זענען שוין אַלע געווען דאָרטן. דער פריער צובליטער און באַזעצטער ישוב האָט איצט אויסגעזען ווי אַ קייט פון פאַרלאָזענע שלעסער אין מיטל־אַלטער, ווען אַלע מענער זענען אוועק אויף מלחמה און די פרויען פלעגן זיצן אין הויז אויף דעם שפּין־ביינקל. אַ קורצע צייט האָט די נייעס נאָר אָנגערירט בלויז קאַליפאָרניע. אין דער „איסט“ האָט מען יאָ געגלויבט און ניט געגלויבט. עס האָט אָבער לאַנג ניט גענומען און אַזוי גיך, ווי דער ערשטער זאַק גאָלד־שטויב איז צוגעקומען צו דעם פּאַסיפישן ברעג, אַלס אויס־טוישונג פאַר פּראָוויאַנט, האָבן זיך באַוויזן נייע עמיגראַנטן: מעקסיקאַנער, פּערואַוויער, טשיליאַנער, אָרעגאַנער, ווייל עס איז שוין יעמאָלט געווען זיכער, אַז גאָלד ציט זיך אויף אַ שטח פון מיילן: דער גאָווערנאָר אַליין איז געקומען

זיך איבערצייגן און א באריכט איז אוועקגעשיקט געוואָרן צו דעם „סעקרע־טערי אָוו סטייט“.

אין א סך ערטער איז דאָס גאָלד געווען אזוי לייכט ארויסצובאקומען, אז פיל מענטשן האָבן ניט געדאַרפט אפילו געברויכן זייערע גראָב־אייזנס און לאָפּעטעס. מיט א קעשענע מעסערל האָט מען ארויסגעגראָבן דאָס גאָלד, פּונקט ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן דאָ אוועקגעלעגט געוואָרן, צווישן די שטיינער.

א צווייטן מאָל האָבן זיך געצויגן איבער די סיערראָס הונדערטער קאַראַוואַנען מיט עמיגראַנטן, אָבער שוין ניט מער קיין לאַנד־זוכער, ווי דעם ערשטן מאָל, נאָר גאָלד־זוכער, אזוי גרויס איז פּלוצלונג געוואָרן די באַפּעלקע־רונג, אז מען האָט געצאָלט הונדערט דאָלאַר פאר א צימער א חודש און כדי מענטשן זאָלן האָבן חשק צו ארבעטן האָט מען געצאָלט צען דאָלער א טאָג. יענעם יאָר זענען צוגעקומען פינף און צוואַנציק טויזנט גאָלד־זוכער זיי האָבן זיך געצויגן איבער די סיערראָס צו פוס און מיט קאַראַוואַנען, און חוץ דעם האָט די רעגירונג געשלאָסן א קאָנטראַקט מיט א פּאַסיפישער דאַמפּ ליניע, אריבער צו פירן עמיגראַנטן פון נויאָרק קיין סאַן פראַנציסקאָ יעדן חודש דורך דעם פּאַנאַמאַ קאַנאַל. די שיפן האָבן צוגעבראַכט פרישע טויזנטער מענטשן יעדן חודש. צווישן די גאָלד־זוכער זענען געווען זייער ווינציק פרויען. די מענער זענען געווען יונג, שטאַרק און פון גוטן כאַראַקטער, מייסטנס מענטשן וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער אמעריקאַנער אַרמיי אין דער מלחמה מיט מעקסיקאָ. די מענטשן זענען אין נויאָרק אָדער אין באָסטאָן געווען אַריס־טאָקראַטן, אָבער דאָ אין קאַליפאָרניע האָבן זיי פאַרגעצויגן בעסער צו ארבעטן אין די מינען, איידער אין נויאָרקער אַריסטאָקראַטישע געשעפטן. ווי ליב קאַליפאָרניע איז אין יענער צייט געווען בא די נויאָרקער, קען דינען דער פאַקט, וואָס א בארימטער נויאָרקער מיטגליד פון אן אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע איז שפּעטער אנטדעקט געוואָרן פון זיינע פריינד, פּעדלענדיק מיט שיך־בענדלאַך.

אין 1849 זענען צוגעקומען פינף און זיבציק טויזנט עמיגראַנטן. סוף יאָר זענען געווען ניט ווינציקער פון הונדערט טויזנט ווייסע.

יעדער קלאַס, יעדער פאַך, יעדער סאָרט מענטש איז דאָ געווען פאַר־טראָטן. דעם ערשטן יאָר איז אַלצדינג געווען אין בעסטן אָרדנונג. מענטשן האָבן געאַרבעט שווער אין די גאָלד מינען, וועלכע האָבן דעם ערשטן יאָר ארויסגעגעבן דריי און צוואַנציק מיליאָן דאָלער. דעם צווייטן יאָר האָבן זיך באַוויזן נייע מינים פּאַרשוינען; שפּעקולאַנטן, „געמבלערס“, שווינדלער און ענליכע פּאַראַזיטן, וואָס פּאָלגן נאָך די פּלעצער, וואו גאָלד באַווייזט זיך. א סך זענען פאַרבליבן אין סאַן פראַנציסקאָ, אייניקע האָבן זיך איינגענאָרעט אין די געצעלטן ניט ווייט פון די מינען. האָבן געעפנט טאַנץ־זאַלן, שענקען און פאַרשטייט זיך, אז קיין לייכטזיניקע פרויען, צו ווערן פאַרפירט און צו פאַר־פירן אנדערע, האָבן שוין אויך ניט געפעלט. מאַסן גנבים האָבן זיך באַוויזן

און וואָס מער מען האָט זיי ארויסגעטריבן, אלץ מער זענען זיי צוגעקומען. זייער ווינציק מענטשן האָבן זיך צוריקגעקעהרט פון דער גאָלד־אָרגיע די אייגענע שטילע, פיינע לייט, ווי זיי זענען געווען, בעת זיי זענען אָנגעקומען אין די פרידליכע קעניאָנס, אָבער ווי פארדאָרבן א סך זענען געוואָרן דורך דעם גאָלד, זענען איינצעלנע פערזאָנען דאָך אויסגעשטאַנען דעם גאָלד־נסיון און זענען צוריקגעקומען מיט א פארמעגן, אָבר אויך ניט פארלירנדיק דערביי די אנשטענדיקייט און דעם גוטן כאראקטער, ניט האָבנדיק קיין בלוט־פלעק אויף זיך . . . אנדערע ווידער זענען געווען אזוי פארדאָרבן, אז ביז זייער טויט אריין האָבן זיי ניט אויפגעהערט צו בארימען זיך „וויפיל מענטשן זיי האָבן געטויטעט אין די מינען און אין סאן פראנציסקאָ". די מייסטע גאָלד זוכער זענען אזוי שטארק דעמאָראליזירט געוואָרן, אז זיי האָבן שוין קיינמאָל זיך ניט אויפגעהויבן פון זייער נידעריקער שטופע, זענען געשטאָרבן אין ארימקייט און אויך זעלטן מיט א נאטירלאכן טויט. אפילו מארשאל, דער אנטדעקער פון גאָלד אין קאליפאָרניע, איז געשטאָרבן אן ארימאן. די רעגירונג האָט אים א פאָר יאָר געצאָלט א פענסיע, דערנאָך אים פארגעסן און ערשט נאָך זיין טויט האָט זיך קאליפאָרניע פלוצלונג ווידער דערמאָנט אין אים און אים געשטעלט א גרויסן בראָנזענעם מאָנומענט אויף דעם אָרט, וואו ער האָט אנטדעקט דאָס גאלד, און דורכדעם אזוי בארימט געמאכט קאליפאָרניע, כאָטש ער אליין איז אויסגעגאנגען פון הונגער די לעצטע טעג פון זיין לעבן.

אין 1850 האָט דאָס גאָלד באטראָפן פופציק מיליאָן און אין 1853 ניט ווינציקער ווי פינף און זעכציק מיליאָן דאָלער און מיט דעם גאָלד זענען געקומען ערגערע צייטן. מענטשן האָבן פארלוירן דעם דרך־ארץ פאר דעם געשריבענעם געזעץ, זיי האָבן פארכאפט איינער בא דעם צווייטן וואָס עס האָט זיך נאָר געמאכט, און די שווינדלערישע אדוואָקאטן האָבן זיי צוגעהאָלפן בארויבן די מעקסיקאנער, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס די טריטי האָט דעם מעקסיקאנער גאראנטירט זיין אייגענטום. די איינצעלייטן פון בארויבן מענטשן אין קאליפאָרניע אין יענער צייט, זענען ניט נאָר א שאנד־פלעק אויף קאליפאָרניע, נאָר אויף גאנץ אמעריקע.

סאָטערס, מארשאלס שותף צום גאָלד, ווי צו די מילן, וועלכער האָט אָנגעראבעוועט מיליאָנען, איז אין 1870 ניט ווערט געווען איין דאָלער. אויך אים האָט די רעגירונג באשטימט א פענסיע פון צוויי הונדערט און פופציק דאָלער א חודש, נאָר ווען ער איז ניט געווען צופרידן און געקומען קיין וואשינגטאָן זיך באקלאָגן, האָט די רעגירונג דאָס אויך צוגענומען פון אים. סאָטער, דער רייכסטער לאנד־באראָן, דער מענטש וואָס האָט געגרינדעט די שטאָט סאקראמענטא, זי צעשניטן אויף גאסן און זי אויסגעבויעט און אנטוויקלט— אויך ער האָט געהאט מארשאלס סוף, געשטאָרבן אין ארימקייט און אפילו ניט אין קאליפאָרניע. זיין קבר געפינט זיך אין ליטיז, לענקעסטער קאונטי, פענסילוויינע.

אלטער עסעלין.

## מיין אויסדערוויילטע לאנד

טויזנט מאָל געקנאָטענע אטאָמען
פאלן פון מיין אויסגעשטרעקטער האנט,
און עמיץ, הער איך, רופט מיך אָן באם נאָמען:
גיי שוין צו דיין אויסדערוויילטער לאנד.

ווייסע ליכט אויף גאָלדענע קופּאָלן
ווי קלאָרער שניי אויף בלוטיקן געוואנט,
אזוי האָט עס די האנט מיינע געמאָלן
דעם וועג וואָס פירט צום אויסדערוויילטען לאנד.

א דימענטענער ריגל אויפן טויער
פינקלט אונטער אלטן שומר'ס האנט,
א זינגענדיקער שטייג איך מיט מיין טרויער, —
א הימן צו מיין אויסדערוויילטער לאנד.

דאָס לעצטע וואָרט שוין חרוב'ט אויף מיין גומען,
דער זיידע שטרעקט מיר אוים זיין אלטע האנט.
— וואָס ביזטו אזוי פרי אהער געקומען?
— זיידע, ס'איז מיין אויסדערוויילטע לאנד.

## ווי גרינג און דין

בא דיין קבר שטיי איך, מאמע,
מיט גרינגן גוף, מיט פוסטע הענט און איינגעבייגטן נאַקן;
פאר דיר, דו קאלאסאלע — ווענען אלץ געהערט —
האָב איך נאָך צוויי אָפּגעשפּאָרטע טרערן,
און ווען זיי וועלן פאלן אויף דיין קבר
וועל איך א דינער און א גרינגערער נאָך ווערן.

זאָל ווער עס וויל באלאסטן מיינע אקסלען
די אויגן זאָלן שפּארן פון מיין שטערן;
מיין לעצטע תפילה דורך די בלאָע אָרעאָלן
זאָל אחוץ דיר קיינער נישט דערהערן,
איך בין גרינג און דין געוואָרן, מאמע.
איך וויל שוין מער קיין גאָט ניט און קיין הימל.
איך וויל זינקען אין דיין ווייכן קבר.



יונה ראזענפעלד
צו זיין צוואנציק יעריקן יובילעאום.

משה אייזענשטאט.

# צו בלאָקן

פאר דיר זיינען די שענסטע מיינע ווערטער,
די טיפסטע זיפצן פון געגראמטן קלאַג.
איך בײנק נאָך דיר, ווי ס'האָט דער יונגער ווערטער
אמאָל געביינקט נאָך זיין געליבטער, בלאָק.

צו וועלכע געטער רעדסטו איצט אנטקעגן ?
פון וועלכען טרוימן ווערסטו איצט געיאָגט,
אַף נייע און געהיימניספולע וועגן
א נייער און געהיימניספולער, בלאָק ?

בא אונז האָסטו געליבט פארשנייטע ווייטן,
דריי פערד אין שליטן און דעם קלאנג פון גלאָק.
דו האָסט געליבט די אומרואיקע צייטן,
א ביסל צו פיל אומרואיקע, בלאָק.

און טרעפט דען נישט אַף דיינע נייע גאסן
אין נעבל פון א שכור'ן פארטאָג
זי, וועמען דו האָסט אָנגעהויבן האסן
פון גרויסער ליבע, אָדער בײנקשאפט, בלאָק.

און ווילסטו דען נישט פון אויבן־אָן פון פּוסטן
אראָפּגיין און אַף אונז א קוק טאָן, — זאָג —
מיט אויגן, וואָס דערמאָנען אָן סען־זשוסטן,
סען־זשוסטן אַף דער גילאָטינע, בלאָק.

י. פרידלאנד

# דער כח פון פאנטאזיע

די פאנטאזיע אין אלע אירע דערשיינונגען, פארנעמט א זייער בכבוד'יקן פלאץ אין דעם מענטשליכן לעבן. כח הדמיון, איז א גרויסע זאך, ווי זאגט ערנסט טאלער:

„ווער עס האט ניט קיין כח צום חלום, האט ניט קיין כח צום לעבן."

ווארום באמת, די וועלכע זענען באשאנקן מיט דער געטלאכער מתנה פון פאנטאזירן, חלומ'ען פון שיינע וועלטן, האבן א גייסטיקע באפרידיגונג. צו דעם פארבארגענעם, געהיימניספולן — פילן מיר א געוויסן רייץ און דרך ארץ. ווערט דאס אבער פאר אונז אנטפלעקט, אפען, און מיר דערזען עס יוי עס איז אין דער אמת'ן; פארלירן מיר דעם גלויבן און די באגייסטערונג, און עס ברענגט אונז ניט זעלטן, אנטוישונג.

זייער אפט ווערט באמערקט, אז עס איז דא א געוויסער צוזאמענהאנג, צווישן די גייסטיקע און מאטעריעלע באדערפענישן פון א מענטשן. ווענן ביידע, סיי די מאטעריעלע — עסענווארג, סיי די גייסטיקע — ליטעראטור, וכדומה; האבן מיר זייער שיינע אילוזיעס, ווען מיר זעען זיי פארטיקערהייט שוין צוגעגרייט פאר דעם מענטשלאכן געברויך. מיר טראכטן לחלוטין ניט וועגן דעם צוגרייטונגס־פראצעס פון די זאכן פאר וועלכע מיר נעמען זיך מיט גרויס חשק, אפעטיט און פארגעניגן צו פארצערן. גאנץ אנדערש וואלטן מיר זיך באצויגן צו זאכן, ווען מיר זאלן וויסן דעם מקור און די דעטאלן פון זייער שאפונגס־פראצעס.

אלס אילוסטראציע נעמט אן אזא פאל: מיר קומען אריין אין אן ערשט־קלאסיקע רעסטאראציע, זעצן זיך בא א שיין געדעקטן טיש, געשמאקפול אויסגעשטאט און מיר נעמען זיך מיט חשק און אפעטיט צו די שפייז. מיר האבן בשעת מעשה אפילו ניט אין זין דעם פראצעס פון קאכן, ניט די פאר־רויכערטע כלים און אנדערע מכשירים פון קיך, ווער רעט שוין פון דעם פאר־שוויצטן קוכער, וואס ניט זעלטן, כאפט אונטער דעם טאפ יויך — בא וועלכן ער איז זיך מתעסק — דעם פון אים־אראפטריפענדיקן שוויים. מיר זעען דאס ניט; פאר אונז דערשיינט בלויז דאס אויבענאויפיקע; עס זעט אויס ציכטיק, עס איז געשמאקפול, האבן מיר הנאה און דער איינדרוק בלייבט א שיינער און אנגענעמער !

אדער מיר זיצן אין קינאמעטאגראף. פאר אונז ווערן געוויזן שיינע נאטור־בילדער: געדיכטע וועלדער, טיף־באשנייטע בערג, אדער געוואגטע אונמעגליכקייטן פון אן אקטיאר וואו זיין טויט איז אומפארמיידליך. צוזענדיק

דאָס, טראכטן מיר ניט, אז די וועלדער און שניי־בערג זענען געקינסטעלטע און זיי זענען פּראָדוקטן פון די פילם־סטודיאָס, און אז דער מסירת־נפש׳דיקער אקטיאָר איז נאָר א נאָכקרומעניש פון א מענטש. מיר זעען ניט דאָס וואָר־האפטיקע; און דער איינדרוק בלייבט בא אונז, אז עס איז טאקע אזוי ווי מיר האָבן דאָס געזען אויפן לייוונט.

דאָס איינענע קען געזאָגט ווערן ווענן אונזערע גייסטיקע שפּייז. די רויע מאטעריאלן וועלכע ווערן באנוצט בא דעם צוזאמענשטעלן פון א צייטונג, וואָלטן אונז גאָר ניט אזוי שטארק פאראינטערעסירט, ווען ניט דער כח פון פאנטאזיע בא דעם שרייבער, וועלכער באמיט זיך צו מאכן פון דעם טרוקענעם מאטעריאל איניטערעסאנטע לעז־שטאָף — ווער שמוסט שוין, ווען עס האנ־דעלט זיך ווענן א ליטעראַרישער שאפונג פון א העכערער מדרגה.

פונקט ווי די פילם־סטודיאָ ברייננט צונויף פארשיידענע קלייניקייטן אום אויפצושטעלן א וואלד אָדער א שניי־בארג, אָדער פונקט ווי דער קוכער שוויצט בא דער ארבעט, בעת ער גרייט פאר אונז צו א געשמאקן מאָל־צייט, פון גרינסן, פליישן און געווירצן, פונקט אויף אזא׳ן אופן זאמעלט דער שריי־בער זיינע מאטעריאלן אין דער ארומיקער סביבה, פון פיצלאך און ברעקלאך — דאָ און דאָרט, לייטערט זיי דורך איז זיין מח, באפארבט זיי מיט דעם כח פון פאנטאזיע, ביז עס באקומט זיך א ווערק.

די גרויסקייט פון איינעמ׳ס טאלאנט איז ניט נור גראדע דערמיט, וואָס ער אליין האָט אין זיך בעסערע מאטעריאלן פון אנאנדערן. ניין, ניכער דערמיט איז גרויס דער טאלאנט, וואָס באזיצט דעם פיינעם חוש און קונסט, אויסיצוקלייבן די פּאסענדיקע רויע מאטעריאלן פאר זיינע שאפונגן, צונויפ־נעמען די געדאנקן, מעגן זיי זיין אפילו פרעמדע, אין א פיינעם שטיל און פאָרם *

פון דעם ביז איצט געזאָגטן, קענען אמאָל איניקע נאָך פארפירט ווערן צום געדאנק אז, וויבאלד שרייבער באנוצן זיך מיט פרעמדע מאטעריאלן, איז דאָך דאָס פּלאגיאריזם? ניין, ווייט פון דעם!

אויפנעמען א פרעמדן געדאנק, א אידעע, וועלכע אנאנדערער האָט שוין פריער באנוצט, איז לחלוטין ניט קיין עולה, אויב נאָר דער צווייטער אנט־וויקלט די טעמע בעסער, באריינערט דעם געדאנק, טראָגט אריין נייעם סטיל, פארשענערט און פארבעסערט די זאך. דאָס איז אזוי ווייט פון פּלאגיאריזם ווי, לאָמיר זאָגן, צוגרייטן א געשיכטליכע עסיי, זיך באנוצענדיק מיט די נויי־טיקע מאטעריאלן פון אנדערע געשיכטספאָרשער, אָדער ווי צו שרייבען א רעצענזיע איבער א בוך, און ציטירן דאָס בוך, וואָס דורכדעם מאכט דער קריי־טיקער דאָס באטרעפנדיקע בוך נאָך אינטערעסאנטער.

עס איז שוין היינט קלאָר פאר אלעמן, אז די שענסטע ווערק, ליטערא־רישע, דראמאטישע און פּאָעטישע זענען געבויעט אויף שטיקלאך לעגענדען און פאָלקס־מעשה׳ס; ווי צ. ב. ש. לאָנגפעלאָס „הייאָוואטא“, אנסקים „דיבוק“ און אנדערע ענליכע ווערק. זענען די זאכן באמת דען געווען אזוי שיין ווי די

דיכטער האָבן דאָס געמאָלן? געוויס ניט. דער חוש פאַר קונסט בא דעם פּאַרפּאַסער און דער כח פון זיין פאַנטאַזיע זאָגט אים שוין אונטער, אַז די לעגענדע אָדער פּאַסירונג, האָט אין זיך דעם רויען מאַטעריאַל, פון וועלכען עס קען באַשאַפן ווערן אַ אינטערעסאַנט ווערק. אַזוי, אַז די פאַנטאַזיע אין אַלע אירע דערשיינונגען אין מענטשלאַכן לעבן איז דער עיקר. באַזונדערס טאַקע בא שרייבער, ווייל נאָר מיט דער כח און שוואונג פון זיין פאַרבענרייכער פאַנטאַזיע טראָגט ער אונז אריבער לכל הפּחות, צייטווייליק, פון דער וואָכעדיקער ווירקליכקייט; און ברענגט אונז דורכדעם מאָמענטן פון גייסטיקער באַפרידיגונג.

---

י. ל. מ.

# „מערב"

(דערשיינט יעדן דריטן חודש, יצחק האָראָוויץ רעדאַקטאָר.)

לויט דעם אויסקוק איז „מערב" אַ שיינער זשורנאַל. לויט דעם אינהאַלט — אַ זאַמל-בוך. שרייבער אין „מערב" געפינט איר אַ סך.

ה. רויזענבלאַט, וועמן איר קענט אַלס איינעם פון די אַלטע, דערשיינט דאָ גראָד צום ערשטן מאָל אַלס יונגער, און זינגט צום ווילדן מערב.

מען מוז צוגעבן, אַז פאַר רויזענבלאַטן איז דער פרייער ניט-געבונדענער פערז אַ נייע פאָרם, אָבער עס געלינגט אים. דאָס איז אַן עכט מערב'דיק געזאַנג פון גאָלד-זאַמד און פּריירים, פון וועלדער, גאַרטנס און סעדער, און דער רעדאַקטאָר האָט פאַרשטאַנען, אַז אַזא ליד דאַרף געשטעלט ווערן גלייך אויבנאָן, נאָכ'ן פאָרדערבלאַט.

אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן, וואָלט איך געזאָגט דאָס איז אַ נעגאַטיוו געזאַנג: אין דעם ליד רעט דער דיכטער וועגן דעם וואָס אירן האָבן דאָ ניט געטאָן.

„עס האָבן זיך אונזערע אַש-גרויע בווידקאַראַוואַנען
אַריבער די ווייסע סיעראַס צו דיר ניט געצויגן
מיר האָבן אין אונזערע תפילות
צו גאָט פון אברהם און יצחק און יעקב
אַריבער געלאָדענע ביקסן די קעפּ נ י ש ט געבויגן."

און אַזוי אין דעם גאַנצען ליד רעט זיך עס וועגן דעם וואָס מיר האָבן דאָ ניט געטאָן; דאָס איז דאָס אייגענע ווי צו באַזינגען די העלדישקייט פון אַ העלד, וואָס איז די העלדענטאַט ניט באַגאַנגען:

„נישט מיר האָבן שטום מיט געבויגענע קעפּ פון אבלים,
בא דיר אין דעם מדבר דעם ערשטן קבר געגראָבן.

נישט אונזערע סטאדעס, פאר׳שרפ׳ט פון דורשט
און געשוואלן פון הונגער,
געשפייזט האבן דיינע בלוט־דורשטיקע ראבן.“

אָבער ווי נעגאטיוו דאָס ליד זאָל ניט זיין, בלייבט עס אָבער פאָרט א מערב׳דיק געזאנג.

פון בלעטל זעקס ביז עלף קומט אן עסיי פון ל. לעהרער „די פסיכאָלאָגיע פון קונסט פאר קונסט“. דאָס, זעט איר, האָט שוין לחלוטין ניט וואָס צו טאָן ניט מיט קאליפאָרניע און ניט מיט מערב, דאָס איז זיך סתם א פלפול, וואו אין איין פאראגראף ווערט דאָס וואָרט קונסט דערמאָנט ניט ווינציקער ווי ניין מאָל. (זע בלעטל צען: „די קונסט פאר קונסט טעאָריע.“) ס׳איז פשוט א וואונדער וואָס טוט דאָ דער דאָזיקער ארטיקל.

בלעטל צוועלף: לידער פון משה נאדיר. בעסער וואָלט געווען ווען זיי ניט צו רעדן, ווייל „דער קונדס“ האָט די לידער געדרוקט א וואָך פאר „מערב“ אָבער ווען דאָס זאָל שוין אפילו ניט זיין דער פאל פרעגט זיך אויך; מיט וואָס ווערט „מערב“ חשוב׳ער וואָס משה נאדיר לאָזט זיך דאָ דרוקן?

לא מעלה ולא מוריד . . .

א לעבעדיק בילד גיט ש. מילער „א ווינטער מעת־לעת“ אויף בלעטל פופצען־זעכצען. אונז מזרח׳דיקע, איז דאָס בילד גוט באַקאַנט און פאר די וואָס זענען שוין לאנג אין דעם מערב׳דיקן ישוב, איז דאָס בילד ניי און אינטערעסאנט, לעבעדיק געשילדערט.

די צייכענונגען פון דעם פויליש־אידישן מאָלער אברהם אייזענבערג גיבן צו דער זאמלונג קאָליר און וואָג. „מערב“ געווינט דורכדעם, און דאָס באווייזט אויך, אז דער רעדאקטאָר האָט געפילט, אז קאליפאָרניע אליין קען לע״ע ניט שטאָלצירן מיט דורכאויס אייגענס און אז מען מוז אָנקומען צו דער „איסט“ אויב מען וויל זיין מיט לייטן גלייך.

אויף בלעטל זיבצען־אכצען געפינט איר צוויי לידער פון א. עסעלין. „דאָס ליד פון פעלד“ אונז איז דאָס ליד שטארק געפעלן, און לאָמיר אייך געבן באַטש דעם ערשטן פערז: .

„ווי שפיגל־ראנדן פינקלען קעגן זון די פעכטנדיקע סערפּן
אין ברוינע הענט פון מוסקולירטע שניטער.
פון יעדן פעכט גייט אויף א זייל פון אראָמאטן
פון רייפן, אויפגעשמעקטן קאָרן.
זאנגען פאלן, ווייכע פאלן, פאלדן זיך אין קרייזן.
ברוינע שיכטן בראָקן זיך — בראָקן זיך און שטייגן,
הויערן מיט גאָלד־שטויב ארום קני פון שניטער.“

ווער עס קען דאָס פעלד און ווער לייענען דאָס גאנצע ליד, יענער וועט רעכענען, אז עסעלין איז ניט נאָר א דיכטער, נאָר טאקע א גערטנער און נאָך א פילאָזאָף דערצו. דאָס ליד איז אן אָפשפּיגלונג פון פעלד און פון אלץ וואָס שפיגלט זיך אָפּ אין די געדערים פון דער מוטער־ערד און ווי נא־

טירליך, ניט געקינצעלט דאָס קומט בא אים ארויס, פּשוט צום באוואונדערן,
ווי ווייט דער דיכטער דערגרייכט מיט זיין קינסטלעריש אויג! עסעלין איבער־
שטייגט גאָר א סך פון אונזערע דיכטער, וואָס האָבן אָנגעהויבן מיט אים אין
איין צייט.

ניט ווינציקער באטייטונג האָט זיין צווייט ליד „חצות“. רייזין און
ראָלניק וואָס האָבן שוין לאנג זיך דערוואָרבן א נאָמען, וואָלטן זיך אויך ניט גע־
דארפט שעמן מיט אזא ליד. דאָס פּלאַץ דערלויבט אונז ניט דאָ צו פארנעמען
זיך מיט צופיל ציטאטן. לייענט און זעט ווי עס קען זיך פארבענקן א היינ־
טיקער מענש צו „וועלן זען איצט דעם זיידן באהאָפטן מיט זיין ספר; אין די
אויגן — ליכטיקע אוזאָרן פון בטחון, אזוינס וואָס חוזק'ט גרינטליך פון דעם
שכל.“

„דאָס צלמ'ל“ פון דעם ערשט־פארשטאָרבענעם יעקב גינזבורג מאכט
אויף אייך א גוטן רושם, כאָטש דאָס בילד איז אביסל צעשוואומן, דאכט זיך
גראָד דאָ האָט דער רעדאקטאָר פארקוקט א גוטע געלעגענהייט צו פארקירצן
א מעשה, וואָס וואָלט דורך דעם פיל געוואונען. „מערב“ וואָס מאכט דורכ־
אויס דעם איינדרוק פון א מאָדערנעם זאמלבוך, טאָר ניט דרוקן אזעלכע צע־
צויגענע מעשות. דער אייגענער אויטאָר האָט נאָך מיט יאָרן צוריק אין דער
„פרייע געזעלשאפט“ געדרוקט שיינע דערציילונגען. ליידער איז דאָס זיין
לעצטע זאך.

שמואל סעמיאק'ס „רויטע נעכט“ איז א טענדעציעז ליד. צו אונז
אַפּעלירט ניט די טעמע און פאר אן אָנפאנגער איז צו ריזיקאליש און טאקע
ניט נויטיק צו שרייבן איבער אזעלכע טעמן.

א יונגער, געזונטער דיכטער מעג געפינען אין קאליפאָרניע א אינ־
טערעסאנטערע טעמע ווי צונויפמישן „באגערן“ מיט „פארצערן“ און „פּאלמען
מיט אלייען“ מיט „שפּעטע נאכט־קאפּייען“. קאליפאָרניע פארמאָגט ווייסע
נעכט וואָס מאכן אָפּט פארגעסן אויב עס איז גאָר דאָ אזא זאך ווי שווינדזוכט
אויף דער וועלט.

„ער האָט געוויינט“ פון מאטעס ל. גיט אויך ניט צו קיין געוויכט צו
דער זאמלונג. נאָר אויב דער „אינאיינעם“ געפינט פּלאַץ פאר „אונזערע“,
טאָ פארוואָס זאָלן מיר דאָ ניט געבן קיין פּלאַץ פאר איינעם פון זייערע?

א דאנק דעם צופאל וואָס יואל ענטין האָט באזוכט קאליפאָרניע איז
דאָ אין „מערב“ אן ארטיקל וועגן ה. רויזענבלאט'ס צווייטן באנד לידער
„אונטער גאָט'ס הימלען“ דאָס דאָזיקע ארטיקל איז אביסל צו שפּעט געשריבן,
מחמת די לידער זענען ארויס פון דרוק נאָך מיט פינף יאָר צוריק. נאָר אנ־
שטאט צו שרייבן קריטיק אויף קריטיק, וועלן מיר בעסער אין קומענדן נומער
האָבן א מעגליכקייט צו געבן אן אָפּהאנדלונג איבער דעם דריטן באנד לידער
פון דעם דערמאָנטן דיכטער.

אויף זייטל זעקס און זיבן־און־דרייסיק געפינען זיך צוויי לידער פון
ברכה קודלי. די דאָזיקע דיכטערין האָט אָנגעהויבן צו שאפן בא אונז אין קא־

ליפאָרניע און טאקע ערשט ניט לאנג צוריק. ברכה קודלי האָט פאר דער פאר־העלטנישמעסיק קורצער צייט זייער פיל אויפגעטאָן אין פארגלייך מיט אירע אנדערע צייט־קאָלעגען. זי וועט מיט דער צייט, האָפן מיר זיך אויסטרעטן אן אייגנעם וועג.

„קוויטלאך“ פון יוסף קוצענאָגי (קיץ), צוויי בילדלאך אויף איין בלעטל — דאָס אליין איז שוין ניי בא אונז אידן, וואו די מערסטע שרייבער ליידן פון צוצוויגענקייט און איבערקייען צען מאָל איין זאך. ניי איז אויך דער אינהאלט: ווינציג געשריבן און דאך א סך דערציילט, דער שרייבער פון די „קוויטלאך“ לאָזט איבער פאר׳ן לעזער פלאץ אויף נאָכצוטראכטען און פאר׳ן קאליפאָרניער לעזער, וואָס ווייסט וואָס עס איז מאראנצן־בלי, בערג ריזיקע, פאלמעס שטאָלצע . . . און נעכט ווייסע, ליכטיקע — פאר די היגע לעזער איז דאָס א שטארקע אָנרעגונג:

„ווערסט פאר׳שכור׳ט פונ׳ם ריח פון מאראנצן־בלי, פארבלענדט פון די ריזיקע בערג, דערפרײשט פון די כסדר־שטאָלצע פאלמעס.“

פארברייטערן וואָלטן מיר זיך גראָד געוואָלט וועגן שלמה י. בעלסקי׳ס ליד „ביים וואנט“. דער דיכטער בעלסקי, כאָטש נאָך גאָר א נייער איז אָבער נאָר ניט קיין אָנפאנגער. ער האָט יאָרן־לאנג געשריבן אָבער זיך ניט געיאָגט צו דרוקן זיך, ווי עס איז די טבע פון כמעט אלע שרייבער. בעלסקי׳ס ערשטע שאפונגען האָט דער לעזער ניט געזען. ער, ווי אויך דער לעזער האָבן פון דעם זייער א סך געוואונען.

נאָך א. עסעלין, וואָס האָט געוואונען דעם ערשטן פרייז אין א לידער־קאָנטעסט האָט בעלסקי באקומען דעם צווייטן. פון אים מעג מען אין דער צוקונפט דערווארטן שיינע לידער.

„דער איד אין קאליפאָרניע“ פון י. פרידלאנד, איז פאר אונז א ניט־פארשטענדליכער ארטיקל. מען זעט באשיינפערלאך, אז דער שרייבער האָט אוועקגעשטעלט א טעמע, זיך פארמאָסטן צו דערציילן א שטיק געשיכטע, ווייל עס איז שוין פינף און זיבציק יאָר אז אידן זענען אין קאליפאָרניע. אָנגענומען אז פרידלאנד האָט אפילו נאָר בדעה געהאט צו דערציילן וועגן דעם וואָס דער איד האָט דאָ געטאָן אין די לעצטע צען יאָר, זעען מיר אויך ניט איין, ווי אזוי מען קען אין אכט שורות אָפקומען א טעמע „דער איד אין קאלי־פאָרניע“ דערנאָך א שפרונג טאָן ביז צו די לעצטע צען יאָר און דערנאָך ערשט וועגן די לעצטע צען יאָר, ווען אידן זענען געקומען אהער אין די צענדליקע טויזענטער און האָבן דאָ געשאפן אזוי פיעל אינסטיטוציעס, אז אין דער „איסט“ וואָלט דאָס געגומען לכל הפחות פופציק יאָר — פטר׳ט מען דאָס אל׳ץ אָפּ מיט איין פאראגראף אין צען שורות. מיר ווייסן אליין ניט וועמן צו טאדלן פאר דעם ארטיקל — בעסער וואָלט געווען סיי פאר׳ן שרייבער, און אויך פאר׳ן רעדאקטאָר ווען „דער איד אין קאליפאָרניע“ זאָל שוין גאָר אינ־גאנצן ניט געווען אריין אין „מערב“.

„ארום די ענגלישע זשורנאלן פון מערב אמעריקע“ פון דוד נ. גרא־

קאָוואָסקי גיט בלויז א ביבליאָגראפישן איבערבליק איבער דעם וואָס דער מערב האָט געשאפן אין די לעצטע צען יאָר. אויך דאָ האָט געקענט געשריבן ווערן מער באריכות, איבערהויפּט ווי שיין „מערב איז ארויסגעגעבן און צונויפגע־שטעלט האָט מען די ארטיקלען געמעגט שענקן מער אויפמערקזאמקייט. אזוי מאכט דאָס דעם איינדרוק, אז מער ווי לידער שרייבט דאָ קיינער ניט אין קילפאָרניע. גראקאוואָסקי שרייבט שיינע לידער אין ענגליש.

א געלונגענע ליד איז פינחס בערמאן'ס „סינאָריטא ריטא“.

אין „מערב“ זענען אויך דאָ לידער פון שפרה וויים, ל. דינסקי, ז. בונין און י. ראשעל. יצחק האָראָוויץ (דער רעדאקטאָר) שרייבט וועגן ביכער, ה. רויזענבלאט אי־ער „אָפענע טויערן“ פון ל. מאטעס. י. ה. וועגן דאס אידישע בוך אין אמעריקע.

צום שלום: וואָס איז „מערב“? קיין זשורנאל ניט. וואָס דען?

א זאמל־בוך אָן באשטימטע צילן אָן באשטימטע פאָרמען. דאָ זענען אויסגעמישט אנערקענטע שרייבער מיט אָנהויבער; דיכטער מיט אייגענער פיזיאָנאָמי ווי רויזענבלאט, עסעלין, מילער, קוצענאָגי, בעלסקי, קודלי, בערמאן מיט נאָכמאכער און אָנפאנגער; מענשען וואָס ווילן אויך שרייבן, אָבער דורכדעם וואָס איינער דרוקט זיך אינאיינעם מיט א חשוב'ן דיכטער ווערט זיין שרייבער קיין ברעקל ניט חשוב'ער. אדרבה, דאָס עכטע שטעלט ערשט ארויס אין דעם אמת'ן ליכט דאָס פאלשע.

מיט די אלע פעלערן בלייבט אָבער „מערב“ פאָרט א געלונגענער פאר־זיך צו שאפן עפּעס איינענס בא דעם פּאסיפיק!

---

י. ק.

# פון מיין שרייב טיש

„ווידער איז דער מאי געקומען.“

און ווידער וועט מען זיך דערמאָנען, אז דאָס איז אנ'ארבעטער יום־טוב. און ווידער וועט מען אָפּזאָגן עטליכע סקארבאָווע דרשות, וועגן אל־וועלטליכע פרייהייט, ארבעטער איינינקייט און נאָך עטליכע הויכע פראזן; מ'וועט זיך ווארפן באשולדיגונגען פון רעכטס לינקס און פון לינקס רעכטס, מ'וועט אָפּזינגען וואָס מ'זינגט אלע יאָר און דאָס לעבן וועט זיך גיין ווי געווען...

אָבער געזונטער איז וועגן דעם וויניקער צו רעדן.

ווי פלעג מיין באָבע עליה השלום זאָגן: „זיי א „גוד באָי“ יאָסל און דריי ניט קיין ספאָדיק! לאָז צורו די וועלט און די וועלט וועט דיך צורו לאָזן!“

א קלוגע אידענע געוועזן מיין באָבע. שטענדיק אריינגע'טענה'ט אין מיר: „מיש זיך ניט אין פרעמדע געשעפטן. וויל ניט איבערבויען די וועלט,

פערציק

ס'וועט דיר אלץ איינס ניט העלפן."

ב'לעבן געווען נערעכט. העלפן וועט דאס טאקע ניט. און די וועלט וועט בלייבן ווי געווען, אבער איך וועל שוין אויך בלייבן ווי געווען. און זיך טאקי מישן דארט וואו מ'דארף ניט. און עס ווילט זיך וויסן: וואו זענען אונזערע קולטור־טרעגער — די אידישע שרייבער, ווען ס'קומט צו ממשות'דיגע ארבעטן? זיי לכל הפחות, וואלטן נעדארפט זיין פון די ערשטע, אבער מ'זעט זיי אין גאנצן ניט. די אידישע שרייבער. אונזערע קולטור־טרעגער.

אין דער עפענטלאך, וואו ס'איז דא צוהערער — געוואלדעוועט מען וועגן דאס נויטווענדיגקייט פון ארבעט . . . דאס אידישע פאלק גייט אונטער . . . די שפראך ווערט פארגעסן און מ'דארף און מ'מוז . . .

פארמאגן מיר דא אין ל. א. אריבער דרייסיק שרייבער, און אפשר נאך מער. ווער קען איבערציילן. ווער קען אפשאצן. מיר האבן דא דעם „באוואוסטן", מיר האבן דא דעם „באליבסטן", מיר האבן דא דעם „גרויסן" און דעם „גרעסטן" און דעם „צוקונפטיקן" — אבער דארט וואו מ'דארף טון עטוואס ארבעט — וואו זענען זיי, וואו ?

אין לאס אנגעלעס זענען דא דריי אידישע שולן — וויפיל פון די אידישע שרייבער העלפן אין דער ארבעט ?

אמת די אידישע פאלק שול פארמאגט דריי שרייבער — זענען דאך די איבעריקע ניט יוצא מיט זיי. און ס'זענען דאך דא נאך צוויי שולן — און ארבעט אזוי פיל !

און בא אונזערע קולטור־טרעגער אין די היימן קענען דאך די קינדער קיין אידיש ניט, און די איינלאדונגן וואס מ'האט ארויסגעשיקט לכבוד א באנקעט פאר א העברעאישן־אידישן דיכטער און אונטערגעשריבן פון א באוואוסטן אידישן דיכטער — געווען געשריבן אין ענגליש ! ! !

און פון אונזערע „קולטור־טרעגער" גייען מיר אריבער צו דער „קולטור" אליין.

אונזער פרעס — דריי וועכענטליכע צייטונגן: „די אידישע צייט" — א הונדערט פראצענט אמעריקאנער צייטונג געדרוקט אין אידיש — ניין יאר אלט. „די קאליפארניע אידישע שטימע" — איין יאר אלט און „ל. א. אידישע נייעס" — „אויפריכטיג, אמת און אונפארטייאיש" „מיט די ארבייטער פאר זייער קאמף" — פיר וואכן אלט.

איז „די צייט" בייט אזוי אפט איר פנים, אויסזען, רעדאקטארן און בעלי בתים, אז ס'איז שווער צו זאגן עטוואס, ספעציעל ווען פאר די לעצטע 5 וואכן איז זי אריבער אין נייע הענט, מוז מען זיי גיבן א „טשענס".

מיט „אויפריכטיג אמת און אומפארטייאיש" און „מיט די ארבייטער פאר זייער קאמף" האב איך מורא זיך צורירן. וואס א „בייבי" קען? אין גאנצן פיר וואכן אלט און איז שוין „אויפריכטיג, אמת און אומפארטייאיש"! נאר מילא, א „בייבי" דארף מען א סך פארזען און מיר'ן ווארטן ביז זי וועט אויסוואקסן.

בלייבט „די קאליפארניע אידישע שטימע“, א וועכענטליכע צייטונג, ערשיינט שוין 50 וואכן דורכאנאנד און מען קען שוין אונטערציען א סך־הכל.

ווי מערקווירדיק זיך געביטן מיט די ראלן! געקומען איז די „שטימע“ מיט א יאר צוריק צו באקעמפן „די צייט“, וועלכע איז דאן געווען פול מיט זידלערייען און אנפאלן. און היינט צו טאג איז די „צייט“ א שטילע באשעפעניש, טשעפעט ניט קיין פליג אויף דער וואנט, און די „ק. א. שטימע“ לאזט ניט דורך קיין געלעגנהייט צו באליידיקן, און באשמוצן.

בראווא דאקטאר י. וואַרטסמאן!

איר האט ענדליך געפונען אייער תיקון! ס'וועט אנרייסן! דער עולם האט ליב צו זען אזעלכע זאכן. און איר וועט האבן ערפאלג. אבער דער וועג איז אביסל א געפערליכער . . . ער קען נאך אייך פארפירן אויף דעם זעלבן וועג, וואוהין איר אליין האט אוועקגעשיקט אייער קאלעגע גרעי . . .

איך וועל אייך ציטירן פון איין ארטיקל (נאכן א“ב):

„אידיאטישן; אידיאטישע פלאפלעריי; בויאנסקער; דער בחור; „באשמוצן (צוויי מאל); געמיינע (דריי מאל); „זשידליק; דער „חכם; טעמפ און בלינד; ליגענס (דריי מאל); נידערטרעכטיגע (דריי „מאל)“ נפש (דריי מאל); ניודען; עקלהאפטן; עכט דעמאגאגישע; „פאמויניטעצ; אזא פארשוין; שמוץ; שמוציגע פיס; שמוציגע שטיוועל; אזא שטיק שמוץ און צוויי מאל שמוץ־ארטיקעל.“

(וועגן אלעם צוביסלאך פון דר. י. וואַרטסמאן קאליפארניע אידישע שטימע נומער 49.)

ווי געפעלט אייך א „מוסטער“ פון דאקטאר וואַרטסמאנ'ס ריינע שפראך!

דער ארטיקל איז אנ'ענטפער צו איינעם פון אונזערע בעסטע פאעטן דוד איינהארן אויפ'ן לעצטנס אן ארטיקל אין „פארווערטס“. זאל דא גלייך באמערקט ווערן: ניט מיר זענען איינשטימיק מיט דוד איינהארנס ארטיקל און ניט מיר ווילן אים פארטיידיקן. וואס מיר ווילן איז אייך באקאנען מיט דער פערל'דיקע שפראך פון איינעם פון די, וועלכע „קעמפט“ אויף דער אידישער גאס געגן הפקרות און פאר ריינקייט!

אבער צו דאקטאר וואַרטסמאן קען מען גארניט האבן. עכסטענס אים באדויערן. ער איז קראנק אויף זידלעריי. ניט פון נעכטן ליידט ער אויף דעם. גייט ארום אויף גאטס וועלט, זוכט חטאים און זידעלט זיך. זוכט חטאים, נאטירליך בא יענעם. ווארום וואלט אימיצער אנגעשריבן אנארטיקל וועגן וואַרטסמאנען און אים אנגערופן א „געמיינער נידערטרעכטיגער נפש,“ ווי ער האט געקרוינט איינהארן, וואלט שוין געווים וואַרטסמאן ארומגעלאפן צום דיסטריקט אטארני, פארפירט א פראצעס און וואלט פארליאמעהט די וועלט.

וואס אונז וואונדערט איז אויף די פאר ערליכע מענטשן, וועלכע ערלויבן

צו באנוצן זייערע נעמען אלס די הויפט אייגענטימער פון דער „קאל. אידישע שטימע“. ווארום שווייגן זיי און ווארום ערלויבן זיי אזעלכע זידלערייען.

אין אלגעמיין האָט זיך בא דעם דאָקטאָר ווארטסמאן אויסגעארבעט א ספעציפישע מאָראל: ער מעג און די זעלבע זאך טאָר אנ'אנדער ניט.

ווען די „ק. א. ש.“ האָט אָנגעפאנגן צו דערשיינען און די „קאליפאָר־ניע דזשואיש רעוויו“ האָט ניט נאָטירט דאָס, האָט דער דאָקטאָר, אויף דער צווייטער וואָך, מרעיש עולם געווען. ערשיינט א זאמלבוך „מערב“, מיט'ן אנטייל פון די בעסטע אידישע שרייבער אין ל. א., ווייסט נאָך דאָס ניט דער לעזער פון דער ק. א. ש.

איז געקומען צופאָרן דער העברעאישער אידישער דיכטער מ. מ. דאָ־ליצקי און ערלויבט וואָרטסמאן צו דרוקן זיינע זאכן, וועלכע ער דרוקט אין אנ־דערע צייטונגן — האָט ער אים מכבד געווען מיט אנ'עדיטאָריעל און אטאַ־קירט כמעט די גאנצע שטאָט, פאר וואָס מ'שווייגט און מ'אראנזשירט ניט קיין באנקעט לכבוד דאָליצקין.

איז געווען דאָ ניט לאנג, איינער פון אונזער בעסטע דראמאטורגן, דער באליבטער הירשביין, האָט אים ווארטסמאן פארשוויגן אויף וויפיל ער האָט נאָר געקענט און צום קבלת פנים פאר הירשביינ'ען וואו די אידישע קינדער־שולן האָבן זיך באטייליקט, האָט זיך דער רעדאקטאָר צעיאָמערט „לאָזט צורו די אידישע קינדער“, גלייך ווי חלילה עמיצער וויל נעמען די אי־דישע קינדער און זיי אָפ'שמד'ן . . .

איך קען אייך אויסרעכענען נאָך א לאנג צעטל, נאָר פאר היינטיקס מאָל וועט זיין גענוג.

---

# יעקב גינזבורג

מיט דעם טויט פון יעקב גינזבורג האט די משפחה פון אידישע שרייבער באם פאסיפיק, אנגעוואוירן איינעם פון אירע אנגעזעענסטע מיטגלידער. גינזבורג איז געווען, קען מען זאגן דער עלטסטער, אויב ניט אין יארן, אבער זיכער דער ערשטער אידישער שרייבער אין קאליפארניע. דערצו האט דער פארשטארבענער באמת געהאט גרויסע פאר־דינסטן, צוליב זיין באטייליקן זיך אין די פארשיידענע טעטיקייטן אויף דעם עקאנאמישן און קולטורעלן געביט. מיט פופצען יאר צוריק איז די אידישע גאס דא נאך געווען א מדבר אין פארגלייך מיט דעם וואס זי איז היינט. אויף זיין גורל איז דעריבער אויס־געפאלן צו טאן פיאנערן־ארבעט און ווי א געטרייער סאלדאט איז ער געשטאנען אויף זיין פאסטן, און ניט זייענדיק פיזיש קיין צו שטארקער מענטש, האט ער אבער דאך באוויזן צו זיין טעטיק און צו ברייננן קרבנות, צו ווידמען זיין צייט פאר די מלחמה־קרבנות; געווען טעטיק אלע יארן פאר דעם „פיפלס רעליף“ און געטאן זיין ארבעט שטיל און ערליך.

גינזבורג'ן צו פארדאנקן, האבן מיר היינט א קאאפעראטיווע בעקעריי, ער איז געווען פון די גרינדער, פון די בויער אין מער ווי אין איין הינן אנשטאלט. ער האט בייגעטראגן צו דעם וואוקס פון סאנאטאריום, פון די קינדער־שולן, פון די הינע ארב. רינג־ברענטשעס, ער האט אויך ·געגרינדעט ד י„קאאפעראטיווע דרוקעריי“ און ווען מיט פיר יאר צוריק איז געמאכט געווארן א פארזוך צו שאפן אן איינענע ראדיקאלע אידישע צייטונג, איז ער געווען דער ערשטער רעדאקטאר.

ווען מען נעמט אין אנבאטראכט, אז דער מענטש האט געהאט צו זארגן פאר א פאמיליע און איז געווען טעטיק אין אזוי פיל געזעלשאפטליכע ארבעטען, מוז מען איינפאך איבעראשט ווערן צו זען, אז ער האט נאך אויך געפונען צייט פאר ליטערארישער טעטיקייט.

אין דעם זשורנאל „פרייע געזעלשאפט“ אין נויארק, געפינט איר אן ערציילונג פון יעקב גינזבורג, מיט א לויב־געזאנג פון רעדאקטאר ש. יאנאווסקי, וועלכער זאגט פאר־אויס, אז דער שרייבער ווייזט ארויס אמת'ן טאלאנט. ערשט מיט א פאר חדשים צוריק, אין דעם זאמלבוך „מערב“ געפינט איר אן ערציילונג פון יעקב גינזבורג, און צוויי טעג פאר זיין טויט, האט ער אין א געשפרעך מיט דעם שרייבער פון די שורות זיך פארטרויעט אז ער ארבעט איצט אויף צוויי נייע דערציילונגען.

דער טויט האט ארויסגעריסן גינזבורג'ן אין זיינע בעסטע שאפונגס יארן. זיין לויה האט באוויזן ווי געאכטעט און געשעצט ער איז געווען. עס איז אפשר געווען די גרעסטע און שענסטע לויה, וואס דער פאסיפיק האט ווען געזען. די גאנצע ראדיקאלע באַוועגונג, מענטשן פון אלע שיכטן זענען געקומען אפגעבן כבוד יעקב גינזבורג, דעם כלל־טוער דעם פאלקסמענטש, דעם דיכטער. זיין אנדענקונג וועט לאנג בלייבן איינגעקריצט אין די הערצער פון אלע, וואס האבן אים געקענט !

---

# נאָטיצן

## דוד גיסנעט ווערט א תושב אין לאָס אנגעלעס

די אידישע ליטעראַרישע משפחה פארגרעסערט זיך. היינטיקן חודש איז צוגעקומען קיין ל. א. דער באקאנטער שריפטשטעלער דוד גיסנעט.

גיסנעט'ס היים איז ביז איצט געווען אין סאן פראנציסקא.

„זונלאנד“ ווינשט דעם גאסט א הארציקן ברוך הבא.

---

## צאתך לשלום אלטער עסעלין

איינער פון אונזערע חשוב'ע קאלעגן אלטער עסעלין פארט אפּ פון לאָס אנגעלעס דעם 22טען מאי. ער האט בדעה צו באזעצן זיך אין שיקאגא.

מיר האפען אבער, אז עסעלין וועלכער איז שוין דא ניט דאס ערשטע מאל אין לאָס אנגעלעס, וועט סוף כל סוף צוריקקומען און ווערן א תושב.

פיר און פערציק

## דער שלום עליכם אָוונט פון דער אידישער פאָלקשול

די אידישע פאָלקשול פון 420 סאַטאַ, האָט צוגעגרייט א שלום עליכם אָוונט אויף פרייטיק, דעם 8־טן מאי אין אנזשעלוס זאַל. עס ווערט פאָרגעשטעלט „דאָס טעפּל" אויך „אַן עצה" און „מיין הסיד".

הוץ דעם וועט פּיינל פאַניץ זינגען נייע לידער, וואָס איר האָט נאָך ניט געהערט. פּראָפ. לעמקאָף ביי דער פּיאַנאָ. ה. שטיינבערג וועט פאָרליינען שלום עליכם'ן. דער אָוונט פאַרשפּרעכט צו זיין זייער אינטערעסאַנט.

## רויזענבלאַט־יובילעום קאָנפערענץ

דאָנערשטיק אָוונט, מאי דעם זיבנטן וועט אין דער אידישער פאָלקשול, 420 נ. סאַטאַ אָפּגעהאַלטן ווערן א קאָנפערענץ וועגן דעם געפּלאַנטן יובילעום פאַר דעם דיכטער ה. רויזענבלאַט.

צום באַדויערן קענען מיר ניט איבערדרוקן דעם בריף, וועלכען דער קאָמיטעט האָט ארויסגעשיקט, מחמת דער בריף איז פול מיט גרייזן און איז ווייט פון צו זיין א מוסיקער אפילו פאַר אזא בכבודיקער געלעגענהייט פון א יובילעום פאַר א חשובן אידישן דיכטער.

פון אונזער זייט ווילן מיר אָבער דערמאָנען די אידישע לעזער אין ל. א. אז דעם 6־טען יוני דערשיינט א דריטער באַנד לידער פון דערמאָנטן דיכטער און אויך אז עס ווערט שוין באַלד פינף און צוואַנציק יאָר אז רויזענבלאַט האָט אָנגעהויבן שרייבן. דער קאָמיטעט פּלאַנעוועט דעריבער צו מאַכן א יובל פאַר דעם דיכטער בא דער דערשיינונג פון זיין בוך וועלכעס איז א יום־טוב פון דער אידישער ליטעראַטור.

אין יוני נומער „זונלאנד" קומט אריין א גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם דיכטער רויזענבלאַט. דאָ ווילן מיר נאָר אָנדייטן, אז כאָטש דער איצטיקער בריף איז א באַליידיגונג פאַר א סך אידישע שריפטשטעלער אין ל. א. וועמענס נעמען עס זענען ניטאָ אין דער איינלאַדונג, האָפן מיר אָבער, אז אַלע אידישע קינסטלער וועלן פאַרשטיין, אז ל. א. איז נאָך אַלץ א פּראָווינץ־שטאָט, וואו מען רעכנט זיך אָפּ מיט „פּריינט" אפילו בא אזעלכע געלעגענהייטן, וואו מען טאָר ניט . . . און אויב דער קאָמיטעט האָט ניט פאַרשטאַנען, אז צוליב דעם כבוד פון דיכטער דאַרף מען איינלאַדן אַלע שריפטשטעלער אָן אויסנאַם, האָפן מיר, אז יעדער קינסטלער וועט זיך דאָך באַטייליקן אין דעם יובל, ווייל קודם כל געהערט רויזענבלאַטס יום־טוב צו דער אידישער ליטעראַטור פון וועלכער קיין אידישער שריפטשטעלער וועט ניט פאַרגעסן ווערן, מאַכט ניט אויס אויב די פּראָווינץ־מחותנים האָבן זיך ריכטיק איינגעטיילט מיטן כבוד, אָדער האָבן עמיצן מיט א כיוון פאַרזען.

רויזענבלאַטס יובל איז דער יום־טוב פון אַלע אידישע שריפטשטעלער און קיינער דאַרף ניט פאַרפעלען בייצוטראָגן וואָס עס איז נאָר אין זיינע כוחות, צו מאַכן דעם יום־טוב וואָס מער איינדרוקספולער און ליטעראַריש רייכער!

פינף און פערציק

## צוואנציק יעריקער יובל פאר יונה ראָזענפעלד

די אידישע קונסט־געזעלשאפט גרייט צו א קבלת־פנים פאר יונה ראזענפעלד׳ן, וועגן וועמן עס איז געווען געמעלדעט אין פאריקען נומער „זונלאנד“ אז ער האט זיך באזעצט אין אונזער שטאט. דער אוונט וועט זיין זונטיק דעם צענטן מאי אין קאלאמבוס אודיטאריום. עס ווערט צוגעגרייט א רייכע ליטעראַרישע פראגראם; עס וועט אויך אויפגעפירט ווערן דעם גאסטס צוויי איינאקטערס אונטער דער רעזשי פון ה׳ י. ל. ברזלי, דער גאסט אליין וועט פארליינען פון זיינע שריפטן און פ. פאניץ, די באקאנטע זינגערין פון אידישע פאלקסלידער וועט אויפטרעטן מיט אייניקע נייע נומערן.

---

## ערשטער אויפטריט פאר „נגינה“

זונטיק דעם פיר און צוואנציקסטן מאי וועט צום ערשטן מאל ארויסטרעטן די „נגינה“, א מוזיקאלישע קולטור־ארגאניזאציע, וועמנס אויפגאבע עס איז צו פארשפרייטן אידישע מוזיק סיי פאלקסלידער, סיי קונסטלידער, לויט זיי ווערן לעצטנס געשאפן פון אונזערע מאדערנע אידישע מוזיקער.

דער אוונט וועט זיין אין „גאמוט קלאב“, און פראפ. פאול לעמקאף, אונטער וועמנס דירעקציע די „נגינה“ ווערט אנגעפירט, פארשפרעכט דורכצופירן זייער א רייכע מוזיקאלישע פראגראם.

פ. פאניץ, וועלכע האט זיך שוין געשאפן א נאמן מיט איר רעפערטואר פון אידישע פאלקסלידער טרעט אויף צום ערשטן מאל אין א דורכאויס נייעם רעפערטואר. ווי מבינים געבן צו וועט דער אוונט איבערטרעפן אלע דערוואַרטונגען.

חוץ דעם וועט אויך אויפטרעטן „די קאפעליע“. דאס איז ווידער עפעס נייעס אין ל. א. וואס וועט דערמאנען אין היימישע כלי־זמרים אין א קליין שטעטל. די „נגינה“ האט אויך א קווארטעט, וועלכער איבערראשט אלעמען בא יעדן אויפטריט, און אויך דער קווארטעט באטייליקט זיך אין דעם אוונט. פראפ. לעמקאף פארזיכערט, אז דאס וועט זיין דער שענסטער אידיש־מוזיקאלישער אוונט, וועלכען די אידישע אינטעליגענץ האט דא ווען געהאט.

די מוזיק פאר די פאלקסלידער ווי אויך פאר דער קאפעליע און פאר דעם קווארטעט איז ספעציעל געשריבן פון פראפ. לעמקאף און די וועלכע קענען אים ווייסן, אז ער איז א קינסטלער, וועלכער שאפט איבער די אידישע מוזיק, און באלעבט דאס אידישע פאלקסליד.

זעקס און פערציק

## ברוך הבא, ה. גאָלד

די אידישע פאָלקשול אין 420 נ. סאָטאַ האָט די טעג אָנגעשטעלט א נייעם פארוואלטער און שול סעקרעטאר, און דאָס איז דער באקאנטער אידישער לערער הירשל גאָלד.

ה. גאָלד איז גוט באקאנט אלס ערפארענער לערער און שול־פארוואלטער אין די מיטל וועסטליכע שטאטען, און זיין קומען אהער ווערט ווארם באגריסט פון אלע שול־טוער.

די פאָלקשול פלאנעוועט פאר ה. גאָלד אן עפענטליכן קבלת פנים.

---





# Sunland

June, 1925


## אין דעם נומער


י. אלקאן

משה אייזענשטאט

אסניטקאווער

שלמה י. בעלסקי

פנחס בערמאן

דוד גיסנעט

מ. מ. דאליצקי

י. ל. מאלאמוט

א. עסעלין

י. פרידלאנד

ה. ריד

ברכה קודלי

י. ל. מ.


## בילדער:


דאנטעס גיהנום

יפתחס טאכטער

אמאל איז געווען

זינורד ראסעל



No. 3

פרייז 15 ס.

# זונלאנד

## מאנאטשריפט

רעדאקטירט פון: — — י. ל. מאלאמוט

לאס אנגעלעס, סיון, תרפ״ה Los Angeles, June, 1925

שלמה י. בעלסקי.

## דאָס הארץ פון דער וועלט

(א מעשה׳לע)

ה. רויזענבלאטן א מתנה

א זוניקער הימל אויף א בליאיקן טאָל,
זוי גאָלדענער רעגן אויף גרינעם קרישטאָל.
פיאָלעטענע בערג מיט זילבערנע קיוועדם:
שטאָלצע וועכטער פון א ריזן-שטאם,
וואָס זענען פארשטיינערט געוואָרן
היטנדיק די גרענעצן פון א זאמדיקן מדבר
און ברילנדיקן ים.

זענען מענטשן געקומען פון ווייט, —
לאנגע יאָרן מיט די ריזן-געשטרייט, —
אריבער דעם מדבר, אריבער די בערג
מיט שפינדלען פון האָלץ און אַקערס פון שטאָל
ביז א שטאָט איז געוואָרן אין טאָל.

א זוניקער הימל — א בליאיקער טאָל —
דאָס איז געווען אמאָל, גאָר אמאָל,
ווען דאָס הארץ פון דער וועלט
האָט ווי פריידיקער זומער איבער פריירים געהעלט ;
ווי זאַרלאָזער בארג־שטראָם אויף גאָלדערנע שטיינדלאך
געטאנצט און געקוועלט.

נאָר ס'האָבן שוין מענטשן פארגעסן די צייט ;
ווי ס'פארגעסט זיך אָן ליבע, א מיידל פארשייט, —
און אזוי ווי א פיש אויפ'ן האקן געפאנגען
שלאָגט זיך דעם קאָפּ אָן דעם זאמדיקן ברעג,
אזוי ווארפט זיך, שוין לאנג, אין פיינען און שרעק
דאָס הארץ פון דער וועלט.

איז א דיכטער־נביא אויפגעשטאנען. —
זיבן יאָר אין דער מדבר מיט די ווינטן געזאמט ;
זיבן יאָר אויף די זאמדן זיין הארצן געפלאמט —
ביז עס האָט זיך געלייטערט זיין הייליקער וואָרט,
צוריק צו די מענטשן, צוריק אויף זיין אָרט
געקומען, און פון מאכטיקע זיילן א טעמפל געבויט,
העכער פון דער שטאָט און אירע דעכער.

די ווענט פון טעמפל האָט ער אויסגעצירט
מיט דעם גאָלד פון מדבר־דונען ;
די פאסאדן
מיט דעם עמעראלדן־גרין פון ים־כוואליעס ;
און די קאָלאָנאדן מיט דעם ראָבן־שווארץ
פון דעם טרויער פון זיין הארץ.

וועט פארבלאָזשען ווער אהין
מיט קין'ס צייכן אויף זיין שטערן,
זיין וואונד און זינד וועט געהיילט, געלייטערט ווערן
פון דיכטערס תפלות,
וואָס וויברירן ווי ציטערדיקע אָרגל־רערן ;
ווי הימנען און כאָראלן,
וואָס שאַלן ווי טראָמפייטן
און וויינען ווי זילבערנע פלייטן.

קומט פארנאכט,
ווען אין דעם גאָלדן־בלוי קרייזן אום די מעוון
טראָגנדיק זון־שטויב אויף די רוקנס,
און אין די שנאָבלען דאָס ווילד געשריי
פון מענטשן־ווײ —

קומט פארנאכט,
ווען אין די פיאָלעטענע בערג
ציען זיך אור־העַנט צום קופּער־הימל,
בעטן דערלייזונג פאר דאָס הארץ פון דער וועלט —
עפענען זיך טירן פון דעם טעמפּל, —
און ווי עס ציען זיך פראָצעסיעס פון מדבר־קאַראַוואַנען ;
און אזוי ווי וואָלקנס נאָך א רעגן,
וואָס דערמאָנען אָן ווייסע סטאדעס שאָף
אזוי ציען דעם דיכטערס תפלות צום הימל ארויף.

נאָר קומט דער מאָרגן,
ווען אין ווייען ווערט געבאָרן דער ליכטיקער טאָג,
די ליכטיקע שעה פון דערלייזונג
פאר דאָס הארץ פון דער וועלט —
דערהויבט זיך דער דיכטער נביא'יש באזעלט,
און ווי שטיינער פון הימל און האָמערס פון שטאָל
אזוי פאלן געלייטערטע ווערטער אין טאָל,
און ס'ציטערן די וואָס גאָלד, ווייב און נאכט
האָט טויב און בלינד און פאר'עקשנ'ט געמאכט. —
נאָר די מחנות בונטארן, ביים ראָג און ביים פלויט,
זיי גייען, ווי ריטער, אויף לעבן און טויט, —
זיי האָט דאָס וואָרט פון דעם דיכטער באזעלט,
זיי וועלן דערלייזן דאָס האַרץ פון דער וועלט.

אסניטקאָווער.

# די פּאראָדיע אין דער אלטער אידישער ליטעראטור

(באארבעט פון פארשיידענע קוואלן)

פּאראָדיע איז יענע פאָרם אין דער ליטעראטור, וועלכע זוכט נאָכצו־מאכן, איבערצוקרומען אויף א שפּילעוודיקן אופן, אפּעלירענדיק צו אונזער חוש פון הומאָר.

די פּאראָדיע איז די מעכטיקסטע וואפן פון דער סאַטירע, וועלכע מען געפינט אין דער קלאסישער ליטעראטור, אויך אין דער ביבל וועט איר גע־פינען סאטירע, אָבער ניט קיין פּאראָדיע.

עס וואָלט געווען נאטירליך צו דערווארטן, אז די קונסט פון פּאראָדיע זאָל שוין געפינען פּלאץ אין דעם תלמוד; מחמת די חכמי־התלמוד האָבן זיכער פארמאָגט א שארפן חוש פאר הומאָר, וועלכן זיי האָבן אָפט דעמאָנסטרירט אין זייערע ויכוחים, באזונדערס אין זייערע באמערקונגן וועגן די רוימער און די צעזאָרס פון יענער צייט. פונדעסטוועגן געפינט מען אין דעם תלמוד א היפּש ביסל סאטירע, אָבער ניט קיין פּאראָדיע.

אין דער צייט, ווען דער תלמוד איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן, האָט די הלכה באהערשט אלע שולן, און אלע אנדערע, לייכטערע פאָרמען אין דער לי־טעראטור, האָבן זיך כמעט ניט ארויסגעזען ביז דעם צוועלפטן יאָרהונדערט. עס וועט דאריבער זיין א גרויסע איבערראשונג פאר די וועלכע זעען אין דער פּאראָדיע א צוריקשריט אין דער ליטעראטור; ווייל דער צוועלפטער יאָר־הונדערט איז באקאנט אלס דער גילדענער פּעריאָד אין אונזער ליטעראטור, געבענדיק אונז יהודה הלוי, אברהם און משה אבן עזרא, מיימאָנידוס און חריזי אלס פארטרעטער.

גלייך בא דעם אָנהויב פון דעם צוועלפטן יאָרהונדערט האָט אונז אברהם אבן עזרא געגעבען זיינע בארימטע עפּיגראמן, צווישן וועלכע מען גע־פינט דעם עלעמענט פון פּאראָדיע. דער אייגענער איז אויך בא אידן געווען דער ערשטער, וואָס האָט געשריבן אין דעם העלדן־פארשפּאָטנדיקן סטיל. זיין פּאָעמע „די פליגן“ קען דאָס באשטעטיקן אפילו, ווען מען זאָל דאָס איבער־זעצן אין פּראָזא.

„צו וועמן זאָל איך רופן נאָך הילף, קעגן די מערדערליכע פליגן, וועלכע באלאגערן מיך ווי אן ארמיי פון שונאים, און געבן קיין רו! זיי לויפן מיר אין די אויגן און אין די ברעמן, שושקען מיר ליבע־לידער אין די אויערן.

איך וויל מיין מאָלצייט עסן אליין, אָבער די פלינן, ווי וועלף נעמען זיך אַ חלק, טרינקען דעם וויין פון מיין בעכער; גלייך ווי זיי וואָלטן געווען מיינע נאָנסטע קרובים. וואָס איך טייל זיי צו, דאָס געפעלט זיי ניט, נאָר זיי דורשטן נאָך מיין וויין און עס ציט זיי צו מיין מאָלצייט, און ווען איך לאָד אמאָל איין געסט צו מיין טיש, זיצן די פלינן אויבענאָן! מיין איינציקע טרייסט איז, אַ דער ווינטער מיט זיין קעלט און שניי וועט זיי פאַרטיליקן, אז ניט וועט מיר נמאס ווערן מיין לעבן!“

העכסט וואַרשיינלאַך האָט אין דעם איינענעם יאָרהונדערט מנחם בן אהרן אויך געשריבן זיין פורים־הימן, וועלכן מען באַנגענט אין מחזור וויטרא, וועלכעס איז אַ פאַראָדיע אויף דער הימן צו דער ערשטער סדר־נאַכט, פון מאיר בן יצחק.

דער פאַראדיסט באַקלייט אַ וויין־ליד אין אַ רעליגיעזער הימן. לויט דער ליד קומט אויס, אַז די נאַכט פון פורים איז אַ נאַכט פאַר שכורים, „און וויי צו דעם, וואָס טרינקט ניט . . . אין דער דאָזיקער נאַכט איז אפילו די נאַ־טור אליין אויך שיכור.“

אין דעם יאָר צוועלף הונדערט האָט יוסף זאַבּרא אָנגעשריבן זיין סאַ־טירע אויף דאָקטוירים און פרויען, דאָס זענען אויסגעצייכענטע פאַראָדיעס, וואו דער פערפאַסער גיט רפואות צו פיבער און אנדערע קראַנקייטן. אויך האָט ער אַ תפילה פאַר פאַנטאָפל־מענער.

אין דעם דרייצענטן יאָרהונדערט איז געקומען יהודה חריזי און בא אים האָט די פאַראָדיע אויפגעהערט צו ווערן אַ ליטעראַרישע שפּילאכל און איז גע־וואָרן אַן אינסטרומענט פאַר סאַטירע. זיינע צאָלרייכע רייזען האָבן אים גע־געבן אנגעלעגנהייט צו זען די פולע פאַנאָראמא פון דעם גאַנצן אידישן לעבן. דאָס האָט אים אויך מעגלאַך געמאַכט צו קענען אויפווייזן די פעלערן פון זיי־נע צייטגענאָסן. חריזים גרויסקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געקענט אָפּמאָלן אַ קלאָר בילד אין אַ פּאָר געציילטע ווערטער. זיינע פאַראָ־דיעס דערמאָנען שטאַרק אויף קאַריקאַטורן. אין קורצע שאַרפע שטריכן מאָלט ער אַ אידיש שטעטל, דעם חזן, אַן עם הארץ, און נאָך שאַרפער איז זיין קרי־טיק אויף דעם אידישן מנהג פון שלאָגן כפרות; ער בריינגט ארויס אויף דער סצענע דעם האָן, וועלכער פליט ארויף אויפ'ן שול־דאַך און קלאָגט אָן די אידן ,פאַרוואָס זיי וואַרפן אויף אים אַרויף זייערע זינד. דער האָן רופט צו־נויף אַ גרויסן עולם און באַווייזט ווי אומדאַנקבאַר מען איז צו אים. ער טענה'ט : “האָב איך דען ניט געדינט דער מענשהייט ווי אַ געטרייער סאָל־דאַט? האָב איך ניט געוועקט צו סליחות? האָב איך ניט געבראַכט קיין דור אויף דער וועלט ווי נאָט האָט געבאָטן? און חוץ אלעמען — טענה'ט דער האָן, — וואָס וועט אייך שוין אַרויסקומען, אַז איר וועט מיך איצט שחטן, אז איך בין שוין אַלט און מאָגער? געזונטע מענטשן וועלן פון מיין פלייש קיין הנאה האָבן, און קראַנקע קענען נאָך שטאַרבן, עסענדיק מיין פלייש“. און אַזוי האַלט דער האָן פאַר די אידן אויפ'ן שול־הויף אַ גאַנצע דרשה אין דער שפּראַך

פון די נביאים.

נאָך א פּאָעט פּאראַדיסט אין דרייצענטן יאָרהונדערט איז יהודה בן יצחק אבן שבתאי, וועלכער האָט געשאַפן דריי באַקאַנטע פּאראָדיעס. די ערשטע איז די באַרימטע סאַטירע „מנחת יהודה שונא הנשים“ געשריבן אין צוועלף הונדערט און אכט, און איז א בייסענדע בייטש קעגן ווייבער און חתונות. די סאַטירע גרייפט אָבער אָן דעם פרויען־האסער פּונקט ווי דעם פרויען־פאַרעהרער. דעם מאָטיוו פון דער סאַטירע דערקלערט דער פּערפאסער מיט דער פאָלגענדיקער פּאָעמא אין אָנהויב בוך:

„נעמט דעם דאָזיקן בוך, וועלכער דערציילט די געשיכטע פון א מאַן, וועמענס נשמה איז געפּענטעט געוואָרן אין דער נעץ פון א פרוי. איך וועל אייך דערציילן זיין געשיכטע דורך זיינע צרות און ליידן, כדי מענער זאָלן זיך ניט פאַרנעמען אויף קיין זייטיקע וועגן. איך וועל צונויפנעמען פאַרשטענד־לאכע מענער און וועל אויפהויבן מיין שטימע און שרייען: גייט איר מענער אויף א גלייכער ליניע, ווייל אלע קלעטערונגען ענדיקן זיך מיט אן ארונטער־פאַל.“

מיט דער סאַטירע האָט דער פערפאסער באַצוועקט צו וואָרנען די אלע, וועלכע האָבן א נאַטור צו גיין צו עסטרעמן, און אויך קעגן יענע, וועלכע האָבן חתונה אין איילעניש.

דער העלד פון דער סאַטירע איז זרח, וועלכער פאַרשפּרעכט זיין טאַטן, תחכמוני, ניט חתונה צו האָבן, און זרח פירט טאַקע א קרייץ־צוג קעגן פרויען, אָבער די פרויען מאַכן א פאַרשווערונג קעגן אים, מיט דער הילף פון זייער א שיינע פרוי, וועלכע באַזינגט דעם פרויען־האסער; ער פאַרליבט זיך אין איר זי שטימט איין מיט אים חתונה צו האָבן. נאָך דער חופּה ווייזט זיך ארויס, אַן אָנשטאָט דער שיינהייט האָט מען אים אונטערגערוקט א גרויסע מיאוס־קייט. די מעשה איז א מוסר השכל אויך קעגן די פרויען־האסער, ווי קעגן פרויען. די שפּראַך איז א ביבלישע, און ווען די פרוי מאַכט די פאַרשווערונג, טוט זי תפילה צו דעם, "וועלכער האָט איינגעפלאַנצט די ברענענדיקע ליידנ־שאַפט אין די הערצער פון חוה׳ס טעכטער“, און ווען עס קומט צו מאַכן די כתובה, ווערט זי אויך געשריבן אין דער ליטורגישער שפּראַך, מיט איין וואָרט דאָס איז פּאַראָדיע אין פולן זין. עס איז די שפּראַך פון דער כתובה, נאָר עס ווערט אין איר דערציילט די געשיכטע פון דעם מאַן, וועלכער איז פאַרפירט געוואָרן.

אין אָנהויב פון פערצענטן יאָרהונדערט זענען געשאַפן געוואָרן דריי פּאראָדיעס, וועלכע האָבן דערהויבן די אידישע סאַטירע צו דער מדרגה פון א קונסט: „מסכת פורים“ פון קלונימוס „ספר הבקבוק הנביא“ און „מגלת סתרים“.

געשריבן אין דעם לשון פון תלמוד, פאַרפעלט אָבער ניט דער לעזער גלייך צו דערפילן, אז די פערפאסער האָבן דאָ איין אבזיכט; און דאָס איז צו שפּילן זיך מיט דער שפּראַך און צו באַשטעטיקן דעם אלטן כלל, אז פון טיפן

ערנסט ביז דעם לייכסטן שפּאס, איז נאָר איין טריט. די „מסכת פורים" שליסט זיך מיט דער דאָזיקער משנה:

„פארוואָס שליסט זיך „מסכת פורים" מיט „אין קורין" ווייל מען טאָר די מסכת ניט ליינען, ווי נאָר אין דער צייט, ווען עס איז ניט טאָג און ניט נאכט, ווייל זי איז געשריבן געוואָרן אויף שפּאס, צום אונטערהאלטן זיך מיט איר לכבוד פורים. ווער עס לייענט די דאָזיקע מסכת איז פונקט ווי ער וואָלט ליינען ביכער וועגן מעדיצין; פון וואָס דער גוף קען אמאָל הנאה האָבן און דער נשמה קען דאָס ניט שאדן."

קיין בייזעם האָבן יענע פארפאסער נים באצוועקט, ניט מער; אזוי ווי דער תלמוד אין יענער צייט איז געווען זייער פּאָפּולער, האָבן די פיילן פון דער סאטירע אים אויך נים פארפעלט צו טרעפן. פארשטייט זיך, אז די רעליגיעזע אידן פון יענער צייט זענען געווען אויפגעבראכט פאר באנוצן די סוגיא פון דער גמרא אויף „לצנות" ווי זיי האָבן דאָס באצייכנט, ווי מען קען זיך משער זיין פון אזא אויסצוג למשל:

„ר' אברהם פלעג זאָגן: איך האָב א טראדיציע פון מיין זיידן, אז ווער עס האָט ניט קיין חלק אין די תענוגים פון דער וועלט, יענער וועט אויך ניט האָבן קיין חלק אין די תענוגים פון יענער וועלט; אָבער ווער עס האָט הנאה פון עולם הזה, וועט זיכער אויך האָבן עולם הבא" (מגלת סתרים). אָדער נעמט אזא שטעלע:

„אום פורים דארף מען לערנען מיט אידישע קינדער. וואָס זאָל מען זיי לערנען? ווי אזוי צו שלאָגן זיך איינער מיט דעם אנדערן . . . כדי, אז ווען זיי וועלן דערלעבן משיח'ס צייטן זאָלן זיי קענען זיין גרייט צושלאָגן זיך פון גאָטס וועגן."

די דערמאָנטע ווערק זענען שפּילוודיק געשריבן; זיי לאכן אָפּ פון דעם פּרעסער און זויפער, אָפּט אויך פון די דאָקטוירים, אָבער די גזעלשאפטלאכע מאָראל איז געשווינט.

דער פערפאסער פון „מסכת פורים" פארנעמט זיך מיט א צעטל פון זיבן און צוואנציק מאכלים, וועלכע ער שרייבט פאָר אלס א געבאָט צו עסן אום פורים.

מער פאר אלצדינג באווייזט אָבער זיין ווערק, ווי איבערגעשטאָפּט דער פארפאסער איז געווען מיט תלמודישען לאר. אין דעם ערשטן פרק פילט זיך דער נוסח פון מסכת שקלים, נאָר אין די איבעריקע טיילן פילט זיך, אז ער איז בקי אין דעם גאנצן ים התלמוד און ער שוועבט לייכט פון איין מסכת צו דער אנדערער, און אז ער האָט ניט געזוכט מיט זיין פּאראָדיע צו אטאקירן א געוויסע מסכת, נאָר פשוט נאָכצומאכן דעם תלמודישן סטיל.

ניט ווינציקער געלונגען איז די „מגלת סתרים" פון לוי בן גרשון. די מגלה עפנט זיך מיט א פּאראָדיע אויף פרקי אבות און לייענט זיך אזוי:

„הבקבוק האָט באקומען די תורה פון כרמי, און זי איבערגעגעבן צו נח'ן, און נח צו לוט'ן, און לוט צו יוסף'ס ברידער, און די ברידער צו נבל

הכמלי, און נבל צו בן הידד'ן און בן הידד צו בלשאצר'ן און בלשאצר צו אחשורוש'ן און אחשורוש צו ביבי (א שיכור).“

אָט פונקט ווי דער „פרקי אבות“ גיט איבער די קייט פון דער אידי־שער טראדיציע; פונקט אזוי גיט די פּאראַדיע איבער די קייט פון שיכרות. דער סטיל איז דער איינענער ווי אין מדרש פון דער הלכה. דער מדרש בויעט אלץ אויף דעם טעקסט פון דער ביבל, און די „מגלת סתרים“ בויעט אויף דעם אויסגעטראכטן ספר „הבקבוק“. עס קען זיין, אז דער פארפאסער האָט אפשר מיט זיין ווערק: „דאָס פלעשל“ געוואָלט באווייזן, אז אידן זענען ניט קיין אסקעטן, אָבער אָפּט פאלן זיינע פיילן אויך געגן די וויין־טרינקער, און שיכורים.

דאָס דריטע גרויסע ווערק ווערט צו דערמאָנען, איז דער „אבן בחן“ (פּרוביר־שטיין) — דאָרטן געפינט זיך א פּאראַדיע אויף דער אָנגענומענער טראדיציע, אז עס איז שווער צו זיין א איד, ווייל א איד האָט זעקס הונדערט און דרייצען מצוות, אָבער א אידישע טאָכטער האָט נאָר איין געבאָט; און דאָס איז: צו טאָן א גוטן שידוך . . . און דער פארפאסער צוגיסט זיך אין א לירישער תפילה:

„האר פון אלע וועלטן, דו האָסט געראטעוועט אונזערע אָבות פון מבול און פייער, פון א שטעקן האָסטו געמאכט א שלאנג, און ריינע הענט — קרעציק, האָסט געשפּאָלטן דעם ים, און איבערגעפירט דעם ירדן, וואסער פאר אונז געצויגן פון א שטיין, — הלואי וואָלסטו מיר אויך געווען געטאָן א נס און מיך באשאפן א פרוי, זואָלט מיר אויך געווען גרינגער צו לעבן אויף דער וועלט. אזוי ווי איך בין ניט מער ווי א מענטש, און קען דאָס ניט איבערמאכן, דאנק איך דיר און זאָג אלע טאָג: געלויבט ביזטו גאָט, וואָס דו האָסט מיר ניט באשאפן קיין פרוי . . .“

---

ברכה קודלי.

# מאראנצן

אין שטענדיקן זומער־טאָג
ליגט ערד מיט רייכן צוזאָג.
זויגן שטאמען גלוסט פון וואָרצלען,
און ציטערן אויף זייער באַגער.
באָדן זיך בוימער אין שוואונג פון ווינט;
און שטייפן זיך אויף מוטערשאפט,
קנאָספּן זאפטיקן זיך,
און קלערן:
וויפיל רגע'ס נאָך צום ווערן
קערנער דרעמלען אין דערוואַרטונג:
עמיץ וועט טרינקען חלום פון ערד און זון.

משה אייזענשטאט.

# „טערא אינקאָגניטא"

(ה. רויזענבלאט'ן א מתנה)

אַט אזוי: יעדעס מאָל מיט אַנאַנדערער,
מיט אַ בייזערער ביינקשאפט באקלעמט,
גייט אוועק א פארצווייפלטער וואנדערער
און געפינט נישט קיין רו אין דער פרעמד.

נאָר עס ציט אן' אייביקע רעטעניש
פון דער ווייט, פון דער הויך, פון דער טיף,
צו יבשות, וואָס מענטשן באטרעטן נישט,
איבער ימים, וואו ס'גייט נישט קיין שיף.

אָ, די וועגן, וואָס נארן און מאטערן!
אָ, דאָס הארץ, דאָס צוגליטע ביז ווייס,
וועלכע בייגקט אין דער היץ פון עקוואטאָרן
נאָך די שנייען פון ארקטישן קרייז!

לעבן! גרוים איז דער חוב וואָס מיר צאָלן דיר!
און ס'איז ווייט דער פארשפּראָכענער ברעג.
און מיר וועלן דעם פליענדן האָלענדער
נישט דעריאָגן אין ווילדן געיעג.

נאָר מיר קענען נישט אויפהערן חלום'ן —
און מיר בלאָנזשען דורך טאָג און דורך נאכט
צו א גאָט, פון א האנט נישט-געמאָלענעם
פון אן אויג נישט-געזעענער פּראכט.

י. אלקאַן.

# באם קאמין

(פינסטער. דערנאָך צוויי גרויסע פענצטער דורך וועלכע ס'שפּארן זיך אריין בלייכע שטראלן פון דרויסנדיקן נאכט-לאָמפּ און פאלן אויף דעם געזימס פון די ווענט און אויף דעם באלקאן, און מאָלן אוים לאנגע וואסערדיקע קווייטן מיט דינע שפּיצן.)

(פרויען קול) דוד, צינד אָן פייער, גיכער!

דוד: אָט שוין, ביזט א מבין ס'ארא פראָסט? אזא פינסטערניש. (צינט אָן א שוועבעלע) מיר האָט זיך געדוכט, אז עפּעס ליגט פאר מיינע פים. (גייט צום טיש) כ'וואָלט געשוואָרן (צינט אָן דעם לאָמפּ, דאָס דרויסן ליכט פארשווינט, עס אנטפּלעקט זיך א גרויס צימער, א טיש, שטולן, באם זייט א קאמין, באם טיר צוויי פּעק ביכער, וואָס זיי האָבן נאָר וואָס אריינגע-בראכט. דוד קוקט אויף די צוויי פּעק, נעבן וועלכע זיין פרוי שטייט. זי איז אָנגעטאָן אין צוריסענע קליידער) וואָס שרה'קע, דו האָסט אויך געטראָגן א היפּשן פּעקל?

שרה'קע: יאָ, א גאנץ היפּשער פּעקל (הייבט די הענט) אָה, די שפּיץ פינגער פיל איך נישט! ווי אָפּגעפרוירן! ווען דער אויוועון וואָלט איצט גע-ברענט! און דו? דיר איז גאָר נישט קאַלט? אפשר איז גאָר א פענצטער אָפען? (גייט צו צו אים) נאָ, ווארים דו אָן מיינע פינגער!

דוד: פּרואוו איבערן לאָמפּ. אפשר וועט עס העלפן, (רייבט אירע הענט מיט זיינע) כ'ווייס גאָר נישט פון וואנען ציט אזא קעלט!

שרה'קע: דיר איז אויך קאַלט?

דוד: מיר אויך? וואָס בין איך?

שרה'קע: כ'מיין די צוויי פּעק ביכער, וואָס ליגן (ווייזט אויף די ביכער) דאָס זענען דאָך דיינע ביכער. גיט דאָס דיר גאָר נישט צו קיין ווארימקייט?

דוד: יאָ, אָבער דער פראָסט איז אזוי גרויס, גאָט מיינער! דער-צו, פארגעס נישט, גיי איך נאָך אָנגעטאָן אין זומערדיקן!

שרה'קע: אָבער מיר איז אזוי קאַלט, איך פיל נישט מיינע פינגער, ווי אָפּגענומענע!

דוד: ווייסטו גאָר וואָס?

שרה'קע: וואָס?

דוד : כ'וועל אויפזוכן פאפיר אזעלכע וואָס איך דאַרף ניט, און מיר וועלן פּרואווען אָנהאַלטען דעם פייער אין קאמין.

שרה'קע : נעכטן האָסטו דאָך געזאָגט אז דו האָסט שוין אלץ פארברענט.

דוד : כ'וועל איבערקוקען נאָך אמאָל. טאָמער וועל איך געפינען נאָך פּאפיר. שא, יא, די פּאפיר אין וועלכע די ביכער זענען איינגעפּאקט קען מען דאָך אויך זיכער פארברענען, נו, שרה'קע, מיר'ן זיך אנעם טאָן ביידע.

שרה'קע : די הענט, איך פיל זיי ניט.

דוד : נו, גוט וועל איך עס אליין טאָן. (צובינט די ביכער נעמט די שטיקלאך פּאפיר, לייגט זיי אריין אין אייזעלע צינט עס אונטער) קום זעץ זיך דאָ, און איך וועל זוכען נאָך פּאפיר.

שרה'קע : דוד!

דוד : ? ! . . .

שרה'קע : אפשר וואָלטן מיר זיך גאָר א ראנגל געטאָן? ווייסטו גאָר וואָס? פּרואוו מיר גאָר כאפּן (לאָזט זיך לויפן בלייבט שטיין) מיינע פיס זענען מיר אזוי קאַלט, איך קען אזש ניט א טראָט טאָן.

דוד : נו, נו, טאָ זיץ ביים קאמין.

שרה'קע : (נאָנט צו אים, נעמט אים ארום) דוד, איך בעט דיך.

דוד : ? ! . . .

שרה'קע : דערצערן מיך, שלאָג מיך, אפשר וועט דאָס אויפקאָכן מיין בלוט און איך וועל זיך דערוואַרימען אביסל. אוי, די קעלט, די קעלט, ס'ארא קעלט !

דו : נו, נו, טאָ וואָס זאָל איך טאָן? (טוט אויס דעם רעקל) נא וויקל זיך ארום.

שרה'קע : און דו ?

דוד : איך וועל זיך וואַרימען באם קאמין.

שרה'קע : ווען ס'איז דאָ געלט קויפט מען קוילן זויפיל ס'ניט איז.

דוד : נו, איז דאָך קיין געלט ניטאָ. (פּויזע) מיין בוך וואָלט איך טאַקע באדאַרפט ארויסגעבן אנטקעגן זומער, וואָלט איצט געווען דאָס געלט (פּויזע) ווייסטו גאָר וואָס ?

שרה'קע : וואָס ?

דוד : (נאָך אווײַלע טראַכטן) נו, נו, גאָר גיט, גאָר ניט.

שרה'קע : דוד, רייד !

דוד : גלויב מיר אז גאָר ניט, איך טראַכט אלץ וואו נעמט מען נאָך פּאפיר. (זוכט איבערן צימער)

שרה'קע : ניט דאָס האָסטו געוואָלט זאָגן, איך בעט דיך לייקען ניט פון מיר.

דוד : (נעמט א בוך פון טיש) הערסט, אָט וועל איך פון דאנען ארויס־רייסען די שארע בלעטלאך. (רייסט עס ארויס, לייגט עס אריין אין אויוון)

שרה'קע: א, דער אויוון ט'זיך נאָך ניט דערוואַרימט, און דאָ רוקט זיך אזא לאנגע נאכט.

דוד: נו, דעם בוך האָב איך דאָך געמוזט ארויסגעבן.

שרה'קע: יאָ, זיכער, אדרבה, אָבער דער פּראָסט, אזא קעלט!

דוד: און ערגעץ אין א וואַרימער הויז, בא אַנ'אויוון פול מיט קוילן, וועט מען מיין בוך ליינען.

שרה'קע: (ציטערט) פארשעלטען דאַרף מען זיי.

דוד: מיין גורל איז שוין אזא.

שרה'קע: מיר וועלן דאָך דערפראָרן ווערן.

דוד: נו, נו, דערפאַר האָבן זיי דאָך ניט דעם פארגעניגן פון שאפן. (טראָגט צו די ביכער צום טיש) נאָך אלעמען וואָלט דאָך בא אונז היינט באַדאַרפט זיין א יום־טוב. א קליינינקייט א בוך ארויסגעבן, מיין בוך!

שרה'קע: נו, יאָ.

דוד: שוין צוואַנציק יאָר אז איך האָב געטרוימט וועגן דעם, נו, וואָלט דאָך אייגנטלאך באַדאַרפט זיין א יום־טוב, א יום־טוב מיט ווייַן, געזאַנג און ליכט, ווייל היינט איז עפּעס ניי געבאָרן געוואָרן, עפּעס וואָס האָט געלעבט אין מיר פאַר אזוי פיל יאָרען. פאַרשטייסט? ווערט געבאָרן א מענטש איז א יום־טוב, כאָטש דאָס איז בלויז א הויפן בלוט און פלייש, אָבער ווען דער גייסט, די נשמה פון א מענטשן ווערט געבוירן, דאַרף דאָך זיין א דאָפּעלטער יום־טוב. און דאָ איז אזוי טונקל, די ביסל קראָסין גייט שוין אויך אויס.

שרה'קע: יאָ, ס'וואָלט טאַקע באַדאַרפט זיין אזוי, (פּויזע) הער דוד, אפשר זאָלן מיר איין בוך אריינלייגן אין פייער, וועט זיך דער אויוון אביסל דערוואַרימען.

דוד: ?! . . .

שרה'קע: איין ביכל בלויז.

דוד: ניין, ניין, דאָס טאָר מען ניט. ווי קענסטו גאָר אזוי ריידן? זיך אליין ברענען? מיט זיך דערוואַרימען דעם אויוון?

שרה'קע: נו, איז ניט! כ'האָב בלויז געטראַכט דערפון.

דוד: (גייט צו צו איר) און אפשר ביזטו טאַקע גערעכט, אפשר טאַקע. (פּויזע) גוט, נאַ, (גיט איר א בוך)

שרה'קע: (נעמט דאָס בוך, באַטראַכט עס, לייגט עס אריין אין אויוון, דער פייער ווערט גרעסער, איר פּנים רויט)

דוד: (גייט צו צו איר) דיר איז וואַרימער איצט? הא, וואַרימער?

שרה'קע: יאָ, דער אויוון ווערט שוין וואַרים.

דוד: (פּלוצלונג) איך ברען עס, מיינע הענט סמאַליען זיך דאָס. (פּויזע) אויב אזוי וועל איך זיך אויך דערוואַרימען. (גייט צום אויוון שפּרינגט אָפּ צוריק) פילסט דעם גערוך? ווי ביינער וואָלטן זיך געסמאַליעט. נו, וואַרים זיך גיכער, קיין איין ביסל וואַרימקייט טאָר ניט פארלאָרן גיין.

נאָר אז איך זע ווי דער בוך ברענט, דוכט זיך מיר אז איך ברען, אז אין מיר ברענט עפּעס, מיין נשמה ברענט עס! (גייט הין און צוריק איבערן צימער) אפשר זאָל איך ארייגלייגן נאָך א בוך, הא?

שרה׳קע: גענוג ט׳זיין, דער אויוון איז שוין דערוואַרימט.

דוד: אויב יא אזוי, זאָל ווערן גוט ווארים, הייס זאָל ווערן, דו פארשטייסט וואָס עס מיינט ברענען אייגענע ביכער? קינדער פארברענען! נא, נא, פארברענען נאָך א בוך, נאָך א בוך, און זאָל ווערן ווארים. פוי! דוכט זיך מיר איך הער דעם גערוך פון פארברענטע פלייש, זע, עפּן אקאָרשט אויף דעם קוימן. און אפשר זאָל דער קוימן זיין פארמאכט, און זאָל דער רויך אין ערגעץ ניט אוועקגיין, ווייל דער רויך דאָס בין איך!

שרה׳קע: דוד! דוד!

דוד: פארשטייסט? (פּויזע) נו, נו, ווארים זיך שנעלער, באלד ברענט דאָך אויס דער בוך. (פּויזע) אבי דו דאגה׳סט ס׳איז קיין קוילן ניטאָ, וואָס דארף מען קוילן אז ס׳איז דאָ ביכער, נא, דיר נאָך ביכער, פיל אָן דעם גאנצן אויוון מיט ביכער און זאָל ווערן ווארים, הייס! (פּויזע, דערנאָך נעמט ער איר פּלוצלונג אָן פאר׳ן האנט און שלעפּט איר אוועק פון אויוון) טרעט אָפּ פון אויוון, אָט באלד צינד איך אונטער דיינע האָר!

שרה׳קע: (ציטערט פאר שרעק) דוד!

דוד: (כאפּט זיך צו איר מיט די פויסטן) מיך ברענסטו, מיך! נא דיר א האנט און פארברען זי, פארברען מיך אינגאנצן!

---




# קונסט טעאטער אין לאָס אנגעלעס



פון ה. ריד

דאָס קליינער טעאטער: „פּאָטבאָילער“ איז געבאָרן געוואָרן ערשט מיט א יאָר צוריק און היינט ווערט עס שוין באטראכט פאר א וויכטיקער נאציאָנאַלער אינסטיטוציע. אָן באצאָלטע דירעקטאָרן, זיך אָנטרעפּענדיק דערצו נאָך מיט אלערליי שוועריקייטן, האָט דאָס אָרימע, קליין טעאטרל דאָך דורכגעבראָכן א וועג, ארויסרופענדיק גרויס דרך־ארץ, בא אלע ליבהאָבער פון דראמאטישער קונסט.

דאָס איז ניט נאָר דערפאר, ווייל דאָס טעאטער האָט תמיד געשטרעבט און טאקע דורכגעפירט בעסערע פּיעסן, נאָר עס האָט אויך באוויזן צו שטעלן מיט ערפאָלג אייניקע וועלט־פּרעמיערן. אין דעם דאָזיקן טעאטרל איז אויפגעפירט געוואָרן יודזשין אָ׳נילס „איבער דעם האָריזאָן“, און דורך דער אויפ־

פּירונג איז אָ'ניל אנדעקט געוואָרן, אלס דער אמת'ר אמעריקאנער דראמאטורג.
דאָס טעאטער האָט אויך אויפגעפירט זיין „האַריקע מאַלפּע“, די פּיעסע,
וועלכע באהאנדעלט דאָס פּראָבלעם פון קלאסנקאמף. די פאָרשטעלונגן פון
אָ'נילס דראמען זענען געווארם באגריסט געוואָרן פון געפּאקטע הייזער, נאָר פּלוצ־
לונג האָט דער „פייער דעפּארטמענט“ געשלאָסן דאָס טעאטער, כאָטש דאָס
פּלאַץ ווערט באנוצט אלס טעאטער פאר די לעצטע זיבן יאָר.


זיגורד ראָסעל

א סך קרעדיט פאר דעם ערפאָלג מוז מען
צושרייבן זיגורד ראָסעל, דעם דירעקטאָר פון
דעם היגן טעאטערל, וועלכער איז א רעוואָלוצ־
יאָנער אין דער קונסט, אליין א שריפטשטע־
לער, און פאר וועלכן קיין קרבן איז ניט גרויס
גענוג — אבי אויפצוהאלטן דאָס טעאטער.
ראָסעל איז איבערצייגט, אז סוף כל סוף וועט
ער דורכברעכן א וועג פאר א בעסערן טעאטער
אין לאָס אנגעלעס, וואו מען וועט קענען באַ־
צאָלן די שוישפּילער, לויט זייער ווערט.
לע“ע ברייננן, סיי דער דירעקטאָר, סיי די שוישפּילער גרויסע קרבנות; מען
פּלאגט זיך אין ניט קיין פּאסיק פּלאַץ, אין ענגשאפט, מיט גאָר ניט קיין
פּאסיקע אויסשטאטונגן, אָבער דאָס פייער פון קונסט ברענט, און „דער
טאָפּ קאָכט“.

לואידזשי פּיראנדעלאָס „זעקס כאראקטערע, זוכן א פארפאסער„ איז
געווען א פאָרשטעלונג דורך וועלכע אלע באטייליקענדע האָבן זיך איינגע־
קריצט אין מח פון די, וועלכע האָבן באזוכט די פאָרשטעלונג.

קיין אנדער קונסט־טעאטער אין אמעריקע האָט ניט געשאָנקן אזוי פיל
אויפמערקזאמקייט צו דער רוסישער דראמא, ווי דאָס האָבן געטון „די פּאָט־
באָילערס“.

אנטאָן טשעכאָוו שטימונגס פּיעסע „אָנקל וואניא“ האָט באקומען איר
ערשטע אמעריקאנער אויפפירונג אונטער דעם באנער פון דעם היגן טעאטער.
א דאנק דער דירעקציע פון דזשאן וו. טימאן האָט די טרופּע באוויזן צו שאפן
אין טעאטער די טשעכאָוו־שטימונג.

„אונטער דעם פאָרהאנג פון דער זעל“ וועלכע איז געשפּילט געוואָרן
זעקס יאָר אין מאסקווע און אין פּעטראָגראד, איז אויך אויפגעפירט געוואָרן
צום ערשטען מאָל אין ל. א. ניקאָליי יעווריענאָוו, דער אויטאָר פאָדערט פאר
דער דאָזיקער מערקווירדיקער פּיעסע אזא אויסשטאט, וואָס דארף רעפּרעזענ־
טירן די אינערלאכקייט פון א מענשלאכן גוף. די הויפּט כאראקטערן זענען
„דאָס ראציאָנאַלישע“, „דאָס עמאָציאָנעלע“ און דאָס אונטערבאוואוסטזיין פון
דעם גופס עקזיסטענץ.

איצטער פּלאנעוון אלע קליינע טעאטערן אין לאנד צו שטעלן די
פּיעסע. דאָס באווייזט, אז די „פּאָטבאָילער“, כאָטש דאָס אינגסטע טעאטערל

איז דער וועג־ווייזער פאר דראמאטישער קונסט אין אמעריקע.

מיט א פּאר יאָר צוריק האָט א נויאָרקער גרופּע געגעבן א פּריוואטע פאָרשטעלונג פון לעאָניד אנדרעיעווס „דאָס לעבן פון א מענטשן“. פאר א פּובליקום האָט די גרופּע ניט געוואגט צו שטעלן די פּיעסע, אָבער די „פּאַט־באָילערס“ האָבן מער ווי געוואגט. „דאָס לעבן פון א מענטשן“ איז מיט גרויס ערפאָלג דאָ געשפּילט געוואָרן עטלאכע מאָל.

דעם זעכצענטן יוני, וועט דער בארימטער נויאָרקער ארטיסט, העגרי קאָלטער דאָ אויפפירן ארטור ריטשמאנס „אמבוש“, דאָס וועט ווידער זיין א פּרעמיערע פאר דעם פּאסיפיק. חוץ נויאָרק און שיקאגאָ איז העגרי קאָלטער נאָך אין ערגעץ ניט אויפגעטראָטן.

„די פּאָטבאָילער“ דארפן געשטיצט ווערן פון אלע, וועלכע ווילן רעפאָרמירן די בינע. זייער ערפאָלג איז א כשר פארדינסטער.

---

אלטער עסעלין.

# די פּראָצעסיע

זיי זענען פארגאנגען ווי ווירוויך אין לופטן
מיט וואונדער, ווי מתים אין כשוף ;
מיט ווייסע געהויבענע הענט צו דעם הימל,
מיט פּרעפל צו בלויע מיראזשן,
מיט אויגן פארשטארטע אין דינער מיסטעריע
ווי צאנקענדער שימער פון זינקענדע שיפן.
זיי זענען פארגאנגען פארביינקטע אין הויכן
מיט שטומע געבעטן און הייליקע פאָנען.
זיי זענען דערלייזט נישט געוואָרן.
זיי האָבן נאָר שפּורן געלאָזן.

נאָר די וועלכע קומען גייען שוין אנדערש —
מיט הארטערע טריט אויפ'ן טרזיענדן באָדן
ווי שפּרינגענדער האָגל באַם בלענד פון די בליצן;
מיט פאַרשענדע בליקן אויף איטלאכן ווינקל, —
איינמאָל א קוק — ביז די נאקעטע גרזנטן,
ביז ווייסע און הייליקע וואָרצלן.

נאָר די וועלכע קומען גייען שוין אנדערש —
צום טאקט פון דעם קלאפּ פון דעם אייגענעם הארצן.
מיט יונגע פארהאָריקטע ברוסטן,
מיט גראָבע מיט הארטע דאָלאָניעס,
מיט פאקל אין האנד שטייט דער נביא
און צייכנט דעם שיידוועג.

# דאָרע'ס בילדער אין „סאוט-וועסט מוזעאום"

פאר ליבהאָבער פון קונסט, וועלכע האָבן נאָך ניט באזוכט דעם „סאוט-וועסט" מוזעאום ווילן מיר באקאנט מאכן, אז אפילו אויב זיי זענען גרויס-שטעטישע, און האָבן געזען גרעסערע מוזעאומס, ווי לאָס אנגעלעס פארמאַנט; לוינט זיך דאָך פאר זיי צו באזוכן דעם דערמאָנטן פלאַץ, אויב ניט צוליב קיין אנדער זאַך ווי בלויז צוליב צוויי בילדער פון פאול גוסטאוו דאָרע.



דאָס זענען די איינציקע צוויי ארבעטן פון דאָרע, וואָס געפינען זיך אין אמעריקע. דאָס ערשטע בילד איז דאָרעס אויפפאסונג פון דאנטעס „אינפערנאָ" און שטעלט פאָר ווי ווירגיל פירט דאנטען איבער דעם פאר-פרווירענעם טייך, און זי ווייזט אים די פאררעטער צו זייערע אייגענע, און די פאררעטער צו זייער לאנד.

דאָס צווייטע בילד שטעלט פאָר א ביבלישן מאָטיוו; דאָס בילד הייסט: „יפתח'ס טאָכטער" און ווייזט ווי זי זיצט אין די בערג פון גלעד און טרויערט אויף איר פריצייטיקן טויט, וועלכער איז פאר איר באשימט געוואָרן פון איר אייגענעם טאטן, דעם קריג'ס העלד, וועלכער האָט געגעבן א נארישע שבועה, אין דעם מאָמענט, ווען ער איז געווען פאר'שיכורט פון זיין זיג.

דאָרע איז געבוירן אין סטראסבורג, אין 1833, האָט אָנגעהויבן צייכענען אין עלטער פון זיבן יאָר. זיין געניאַליטעט איז פונקט אזוי גרויס אלס מאלער ווי אלס סקולפּטאָר, גראַווירער, א. א. וו. ער איז אזוי געווען פארנומען זיין גאנצן לעבן מיט זיינע קונסטן, אז ער האָט ניט געהאַט קיין



צייט פאר אקאדעמישע בילדונג אין דער קונסט. ווי ווייט עס איז באקאנט, האָט דאָרע געשאפן ניט ווייניקער פון פינף און זיבציק טויזענט ווערק, דאָס מאכט א דורכשניט פון זעקס ארבעטען א טאָג, רעכנענדיק בלויז פון פופצענטן יאָר פון זיין לעבן.

---

מ. מ. דאָליצקי.

# אין די ראַקי־בערג

(געווידמעט דעם דיכטער ה. רויזענבלאַט, צו זיין 25־יאָריקן יובילייַ)

גיגאַנטן רינגלען מיך ארום,<br>
גאָט'ס וואונדער ריזן קוקן אָן מיך שטום,<br>
ווי איך, קליין מילבעלע, פון אונטן זיי באטראַכט.<br>
ווי ווינטערדיק די קעפּ באשנייט<br>
ווי זומעדיק, א פּראַכט,<br>
די נאַקנס און די בריסט באקלייט<br>
מיט גרינע בוימער און מיט בלומען אלערלייַ,<br>
וואו נאָר איך שטיי און גיי !

איך קוק, באוואונדער איינעם מיט א פליך,
צען טויזנט איילען א גיגאנט,
און פלוצים הער איך ווי ער לאכט:
בן־אָדם, ביזט צו שפעט, נים קריך!...
וואָס נוצט דיין קומען ערשט אהער?
בלויז קוקן מיינסטו און ניט מער?
וואָס האָט עס פאר א ווערט?...
שוין לאנג א צווייטן׳ס האנט
האָט צוגענומען אלץ וואָס איך
פון יוגנט אָן געטראָגן האָב אין זיך,
און דיר געלזאָן שטויב און ערד!...

און ווייטער גיי איך און איך קלער:
אזוי פיל אייזן, קופּער, מעש און שטאָל
און גאָלד און זילבער און בריליאנט
האָט גאָט אין זיינע ריזן אומעטום;
כמעט ווי זיינע מענטשן זענען זיי אין צאָל,
און דאָך דליתים אין מיליאָנען פלאָגן זיך ארום!
אין יעדן ווינקל ששים רבו און נאָך מער,
וואָס הונגער טיילט זיי צו די וועלט!
אָ, גאָט, ביי וועמען בלייבט דיין געלט?!

* *
*

ווי שיין זיי זענען דיינע ריזן בערג!
זיי זענען דיינע שענסטע מייסטער־ווערק —
דאָך רופן זיי ארוים א טרער!...

י. פרידלאנד.

# א חשד

(דערציילונג)

זעליגמאן האָט באין אופן ניט געקענט פארשטיין, די פּלוצלונגע ענדערונג פון זיין פרוי. שוין א משך פון צוועלף יאָר אז זיי לעבן צוזאמען; האָבן זיך אפילו מיט א שלעכט וואָרט ניט פארביטן; שוין ניט רעדענדיק פון מחלוקת וואָס עס קומן פאָר „ביי לייטען“; און דאָ — עפּעס מיט אמאָל אזא צוריקגעצויגענקייט און דערגוויטערונג...

עס איז פאר אים געוואָרן א נייע איבערלעבונג און דערפארונג: ער

האָט אָנגעפאנגן זוכן אורזאכן און סיבות; אונטערגעצויגן א סך הכל, פון זיי־
ערע צוועלף יאָר זיין צוזאמען, און האָט דאָך ניט געקענט קומען צו א באשטימטן
באשלוס, אָדער זיך אויף עפּעס אָנשטויסן אין דעם מאָמענט . . .

ווייל, ווי ווייניק דערפארונג ער האָט געהאט אין אזא איבערלעבונג,
אלץ שטארקער איז ער נייגעריק און אומרוהיק געוואָרן . . .

ער האָט זיכער זיין פרוי געליבט; אפשר אביסל מער, ווי א מאן, קען
ליבן אן אייגענע פרוי, נאָך א צוועלף יאָריקן צוזאמען־לעבן. אמת, אז זי
האָט קיינמאָל ניט ארויסגעוויזן צו אים קיין ווארימע ליבעס־באנעמונגען ;
אָבער, ער וועט דאָך איר אין דעם פלוצלונג ניט באשולדיקן און פאָרווארפן;
זי איז דאָך אנדערש ניט געווען אפילו אין די ערשטע וואָכן פון זייער צוזאמנ־
קונפט. דאָך, האָט ער פיל געליטן דערפון; ניט אזוי האָט ער זיך געמאָלן
אין זיין פאנטאזיע, וועט זיין געליבטע און פרוי זיין . . .

שיידן זיך מיט איר דערפאר, וועט ער דאָך ניט; ווי נאריש דאָס וואָלט
געווען! פארקערט, אייניקע מאָל פלעגט ער זיך אליין פאָרווארפן וואָס ער
איז שוין אביסל צופיל סענטימענטאל; און אפשר פארלאנגט ער בכלל, גאָר
צופיל פון איר ?

אין אזעלכע מינוטן פון זעלבסט־קריטיק, פלעגט ער רעכטפערטיקן מיט
ראיות און פאקטן פון ביכער, וואָס ער האָט געלעזן: — אז די פרוי, איז בטבע
פון דער נאטור א צוריקגעהאלטענע, ניט ווי דער מאן, און ניט נור איז דאָס
אזוי צווישן דעם מענשלאכן מין; נאָר אויך צווישן די חיות, — איז דער מאן
דער ערשטער, דער אָנגרייפער . . .

מיט אזעלכע ארגומענטן פלעגט ער זיך מאָמענטן־ווייז בארואיקן.

לעצטענס, איז ער מער באאומרואיקט פון דער מאָדנער באציהונג און
דריקענדע שטימונג, וואָס ס'האָט זיך געפילט אין הויז. נאָך מער איז זיין
אומרוהיקייט געוואקסן, די לעצטע עטלאכע טעג, זינט זיין פרוי, האָט אים
אין א פארזאָרגטן, האלב־פארשעמטן און ברוגז'ן טאָן; און כמעט אומפאר־
שטענדלאך, א זאָג געטאָן: „כ'מיין, כ'וועל נאָך א מוטער ווערן, לויט ווי
ס'האלט מיט מיר איצט . . .

ווי א לעבעדיקער, עלעקטרישער דראָט צוגעשטעלט צו זיין גוף, האָט
מיט אמאָל זעליגמאנ'ס בלוט און אברים זיך א צאפּל געטאָן; זיינע געדאנקן
האָבן פיבערהאפטיק געארבעט, האָט ניט געקענט פאר אייניקע מאָמענטן קומען
צו זיך; איין מחשבה האָט גובר געווען די צווייטע, איין צווייפל שטארקער
פון צווייטן האָט זיין גאנץ וועזן באהערשט :

איז עס מעגלאך, אז ער איז אין „דעם“ לחלוטין ניט שולדיק?

באמערקט האָט ער, אז גראדע אין געזעלשאפט פון אנדערע יונגע
לייט, לעבט זי אויף, ווייזט ארויס סמנים פון אויפרעגנענדע לעבעדיקייט,
ביינקנדע ליבענדע בליקן, און עס מערקט זיך א ליידנשאפט פייערל אין אירע
אויגן. אן אנדערס מאָל, ווען ער האָט, ווענן איר באציאונג צו אים, קיין ספק
ניט געהאט; האָט דאָס אים אזוי ניט געארט; פארקערט, איז געווען צופרידן,

אין א זין — ס'האָט אים הנאה געטאָן, וואָס זיין פרוי, איז פריילאך און לעבעדיק, און דער עיקר, וואָס יונגע לייט, שיינקן איר נאָך אויפמערקזאמ־קייט. עס האָט אים געפרייט, אָבער אויך טייקוויז באאומרואיקט . . .

איצט האָט ער יעדן איבריקן בליק אירן, פארדעכטיקט; יעדע פרייע באנעמונג אירע, האָט אים פראשאָפט עגמת נפש און גערעגט זיין אייפערזוכט. זיין אומרואיקייט איז געוואקסן פון טאָג צו טאָג אלץ שטארקער, ער האָט אָנגעפאנגען פאָרשן, זוכן, טראכטן: און דערכאַפּנט האָט ער זיך פון אן ענליכן פאַל, מיט איינקע יאָר צוריק; עפּעס ענליכס האָט ער דאן געפילט; ארויס־געקומען איז דאָס דאן, איבער א קלייניקייט: א ניט פאָרזיכטיק וואָרט פון איר זייט. אָבער, ס'איז גלייך צורונען און פארגעסן געוואָרן. איצט, האָט אלץ אויפסניי אויפגעלעבט בא אים אין מח, און צוגעגעבן מער פייער, צו זיין פלאמענדער, פול מיט ספיקות, סענטימענטאלע נשמה . . . .

דאָס לעבן איז זיך געגאנגען מיט דעם געוויינלאכן גאנג. זיין קליין אייזן־געשעפט, בא וועלכן ער איז שטענדיק געווען צוגעבונדן, איז אויך אָנגע־גאנגען מיט דער געוויינלאכער רעגלמעסיקייט, און אזוי זיצנדיק אין קראָם, האָט ער מאָמענטן געפילט, ווי גיין אהיים, אין מיטן טאָג; אפשר וועט ער עפּעס דערשפּירן, אויסגעפינען; אָבער גיי פלוצלונג אין מיטן העלן טאָג, פארמאך די קראָם, לאָז איבער אלעס; ס'האָט עפּעס א פנים? איז ער טאָג־איין טאָג־אויס, פון פרי ביז שפּעט אין אָוונט, געווען אין געשעפט, און האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער מינוט צו שליסן די קראָם און לויפן אהיים; אין דער דערוואַרטונג צו הערן עטוואָס בארואיגנדעס: אפשר, וועט זי אים היינט מיט פרייד באגעגענען, און אים באגריסן מיט א בשורה פון דערלייזונג; וועט אים באפרייען פון די ספקות און דריקענדן קאשמאר וואָס ס'האָט זיך אָנגע־זעצט אויף אים.

עס איז ניט געשען! — איין איינגע־עקשנטער שווייגן, און א מרה־שחורה'דיקער בלאָנדזשן, פון צוויי לעבעדיקע שאָטנס אין איין הויז, וואָלט כאָטש א קינד געווען, וואָלט דאָס מיט געוויין אָדער געלעכטער, איבערגעריסן די דריקענדע שטילקייט.

מיט יעדן טאָג און שעה, איז ער מער פארצווייפלט און בארנלאָז גע־וואָרן; געצווינגן זיינע טעג און נעכט, אין אן אומרוהיקן צושטאנד, איז ער ארומגעגאנגען ווי פארחלום'ט, פארטראכט; פארנאכלעסיקט זיין, אזוי אויך אָרים געשעפטל, און געפלאָנטערט זיך אין א נעץ פון ספקות און אומרוהיקע געדאנקען . . .

אין אזעלכע מינוטן פון אנגסטן און שמערצליכן טראכטן, פלעגט ער צום סוף בא זיך אָפּמאכן און באשליסן: אז היינט מוז ער, גאָר אָן א תירוץ, מיט איר דורכשמועסן זיך; ס'מוז נעמען א סוף! ער מוז פאר איר זיין חשד ארויסזאָגן. און אפשר איז דאָס טאקע ניט מער ווי א חשד! מעגלאך גאָר, אז ס'איז א קראנקע פאנטאזיע זיינע, וואָס ענגבערט אים דעם מח! פונדעסט־וועגן, דער געדאנק אליין, אז ער וועט מיט איר, וועגן דעם ריידן, האָט שוין

זיין געמיט אביסל לייכטער געמאכט . . .

אזוי פלעג ער דעם גאנצן טאָג מאכן פּלענער. — פּלענער — זיינע געדאנקען — פון ארייננקומענדען קונא איבערגעריסן ווערן; האָט ער אויפ'ר ניי פון אָנפאנג צו זיין געדאנקען־פּלאן זיך גענומען: וואָס, און ווי אזוי, זאָל ער איר זאָגן, פון וואנען וועט ער אָנפאנגען; ווי אזוי וועלן זיינע רייד, אויף איר ווירקן; און ווי אזוי זאָל ער האנדלען, אויב זיין חשד איז טאקע באמת א גערעכטער.

אז זי וועט ניט לייקענען פון אים קיין זאך, אין דעם איז ער געווען כמעט ווי איבערצייגט; ווי נעמט מען נאָר דעם כח און מוט, דאָס ארויס־ברייגנען פאר איר ?

היינט האָט ער געהאט עפּעס א מאָדנע פאָרגעפיל, אז אלעס וועט אים קלאָר ווערן; ער האָט פּלוצלונג דערפילט אז זיין כח און דרייסטקייט, וועט אים, מער, ווי ביז איצט, ניט פארלאָזן . . .

דער אָוונט איז צוגעפאלן, האָט ער פריער ווי שטענדיק די קראָם צו־געמאכט און איז אינסטינקטיוו געלאָפן אהיים, ווי פון עמיצן געטריבן; גלייך, ווי עמיצער וואָלט אים פון אן אומגליקלאכע בשורה דערצעלט, וואָס בא אים האָט געטראָפן . . .

מיט אן הארץ־קלאפעניש האָט ער צום הויז זיך דערנענטערט; און ווען זיין בליק איז אויף די ניט־באלויכטענע פענצטער פון זיינע צימערן געפאלן, האָט ער קאנוואולסיוו זיך א צאפּל געטאָן, און איז אציטעריקער, און מיט אימפּעט אריין אין הויז . . .

פינצטער, קיין שאָרך פון עמיצען, שטיל, ווי אויף א „בית עולם“, האָט בלויז געהערט זיין הארץ קלאפּן, און דאָס חוצפה'דיקע קלאפּן פון דעם וואנט־זייגער. ער האָט פּרובירט, פונדעסטוועגן רופן זיין פרוי, געלאָפן פון צימער צו צימער . . . ניטאָ.

ער האָט דערפילט אז עפּעס פארלאָזט איהם: זיין שטענדיק טראכטן פון חשד און צווייפל, זיין מידע אָנשטרענגונג, האָט אים לעצטנס זייער דענערווירט. ער איז קאנוואולסיוו צוגעפאלן צום שאָקל־שטול.

ווען ער איז אביסל צו זיך געקומען, האָט ער ליכטיק אין הויז געמאכט, און געזוכט, צו ס'איז עפּעס א זכר פון איר געבליבן; איז זיין בליק אויף א בריוו, ליגענדיק אויף א טישל, געפאלן: פויל און אפּאטיש, האָט ער דעם בריוו אין האנט גענומען — ווי איינער, וואָס ווייס שוין אין פאָראויס, וואָס אים דערוואַרט, האָט ער אים געעפענט און געלעזן :

„טייערער זעליגמאן !

“כ'בין אוועקגעפאָרן. זוך מיך ניט! כ'האָב געפילט, דו קלייבסט זיך מיט מיר רעדן, וועגן דעם אין וואָס ביזט מיר חושד... כ'האָב אויך געפילט, אז כ'וועל באין אופן ניט קענען מיט דיר אָפן רעדן, און ניט צו־זאמנברעכן; וואָס דאָס, וואָלט אפשר געווען, קאטאסטראפאל פארביידן . . .

„כ'ווינש דיר, מער גליק, אין דיין ווייטערן לעבן, און האָף, אז די צייט וועט דיין וואונד היילן . . .

אסתר."

פאר זעליגמאנען איז מיט אמאָל אליץ קלאָר געוואָרן... האָט אומ־אויפערלאך, זיך פאַרגעוואָרפן, זיין קינדיש נאַאיוון גלויבן אין ערנסט — און ווי ווייניק ער האָט פרויען פארשטאנען . . .

אין הויז פארבלייבן איצט, איז אים שווער און דריקענד געוואָרן: טרייסטנדיק זיך מיט'ן געדאנק אז „ס'האָט געקענט נאָך ערגער זיין" איז ער ארויס די „גאס" באגעגנען, זיין פארדרוס שטילן... אומעט און בענקשאפט פארטרייבן . . .

---

פּנחס בערמאַן.

# סוזיטא

(פון דער סעריע „טיאוואנא")

(ה. רויזענבלאטן, געווידמעט)

אפשר אינגאנצן, סוזיטא, אמאָל־פופצען
געזען האָסט, ווי עס פאלן די בלעטער.
אָף דיינע ליפּן איז נאָך פריש דער אויסרוף „מאמאסיטא
דורך די שפּאלטן פון קאָסמעטיק בליען דיינע באקן,
און חוזק'ן פון די בלומען אין דיינע האָר . . .
פון יעדן ריר דיינעם שרייט ארוים:
מאכט א ווארע — די יוגנט!
מען האָט דיר פארקירצט אין דער „סאווע"
דיין נאָמען אויף „סו"
מיטן נאָמען אויך א צוויי־צענדליק יאָרן . . .
און דו לאכסט —
און דו זיצסט אויף די קני פון אנ'אַלטן בעל־תאוה
און שטופּסט אים דעם זיבעטן בעכער אין מויל . . .
אַ, היט זיך סוזיטא!
ווייל פּעדראָ, דער אינדיאנער, האָט אָדלער־אויגן,
וואָס גרייכן דורך פּלייצע און הארץ.
און שטארקער פון וויין און „מאהארנע"
איז בא פּעדראָ'ן דער האַס דער צעפּלאמטער.
און שארפער פון אויגן האָט פּעדראָ א מעסער אין טאש, —
און דו ביזט אזוי ניט דערפארן, סוזיטא!
ווייל אפשר ניט מער ווי אמאָל־פופצען
געזען האָסט ווי עס פאלן די בלעטער . . .

י. ל. מאלאמוט.

# אמאָל איז געווען אַ מלך

## א

אמאָל איז געווען א מלך, דער מלך האָט געהאַט א מלכה, און ביידע האָבן געקעניגט איבער הונדערט און זיבן און צוואַנציק מדינות, און זיי האָבן געהאַט אָן א שיעור אינזלען און טייכן, וועלדער און פעלדער, קנעכט און דינסטן, שטערן־זייער און כשוף מאַכערס, ווי עס פּאַסט פאַר א מלך מיט א מלכה.

און געלעבט האָט דער מלך מיט דער מלכה ווייט, ווייט פון זיינע אונטערטאַנען, אויף א הויכן באַרג, צווישן בוימער און אין א קריסטאָלנעם פּאַלאַץ, וואָס האָט געהאַט טרעפּ פון מאַרמל שטיין און גראַניט און ווענט פון שפּיגלען, ווי עס פּאַסט פאַר א מלך מיט א מלכה.

און אז דער מלך מיט דער מלכה האָבן געעפענט די אויגן אין דער פרי, זענען צען שקלאַפן שוין געלעגן אויף זייערע קני פאַרטיק צו טאָן זייער באַפעל. איז דער מלך, אָדער די מלכה ניט געזונט געווען, זענען צען פּראָפּע־סאָרן געשטאַנען פאַרטיק זיי צו היילן. האָט א מענטש זיך פאַרזינדיקט פאַר דעם מלך אָדער דער מלכה, זענען צען תליונים געשטאַנען פאַרטיק מיט א פאַר־צוינגענעם שטריק דעם פאַר׳משפּט׳ן צו הענגען.

דעם מלך׳ס פּאַלאַץ האָט געהאַט צען אייזערנע טויערן און יעדער טויער איז געווען פאַררינגלט מיט צען רינגלען און פאַרשלאָסן מיט צען שלע־סער, ווי עס פּאַסט פאַר א פּאַלאַץ פון א מלך מיט א מלכה.

## ב

איין זאַך האָט געפעלט אין דעם פּאַלאַץ, א קינד, וואָס זאָל איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר ירש׳נען די שטעט און די דערפער, די קנעכט און דינסטן, די שטערן זייער און מכשפים, און די הונדערט און זיבן און צוואַנציק מדינות, וואָס האָבן געהערט צו דעם מלך מיט דער מלכה.

איז אַוועקגעגאַנגען א יאָר, צוויי און דריי און דער מלך איז ברוגז גע־וואָרן אויף דער מלכה.

— וואָס קומט מיר ארויס פון מיין גאַנצן קעניגרייך, אז מיין קרוין וועט נאָך מיין טויט ארויפגעזעצט ווערן אויף א פרעמדנס קאָפּ און מיין נאָמען וועט אָפּגעווישט ווערן פון מענטשנס געדעכעניש. גיב מיר א קינד, וואָס זאָל קעניגן נאָך מיר! — האָט דער מלך געזאָגט צו דער מלכה.

— מיין ליבער מלך, האָט די מלכה געענטפערט, טו איך דען ניט תמיד דיין ווילן, ווייסטו דען ניט אז איך אַליין וואָלט געווען די גליקליכסטע אין דער וועלט, ווען איך זאָל דיר געבוירן א קינד ?

איז געגאַנגען דער מלך און האָט געשיקט רופן צען פון די בעסטע דאָקטוירים אין זיין שטאָט און האָט זיי געזאָגט:

— אויב איר זענט אמת'ע דאָקטוירים, מוזט איר וויסן פאַר וואָס מיין מלכה האָט נאָך ביז איצט ניט געבוירן קיין קינד און איך באַפעל אייך, אַז איר זאָלט מיר אויסהיילן מיין מלכה, איך גיב אייך אַ יאָר צייט און עס זאָל מיר געבוירן ווערן אַ קינד, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מלך מיט אַ מלכה.

די דאָקטוירים האָבן געגעבן רפואות און עס איז אַריבער אַ חודש און צוויי און אַ יאָר און די מלכה האָט נאָך אַלץ קיין קינד ניט געהאַט.

איז געגאַנגען דער מלך און האָט ווידער געשיקט רופן די צען דאָקטוי־רים און האָט זיי געפרעגט:

— וואָס האָט איר אויפגעטאָן דעם יאָר צייט וואָס איך האָב אייך געגעבן?

— אדוני מלך! — האָט געענטפערט איינער פון די צען, אַ גרייז גרויער מאַן, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר דעם בעסטן דאָקטאָר אין דער וועלט. — עס טוט מיר זייער לייד דיר צו זאָגן, אַז דיין מלכה איז ניט קראַנק, נאָר זי קען קיינמאָל קיין קינד ניט האָבן, און קיין דאָקטאָר קען איר ניט העלפן.

איז דער מלך אין כעס געוואָרן און האָט גלייך אויפ'ן שטעל אַרויסגע־געבן אַ באַפעל:

אַלע צען דאָקטוירים זאָל מען אָפּהאַקן די קעפּ!

און אַזוי איז באַלד געשען.

ג

און עס איז ווידער פאַראיבער אַ יאָר, צוויי און דריי, איז געגאַנגען דער מלך, האָט געשיקט רופן צען פון די בעסטע שטערן זייערס פון זיין לאַנד און האָט זיי געזאָגט:

— איר קענט אַלע שפּראַכן, איר פאַרשטייט אַלע קענטנישן, מוזט איר פרעגן בא די שטערן, אויב איך וועל האָבן אַ יורש, וואָס זאָל טראָגן מיין קרוין און זיצן אויף מיין טראָן, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מלך מיט אַ מלכה. איך גיב אייך אַ יאָר צייט.

איז פאַראיבער אַ חודש, צוויי, דריי, אַ יאָר, איז געגאַנגען דער מלך און האָט געשיקט רופן די שטער־זייער און זיי געפרעגט:

— וואָס האָט איר אויסגעפונען? וועל איך האָבן אַ יורש בא מיין לעבן?

האָט זיך אויפגעשטעלט דער עלטסטער פון די שטערן־זייער וואָס האָט געהאַט אַ שם פאַר דעם בעסטן אין דער וועלט און האָט געענטפערט:

— אדוני קעניג! אַ גאַנץ גייענדיג יאָר האָבן מיר ניט גערוט דורך די נעכט און האָבן געזוכט אַ שטערן אין דעם הימעל, וואָס זאָל געהערן צו דיין משפּחה, צו דיין הויז־געזינד, אַ אינגעל אָדער אַ מיידעל, אָבער עס טוט אונז אַלעמען זייער לייד, קענסט מיט אונז טאָן וואָס דו ווילסט, אָבער דיר איז קיין קינד באַשערט.

איז דער מלך נאָך מער אין כעס געוואָרן און האָט ארויסגעגעבן א באפעל:

— אלע צען שטערן־זייער זאָל מען אויסשטעכן די אויגן!

און אזוי איז באלד געשען.

ד

און עס איז ווידער אריבער א יאָר און צוויי און דריי, איז געגאנגען דער מלך און האָט געשיקט רופן די צען גרעסטע מכשפים און האָט זיי געזאָגט:

— באַ אייך זענען די שליסלען פון אלע בייזע ווינטן און אלע קראנקייטן און איר ווייסט, וואו עס וואקסן אלע זיסע גראָזן און ביטערע קריי־טיכער, גיב איך אייך א יאָר צייט און עס זאָל מיר געבאָרן ווערן א קינד, וואָס זאָל ירש'נען מיין טראָן ווי עס פאסט פאר א מלך מיט א מלכה.

האָבן די מכשפים געזאָגט צען שפּרוכן און האָבן זיך צושייט אויף צען ווענן און יעדער מכשף האָט געקליבן צענערליי זיסע גראָזן און צענערליי בי־טערע קרייטיכער אין צען פוסטע וועלדער און וויסטע פעלדער און וואסערלאך האָבן זיי אָנגעבראכט פון צענערליי קוואלן און די מלכה האָט דאָס געגעסן און געטרונקען א חודש און צוויי און דריי ביז עס איז פאַראיבער דאָס יאָר.

איז געגאנגען דער מלך און האָט ווידער געשיקט רופן די צען מכשפים און האָט זיי געפרעגט:

— וואָס האָט איר געטאָן א גאנץ יאָר? וואו איז מיין יורש?

האָט זיך אויפגעשטעלט דער עלטסטער פון די מכשפים און האָט זיך פארנויגט פאר דעם קעניג ביז צו דער ערד און האָט געזאָגט:

— אדוני מלך! אזוי ווי דו האָסט אונז אויסגעבליבן צען מכשפים האָט יעדער פון אונז געזאָגט צען שפּרוכן און מיר האָבן זיך צעשיידט אויף צענ־ערליי ווענן און דערנאָך האָבן מיר אָנגעקליבן צענערליי זיסע גראָזן און ביטע־רע קרייטיכער אין צען פוסטע וועלדער און וויסטע פעלדער און איצט שטייען מיר אלע פאר דיר און זאָגן דיר דעם ריינעם אמת, דיר איז קיין קינד ניט באַ־שערט צו האָבן און מיר זענען גרייט צו שטארבן אויף דיין באפעל.

איז דער מלך נאָך מער אויפגעבראכט געוואָרן און האָט באלד געגעבן א באפעל:

— הענגען!

און אזוי איז באלד געשען.

ה

איז ווידער פארלאָפן א יאָר און צוויי און דריי און די מלכה איז פון הארץ ווייטאָג קראנק געוואָרן, און דער מלך איז תמיד געווען בייז און צאָרנדיק.

ויהי היום, טרעפט זיך, איינמאָל האָט אין יענער מדינה פארבלאָנ־דזשעט אן אלטער איד מיט א ווייסע לאַנגע באָרד און פאות, און געגאנגען איז דער איד איבער די הייזער און האָט געבעטן א נדבה.

און אין יעדען הויז, וואוהין דער אלטעטשקער איז אריינגעקומען, האָט ער געזען, אז די מענטשן זענען שטארק באזאָרגט, גיט ער א פרעג:

— וואָס זענט איר אזוי באזאָרגט?

דערציילט מען אים, אזוי ווי דער מלך מיט דער מלכה האָבן קיין קינדער ניט האָט דער מלך שוין אויסגע'הרג'ט אלע דאָקטוירים, אלע שטערן זייערס, אלע מכשפים און עס העלפט ניט. רופט זיך אָן דער ארעמאַן:

— גייט זאָגט דעם מלך, אז עס איז געקומען א מענטש פון א פרעמדער מדינה און ער קען זיך אונטערנעמען צו היילן די מלכה, אז זי זאָל האָבן א קינד.

אז די מענטשן האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי זיך שטארק דערפרייט און מען האָט גלייך געלאָזט וויסן דעם מלך אז עס געפינט זיך נאָך איינער וואָס זאָגט אז ער קען אים העלפן.

האָט דער מלך געשיקט א קארעטע מיט דריי פאָר פערד געשפאַנט נאַשפּיץ און מ'האָט דעם אידן געבראכט פאר דעם מלך, דער מלך האָט אים באטראכט, האָט ער אים א פרעג געגעבן:

— ביזטו א דאָקטאָר?

— ניין, — ענטפערט דער אלטעטשקער — גאָט איז א רופא חולים.

פרעגט אים ווידער דער מלך:

ביזטו א שטערן-זייער?

ענטפערט ווידער דער אלטעטשקער:

— גאָט שטעלט אויס די שטערן און גאָט לעשט זיי אויס.

— ביזטו א מכשף? — פרעגט דער מלך שוין אונרוהיג.

זאָגט דער אלטער:

— כשוף איז ניט קיין ריינע זאך, מען טאָר אין דעם ניט גלויבן.

— וואָס-זשע דען ביזטו פאָרט? — שרייט דער מלך, און וויל שוין באַפעלן מען זאָל דעם אלטן פארברענען לעבעדיגערהייט, ווייל ער האָט דעם מלך געמאכט צום נאר.

דערשרעקט זיך אָבער דער אלטער ניט און ענטפערט:

— איך בין א איד!

דערהערט דער מלך דאָס וואָרט „איד" ווערט ער א דערצאָרנטער און שרייט:

— אין מיינע מדינות געפינען זיך ניט קיין אידן, ווי האָסטו געוואגט צו קומען אין מיין פאלאץ?

ענטפערט דער איד:

— ווער ביזטו דען?

— איך בין דער מלך איבער הונדערט און זיבן און צוואנציק מדינות, און אויף מיין וואָרט ווארטן באדינער אָן א צאָל, און ווער עס רעט מיר איין וואָרט אנטקעגן יענער ווערט באלד געטויט.

שמייכעלט דער אלטעטשקער און זאָגט:

— אדוני מלך! עס קען זיין, אז דאָס וואָס דו האָסט ערשט געזאָגט, איז טאקע אמת, נאָר איך האָב א שענערן און א גרעסרן און נאָך רייכערן מלך פאר דיר, און אז דו וועסט מיר שלעכטס טאָן וועט מיין מלך דיך באַשטראָפן.

געעפלט דאָס דעם מלך וואָס אויף דער וועלט געפינט זיך א נאר, וואָס נעמט אלע פריהייטן צו רעדן פאר'ן טויט וואָס ער וויל, אפילו אנטקעגן א מלך און ער גיט אים א פרעג אויף שפּאָס :

— ווער איז דיין מלך, און וואו געפינט זיך ערגעץ זיין קעניגרייך ?

ענטפערט דער אלטעטשקער :

— מיין מלך איז דער מלך פון אלע מלכים אין דער וועלט, און זיין קעניגרייך איז אין הימל און אויף דער ערד, זיין טראָן שטייט אין זיבעטן הימל גרייכט מיט די פיס צו דער ערד, זיינע מינסטאָרן זענען די מלאכים און זיינע אונטערטאנען זענען אלע באשעפענישן פון דער גאנצער וועלט.

— דו רעדסט זייער קלוג — האָט דער מלך געענטפערט און האָט דעם אלטעטשקען געבעטן זיצן און פרעגט אים ווייטער :

— ווי אזוי משפט דיין מלך? איז ער א בייזער, א צאָרנדיגער, אָדער א גוטער, א ווייכהארציקער ?

ענטפערט דער אלטעטשקער :

— מיין מלך משפט מדה כנגד מדה, מיט שלעכטע איז ער שלעכט, מיט גוטע איז ער גוט.

— ווי אזוי קענסטו מיר עס באווייזן ? — טענה'ט דער מלך.

— דאָס איז שוין באַוויזן — ענטפערט דער אלטעטשקער — ביז איצט האָסטו אויסגע'הרג'עט די בעסטע, שענסטע זין פון דיינע מדינות, דערפאר שטראָפט דיך גאָט און דו האָסט קיין קינדער ניט.

זאָגט דער מלך :

— באווייז מיר נאָך א צייכן, אז וואָס דו זאָגסט איז אמת.

גייט דער איד צו צום פענצטער, וואָס איז געווען אָפן און האָט ארויסגעקוקט צום ים, און גיט אים א זאָג :

— ווי אזוי רופט זיך דער ים ?

— דער שווארצער ים — ענטפערט דער מלך.

זאָגט דער אלטיטשקער :

— גיב נאָר א קוק, ווי זעט אויס דער ים ?

גייט דער מלך צו צום פענצטער און גיט א קוק, ער גלויבט זיך זיינע אויגן ניט — בלוט רויט איז דער ים און ער זידט און קאָכט מיט א בלוטיקער שוים, אז עס כאפּט אים אָן א שוידערליכער גרויל צו קוקן.

— זעסט — ענטפערט דער אלטישקער — א ים מיט בלוט האָסטו אין דיינע מלוכות פארגאָסן, און דאָס בלוט קען זיך ניט איינשטילן ביז דו וועסט ניט חרטה האָבן, און תשובה טאָן.

דערווייל גיט דער מלך א קוק אין שפיגל, זעט ער, אז ער איז שוין אַלט, די האָר פון קאָפּ גרוי, דאָס פּנים געל און צעקנייטשט, הויבט ער אָן צו וויינען און פאַלט אויף די קני.

— ביז היינט — זאָגט ער צום אַלטיטשקען — האָב איך דיין מלך ניט געקענט, נאָר היינט קען איך אים שוין, און איך וויל מיט מיין גאַנצן הארצן תשובה טאָן, אָבער איך בין שוין אַלט און וועל שוין אין גיכן מער ניט קענען קעניגן, ווען איך זאָל קענען לאָזן א יורש אויף מיין טראָן, וואָלט ער אפשר גוט געמאכט דאָס, וואָס איך האָב איבערגעפירט, איז נאָך מעגלאַך, אז איך זאָל האָבן א קינד ?

בא גאָט איז אַלעס מעגלאַך — ענטפערט דער אַלטער.

און איידער דער מלך האָט זיך אומגעקוקט, איז דער איד ניט געוואָרן.

ו

אז דער מלך איז געבליבן אליין, איז ער געפאַלן אויף זיינע קני און האָט אויפגעהויבן ביידע הענט צום הימל און האָט תפילה געטאָן אזוי צו זאָגן:

— גאָט אַלמעכטיקער, מלך פון אַלע מלכים, איך האָב געזינדיקט, ווייל איך האָב ניט געוואוסט, ווי אזוי צו קעניגן, איצט דערקען איך מיינע שלעכ־טע מעשים, גיב מיר א זון און איך וועל אים לערנען גיין אין דיינע וועגן, ער זאָל נאָר טאָן גוטעס צו די מענטשן.

און דערנאָך האָט דער מלך אויסגעטאָן זיין גאָלדענע קרוין און צעריסן זיינע פּורפּור זיידענע קליידער און האָט געפאַסט צען טעג און צען נעכט.

און אז זיינע אָנגעשטעלטע האָבן אים געבראַכט צינז פון זיינע אונ־טערטאַנען, האָט דער קעניג ארויסגעגעבן א באַפעל :

— דער הימל געהערט צו גאָט און די ערד צו די מענטשן. זאָלן די מענטשן באַארבעטן די ערד און לעבן רוהיק און פרידלאַך, ווי גאָט האָט גע־באָטן.

און די מאַמעס, וועמענס זין זיינען געפאַלן אין מלחמות, די אַלמנות און די יתומים, האָט דער מלך געגעבן הייזער און פעלדער, שאָף און רינדער צו פאַרלייכטערן זייער שמערץ און צו פאַרגרינגערן זיי דאָס לעבן.

און אז ס'איז געקומען שניט־צייט, האָט דער מלך זיך אָנגעטאָן אין פּויערשע קליידער און מיט א שניט־מעסער אויפ'ן אַקסל אומגעגאַנגען איבער די פעלדער און געאַרבעט פלייסיק מיט אַלעמען צוגלייך.

אזוי איז פאַראיבער א יאָר, צוויי און דריי, ביז דער מלך איז געוואָרן זייער אַלט, און ער האָט זיך געמוזט לעגן צו בעט.

ער איז אָבער געלעגן רואיק און צופרידן. יעדן טאָג האָט ער געהאָפט צו הערן די גליקלאַכע בשורה, אז די מלכה האָט א קינד געבאָרן.

א טאָג פאַר זיין טויט, איז אריינגעקומען אַן אַם און האָט אים צוגע־טראָגן א קליין שיין אינגעלע, און מיט טרערן אין די אויגן האָט זי פאַר אים געקניט און געזאָגט :

— אדוני מלך ! די מלכה האָט דיר געבאָרן א יורש פאר'ן טראָן.

דער מלך האָט זים געשמייכלט :

— זאָג דער מלכה, אז גאָט האָט געגעבן !

און דער מלך האָט געקושט דאָס קינד און איז רואיק איינגעשלאָפן.

ווי ער האָט נאָר צוגעמאכט די אויגן, איז דער אלטעטשקער צוריק אויסגעוואָקסן אנטקעגן אים :

— איצט — זאָגט דער אלטער — איז געקומען א צייט, אז דו זאָלסט איבערלאָזן פאר דיין יורש א צוואה.

און דער מלך האָט זיך אויפגעכאפט.

ז

האָט דער מלך פאררופן צו זיין קראנקענבעט אלע זיינע מיניסטאָרן, די קלוגסטע, געלערענסטע און עלטסטע מענטשן פון זיין לאנד, און האָט צו זיי געזאָגט :

— די צייט איז געקומען, ווען איך דארף זיך שיידן פון דער וועלט, און אזוי ווי גאָט האָט מיך אויף דער עלטער געבענטשט מיט א יורש פאר מיין טראָן, וויל איך אים איבערלאָזן א צוואה, נעמט און שרייבט, וואָס איך וועל אייך הייסן.

האָט דער מלך גערעט און די מיניסטאָרן האָבן געשריבן :

„מיין קינד, זיי וויסן, אז עס איז פאראן א גרעסערער מלך פאר דיר, וואָס קעניגט איבער הימל און ערד, איבער אלע באשעפענישן, און דער מלך צאָלט מדה כנגד מדה, זאָלסט ניט פירן קיין מלחמות און ניט פארגיסן קיין בלוט, זאָלסט ניט ארויסגעבן קיין טויט־שטראָף ביי דיין לעבן און אין שניט־צייט זאָלסטו גיין אין פעלד און ארבייטן מיט אלעמען גלייך און מער פאר אלעמען זאָלסטו געדענקען, אז א מענטש לעבט ניט אייביק, און א קעניג איז אויך א בשר ודם, היינט איז ער דאָ און מאָרגן אין קבר.“

דער מלך איז אנטשוויגן געוואָרן און די מיניסטאָרן האָבן אים דורכגע־לייענט, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין זיין צוואה.

— וועט דער מלך איצט שוין ארויפלייגן זיין זיגעל? האָט דער עלט־סטער פון די מיניסטאָרן געפרעגט.

— נאָך איין זאך וויל איך צושטעלן — האָט דער מלך געענטפערט :

„אזוי ווי מיין הילף איז געקומען דורך מיין גלויבן און מיין גלויבן איז געקומען דורך א אידן, וויל איך, אז אלע מדינות זאָלן עפענען ברייט זייערע טויערן פאר אלע אידן און עס זאָל זיי געטאָן ווערן גרוים חסד, אזוי לאנג, ווי אין מיינע מדינות וועט קעניגען מיין קינד, אָדער קינד'ס קינד.“

דערנאָך האָט דער מלך צוגעלייגט זיין זיגעל און האָט זיך געהייסן ארײַנרופן די מלכה מיט דעם יורש. ביידע זענען ארײַנגעקומען און דער מלך האָט אליין איבערגעלעזן זיין צוואה פאר דער מלכה, האָט א קוש געטאָן זיין קינד און שטיל און רואיק איז ער איינגעשלאָפן אויף אייביק מיט א גליקלאכן שמייכל אויף די ליפען.

און אלע אלמנות און יתומים און דאָס גאַנצע פאָלק האָבן דעם מלך באַגלייט צו זיין אייביקער רו און האָבן אים אמת באַוויינט, און זיין קבר האָבן זיי באַצירט מיט לאָרבער קראַנצן און קומענדיק צוריק פון דער לויה, האָט זיך דאָס פאָלק פאַרזאַמעלט אַרום דעם קעניגס פּאַלאַץ און געשריען:

„דער קעניג איז טויט, ס'זאָל לעבן דער קעניג!“

און נאָך היינט צו טאָג אין יענע מדינות, לעבט נאָך אַ קינד'ס קינד פון יענעם מלך, וואָס פירט ניט קיין מלחמות, נאָר פירט זיך נאָך דער צוואה, און אלע זענען גליקלאַך, וואָס אמאָל איז געווען אַ מלך.

---

# שלמה העידענפעלדט

(צו דער געשיכטע פון אידן אין קאַליפאָרניע)

פון דוד גיסנעט

פון די פאַרשידענע עלעמענטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן לויפן אין קאַליפאָרניע, ווען עס האָט זיך פאַרשפּרייט די נייעס וועגן די הייגע גאָלד מינען, זיינען די אידען אָן אַ ספק געווען דער בעסטער. דאָס מיינט נאַטירלאַך ניט, אַז אלע אידן וואָס זיינען אהער געקומען זיינען געווען פיינע מענטשן, אַז עס זיינען צווישן זיי גאָר קיין אויסוואורפן ניט געווען. אויך מיר האָבן צוגעשטעלט אונזער פּראָצענט פאַרברעכער און אויסוואורפן, נאָר דער דורכשניטלאַכער אידישער פּיאָנער איז געשטאַנען אויף אַ סך העכערער מדרגה גייסטיק און מאָראַליש, ווי דער דורכשניטלאַכער קריסטליכער פּיאָנער.

אורזאַכן דערפאַר זיינען געווען אַ סך. איינע פון די הויפּט סיבות געווען שטאַרק באַאיינפלוסט פון דער טראַדיציאָנעלער אידישקייט און זיינען איז מסתמא געווען, וואָס אַ גרויסער טייל פון די אידישע פּיאָנערן זיינען נאָך געווען שטאַרק באַאיינפלוסט פון דער טראַדיציאָנעלער אידישקייט און זענען דערפאַר געווען כמעט אינגאַנצן פריי פון שכרות און אויסגעלאַסנקייט. אַ צווייטע וויכטיקע אורזאַכע איז געווען, וואָס אַ גרויסער צאָל פון די אידישע פּיאָנערן זיינען געקומען פון דייטשלאַנד און גאָר פילע פון זיי זיינען געווען אכט און פערציקער, ד. ה. מענטשן, וואָס האָבן גענומען אַ טיכטיק אַנטייל אין דער רעוואָלוציאָנער באַוועגונג פון דעם אכט און פערציקסטן יאָר; מענטשן, וואָס זיינען שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן, און אַ טייל אפילו פּערזענלאַך באַפריינדעט געווען מיט פערדינאַנד לאַסאַל און משה העס. אָט די דייטש־אידישע פּיאָנערן זיינען עס געווען, וואָס האָבן אַזוי הויך אויפגעהויבן דעם דורכשניט פון דעם אידישן עלעמענט און זיי האָבן מיר הויפּטזעכלאַך צו פאַרדאַנקן, וואָס די אידן אין קאַליפאָרניע זיינען אין גאַנצן קולטורעל ניט אונטערגעגאַנגען.

דעם ערנסטן טייל פון דעם אידישן עלעמענט האָבן צוגעשטעלט די

איינגעבוירענע אמעריקאנער און די ענגלישע אידן. כמעט אַלע אידישע פארברעכער, פּראָפעסיאָנעלע קאָרטן־שפּילער און ווייסע שקלאַוון־הענדלער, וואָס האָבן זיך יעמאָלט געפונען אין קאליפאָרניע זיינען געווען אמעריקאנער און ענגלישע אידן. נאָר דער עלעמענט האָט אויך ארויסגעגעבן א טייל זייער אינטערעסאנטע און גייסטרייכע פּערזענלאכקייטן און איינער פון די אינטע־רעסאנטעסטע צווישן זיי איז געווען שלמה העידענפעלדט, דער ערשטער אידי־שער ריכטער פון דעם קאליפאָרניער העכסטן געריכט (סופּרים קאורט).

שלמה העידענפעלדט איז געווען פון האָלענדיש־אידישער אבשטאמונג. געבוירן געוואָרן איז ער אין 1816 אין טשארלסטאָן, סאוט קאראָליינא, און דאָרט טאקע האָט ער געקראָגן זיין עלעמענטארע און העכערע בילדונג. אין 1837 איז ער אריבערגעפאָרן פון סאוט קאראָליינא קיין אלאבאמא, האָט אויס־געהאלטן עקזאמען אויף אדוואָקאט און האָט עטלאכע יאָר צייט פּראקטיצירט אין טאלאפּוזאי קאָונטי. שפּעטער האָט ער זיך גענומען מישן אין פּאָליטיק, איז דערוויילט געוואָרן ריכטער פון א לאָקאַלן געריכט און האָט אָנגעהאלטן דעם אמט ביז צום סוף פון 1847.

אין 1848 האָט ער ארויסגעשטעלט זיין קאנדידאטור פאר ריכטער פון א העכערן געריכט. כאָטש עס איז נאָך געווען גאנצע דרייצען יאָר פאר דעם אויסברוך פון דעם בירגער קריג איז שוין שקלאַפעריי געווען א ברענענ־דיקע פראגע אין דעם היגן פּאָליטישן לעבן און יעדער קאנדידאט פאר וועלכן ניט איז אמט האָט געמוזט נעמען א שטעלונג אין דער אנגעלעגענהייט. פון אויבן־אויף קען זיך אויסווייזן, אז דאָס איז געווען א קלייניקייט — מען האָט זיך נאָך באדארפט ארויסזאָגן פאר אָדער געגן שקלאַפעריי, אין אמת'ן אָבער איז עס געווען פארבונדן מיט גרויס שוועריקייטן. אָפּגערעט פון פּערזענלאכע עקאָנאָמישע אינטערעסן, וואָס האָבן געקענט באשעדיקט ווערן דורך אָננעמען אזא אָדער אן אנדער שטעלונג; אָפּגערעט פון גוטע פריינט, וואָס מען האָט פארלאָרן, אריינטרעטענדיק אָפּן אין דעם אָדער אין יענעם לאגער איז די פראגע ניט געווען אזוי גרינג צו לייזן פון א ריין טעאָרעטישן שטאנדפּונקט. דאָס שקלאַפן־פּראָבלעם אין אמעריקע איז געווען ענג פארבונדן מיט דער פּרא־גע פון שטאטס צענטראליזאציע און דאָס האָט אנגעמאכט א גאנצן פּלאָנטער אין די מוחות, האָט שטארק קאמפּליצירט דעם איבערגאנג פון איין לאגער אין צווייטן. א חוץ דעם אלעמען איז אין דער סאוט פּשוט געווען א סכנה זיך ארויסצוזאָגן פאר דער באפרייאונג פון די נעגערן און מען האָט באדארפט פארמאָגן א הויכן גראד אידעאליזם און א סך מאָראלן קוראזש מען זאָל דאָרט אָפּן ארויסטרעטן געגען שקלאַפעריי.

העידענפעלדט האָט פארמאָגט אי דעם אידעאליזם אי דעם נויטיקן מאָראלן קוראזש און ווען מען האָט אים אין פארלויף פון דער וואַל קאמפּאניע געפרעגט, וואָס ער דענקט וועגן שקלאַפעריי האָט ער זיך אָפּן ארויסגעזאָגט אלס געגנער פון שקלאַפעריי. דער רעזולטאט איז געווען, אז ער איז ביי די

וואלן מיאוס דורכגעפאלן און פארלארן די גאנצע פראקטיקע, וואס ער האט געהאט.

א שטיקל צייט איז ער נאך פארבליבן אין טאלאפוזא קאונטי. ווי עס זעט אויס האט ער זיך געשלאגן מיט דער דעה צו ער זאל בלייבן דארט אדער ער זאל זיך אוועקלאזן גלות אבריכטן. נאר זיינע געשעפטן האבן זיך אלץ פארערגערט און דער סוף איז געווען, אז ער האט זיך אנגעשלאסן אין א קאמפּני, וואס איז געפארן קיין קאליפארניע.

קיין קאליפארניע איז ער אנגעקומען אין 1850, און האט זיך באזעצט אין סאן פראנציסקא. דארט האבן זיך יעמאלט געפונען אן ערך פון א דרייסיק אידן, אלע געשעפטסלייט, און זיי האבן העידענפעלדט'ן אויפגענומען מיט אפענע ארעמס. זיי האבן אים איבערגעגעבן זייערע ליטיגאציעס און האבן געזעהן ער זאל קריגן פראקטיקע ביי זייערע קריסטלאכע באקאנטע.

אין דער נייער היים האט ער זיך ווידער גענומען מישן אין פאליטיק און אין א קורצער צייט געווארן זייער פאפולאר. זיינע אויסערגעוויינטלאכע ארראטארישע פעהיקייטן און שארפער וויץ האבן אים געמאכט אזוי באליבט, אז ווען מען האט אין 1852 ארגאניזירט דעם העכסטן געריכט אין קאליפארניע האט אים דאס פאלק דערוויילט פאר איינעם פון די ריכטער.

דעם אמט האט ער אנגעהאלטן פינף יאר פון 1852 ביז 1857, דערנאך האט ער זיך צוריקגעצויגן און האט זיין גאנצע צייט אוועקגעגעבן זיין וואקסנדע פראקטיקע. ער איז אבער געווען איינער פון יענע מנטשן, וואס קענען ניט לעבן, ניט מישנדיק זיך אין כלל-זאכן, האט ער זיך אין גיכן ווידער גענומען צו פאליטיק און צוליב זיינע גרויסע ארגאניזאטארישע פעהיקייטן איז ער אין א קורצער צייט געווארן דער פירער פון דער דעמאראטישער פארטיי אין קאליפארניע. בא דער ענדע פון זעכציקער יארן איז ער געווען קאנדידאט פאר יונייטעד סטייטס סענאטאר און מערערע יארן האט ער פארטראטן די אינטערעסן פון די קאליפארניער דעמאקראטן ביי די נאציאנאלע קאנווענשאנס פון דער דעמאקראטישער פארטיי.

נאר ווי פארנומען ער איז געווען מיט זיינע אייגענע געשעפטן און מיט פאליטיק האט ער אלעמאל געקענט אפּשפּארן צייט פאר אידן און פאר אידישע ענינים. עס איז ניט געווען קיין איין אידישע אינסטיטוציע, וואו העידענפעלדט איז ניט געווען קיין טעטיקער און איבערגעבענער מיטגליד, עס איז ניט געווען קיין געשעהעניש אין אידישען לעבן, אויף וועלכער העידענפעלדט האט זיך ניט אפגערופן. כאטש ער איז געווען זייער א פראמינענטער אדוואקאט און האט געקראגן גרויסע סומן פאר אויפטרעטן אין געריכט, האט ער בא אידישע ארעמע לייט קיינמאל א סענט ניט גענומען און עס האט ניט איינמאל געטראפן, אז ער האט פארנאכלעסיקט וויכטיקע געשעפטן, כדי צו גיין אין געריכט פארטיידיגן א אידן אן אביון, בא וועלכן ער האט א סענט ניט גענומען.

· אין די אכציקער יאָרן, ווען מען האָט איינגעפירט א גנעזעץ, אז אדוואָ־קאַטן דארפן שווערן טרייהייט צו דער קאָנסטיטוציע האָט ער זיך צוריקגע־צויגן פון פראקטיק און האָט זיך אינגאנצן אויפגעהערט מישן אין כלל זאכן. שטיל און צוריקגעצויגן, אומבאקאנט דעם נייעם דור קאַליפאָרניער האָט ער־אָפּגעלעבט זיינע לעצטע יאָרן און דעם פופצעטן סעפּטעמבער 1890 האָט ער אויף אייביק פארמאכט די אויגן.

---

# ה. רויזענבלאַט

(„בלויע פלאַמען“ דריטער באנד לידער ארויסגעגעבן פון א גרופּע פריינט, לכבוד זיין פינף און צוואנציק יאָריקן שאַפן. לאָס אנגעלעס, קאַליפאָרניע.

איך וויל איבערגעבן פאר די לעזער מיין איינדרוק וועגן דריטן באנד לידער „בלויע פלאַמען“ פון ה. רויזענבלאַט. איך בלעטער דאָס בוך און קלער: דאכט זיך ערשט נעכטן געווען; אין אָנהויב פון דעם היינטיקן יאָרהונדערט: אונזער פּרעס ווי אונזער ליטעראטור אין אמעריקע, — די אי־דישע ליטעראטור, א בלאַסע, אן אָרימע, פּאָרמלאָז, אונזערע דיכטער — גע־ציילטע; אמת — א פּאָר בכבודיקע: יהואָש, ראָזענפעלד, עדעלשטאט, באָוו־שאָווער, ווינטשעווסקי. די ערשטע צוויי — נאציאָנאַלע, און די לעצטע — ארבעטער דיכטער, באזינגענדיק דעם שיקזאל פון דעם אידישן ארבעטער פאָלק, אָפּט אים אויך באגייסטערנדיק פאר א שיינער צוקונפט.

כמעט אין דער איינענער צייט, גדענקט זיך מיר, האָט זיך אָנגעהויבן באווייזן ה. רויזענבלאַט. פּונקט ווי זיי, איז אויך רויזענבלאַט אן עמיגראַנטן־קינד געווען, מיט דעם איינציקן אונטערשייד, וואָס רויזענבלאַט, איז געקומען ניט פון קאָוונאָ, ווי ווינטשעווסקי, ניט פון סובאלק, ווי יהואָש און מאָריס ראָזענפעלד; רויזענבלאַט איז א פּאָדאָליר און אן איינגערער פון זיי. א דרייצען יעריק אינגל איז ער געקומען קיין אמעריקע. א קינד פון א מילנער, האָט ער אין זיך די דאָרפישע איינפאכקייט, די מילדקייט און גוטמוטיקייט איינגעזאַפּט. וואו האָט זיך דען רויזענבלאַט בא אונז ניט באטייליקט? אין דער טעגלאכער, וועכענטלאכער פּרעס, אין אונזערע זשורנאלן. ער איז אויס־געוואקסען, גרויס געוואָרן מיט אונזער פּרעס, מיט אונזער זשורנאליסטיק, איז אין פארלויף פון די פינף און צוואנציק יאָר ארייגעפירט געוואָרן אין אונזערע כריסטאָמאַטיעס, אין די לער־ביכער פון אונזערע קינדער־שולן, און אָט איז ער שוין אליין א יובילאר.

עדעלשטאט און באָווּשאָווער האָבן ניט זוכה געווען צו קיין אריכות ימים, און אויך אויף דעם געביט פון קלאסנקאמף־פּאָעזיע, זענען אויסגעוואקסן נאָך זיי א ריי דיכטער, וועלכע האָבן זייער פּלאץ פארנומען. בכלל האָט זיך אונזער ליטעראטור אין דעם משך פון דעם פערטל־יאָר הונדערט אנטוויקעלט צו א ריזיק־הויכער שטופע, און מען קען שוין איצטער גאנצע ביכער שרייבן וועגן אונזער אידישער, מאָדערנער ליטעראטור.

זעקס און דרייסיק

רויזענבלאט, רעכן איך, אבער, האט זיינע פארדינסטן, ראשית, ווייל ער האט אנגעהויבן צו שרייבן בא אונז אין אמעריקע, אין דער צייט, ווען אונזער אידישע דיכטונג איז נאך געווען אין אירע וויקעלאך, און שוין אין זיין ערשטן ביכל געפינט איר בא אים שיינע פאלקסטימלאכע לידער; אידישע מאטיוון, לגמרי אנדערש פון די לידער וועלכע איר געפינט בא זיינע צייט־גענאסן.

נאך קלארער און פארשטענדלאכער ווערט אונז רויזענבלאט אין זיין צווייטן באנד לידער, אין 1919. אין דער אפטיילונג „גרויע שעהן“ זעט איר פאר זיך א דיכטער, דורכגעדרונגן מיט א טיף געפיל פאר רו און שטילקייט, און אין דער אפטיילונג „לידער פון צער“ איז ער עכט רעליגיעז. ליטווישע אידן, שיינט מיר, קענען אזוי רעליגיעז ניט זיין; אזוי פילן, קענען נאר פאדאליער און וואלינער.

א באזונדער גוטן איינדרוק האבן בא דעם ליינען דעם צווייטן באנד, געמאכט אויף מיר זיינע קינדער־לידער, וועלכע זענען באמת שיינע מוסטערן פון אונזער פאעזיע פאר קינדער־שולן, און איצט, בא דעם אפשליסן א פערטל פון איצטיקן יארהונדערט פון אונזער נייער ליטעראטור, טראגט אונז רויזענ־בלאט אונטער א דריטן באנד.

דארף מען אבער געדיינקן, אז היינט טרעטן מיר שוין ניט צו צו קיין בוך אידישע לידער, מיט דער אייגענער מאס ווי אמאל. היינט פארמאגן מיר שוין ברוך השם דיכטער, מיט וועלכע קיין ליטעראטור דארף זיך שוין ניט שעמן. יהואש און ראזענפעלד זענען געווארן נאציאנאלע פיגורן אין אונזער פאעזיע, איינהארן און שניאור, און נאך זיי א גאנצע שורה דיכטער, וועלכע זענען איצט ליכטיקע שטערן אויף אונזער פאעטישן הימל. עס איז ניטא דער טאג, וואס מיר זאלן ניט באגעגענען א נייעם, גרויסן טאלאנט, וועלכער איבערראשט אונז מיט א פיינעם געשליפענעם פערז, ווי למשל, דער דיכטער משה אייזענשטאט, אדער, ווי א שלמה י. בעלסקי, מיט זיינע מערק־ווירדיקע לידער אין פרייען פערז. היינט צו טאג, דאכט זיך מיר אויס, איז פיל שווערער צו שרייבן לידער פאר דעם אידישן לעזער, ווי מיט יארן צוריק, פשוט, ווייל דער לעזער אליין האט זיך דורך די לידער פון יהואש, ראזענפעלד, איינהארן, שניאור, מנחם, רייזין, מאני לייב א. א. וו. וועלכע ער טרעפט אן אין א זונטאגדיקער צייטונג, שוין צוגעוואוינט צו פאדערן דאס בעסטע, דאס פיינסטע, וואס קען געשאפן ווערן אין דער דיכטונג.

אפשר טאקע, ווייל רויזענבלאט איז געקומען קיין אמעריקע א דרייצען יעריקער אינגל, און האט זיך שוין געוויסערמאסן אנגעזאפט מיט דער אמע־ריקאנער קולטור, זענען די ערשטע צוויי אפטיילונגן אין דעם נייעם באנד אבעריקאנער לידער.

צו מיר אפעלירן שטארק די לידער אין דער אפטיילונג „ג“. „א זעגל פלאטערט אין דעם ווינט“ איז א ליד, וועלכע גיט אייך איבער די ים־שטימונג; און איר הערט דאס וואסער רוישן, דעם וואסער־פויגל שרייען — דער ריח

פון זאַלץ און ווינט הויכט איבער אייך, און ליינענדיק צים דאָס אייך אריין, עס רעגנט אייך אָן צו ליינען ווייטער.

דאָס צווייטע ליד וועלן מיר אייך ציטירן. דאָס איז אַ פּאַרזעצונג פון דער געמיטלאַכער ים־שטימונג :

דאָס גאָלד־רויט ווייט אין מערב קלינגט
צום וועלן־טעמפּ פון ים .
אַ מעווע פעכעט ווייט פון ברעג
אנקעגן אוונט־פלאַם.

„עס רוישט דער ים בא מיינע פיס ,
די וועלן זעגלען פריי.
איך פיל דאָס אויג מיינס אַז מיט ים
הויב אויף מיין קול און שריי.

„דער ברייטער ים איז מיין אויג,
דאָס גאָלד־רויט איז מיין בלוט.
און דו, מיין הארץ, אַ זעגל־שיף
אין רויטן אוונט־גלוט.

איך האָב געליינט די גאַנצע אָפּטיילונג „נ“ און געטראַכט, אַז דער פּאַסיפיק האָט דעם דיכטער שטאַרק באאיינפלוסט; די אַלע ים־לידער זענען אַ רעזולטאַט פון זיין פאַרברייינגען אייניקע יאָר אין קאַליפאָרניע.

צו די בעסטע לידער אין בוך, געהערן די לידער : „צום ווילדן מערב זינג איך“ (געווען געדרוקט אין זאַמל־בוך „מערב“) און דאָס „אוקראַאינישׂ פאַסטוך־ליד“ (געדרוקט אין פאַריקן העפט „זונלאַנד“.) בכלל איז די זאַמלונג דורכגעצויגן מיט אַ לירישן פאָדעם, און הויכט אָן דעם לעזער מיט צאַרטער שטימונג דורך דער אָפּטיילונג „ו“ :

ווי אין נעסט אַ טויב אַ יונגע,
אַ פאַראיינזאַמטע, אַ טריבע,
זיצט און בייגקט נאָך איר געטרייען —
בייגקט וועט נאָך אייך מיין ליבע

(בייגקשאַפט(.“

אָדער אויף בלעטל 83 אין דעם ליד „זינגען מיינע טריט“:

„זינגען מיינע זינגענדיקע טריט
אין ווייסן שימערינדיקן שניי

דאָס זייד־און־זילבער ווינטער־ליד :
די ערד איז ווייס, דער הימל בלוי
און ווייס און בלוי איז מיין געמיט . . .“

אזעלכע גאָלדענע פערזן, זענען צעשאָטן איבערן בוך, דאָ און דאָרט, ווי פרישע, שמעקעדיקע בלומען, איבער א ברייט פעלד, דאָס איז דער אמאָליקער, נאטירלאכער, אייביק־יונגער רויזנבלאט, וועלכער וועט קיינמאָל ניט אַלט ווערן.

די קינדער־שולן וועלן ווי ביז איצט אויך פון דעם נייעם בוך געווינען דורך צוויי קינדער־שפילן: „דער ציגיינער מיט דעם בער“ און „דאָס זיל־בערנער טרומפייטערל“. אונזערע קינדער אין די אידישע שולן פעלן אזעלכע שפילערייען, און סיי די לערער, סיי די קינדער, וועלן דעם דיכטערס צוויי שפילערייען אויפכאפן ווי אן אבן טוב.

„איך בין בלויז אביסל גרוי“ און „פערדעלע, האָפּ, האָפּ““ פונקט ווי „זיבן זעגלען — זייד און זילבער“, זענען אויסגעצייכענטע קינדער לידער, פון וועלכע אויך גרויסע וועלן הנאה האָבן.

דאָס בוך איז א שיינער בייטראָג צו דער אידישער ליטעראטור, און די גרופּע פריינט פון דיכטער מעגן דאנקן דעם שיקזאל, וואָס אויף זייער גורל איז אויסגעפאלן ארויסצוגעבן דעם דריטן באנד פון ה. רויזענבלאטס לידער, און מיר קענען האָפן, אז רויזענבלאט וועט נאָך לאנג זינגען פאר גרויס און קליין, און זיינע לידער וועלן ווי ביז איצט אויך אויף ווייטער זיין פּאָפּולאר אין די אידישע שולן, וועלכע שטרעבן ווייטער צו שפינען דעם גאָלדענעם פאָדעם פון דער אידישער שפּראך און ליטעראטור, פאר וועלכע רויזענבלאט האָט שוין ביז איצט זיינע פארדינסטן.

י. ל. מ—ט.

---

# נאָטיצן

## ה. רויזענבלאט יובליי

שבת אוונט, יוני זעקסטער וועט אין נאַמוט קלוב טעאטער געפייערט ווערן דער פינף און צוואנציק יעריקער יובליי פון ה. רויזענבלאטס ליטעראַרישער שאפונג מיט א קאנצערט און ליטעראַרישן אוונט. צו דעם אוונט דערשיינט אויך דעם דיכטערס דריטער באנד לידער „בלויע פלאמען“, וועגן וועלכן די לעזער וועלן אין דעם העפט געפינען אן איבערבליק פון י. ל. מאלאמוט.

דער יובל־אוונט פארשפּרעכט צו טראָגן אן אמתן פאָלקס־כאראקטער; אלע אידישע קולטור געזעלשאפטן וועלן דארטן זיין פארטראָטן. א געניע אפשאצונג וועגן רויזענבלאטס פארדינסטן וועט אויף דעם אוונט געבן דר. לעאָ בלאס, אויך וועלן קינדער פון אלע אידישע שולן באגריסן דעם דיכטער; זיי וועלן פארטראָגן פון זיינע לידער, וועלכע ער האָט פאר זיי געשאפן.

די רעדאקציע פון „זונלאנד" שיקט אין נאמן פון אירע מיטארבעטער א הארציקע באגריסונג דעם דיכטער, ווינטשט אים גרויס ערפאלג אין זיין ליטעראַרישער טעטיקייט, און אויך פיל גליק אין זיין פערזענלאכן לעבן.

ווי ווייט די ליטעראַרישע כוחות אין לאס אנגעלעס האבן מעגלאך געמאכט צו פאר־שענערן דעם יובל־חודש, באווייזט דאס דאזיקע העפט „זונלאנד" וואו די בעסטע און אנגע־זעענסטע אידישע שריפטשטעלער זענען פארטראטן, לכבוד דעם יובילאר.

## די קאַנווענשאַן פון ארבעטער־רינג

כאטש מיר האלטן, אז קאנווענשאנס קענען בכלל פיל ניט אויפטון, און בפרט איצט, ווען מחלוקות צווישן „רעכטע און לינקע" דראהעט מיט א נייער שפאלטונג, קענען מיר פונדעסטוועגן ניט פארבייגיין די יובילייום־קאַנווענשאן פון ארבעטער־רינג, צוליב דער נייער ווענדונג אויף דעם געביט פון אידישער קולטור. פון טיפן הארצן באגריסן מיר די ברייט־פארצווייגטע ארב. רינג שול באוועגונג, וועלכע בליט איבערן גאנצן לאנד, א דאנק דער שטיצע, וואס די שולן באקומען פון דעם ארב. רינג. דער ארב. רינג האט אויך זיך זייער שיין אפגערופן מיט זיין שטיצע פאר די דערציאונגס אנשטאלטן אין אייראפע.

## יעקב גינזבורג „מעמאַריעל"

אלע חברים, שריפטשטעלער און כלל־טוער וועלן געוויס ניט פארפעלן צו קומען צו דעם „מעמאריעל" נאך דעם ניט־לאנג פארשטארבענעם שרייבער און כלל־טוער, יעקב גינזבורג, וועגן וועמעס פארדינסטן מיר האבן געשריבן אין פריערדיקן העפט „זונלאנד". דער אוונט וועט פארקומען אין סאצ. קלוב־צימערן אויף סעינט לואיס נאס מאנטיק, דעם 14טן יוני, עס וועלן ריידן דר. לעא בלאס און ש. עלשטיין, י. וויינשטאק וועט לייסטן פאסיקע טרויער־מוזיק.

## א שרייבער אַוונט אין סימפאני האַל

דער אריגינאלסטער פון אלע אַוונטן ווערט צוגעגרייט פון דעם היגן שרייבער־געזינדל אויף פרייטיק, דעם 19טן יוני אין סימפאני זאל. חוץ נויארק און שיקאגא פאר־מאגט קיין שטאט אין אמעריקע נים אזוי פיל אידישע שרייבער, און אויף דעם אוונט וועלן אלע אידישע שרייבער דורכפירן א מייסטערהאפטע פראגראם וועלכע וועט זיך אויס־צייכענען מיט אַריגינאליטעט אויף דעם ליטעראַרישן און דראמאטישן געביט. די גאנצע אידישע אינטעליגענץ ווערט דערווארט בא דעם שרייבער אַוונט.

## סיום הזמן און באזאר אין דער אידישער פאַלקסשול

דער יערלאכער סיום־הזמן און באזאר אין דער אידישער פאלקסשול וועט הייַנטיקס יאר געפייערט ווערן אין 420 נ. סאטא, שבת און זונטיק, 27 און 28טן יוני. אויף דעם סיום־הזמן וועט דעמאנסטרירט ווערן וואס די קינדער האבן אויפגעטאן אין פארגאנגענעם יאר. עס זענען צוגעגרייט געווארן א סך איבערראשונגן פאר דעם עולם, וועלכער וועט

באזוכן די שול צו דעם סיום־הזמן. עס וועט אויך אוועקגעגעבן ווערן א ראדיא אין ווערט פון נאענט צו צוויי הונדערט דאלאר, פון דער פלאט מוזיק־ געזעלשאפט. די גאנצע אידי־שע אינטעליגענץ ווערט דערווארט צו דעם סיום־הזמן און באזאר.

## דער לעמקאָוו־פאניין קאָנצערט

זונטיק אוונט, 24טן מאי, איז דורכגעפירט געווארן דער קאָנצערט פון דער „נגינה“ אונטער דער אויפזיכט פון פראָפ. פאול לעמקאוו אין גאמוט־טעאטער. דער זאל איז געווען ניט שלעכט באזוכט, און עס איז דורכגעפירט געוואָרן א גאנץ שיינע פראָגראם.

בכלל איז דער אוונט פאר די מאסן געווען גאנץ צופרידענשטעלענד און די פאניין און לעמקאוו זענען אייקיגע מאל ארויסגערופן געווארן. לעמקאווס אנקארן זענען געווען די געלונגענסטע נומערן פון דעם אוונט. אויך דער פאניצעס אנקארן זענען געווען פיל בעסער ווי די נייע לידער.

זייער שיין איז געווען דער אקאָמפאנימענט פון סילוויא פאניין. סילוויא באזיצט א פיינע טעכניק, און איר באגלייטונג איז זייער צופרידענשטעלענד פאר פאלקסלידער.

## דער „זיי־געזונט“ אָוונט פאר חבר א. עסעלין

שבת אוונט, 23־טן מאי איז פארגעקומען זייער א שיינער „זיי־געזונט“ אוונט לכבוד חבר אלטער עסעלין'ס אפפאָרן פון קאליפאָרניע. כמעט אלע אידישע שרייבער זענען גע־קומען זיך געזעגענען מיט דעם דיכטער, האָבן שטארק באדויערט, וואס ל. א. ווערט אָן א חשובן מיטגליד אין דער שרייבער־משפחה, א סך האָבן אויסגעדריקט די האָפנונג, אז עסעלין, מיט זיין אומרואיגער נאטור, וועט אויך דאס מאָל, ווי פאר־א־יאָרן, זיך ניט פארזעסן אין דער „קאלטער“ שיקאגא, נאר אז ער וועט אין גיכן טאקע צוריק קומען אין קאליפאָרניע.

## י. אלקאָן אין לאָס אנגעלעס

דער יונגער אידישער דיכטער, י. אלקאן איז די טעג אנגעקומען אהער, און ווי עס זעט אויס, וועט ער דאָ פארבלייבן א לענגערע צייט.

י. אלקאן איז גוט באקאנט פאר די אידישע לעזער דורך זיינע איינאקטערס, גע־דרוקט אין „טאָג“ און „פאָרווערטס“ און אין אנדערע צייטונגען.

אז חבר אלקאן באטייליקט זיך אין „זונלאנד“ קענען די לעזער שוין זען אין היינטיקן העפט. די רעדאקציע ווינשט דעם גאסט א הארציקן ברוך הבא !

## אנ'ערקלערונג פון יוסף קיץ צו י. ל. מאלאמוט און י. פרידלאנד

צוליב נעוויסע אורזאכן פארלאז איך דעם ,,זונלאנד״. מיט נומער צוויי האט זיך געענדיגט מיין אנטייל נעמען אין ,,זונלאנד״ און פון היינט און ווייטער בין איך מער ניט פארבונדן מיטן ,,זונלאנד״. אונטערגעשריבן אין אפיס פון ה. ק. קאהען, אדוואקאט, יוסף קוצענאגי (קיץ)

**דער קאנצערט פאר סעם רובינס און פאמיליע אין רעוו. גארדנער'ס שול, וועט פארקומען זונטיק, דעם 31-טן מאי.**

איין און פערציק

# ה. ק. קאָהען

אדוואָקאט

402 ברייסאָן בילדינג — טעלעפאָן: וואַנדייק 9708

## „געזונט זאָלט איר זיין"

געזונט קענט איר זיין, ווען איר פארברייננט א שטיקל צייט אין די „פאראדייז העלטה רעזאָרט". 2 דראָגלעס פיזישאַנס גיבען קייראָפּראקטיק און נאטור קיור טריטמענט פריי. וועדזשעטעריען דייעט. זון־לופט בעדער, פיזיקעל קאַלטשור, עקסערסייז, טעניס און קראָקעט קאורט, סווימינג, דענ־סינג און נייער דענס האָל און אנדערע פארוויילונג.

דער פּלאַץ איז איינער פון די שענסטע אין קאליפאָרניע מיט אלערליי פרוכטען, מאָדערנע בילדינגס, פרישע מילך און עגס, וועדזשעטייבעלס פרישע פון אייגענעם גאָרטען!.

## פרייז פון $15 א וואָך

פאר מעהר איינצעלהייטן זעהט זיך מיט מר. לאננסנער אין אונזער „פאראדייז" רעסטאָראנט אין

2240 ברוקלין עוועניו, לאָס אנגעלעס

---

אלע אינטעליגענטען טרעפען זיך

## ברוקלין דעליקאטעסן סטאָר

דזשיי סאפקין און וו. גרעהעם

2227 ברוקלין עוועניו

פּרובירט אונזערע געשמאקע שיקאגאר פליישן

---

## בילדערס אויפמערקזאם

נעשאנאל פּיינט און וואַרניש קאָ.

2024 איסט ערשטע גאס

קען אייך שפּאָרען געלט און צופרידענשטעלען

---

אויב איר זוכט צו קויפען אָדער פארקויפען אייער הויז, לאָט אָדער ביזנעס, אויב איר ווילט זיך פאראינשורען זעט אונזער פריינט

## איזידאָר נעסמאן

מיט די

קליוולאנד ריעלטי קאָ. — 2030 ברוקלין עוועניו

---

## באָיל הייטס עקסטשיינדזש

נ. זוקערמאן, אייגענטימער

2711-13 ברוקלין עוו. — ביליגער ווי איבעראל

for first-class
**cuts**
phone 885329
SERVICE ENGRAVING CO.
PHOTO-ENGRAVERS
DAY & NIGHT SERVICE
128 EAST THIRD ST. LOS ANGELES

זייט געזונט און עסט אין

## גינזבורגס רעסטאָראַן

ווערזשעטעריאנס האָבן ביי אונז א היים
3226 ברוקלין עוו.

---

## ליבערטי

ברוקלין און פאָרעסט
האלט נאָר ריטשפילד געזאָלין
בעסטע באהאנדלונג

---

## ס. פישער

רעפרעזענטירט ווינסלא פעליקס שעווראָלעי דילער.

טעלעפאָנס : מעטראָפאליטאן 7668 און אנדזשעלוס 2132

---

## שיך פאר דער גאנצער פאמיליע







בעסערע שיך פאר דער גאנצער פאמיליע
גרעסטער אויסוואל פון קינדערשע שיך

**S. & B. SHOE CO., 2206 Brooklyn Avenue**

---

## לכבוד שבועות

רעוו. ב. גארדנער מיט זיין גרויסארטיקן כאָר, לאדן איין אַלע אידן
פון באַיל הייטס אויףביידע טעג שבועות צו דער

## קאָנגרעגיישאָן אנשי ספרד

336 קאָנרוועל סטריט

נייע קאָמפאזיציעס ספעציעל לכבוד שבועות
די קאָמיטע.



# Sunland

July, 1925

## אין דעם נומער


אייזנשטאט

אסניטקאווער

בעלסקי ש. י.

בערמאן פּ.

באר־עין

גאלד הירכשל

דאליצקי מ. מ.

מאלאמוט י. ל.

סעמיאק ש.

פרידלאנר י.

קודלי ברכה

י. ל. מ.

גאטיצן


## בילדער:


פלוירעררייען

נערא

טייבעלאר


No. 4

פּרייז 15 ס.

ז ו נ ל א נ ד

מאנאטשריפט

רעדאקטירט פון י. ל. מאלאמוט

Los Angeles, July, 1925 — לאס אנגעלעס, קאל. תמוז, תרפ״ה

משה אייזנשטאט.

## שאַטנס

צווישן שטארבנדיקע שאַטנס פון פארנאכט
זיינען מיר געזעסן, ריידנדיק פארטראכט.
כ׳האָב דערציילט פון מיינע אומרואיקע טעג,
פון די נעכט, פארפילט מיט בייגקשאפט אָן א ברעג;
פון חלומות וועלכע טראָגן מיך ארום
איבער וועלטן, ווי א גליענדער סאמום;
וועגן שיפן, וועלכע בלאָנדזשען אָן א וועג
איבער ימים, פול מיט שטורם און מיט שרעק;
וועגן ליבעס, וועלכע ברייגגען ניט קיין פרייד,
וועגן לעבנס, וואָס פארביינקען זיך נאָך טויט;
וועגן דעם ווי אלע מידע איז באשערט
זיין אָן רו אף אונזער איינגעמיטער ערד . . .

כ׳האָב געגלעט איר ציטערדיקע האנט,
איר דערציילט פון דער געהיימניספולער לאנד,
ווי כ׳האָב מיט דורות לאנג צוריק
זיך געשפיגלט אין דעם זעלבן הייסן בליק,
און געזען די זעלבע שאַטנס אויף דער וואנט,
און געגלעט די זעלבע ציטערדיקע האנט.

שלמה י. בעלסקי.

# מאַמענטאַ מאָרי

איך טראָג זון אויף מיינע אקסלען
און שטאָלץ געהויבן איז מיין קאָפּ, —
נאָר באהאלטן טראָג איך טרויער־צייכן, שווערן צלם
און טעג געקרייציקטע
אין דעם ראָבן־קארניוואל פון א חרוב'ן בית־עולם.

אין שטילקייט טויטן־ארון ווערט פון הויז געטראָגן,
נאָר פרוי, ביים שוועל פון אייביקער צעשיידונג,
ברעכט אוים אין יאָמער —
וויינען אלע אויף איר בראָך;
ווענט, גאס און העלער טאָג ווערן אָנגעזאפּט מיט אירע קלאָגן.

רעוועט אויך א קו אין שטאל, מאמע־היים,
נאָך קאלב פארשוואונדענעם —
ווערט נאכט אונהיימלאך פאר בעלי־בתים אין ווארעמען שטוב,
פארנעמענדיק וויטיק פון מאמע־קו,
וואָס גראָבט מיט קלאָ־און־האָרן שווארצן גרוב פאר זיך,
זוכנדיק מיט אויסגעזעצטע אויגן קאלב פארשוואונדענעם.

נאָר איך — — — —
פארוואָס שטומען מיינע ליפּן
אין בלוי־דערשטיקטן ווייַ,
ציין־פארביסענע,
און עס פראלט ניט אויף מיין פעלזן־שטומער אויסגעשריי
ווי א חיה דערפילנדיק אָף זיך
די פאָכנדיקע פליגל פון דעם שר פון טויט?
פארוואָס שעם איך זיך אויסצושפייען מיין הייסן פיין
ווי א שווינטזיכטיקער שוימיק בלוט
אין העלער זון אריין?

באהאלטן טראָג איך טרויער־העלם
דורך יאָרן: מצבות פון א חרוב'ן בית־עולם —
כאָטש זון איז אויף אקסלען מיינע
און שטאָלץ געהויבן איז מיין קאָפּ.

ס'וועט אפשר ווער דערקענען אין מיין רייד
און אין מיין בליק
דעם סוף פון פאלשן שיין
און אויסגעלאכטן גליק, —
נאָר דו, וואָס געגעבן האָסט אמאָל
דעם קלאנג פון קינדער־שפיל מיין קול,
וואָלסט דערהערן די סובטילע מעלאָדי,
וואָס עמאנירט פון מיין אינערן:
דאָס געזאנג פון אויסגאנג.
נאָר וואָלט איך ווידער דיר באגעגנט,
וואָלט אין הארצן אויפגעגאנגען
אן אלטע האָפענונג:
אויסצובריינגען מיין לעצטן מאָמענט
אין היימליכקייט פון דיינע הענט;
מיין לעצטער בליק זאָל ניט פארגליווערן
אויף מענטשן פרעמדע, אין דער פרעמד.
נאָר באגעגענען דיך
וועט מיר קיינמאָל מער שוין ניט באוויליקט ווערן.

---

פנחס בערמאן

# לינדא

(פון דער סעריע „טיאוואנא“)

אף דיינע ליפּן רוט א זון־פארגיין, לינדא;
דיינע אויגן — קאליפאָרניער טאָלן
אין סוף־חודש נעכט;
דיינע טריט — גאָזעלן אין דער פּריירי, לינדא;
דיינע בריסטן — זון־געקושטע אפּעלסינען
אין די ציטרוס־בערג.
ווער זשע האָט א זעג־מיל אין האלז אריין געטאָן דיר,
א מיראזש פון טיאוואנא? . . .
ווער זשע האָט צושמירט די פארבן פון מיין רעגן־בויגן.

אָ, מאדאָנא פון דער „סאָוע“? . . .
שווייג! —
און זאָל דער עכאָ פון דיאנאָס טריט
ניט פארטויבט זיין פון שאָקאָלן . . .
שטום! —
און זאָלן וועגט ניט וויסן,
אז דו ביזט שיכור, לינדא!

י. ל. מ.

# בלעטלאך פון דער געשיכטע פון קאליפאָרניע

## דער חלום פון א רוסישען באראָן

אין אָנהויב פון דעם נייַנצענטן יאָרהונדערט, איז קאליפאָרניע געווען די בינע פון א גרויסער ראָמאנטישער דראמא, וועלכע איז פאר יענע וואָס האָבן זיך באטייליקט, געווען זייער רעאליסטיש, נאָר פאר אונז, וועלכע לעבן אין אנאנדער צייט, וואָלט יענע פאסירונג אויסגעזען, אזוי ווי א גרויסער בינע־קינסטלער, וואָלט עס דורכגעפירט, אלס א פאָרשטעלונג, און וואָלט בכיוון אויסגעקליבן קאליפאָרניע, פאר איר שיינקייט, און אויך יענע פערזאָנען, אלס בארימטע אקטיאָרן.

דאָס איז געווען אין דעם יאָר 1806, ווען קאליפאָרניע איז נאָך רעגירט געוואָרן פון די שפאנישע גאָווערנערן. קאָנטשא, די טאָכטער פון דאָן יוזע, דער קאָמענדאנט פון די פּרעזידיאָס אין סאנטא בארבארא און סאן פראנציס־קא, איז געווען בארימט איבער קאליפאָרניע פאר איר שיינקייט, און אויך פאר אירע גוטע מעלות, וואָס זי האָט גע'ירש'נט פון איר טאטן, וועלכער איז געווען א סך בעסער פון אלע פריערדיקע קאָמענדאנטן אין די פּרעזידיאָס. איר־פאָטער איז באקאנט אין דער געשיכטע, ניט נאָר פאר א פעאיקן, ענערגישן אָפיציר, נאָר אויך אלס ערלאכער, גוטער מענטש, און אין דעם גאנצן געגענט, האָט מען אים גערופן סאנטאָ (הייליקער) דאָן יוזע.

אין נויאָרק און פילאדעלפיע האָבן שוין אָנגעהויבן צו בליען דעמאָקראַ־טישע אידייען, אזוי גוט ווי אין פראנקרייך, נאָר אין קאליפאָרניע, צווישן די שפאנישע מאָנארכיסטן, האָבן די אידייען ניט געפונען קיין ברעקל אָפּ־קלאנג.

דאָן יוזע איז געווען דער ערשטער ליבעראל אין קאליפאָרניע; ער האָט דערלויבט קאָנטשאָן צו באזוכן די ענגלישע „פּאָבליק סקול“ וואָס האָט זיך דאָ געעפענט, דאָס מיידל איז געווען אויסערגעוויינטלאך קלוג, און צו צען יאָר, ווען איר פאָטער האָט רעזיגנירט פון זיין אמט, איז א דאנק דעם, וואָס זי האָט אלס קינד זיך אָנגעטראָפן בא איר טאטן אין הויז, מיט א סך געביל־דעטע מענטשן, האָט זי אָנגעהויבן צו ליינען, ביכער, וואָס זענען געווען פאר־באָטן פון די „מישאָנס“.

קאליפאָרניע, אין 1806 איז שוין ניט געווען קיין ווילדערניש, כאָטש נאָך ווייט פון דעם קלימאקס פון ארקאדיען, וועלכען זי האָט שפּעטער דער־גרייכט. קאָנטשא פלעג קומען אין בארירונג מיט אלע אנדערע ישובים אין קאליפאָרניע; די מאָנאסטירן, בלויז דרייסיק מייל איינע פון די אנדערע, זע־נען געווען די ערשטע קייט, וועלכע האָבן פארבונדן די מענטשן בא דעם פּאַ־סיפישן ברעג. נאָך זיי זענען געקומען די „רענטשעס“ און דערנאָך די יונגט, מיט איר שטארקן נאטירלאכן באגער צו שטיפן, טאנצן, מאכן הוליאנקעס,

היינט אויף איין „רענטש“, מאָרגן אויף אַנאַנדערן — די יונגנט איז גע־פאָרן פון רענטש צו רענטש, פון ברעג צו ברעג, און דער ברעג אין יענער צייט האָט שוין אויסגעזען א היפש ביסל אַנדערש, ווי מיט פערציק יאָר צו־ריק, ווען ער איז געווען באַהערשט פון די אינדיאַנער.

כא די ברעגעס זענען שוין געווען שיפלאַך באַלאָדן מיט שניט־קראָם; סאַטינען און זיידענע שאַלן, ווייסע לינען־צייג, קעמעלאַך, גילדערנע קייטע־לאַך און ביכער, וואָס זענען אַריינגעפירט געוואָרן אהער פון מעקסיקאָ. אַלטאַ, קאַליפאָרניע האָט אין 1806 געהאַט א באַפעלקערונג פון זיבן און צוואַנציק טויזענט, צווישן זיי, שוין צוויי טויזנט ווייסע, די מערסטע פון זיי, איז באַ־שטאַנען פון מיליטער און די אָפיציאַליטעט פון שטאַט, און אלע פון זיי האָבן באַקומען לאַנד און רענטשעס, ניט קוקנדיג אויף דערויף, וואָס די „פּאַדרעס“ זענען געווען קעגן דעם.

די פּרוויען פון דעם הערשענדען קלאַס, ווען זיי האָבן ניט געהאַט קיין קליינע קינדער, (א זעלטענע ערשיינונג) זענען געווען שטאַרק פאַרנומען מיט דעם אויפפּאַסן אויף דער אינדיאַנער דינערשאַפט, און די איבעריקע צייט איז אוועק אויף צו טאַנצן און צו באַוואונדערן דעם שיינעם, מילדן קלימאַט.

די ווייסע האָבן אויף דעם לאַנד, וואָס זיי האָבן באַקומען, זיך אויפ־געשטעלט גרויסע, ווייסע הייזער, די אינדיאַנער זענען שוין געווען געבראָכן אין גייסט, צו קענען זיין געפערלאַך, כאָטש פון צייט צו צייט האָבן נאָך אייניקע פון זיי געמאַכט א פּאַרזוך צו בונטעווען זיך, נאָר ווען דער בונט האָט זיך ניט איינגעגעבן, זענען די אינדיאַנער דערנאָך אַנטלאָפן אין די בערג.

ווען קאָנטשאַ איז אין 1806 אָנגעקומען צום ערשטן מאָל צו דעם „גאָלדען גייט“ איז זי ערשט אַלט געווען זעכצען יאָר, אָבער פּריצייטיק אַנט־וויקעלט, ווי עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר מיידלאַך פון דער שפּאַנישער ראַסע. אויפ׳ן קוק, האָט זי אויסגעזען א פּערזענלאַכקייט, א גראַנד דאַמע, מיט א פּאַרנעם פון א דערוואַקסענעם, א מענטש מיט שכל. איז זי טאַקע באַלד געוואָרן אַלעמענס ליבלינג, און די געבילדעסטע מענער פון דעם געגנט האָבן אָנגעהויבן צו זינגען סערענאַדעס בא קאָנטשאַס פענצטער, ווי עס איז דער מנהג בא די שפּאַניער.

דאָן יוזע, האָט נאָך דעם ערשטן מאָל, זייענדיק גאָווערנאָר, געזען צו פאַרבעסערן די ישובים בא דעם ברעג, נאָר אַלץ וואָס עס איז געבליבן פון יענער צייט איז א פעסטונג, וואָס קוקט אַרויס צום „גאָלדען גייט“. דאָס פּלאַץ איז נאָך איצט אויך באַפעסטיקט, און דאָס הייסט „פּאָרט פּאָינט“.

אַזוי ווי שפּאַניען איז אין יענער צייט געווען גרייט צו גיין אויף מלחמה מיט פראַנקרייך, האָט זי גערעכנט, אז זי איז אין געפאַהר, ווייל ענגלאַנד קען איינברעכן צו איר דורך דעם פּאַסיפישן ברעג. דעריבער האָט מען אפילו פון מעקסיקאָ אהער געבראַכט שווערע אַרטילעריע, און זי צעשטעלט אויף די פּאָסטענס.

די קאַליפאָרניער האָבן באַקומען א וואונק ניט צו האַנדלען מיט קיין

אויסלענדישע שיפן, כאָטש דער מלחמה־וואָלקען האָט זיך אָפּגערוקט, האָט אָבער די צענטראַלע, שפּאַנישע רעגירונג ניט צוגעגעבן קיין קוראַזש, און טאַקע געזען, אַז די אויסלענדישע שיפן זאָלן ניט פאַרבלייבן אין די האַפענס פון דעם פּאַסיפיק

דאָן יוזע, קאָנטשאַס פאָטער, איז ווידער געוואָרן גאָווערנאָר, און דאָ וועבט זיך צעגויף א קאַפּיטל קאַליפאָרניער געשיכטע מיט א ראָמאַנטישן חלום פון א רוסישען באַראָן.

באַראָן ניקאָליי פּעטראָוויטש רעזאַנאָוו, דער ערשטער רוסישער אַמבאַסאַדאָר צו יאַפּאַן, א מענטש, וועלכער האָט אַרומגערייזט דעם גאַנצן ערדקוגעל, א שותּף פון א רוסישער פירמע, גע־„טשאַרטער'ט" פון צאַר פּאַול, מיט קאָנצעסיעס אין אַלאַסקאַ. דער באַראָן איז געווען איינער פון די גרעסטע אַוואַנטוריסטן אין זיין צייט, און ווען ער האָט דערהערט פון קאַליפאָרניע, האָט ער זיך אויסגעשטאַט א שיף מיט סחורה, מיט מתנות, און אין אַפּריל 1806 איז ער אָנגעקומען קיין קאַליפאָרניע, פּונקט א הונדערט יאָר פאַר דער גרויסער ערד־ציטערניש, און פייער פון 1906, און ווען דער דאָזיקער פּראַקטישער בעל־החלומות, וואָלט געלעבט אביסל לענגער, ווער קען זאָגן, אויב אין 1906 וואָלט ניט געווען חרוב געוואָרן א גרויסע רוסישע שטאָט, אַנשטאָט אַן אַמעריקאַנער !

רעזאַנאָוו האָט דורכגעקרייצט דעם „גייט" און איז פאַרבליבן אין דער געשיכטע פון קאַליפאָרניע. ער איז געווען א שיינער, און אַן אַלמן דערצו, פאַרשטייט זיך, אַז די קאַסטיליאַנער פרויען האָבן אים אויפגענומען מיט גרויס כבוד און פּאַראַד.

דאָן יאָזע איז יעמאָלט ניט געווען אין דער היים, נאָר זיין זון, לואיס דער קאָמענדאַנט, א ברודער פון קאָנטשאַן, האָט פאַר אים געגעבן א באָל, און אַזוי ווי קאָנטשאַ איז אויך געווען זייער שיין און יונג אַנטוויקעלט, איז געווען אונפאַרמיידליך, אַז די יונגע שפּאַנערין זאָל זיך ניט פאַרליבן אין דעם רוסישן באַראָן. רעזאַנאָוו האָט באַגעגנט קאָמערציעלע שוועריקייטן, ווייל די שפּאַנישע רעגירונג האָט פאַרבאָטן אויסלענדישען האַנדעל, האָט ער געמוזט וואַרטן, ביז דער גאָווערנאָר וועט צוריקקומען. דערווייל האָט ער זיך אַלע טאָג געטראָפן מיט קאָנטשאַן, זיך ריכטיק פאַרליבט אין איר.

שוין זייענדיק פאַרליבט אין דעם שפּאַנישן גאָווערנאָרס טאָכטער, איז דער רוסישער באַראָן געקומען צו א באַשלוס, אַז אַן אַליאַנץ, צווישן רוסיש־אַמעריקע און ניי־שפּאַניען, קען ניט נאָר פאַר אים געווינען א רייכן האַנדעל, נאָר דאָס קען אויך ברענגען גרויס נוצן זיין פּאָטערלאַנד, רוסלאַנד.

דערנאָך האָט ער געמאַכט אַזאַ פּלאַן: זיין היים ווערט שוין קאַליפאָרניע און פון דער קאַלטער אַלאַסקאָ וועט ער אַריבערברייינגען וואָס מער קאָלאָניסטן, ביז זיי וועלן איבערשטייגען די צאָל פון די שפּאַניער, און ווען נויטיק, וועט ער מיט דער הילף פון זיינע קאָלאָניסטן באַלאַגערן ניי־שפּאַניען און זי באַזיגן... און ניט נאָר קאַליפאָרניע אַליין האָט רעזאַנאָוו חשק געהאַט

אוועקצונעמען, נאָר דעם גאנצן פאסיפישן ברעג, אין צפון פון סאן דיעגאָ, האָט ער גע׳חלום׳ט צו פארכאפן פאר רוסלאנד.

מען קען זיך דעריבער משער זיין, וואָס פאר אן אויפרעגונג עס איז געוואָרן, ווען רעזאנאָוו, א רוס, האָט זיך דערלויבט צו בעטן די האנט פון קאָנטשא, די טאָכטער פון דעם הייליקן, א לאָיאלער צו דעם שפאנישן קעניג און א מיטגליד פון דער קאטוילישער קירכע, און דער רוס, א מיטגליד פון דער גריכישער קירכע.

אָבער רעזאנאָוו, ווי אן עכטער אוואנטוריסט, האָט צוגעשטימט צו גיין צום שפאנישן קעניג, קיין מאדריד, און קיין רוים, צום פאבסט, און נאָך זיין צושטימונג, איז פאָרגעקומען אן אמת׳ע פאר׳קנס׳ונג. רעזאנאָוו איז אוועקגעפאָרן, ניט נאָר צום פאבסט און צום קעניג, נאָר אויך קיין רוסלאנד, צו לאָזן וויסן דעם צאר וועגן דעם שידוך, און וועגן זיינע ערָאבערונגס פלע־נער, אין די פאסיפישע וואסערן און לענדער.

ער איז אוועקגעפארען מיט א גאָלדענעם חלום; אז אינגיכן וועט ער געווינען א לאנד פאר דעם רוסישן צאר, און אין זיין חלום האָט ער שוין גע־זען, ווי איבער די בערג פון סאן פראנציסקא שטייען פאלאצן און רוסישע קירכעס, מיט גילדערנע צלמים, ווי אין מאָסקווא, און ווי ער אליין וועט אין נאָמען פון דעם רוסישער צאר רעגירן איבער דעם גאנצן פאסיפיק וועל־כער וועט ווערן מיט דער צייט א ניי־רוסלאנד !

דער שיקזאל זיינער, איז אָבער געווען קעגן אים, און געשפילט א סך גליקלאכער פאר אמעריקע, ווי פאר רוסלאנד, און אפילו די רוסישע היסטאָרי־קער גיבן אויך צו, אז, די געשיכטע האָט בעסער געוואָלט, אז באראָן רעזאנאָוו זאָל שיינען אין דער געשיכטע אלס ליבאָבער, און ניט אלס אונטערדריקער און באצווינגער.

אין יאפאן איז זיין געזונט געבראָכן געוואָרן, דורך די זעקס חדשים, וואָס עס איז אים אויסגעקומען צו פארברייגגען אויף דער רייזע. דער ווינ־טער איז געווען זייער א שרעקלאכער אין ארכאנגעלסק, און עס איז אים אויס־געקומען אָפט צו הונגערן און פרירן. ווען ער זאָל גלייך געווען פארכאפן און צוריק קומען קיין קאליפאָרניע, וואָלט ער אפשר געווען געקענט זיך ראַ־טעווען, אָבער ער איז געבליבן אין יאפאן און שטילערהייט, ניט וויסענדיק, אז דער טויט לויערט שוין אויף אים, אויך געפלאנעוועט צו דערלאנגען א קלאפ יאפאן, און אין מיטן דערינען איז ער קראנק געוואָרן, און געמוזט זיך אָפשטעלן אין די סיבירער דערפער, אָן די מינדעסטע באקוועמלאכקייטן, און אין מארטש 1807 איז ער אויסגעגאנגען אין קראסנאָיארסק, וואו אלע פאנ־טאסטישע חלומות זיינע, איניינעם מיט דעם ערדישן גליק, פון וואָס עס האָט גע׳חלום׳ט זיין געליבטע קאָנטשא ארגעלא, איז פארשאָטן געוואָרן אונ־טער א שטיין אויף דעם קליינעם בית־עולם פון א קליינער שטעטל אין סיביר.

קאָנטשא האָט געווארט אומגעדולדיק, ביז ענדלאך, אין א צייט ארום איז די נייעס וועגן זיין טויט באקאנט געוואָרן, דורך די שיפן, וואָס זענ

געקומען פון דער נאָרד. פאר קאָנטשאן איז דאָס געווען דער סוף פון איר גליק! זי האָט גלייך פארלאָזן די וועלט, מיט אלע פארגעניגענס, זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער פאמיליע, פון דער געזעלשאפט, און גענומען זיך אָפּגעבן מיט די קראנקע און אָרעמע, אנשטאָט וואָס פריער האָט זי געהאט א שול פאר אריסטאָקראטישע טעכטער. עס איז נאָך יאָרן און יאָרן נאָך דער פאסירונג ניט געווען קיין מאָנאסטיר אין קאליפאָרניע, אָבער זי האָט אָנגע־טון „נרוי" און ווען בישאָפּ אלעמאני איז שפּעטער געקומען אהער, און גע־עפנט א מאָנאסטיר פאר פרויען, איז קאָנטשא געווען די ערשטע בארעמהערצי־קע שוועסטער, און באלד טאקע געוואָרן די „מוטער" פון מאָנאסטיר.

פון מאָנאסטיר איז קאָנטשא שוין קיינמאָל ניט ארויס. זי האָט בא דעם לעבן אין זיך געטראָגן שטיל, אָן פּראָטעסט דעם צער פון איר ליבע. די ערשטע ראָמאנטישע דראמא אין קאליפאָרניע. האָט געלעבט ביז דעם עלטער פון זעכציק יאָר, און ווען זי איז געזען געוואָרן, האָבן מענטשן באדויערט די העלדין פון א היסטאָרישער ליבע, וועלכע איז ניט פארווירקלאכט געוואָרן.

---

באר עין.

## הײמלאָז

איינזאם און אָפּגעפרעמדט צווישן מיין גלייכן —
א קערענדעל זאמד אין זאמדיקן טאָל.
קומען זיך מורמלענדיק וועלן צו שלייכן,
דערציילן אָן וואונדער פון שטראָמען און טייכן, —
און צינדן א בענקעניש אָן מיטאמאָל.

וואנדערן פארבענקט אזוי דורך די יאָרן, —
די שטראָמען פול וואונדער געפינען דאָך ניט.
ברייטער איז אפשר מיין היימלאנד געוואָרן,
מיין היים אָבער איז אויף דעם וואנדערן פארלאָרן, —
און ציל־לאָז זיך צייכענען אויף דר'ערד מיינע טריט.

היימלאָז און אָפּגעפרעמדט צווישן די מענגען
וואוהין טראָגט דער ווינטשטראָם דאָס אָפּגעפליקט בלאט ?
קען נאָך דאָס מזל מיך ערגעץ וואו ברענגען
(חוץ דעם אומפארמיידלאכן קבר דעם ענגען)
וואו איך א געלעגער האָב נאָך ניט געהאט ?

אסניטקאָווער.

# די פּאראָדיע אין דער אלטער אידישער ליטעראטור

(באארבעט פון פארשיידענע קוואלען)

(המשך)

א געלונגענע פּאראָדיע אויף דעם „המבדיל" איז א פּורים־ליד, וועלכע אידעאליזירט די שיכורים, און פאראכט די וואסער־טרינקער. דאָס ליד איז א פּועל־יוצא פון דעם אידישן מנהג, וועלכער האָט זיך אנטוויקעלט אין דעם זעכצענטן יאָרהונדערט בא די תלמידים פון יצחק לוריא, דער בארימטער מקובל — דער מנהג פון פּראווען „מלוה־מלכה" דוד המלך'ס סעודה. אויף דער דאָזיקער סעודה האָט מען מער געטרונקען ווי געגעסן . . . דער פּאָלגענדיקער שיר איז א פּאראָדיע אויף דעם שיכרות בא דער מלוה־מלכה :

„המבדיל בין כפור לפורים, ששונא את הנזורים
ואוהב את השכורים הצועקים בלילה.
יין אדום אהבתי, וגם אם לבן גרתי,
ושותה מים שנאתי כאפלה וכאשון לילה.

צעקה ודמעות אורידה, בראותי מים בסעודה,
יביאו לי עשרים מדה, אולי יספוקון לי הלילה,
חן וחסד יותן לרעים, אם תוסיפו יין בגביעים,
עם בוסות שכר מלאים אולי נשכרה זה הלילה.

קדושה אלמדכם, הכמים הטו אזנכם,
בערו מים מבתיכם, כי הם השובים כלילה,
הזקו נבונים וחכמים, בזכות נח איש תמים,
אשר נטע כרמים לשכרות ביום ובלילה."

די פרייע איבערזעצונג דערפון קען גיין אונגעפער אזוי :

„ווער עם האט געמאכט יום־כפור און פורים,
האט פיינט די אסקעטן און ליב די שכורים.
רויטן וויין ליב איך, ווייסער קען אויך זיין געדאכט,
נאָר וואסער פאראכט איך ווי א פינסטערע נאכט.

עס כאפט מיך אַן אַ געוויין, אַז איך זע וואסער באַם טיש,
צוואנציק עמער וועלן מיין דורשט ניט שטילן.
אָבער איין בעכער וויין אַז מ'דערלאַנגט צו די פּיש,
וועט איר די פרייד אין אלעמען דערפילן.

לענט צו אייערע אויערן, חכמים איר גרויסע,
אַ הייליקן סוד וועל איך אייך פאַרטרויען.
טרינקט ניט קיין וואסער, בעסער אַ כוס'ע
וועט אייך נח'ס זכות אייביק ביישטיין."

אין דעם ערשטן העלפט פון דעם זיבעצענטן יאָר־הונדערט באַמערקן מיר די פּאַראָדיע צום ערשטן מאָל אויף די מצבות; דריי מצבות אין וועניס זענען זיכער ליטורגישע פּאַראָדיעס. איין מצבה איז אַן עפּיטאַט, וועלכער פּאַראָדירט דעם „אדון־עולם", דער עפּיטאַט טראָגט דעם דאַטום 1616 און לייענט זיך:

אדון נעלם    אשר הלך
בתום עם כל    יציר נברא
לעת אעשה    בחפץ אל
אזי טבת    שמו נקרא
ואחרי כ    קרות הקול
לרב גרשון    מאוד נורא
והוא חיה    והוא הווה
והוא יחיה    בתפארה

די אַנדערע צוויי מצבות זענען פּאַראָדיעס אויף דער הגדה, אין דעם אייגענעם נוסח, דערציילענדיק די מעלות פון דעם נפטר.

איינע פון די וויכטיקסטע פּאַראָדיעס אין דער העברייאישער ליטע־ראַטור איז, די סאַטירע אויף דעם קריסטענטום, געשריבן אין דער פאָרם פון אַן „הגדה של פסח", פון יונה ראַפּאַ אין 1680 וועלכע הייסט: פּלפּול זמן זמנים זמניהם. די סאַטירע וויצעלט זיך איבער די קאַטוילישע מנהגים ווי „קריסטמעס", ניי־יאָר, „קאַרניוואַל", אַ. אַז. וו.

דאָס אַלעס ווערט געמאָלן מיט יעדער איינצעלהייט, אַז מען זעט, אַז דער פּערפאַסער האָט באַאָבאַכט גאַנץ נאָנט אַלע קאַטוילישע צערעמאָניעס, און ווער ווייסט, אפשר האָט ער זיך נאָר אַמאָל אַליין באַטייליקט אין זיי... ווייל קיין זייטיקער קען ניט זען יעדע זאַך אַזוי בולט, ווי ער האָט דאָס גע־שילדערט.

די פּאָפּולאַרסטע פון די אַלע דערמאָנטע פּאַראָדיעס איז פאָרט פאַר־בליבן די מסכת פורים, וועלכע פאַרנעמט זיך אַלץ מיט דער טעמע פון וויין. איין ווערסיע לייענט זיך:

„ווער עס טרינקט אַ סך וויין אום פורים, און שיכורט זיך אָן ווי נח

הצדיק, יענער וועט תמיד זיין באשיצט פון שלעכטע וואסער. פון וואנעט איז דאס געדרונגען? טאקע פון נח'ן: דער מבול איז געקומען, האט די גאנצע וועלט פארטרונקען, אפילו די ריזן, אבער נח איז געבליבן, ווייל ער האט גע־דארפט דערנאך פלאנצן א ווייגארטן כדי ער זאל זיך אנ'שיכור'ן לכבוד פורים."

אין דער אייגענער מסכת געפינט זיך אויך די דאזיקע שטעלע:

„פארוואס איז יצחק אבינו בלינד געווארן פאר זיין טויט? ווייל ער האט זיין גאנצן לעבן זיך באשעפטיקט מיט גראבן ברונעמער. ווען ער זאל אבער געווען פלאנצן וויינגערטנער, וואלט ער געווען געהאט א גליקלאכע עלטער."

ווי אין דער סוגיא פון מסכת פסחים הויבט זיך די פאראדיע אן אזוי:

„אויף דעם פערצענטן טאג אין אדר, ראמט מען אויס דאס וואסער פון הויז. פלעצער, וואו מען האלט נית קיין וואסער פארשפארט מען בודק צו זיין.

„פרעגט די „גמרא" פון וואנעט איז געדרונגען מן התורה, אז מען דארף בודק וואסער זיין?

„ענטפערט די „גמרא": עס שטייט געשריבן: און דו זאלסט אויסרא־מען די שלעכטע פון צווישן דיר — ניטא קיין שלעכטערע זאך פאר פורים, ווי וואסער... אזוי ווי עס שטייט געשריבן: המים הרעים — דאס שלעכטע וואסער (מלכים ב. יט.)."

די שענסטע שטעלן אין דער מסכת זענען יענע, וועלכע זוכן צו געפינען היסטארישע באגרינדונגען ווי למשל:

„דער מבול איז געקומען אויף דער וועלט, ווייל יענער דור האט גע־טרונקען וואסער אום פורים.

„די נאכט, אין וועלכע לוט איז פאר'שכור'ט געווארן פון זיינע טעכ־טער, איז געווען פורים.

„עשיו האט פארקויפט זיין בכורה צו יעקב'ן, אום פורים.

„דער טאג ווען יוסף האט זיך דערקענט צו זיינע ברידער, איז אויך געווען פורים.

„ווען מרים, די שוועסטער פון משה רבינו, איז געשטארבן, איז געווען פורים; אזוי ווי עס שטייט געשריבן אין דער תורה: „און מרים איז גע־שטארבן, און די עדה האט נית געהאט קיין וואסער". דער דור המדבר וועט ניט האבן קיין חלק לעולם־הבא, ווייל די גאנצע צייט אין דער מדבר, האבן זיי נאר געטראכט פון וואסער... די נאכט, ווען סיסרא איז געקומען אין געצעלט פון יעל איז געווען פורים, און אזוי ווי ער האט געבעטן וואסער, האט ער דער־פאר טאקע געהאט אזא פינסטערן סוף."

קלוג צונויפגעשטעלט איז דער „קידוש לפורים" פון אכצעטן יאר־הונדערט:

יום הששי ויכלו השמים
השמים מספרים כבוד —
כבודו מלא עולם
משרתיו שואלים
איה שרה אשתר
אשתר כנפן פוריה
ליהודים היתה אורה
ברשות מרנן ורבותי
ברוך אתה שהקול
נשמע בבית פרעה
תקיעה גדולה
שתיה גדולה.״

---

מ. מ. דאַליצקי

## „פּייקס־פּיק״

א גינגאָלד וואָלקען ציט,
באוואָרפן מיט די לעצטע שטראַלן פון
דער באלד־פארגייענדיקער זון,
און גליט
אויף פּייקס־פּיק׳ס קאָפּ,
וואָס איז באווינטערט מיט א שניי,
ווי כשוף׳דיק קאָלירט ער זיך אראָפּ!...
געדיכטער ווערט דער וואָלקען און
א שווארצער פייער לייגט אויף ווייס זיך אויס,
וואָס פאר א ווילדען צויבער איך דערזע אין זיי ! . . .
אזש שטן׳דיק דער ריז מיר אויסצוזען הויבט אָן
און רופט אין מיר א שרעק ארויס . . .
ניין, שכינה׳דיק איז ער !
א מייסטערווערק וואָס גאָט האָט ניט דערטאָן,
און דאָס אים מאכט נאָך וואונדערליכער מער ! . . .
ווי שיין דער וואָלקען זיך צושפּרייט
און ווערט א פיל־קאָלירטער
מיט רעגן־בויגן פארבן אים ארום ! . . .
באלד עבאָדיקע ווינטן רוישן מיט א פייפעריי,
די זון אים שיקט איר לעצטן גרוס,
פארגייט,
און נעבלען גראָ ווי בליי

פון קאָפּ ביז פוס
אים וויקלען אום . . .
איך שטיי פאר׳כשופ׳ט אַן א שפּראַך,
און ווי אויף עפּעס וואָס געהיימניספול, מיר דאכט,
איך ווארט, און ברענגען וועט עס מיר די נאכט —
זשו־זשו, אַן איילע פליט פארביי,
באריר מיין שטערן, איך דערוואַך . . .

לאָס אנגעלעס, מאי 15, 1925.

## פון חודש צו חודש

### וועגען אונזערע קריטיקער

בא אונז אידן, ווערט מער געוויכט געלעגט אויף דער קריטיק, ווי בא אלע אנדערע פעלקער. אויף וואָס שרייבט מען דען בא די אומות העולם נים קיין קריטיק? אנדערש איז עס מיט אונז. בא קיינעם שפּרינגט מען אזוי ניט קיין קדוש, פארן קריטיקער ווי בא אונז, כאָטש אונזערע איינענע קרי־טיקער זענען נאָך ווינציקער אויפריכטיק, ווי די ניט־אידישע.

זאָל ערגעץ ארוים פון דרוק א נייע שריפט, מאכט ניט אוים, ווי קאָמערציעל און אפילו ניט ליטעראריש זי זאָל ניט זיין, וועט די ניט־אידישע פּרעס זי צעפּויקן און ברייט רעקלאמירן אין אירע שפּאלטן. אפילו די אידי־שע פּרעס וועט אויפכאפּן א ניט־אידישען זשורנאל, ווי אַן אבן טוב.

מערקווירדיג איז די האלטונג פון דער אידישער פּרעס צו אירע אייגע־נע נייע אויסגאבן! ווי ווייט עס וועט זיך נאָר לאָזן וועט מען זיך באמיען צו פארשווייגן, איגנאָרירן, ניט דערמאָנען מיט קיין וואָרט א נייע אויסגאבע, ווער רעט שוין פון א נייער שריפט אויף דער פּראָווינץ, מעג די פּראָווינץ־שריפט זיין אפילו אויסגעפילט מיט די אייגענע מיטארבעטער, וועלכע בא־טייליקן זיך אין דער נויאָרקער פּרעס . . .

אונזערע געקרוינטע קריטיקער וועלן אייך ניט זשאלעווען קיין ארטיקלען וועגן קולטור און אידישע דערציאונג, נאָר גלייכצייטיק, וועלן זיי זיך מאכן טויב און בלינד צו די אידישע קולטור נויטן אויף דער פּראָווינץ, וועגן וועלכע עס גייען אוועק סעזאָנען גאנצע און אין דער נויאָרקער פּרעס ווערט א וואָרט ניט דערמאָנט! וואָס טוט למשל נויאָרק וועגן אידישע קינדער־שולן איבערן לאנד? וואָס וויים די נויאָרקער אידישע פּרעס וועגן די קולטורעלע טעטיקייטן אין אמעריקע, חוץ נויאָרק?

וואָלטן אונזערע בארימטע קריטיקער געווען אויפריכטיק, און וואָלטן

זיי באמת פארמאָגט א גרויסע ליבע צו אונזערע אידישע קולטור און דער־ציאונגס אנשטאלטן, וואָלטן זיי אמאָל א טראכט געטון וועגן דער קולטורעלער ווערט פון א אידישער שריפט אין דער פּראָווינץ, וואָלטן זיי זיך דערפרייט מיט יעדער נייער אידישע שריפט, וואָס די פּראָווינץ מאכט א פּארזוך ארויס־צוגעבן, ווייל אויב אפילו די פּראָווינץ־זשורנאַלן זענען ניט פונקט אזוי שטארק „ליטעראריש" לויט דעם באגריף פון דעם געקרויינטן קריטיקער, האָבן זיי אָבער די מעלה, וואָס קודם כל ברייגנן זיי א סך נוצן די אנשטאלטן פון דער שטאָט, וואו זיי דערשייגנען. פאר די קינדער־שולן זענען אזעלכע זשור־נאַלן א גרויסע שטיצע, ווייל ארום א זשורנאַל, ווי ארום א צייטונג גרופּירן זיך תמיד די אינטעליגענטע, שאפענדיקע כחות, וואָס זענען זייער נויטיק פאר קולטור אנשטאלטן.

מען דארף אויך ניט פארגעסן נאָך א זאך; אויך דער אידישער שריי־בער אויף דער פּראָווינץ ווערט אָפּגעריסן פון דער אינטעלגיענץ און פון דער קולטורעלער סביבה, דאָרט וואו עס איז ניטאָ קיין פרעס אָדער זשורנאַל. מחמת בדרך כלל איז דער קינסטלער ניט פון דעם מענטש, ווען מען איר קענט פאראינטערעסירן אין פארטיי־פּאָליטיק, און זייער זעלטן אפילו וועט איר דעם קינסטלער ארייגציען אין א קולטור אנשטאלט, סיידען איר וועט אים קודם פאראינטערעסירן אין ליטעראַרישער ארבעט. פאר א אידישן שרייבער אויף דער פּראָווינץ אָן אן אייגענער פרעס אָדער זשורנאַל, איז דאָס לעבן אן אמת'ע מדבר. קוים אָבער איז דער שרייבער אין א שטאָט, וואו עס דרוקט זיך א צייטונג אָדער זשורנאַל, פילט ער זיך ניט אזוי אָפּגעריסן, ניט פארפרעמדט פון זיינע קאָלעגן, און אויך זיינע אייגענע, ליטעראַרישע אמ־ביציעס, האָבן פון צייט צו צייט א מעגלאכקייט דערוועקט צו ווערן.

דער פאקט בלייבט, אז אין דער שטאָט, וואו עס גייט ארויס א אידי־שע צייטונג, שטייט די אידישע דערציאונג אויף א העכערע מדרגה, ווי למשל מאָנטרעאָל, וויניפּעג, קליוולאנד, שיקאגא, פילאדעלפיע, נעמט אָבער באָסטאָן, דעטראָיט, סט. לואיס, קענזעס סיטי, און אלע אנדערע שטעט, וואו עס איז ניטאָ קיין אידישע צייטונג, קוקט זיך צו צו דער אידישער דערציאונג, ווי צו די קולטור אנשטאלטן אין אלגעמיין, וועט איר זען, ווי פארנאכלעסיגט, ווי בלוט־אָרעם עס איז די אידישע גאס!

נאָך עפּעס טאָר מען ניט פארגעסן; אמאָל, ווען די טויערן פון אמע־ריקע זענען געשטאנען אָפן פאר אידן, האָבן די פרישע עמיגראנטן אריינגע־בראכט אידישע אטמאָספערע אין יעדער אמעריקאנער, גרויסער שטאָט, דורך זייערע מנהגים, זיטן, און דורך זייער ניט קענען זיך אזוי גיך צופּאסן צו דעם אמעריקאנעם אידישען לעבן אויף דער פּראָווינץ. היינט, אָבער ווען די טויערן זענען געשלאָסן, און כמעט אלע אידן הויבן אָן ווילנדיק — ניט ווילנדיק זיך צו אמעריקאניזירן, וואָס זשע קען אויפהאלטן אן אייגענע סביבה, אויב ניט א אידישע פרעס אָדער זשורנאַל, וואו דער שרייבער, דער כלל־טוער אויפן אָרט, אין דער שטאָט, וואו ער איז א תושב, זאָל קענען לאָזן הערן זיין שטים,

לאָזן פילן און טאקע אויסאיבן זיין איינפלוס לטובת דער אידישער דערציאונג, לטובה דער קולטור ?

ווען אונזערע קריטיקער זאָלן ניט זיין בלינד, און באמת קענען אָפּ־שאצן די וויכטיקייט פון א לאָקאלער פרעס, מאכט ניט אוים צו זי איז הונ־דערט אָדער ווינציקער פראָצענט ליטעראריש, וואָלטן זיי זיך אנדערש באצויגן צו די אויסגאבן אין אידיש, וואָס גייען ארוים אויף דער פּראָווינץ, מחמת, אז מען וויל זיין גערעכט, קוקן מיט אָפענע אויגן, מוז מען דאָך צוגעבן, אז אפילו אונזער „קדשי־קדשים" אונזער נויאָרקער פרעס, אָן אויסנאם, איז נאָך אויך ניט קיין הונדערט־פּראָצענט אידעאליזם... אלץ איז, קיין בייז אויג קאָמערצ־יאליזירט, די טעגלאכע ווי וואָכענטלאכע פרעס. אדוועטייזמענטס איז דער גאָט פון יעדער ציימונג בא אידן ווי בא ניט־אידן. פּאָליטיק איז בכלל ניט קיין זויבערער ארטיקל, קיין אינטריגעס פעלן אין ערגעץ ניט, טאָ צו וואָס מאכן אזא אָנשטעל, און ווען אויפהאלטן די כהונה גדולה אין נויאָרק, איבער דער פרעס, איבער ציימונגען און זשורנאלן, ווען די שרייבער אויף דער פּראָווינץ זענען אויך נויאָרקער, זיי ווייסן וואָס עס איז אזוינס „אויפריכטיקע" קרי־טיק. זיי ווייסן, אז די הינטער־קוליסן פון א רעדאקציע, זענען פונקט די איינענע אין נויאָרק, ווי אומעטום. א גוטע קריטיק איז ניט נאָר אָפּהענגיק פון דעם קריטיקער, נאָר אויך פון די באציאונגען פון דעם שרייבער און דעם ארויסגעבער... שרייבער און קריטיקער... די אייגענע „סחורה" קען מען ניט ארונטער רייסן... ווידער, א געגנערישן מיטארבעטער, מוז מען פארשווייגן... און בכלל אויב די פּראָווינץ ציימונג, אָדער זשורנאל וועט דערמאָנט ווערן, קען נאָך נויאָרק אָנווערן עטלאכע סענטן . . .

דער פּועל־יוצא דערפון איז, אז שרייבער אויף דער פּראָווינץ זענען געקומען צו דעם באשלוס, אז אונזער אידישע קריטיק, אונזערע רעצענזיעס זענען אויך ניט פיל בעסער פון די ציימונגען אין וועלכע זיי ווערן געדרוקט. בויען אויף זיי דארף מען ניט, און זיך אָפּעסן דאָס הארץ, ווען אפילו מען ווערט פון איינעם פארשוויגן, איז אויך ניט כדאי. דער קריטיקער עסט ברויט פון דעם אייגענעם ארויסגעבער, ווי דער נייעס־שרייבער... פונקט ווי דער נייעס־שרייבער וועט פארשטיין און ניט ריזיקירן מיט זיין ברויט, דורך גיבן „פּובליציטעט" צו א כלל־טוער, א קעגנער פון דעם ארויסגעבער, פונקט אזוי וועט דער רעצענזאנט ניט דערמאָנען קיין פּיעסע פון א טעאטער, וועלכער גיט ניט קיין אנאָנסען אין דער ציימונג, און פונקט אזוי וועט פארשווייגן ווערן א ציימונג, אָדער אפילו א זשורנאל וואו עס ארבעט מיט איינער, וועלכער איז באקאנט אלס ניט קיין אונטערשטיצער פון דער ציימונג, וואו עס ארבעט דער קריטיקער . . .

עס איז שוין דעריבער לאנג צייט, אז אונזערע קאָלעגן, ווי אויך אונ־זער אינטעליגענטערער קלאס לעזער, זאָלן איינזען, אז דער מאסשטאב מיט וועלכן צו מעסטן א ציימונג, א זשורנאל, איז ניט לויט דעם צאָל שורות רעצענ־זיע, אָדער קריטיק, וואָס די שריפט האָט באקומען אין נויאָרק, נאָר לויט די

נוצן, וועלכע די שריפט ברייננט דער שטאָט, ווי אויך די אנשאלטן אויפן אָרט, וואו די שריפט דערשיינט. דער לעזער דארף זיך אויסלערנען אליין צו קע־נען אורטיילן, ער דארף זען אויב ער פארדייעט די געדאנקן, וואָס דער שריי־בער האָט ארויסגעזאָגט. דאָס ליד, דער ארטיקל דארף צו אים אליין קודם אפעלירן, עס דארף אים אליין באפרידיקן, בעת דעם לייענען, און אויך איבער־לאָזן אויף אים א ווירקונג, נאָכדעם, ווי ער האָט איבערגעלייענט די זאך.

וואָרום אויך דער קריטיקער איז ניט מער ווי א בשר ודם, אויך דער קריטיקער מעסט ניט אנדערש, ווי נאָך דער דאָזיקער פאָרמולא: אפעלירט דאָס ווערק ניט צו דעם קריטיקער, פאראורטיילט ער עס. דער לעזער, אויב ער וועט אזוי אורטיילן, וועט ער זעלטן א טעות האָבן. מיט א פיעסע, מיט א בוך, ווי מיט א קונסט ווערק — אויך דאָס איינגנע. פריער דארף דאָס מיך אליין אָנרעגן. איך זע מיט מיינע אויגן, היינט ווי קען איך מיך פאר־לאָזן אויף יענעם אז ער זאָל פאר מיר זען ?

און אינטעליגענטער לעזער, איז בא מיר ווערט פונקט אזוי פיל ווי א נעדרוקטע קריטיק איבער מיינעם א ווערק. דער אמת'ער לעזער, וועלכער לעבט זיך אריין אין דעם ווערק, ווערט מיינער א שותף און שאפט איבער דאָס ווערק. דערצו העלפט אים שוין זיין פאנטאזיע, זיין מח, זיין ווילן מיך פאר־שטיין, דער קריטיקער, איך מיין דער פראָפעסיאָנעלער קריטיקער, ער גייט לכתחילה צו צו מיט דער כונה נ י ט צו פארשטיין, ער גייט זוכן פגימות, און אָפט פארקוקט ער דאָס פשוט'ע, דאָס נאטירלאכע, און ער דערזעט אן עלעפאנט, וואו עס איז נאָר א פינטעלע.

ניטאָ היינט קיין אמת, קיין אויפריכטיקייט אויף דער וועלט, און עס איז זער נאריש צו ווען דאָס געפינען אין דער קריטיק.

---

הירכשל.

# פארנאכט

א רויטע בלאָטע־בלוט
פון שווינדזיכטיקן גוסטן זומער־טאָג
ליגט אויסגעגאָסן אפן הימל־ראַנד.
פון די גרינע בוימער־צווייגן
טריפט אָ צער־טוי א שטילער.
א נעפל פון ווייַ איז פארצויגן
פון אונטן ביז אויבן
און ערשט־געבאָרענע שטערן־פייער פליגעלאך —
בלישטשן אויף און פארגייען אין אים.
אָ, ווענט לאָמיך אייך ארומנעמען,
לאָמיך אייך צודריקן
און אויסגיסן פאר אייך כאָטש
דעם צער פון מיין איינזאמקייט !

אכטצען

ברכה קודלי

# בארג

ניט דער טאָל,
וואָס אטעמט מיט גרינקייט אין רו,
נאָר דו —
לאכענדיק מיט אייביקן שניי צו דער זון
לאָקסט מיך צו זיך, בארג.
ניט מיט ווייכן גלעט
ציסטו פעדימווייז ארויס מיין לוסט צו דיר,
נאָר אין נוצלאָזער נאקעטקייט איז דיין מאגנעט,
אין דער סכנה,
וואָס שפרייט מסירות נפש אויף דיין וועג
איז דיין קראפט, וואָס קלינגט צו מיין געהער.
פון דער וויסטער בייזקייט, וואָס באהאלט זיך אינ׳ם פעלז
בלענדט ארויס דיין גרויסקייט.
העכער, העכער
זינגען דיינע שפּיצן זייער שיינענדיקן נצחון
דעם רוף צו זיך.
העכער, העכער
ציט מיך דיין פארקלעמטע איינזאמקייט
צו פּריוון מיין גלייכגעוויכט
און ווען איך קען מיין שטאָלץ ניט אונטערדריקן,
שנירט מיין איינזאמקייט זיך איין אין דיינער
און איך שטייג ארויף צו דיר, צו דיין פעסטקייט.

---

שמואל סעמיאַס

# איבער אונז

א טיש, א בעט, א לעמפּל ברענט —
מיר צוויי צווישן ווייסע ווענט —
מער איז גאָר ניטאָ.
אָפּגאנג פון סעפּטעמבערדיקן טאָג,
סוף אָוונטדיקע שעה.

איך און דו. און איבער אונז
אָנגעצויגן ציטערט פיבערדיקע רו
דורך אלע שפּאלטן, דורך אלע ווינקלען און ווענט
ווארט די רגע, נארט און לויערט די געפאר.
געפאר וועט א פלאַץ־טאָן,
וועט איבער דיין קאָפּ א שלאָג־טאָן דער געבוירענער ריז,
וועט ליגן און גוסס׳ן מיין איינציקער אָפּגאָט
בא מיינע פיס.



פלוידערייען — פון פאול האופטמאן (פון דער קונסט־גאליעריי אין מוניך)



נערא מאכט זיך לוסטיק איבער די קריסטען — פון ווילהעלם פאן קאולבאך

# טייבעלאך



געצייכנט פון שלמה י. בעלסקי

י. ל. מאלאמוט.

# טייבעלאך

(דערציילונג *)

## א

פארנעסט, אויב איר קענט, אז איר זענט א גרויסער, און איך וועל אייך דערציילן א מעשה מיט טייבעלאך.

מיין טאטע איז אין די אינגערע יאָרן, נאָכדעם, ווי ער איז אראָפּ פון קעסט, געווען א נאמן אין א מיל, ארום דער מיל, האָבן זיך גענעסטלט אלערליי טייבעלאך, און אז איך בין געקומען צו מיין שכל, געדענק איך, אז מיר האָבן אריבערגעצויגען פון דער מיל אין שטאָט אריין, דער טאטע איז ארום־געגאנגען אָנגעכמורעט, ניט גערעט ווי עפעס וואָלט אים געפעלט און די מאמע האָט געשאָקלט מיט'ן קאָפּ און געזיפצט:

„די טייבעלאך... ער קען זיך ניט פארגעסן... נאָר ווי א קליינעם איינגעל, פעלן אים די טייבעלאך."

איך אליין, געדענק ניט די מיל, נאָר, אז איך בין עלטער געוואָרן, האָב איך ניט איין מאָל געהערט, ווי די ברידער האָבן צווישן זיך גערעט, אז אין מיל איז געווען אזוי גוט... אלע פרימאָרגען האָט דער טאטע געהאָדעוועט די טייבעלאך. אמאָל, אז ער איז געווען גוט אויפגעלעגט, האָט ער די קינדער געוויזן די אייעלאך, די קליינע טייבעלאך, גלייך ווי זיי זענען געבוירן געוואָרן פון די אייעלאך. פון די רייד האָב איך פארשטאנען, אז די ברידער ווי דער טאטע האָבן געבענקט נאָך די טייבעלאך.

דעם ערשטן מאָל, וואָס איך האָב דערזען טייבעלאך, איז געווען בא מיר א גרויסער יום־טוב. איך בין געגאנגען פון חדר, ערב פסח, פארנאכט, און נאָס איז געווען א גרויסע בלאָטע, נאָר די פאר־פסח'דיקע זון, האָט שוין געוואָרעמט און אָנגעזאָגט, אז עס גייט צו זומער. די טיר פון אונזער שטוב איז געשטאַנען ברייט צעעפענט, אויף דער שוועל איז געשטאַנען דער טאטע, געוואָרפן הויפענס ווייץ, פון דעם שמורה־זאק אין נאָס אריין, און פון די דע־כער האָבן זיך אראָפּגעלאָזט פיר ווייסע טייבעלאך, אויפגעקליבן די קערנדלאך ווייץ, דורכגעשניטן די לופט מיט די ווייסע פליגעלאך, און אוועקגעפלויגען.

די מאמע איז געווען בייז, און ניט אויפגעהערט צו טענה'ן :

„ווי אזוי שעמט זיך ניט א מענטש אין דיינע יאָרן צו האָבן אן עסק מיט טייבעלאך? ס'איז דאָך א בזיון פאר לייט!"

---

*) די דערציילונג „טייבעלאך" דערשיינט היינטיקן חודש אין א באַזונדער ביכעל פאר קינדער. דאָס ביכעל איז ארויסגעגעבן פון פארלאג „זונלאנד".

דער טאַטע האָט ניט געענטפערט, זיך געטון זיינס, ביז עס איז ניט
גאַכט געוואָרן, און די טויבן האָבן זיך מער ניט געוויזן, האָט דער טאַטע ניט
אויפגעהערט צו וואַרפן הויפענס ווייץ אין גאַס אַריין. פון יענעם טאָג אָן
האָב איך אופגעהערט צו קוקן אויף שוועלבעלאַך, אויף סאָראָקעס מיט וואָ־
ראָנעס, נאָר טייבעלאַך! וואו איך בין נאָר געגאַנגען, האָב איך נאָר געזוכט
מיט די אויגן, אפשר וועל איך ערגעץ דערזען טייבעלאַך. קוים האָב איך
דערהערט אַז עפּעס פליט איבער מיין קאָפּ, האָב איך פאַריסן דעם קאָפּ
צום הימל, געדרייט זיך אין אַלע זייטן, און טאָמער האָב איך דערזען טייבעלאַך
פליען, האָב איך שוין פאַרגעסן אין דעם חדר, אין עסן, עס האָט מיך געצויגן
צו די טייבעלאַך, ווי מיט אַ כשוף, און באַנאַכט, פלעגן זיך מיר אפילו חלומ׳ן
טייבעלאַך.

אַ פּנים, אַז דאָס ציען צו טייבעלאַך, איז צו אונזערע קינדער געקומען
בירושה פון טאַטען, ווייל איינמאָל, האָט דער עלטערער ברודער, משה, וועל־
כער האָט אַ גאַנצע וואָך געהאַנדעלט מיט די גוים אין דאָרף — משה, האָט
פון דאָרף אהיים געבראַכט צוויי פּאָר טייבעלאַך; איין פּאָר ווייסע, ווי ערשט־
געפאַלענער שניי, און אַ פּאָר רויטע, מיט גאָלדערנע העלדזעלאַך.

אַז זיי זענען פאָרן, האָט מען געזען פון דעם, וואָס די ווייסע האָבן
זיך געשטעלט אין איין ווינקל, הינטערן בעט, און די רויטע, אין אַ באַזונדער
ווינקל. אין שטוב איז געוואָרן אַ שמחה, אַ גדולה, ניט נאָר בא די קינדער,
נאָר טאַקע בא דעם טאַטען אויך. מען האָט זיך ניט געקענט דערוואַרטן ביז
טאָג, און מיט אַ ליכט איז דער טאַטע מיט׳ן ברודער געקראָכן אויפ׳ן בוידעם,
צענויפגעקלאַפּט פוןברעטלאַך צוויי שטיבלאַך, און עס האָט זיך אָנגעהויבן
אַן עסק מיט טויבן . . .

פאַרטאָג, האָט דער טאַטע געטראָגן וואַסער פאַר די טייבעלאַך, דער־
נאָך עסן ,דער ברודער האָט אפילו געוואוסט, אַז מען קאָן זיך פאַרלאָזן אויפ׳ן
טאַטען נאָר פונדעסטוועגן, איז ער ווידער געקראָכן אויפ׳ן בוידעם, זען אויב
די טויבן האָבן וואָס צו עסן. איך אַליין, האָב אפילו מורא געהאַט נאָך צו
קריכן אויף דער לייטער, נאָר עס האָט מיך אַזוי געצויגן צו די טייבעלאַך, אַז
איך האָב געמוזט קריכן, אפילו איך זאָל וויסן, אַז איך זאָל גע־ניזוק׳ט ווערן !

די איינציקע, וועלכע איז ניט געווען זייער צופרידן פון די טויבן, איז
געווען די מאַמע.

„גאָט האָט צוגעשיקט טויבן, איז אַ גאַנצן טאָג אַרויף און אַראָפּ פון
דעם לייטער. מען האַלט אין איין גיסן וואַסער, שלעפּן ברויט, גרויפּן, מען
טראָגט אַרויס וואָס עס איז נאָר דאָ אין שטוב . . . "

די מאַמע האָט געגערט, און דער טאַטע האָט זיך געטון זיינס, און אַז
דער טאַטע גייט אַלע מאָל צו די טייבעלאַך, מעגן דאָך קינדער אוודאי גיין,
האָב איך טאַקע אַ גאַנצן טאָג געהאַט איין עובדא; צו די טייבעלאַך! אין
דער פרי, באַטאָג, פאַרנאַכט; עס איז מיר געפעלן זייער וואָרקען, זייער
שפּילן זיך, קושן זיך, און מער פאַר אַלצדינג, דאָס בויען די נעסט, איידער זיי

דארפן זיך לעגן; אז איך האָב דערזען, ווי די טייבעלאך קלייבן שטרוי מיט די שנעבעלאך, און טראָגן דאָס שטרוי אין דער נעסט אריין, האָב איך זיך ניט געקענט אָפּרייסן פון זיי.

אז גאָט האָט געהאָלפן און די ווייסע טייבעלאך האָבן זיך געלעגט, איז אין שטוב געוואָרן אזא רעש, ווי אז דער קיסר וואָלט געדארפט קומען... איטלאכער באזונדער איז געקראָכן אויפ'ן בוידעם זען די אייעלאך, און יעדער איינער האָט געהאלטן אין איין פארזאָגן דעם אנדערן, למען־השם, ניט דער־וועגן זיך אָנצורירן דאָס אייעלע, ווייל, אז מען רירט אָן דאָס אייעלע, וועלן שוין די טויבן ניט אויסבריען קיין טייבעלאך.

דעם טאָג, ווען דאָס ערשטע טייבעלע איז ארויס, בין איך אינגאנצן ניט געגאנגען אין חדר, און איך וועל אייך אויסזאָגן א סוד; דער טאטע איז אין בית־המדרש אריין אויך ניט געגאנגען... א קלייניקייט: די טויבן זענען אויסגעזעסן טייבעלאך! יעדער איינער האָט דאָך געמוזט זען, אויב די טויבן זיצן אויף די טייבעלאך, און טאקע קוקן, ווי אזוי די טויבן האָדעווען די קליינע טייבעלאך; ווי דער „טאטע" טויב, דער „ער" שטאָפּט אָן א פולן האלדז מיט אכילה, קומט צעלויפן אין דער נעסט אריין און האָדעוועט די טייבעלאך, וועלכע עפענען די מיילער, פישטשען, קוויטשען, און רייסן בא דעם טאטען דאָס עסן פון האלדז... אָדער ווי די מאמע טייבעל, די „זי" קריכט ארונטער פון די טייבעלאך, לויפט אוועק אין א ווינקעל, טוט אָפּ, וואָס א לעבעדיקע באשעפעניש, מוז אָפּטון, דערנאָך וואשט זי זיך ארום, טרוקענט אויס אירע פעדערלאך אנטקעגן די שטראלן פון דער זון, וואָס ברעכן זיך אריין דורך די טשערעפּעס פון דאך און אז זי האָט זיך אויסגעטרוקענט, טרינקט זי זיך אָן, עסט אָפּ, און לויפט צוריק אין נעסט אריין, וואו „ער" איז געבליבן זיצן, ווען „זי" איז ארונטער. אז די „זי" קומט צוריק, גייט ער ארויס פון דער נעסט— וואָס פאר כשוף, עס שטעקט אין די טייבעלאך, האָב איך אליין ניט געוואוסט, מיר דאכט זיך, אז מיט קינדער אין א שטוב, דארף מען מער ניט זיין אָפּגע־געבן, ווי אָפּגעגעבן מען איז בא אונז געווען מיט די טייבעלאך.

בא דעם עסן, האָט זיך דאָס געשפּרעך רק געקייטעלט צו די טייבע־לאך; דער טאטע דערציילט, אז ווען ער האָט היינט אינדערפרי געגעבן די טויבן עסן, האָט ער באמערקט, אז די קליינע טייבעלאך, הויבן שוין אָן נעמען אויף זיך פעדערן... די מאמע וועלכע איז שוין צוגעוואוינט געוואָרן, ווייל זי זעט דאָך, אז אירע רייד העלפן ניט; אלע האָבן ליב די טויבן — די מאמע לעגט צו: ווייסע פעדרלאך, פונקט אין טאטע־מאמע געראָטן, טאקע גאָט'ס נסים !

דער טאטע קוועלט אָן, און גיט א שמייכל: א־בי דו שרייסט אויף אונז, וואָס מיר זענען פארקאָכט אין די טויבן, דו אליין גייסט דאָך שוין אויך צו די טויבן !

„ווען גיי איך? — פארענטפערט זיך די מאמע — אפשר איינמאָל אין וואָך." דער עלטערער ברודער פאלט אריין אין די רייד: די רויטע טויבן,

האָבן שוין היינט אויך געטראָגן שטרוי... דאָס איז א סמן, אז זיי וועלן זיך שוין היינט־מאָרגן לעגן !

די שוועסטער, א פּנים, איז אָבער אקאָרשט צוריקגעקומען פון בוידעם, מחמת, זי צעלאַכט זיך מיט א גדולה:

— מען קען שוין זאָגן „מזל־טוב" — עס איז שוין דאָ אן אייעלע!

טאקע! ביי די רויטע? — פרעגט איבער דער טאטע און ער פוילט זיך ניט איבערצעלאָזן דאָס עסן אויפ'ן טיש, דער גרויסער טאטע, און קריכט אויפ'ן בוידעם, זען דאָס פריש־געלעגטע אייעלע פון די רויטע טויבן !

קיינער האָט שוין ניט געענדיגט דאָס עסן, אזוי גיך, ווי דער טאטע איז ארונטער פון דער לייטער, האָבן אלע קינדער, איינער נאָך די אנדערע גע־נומען קריכן. יעדער איינער האָט, ווען ער איז ארונטער, גע'טענה'ט:

— וואָס איז דאָ צו זען? אן אייעלע, א קליין, ווייס אייעלע! אָבער אלע האָבען אליין געמוזט קריכן, אליין זען.

אז די טייבעלאך האָבן אין א פּאָר וואָכן ארום אליין אָנגעהויבן צו עסן איז ווידער פול געוואָרן די שטוב מיט זיי. דערצו נאָך האָט מען אין דאך געמאכט א טירעלע, פאר די טויבן ארויסצופליען. אז אונזערע טויבן זענען ארויס אויפ'ן דאך, איז שוין די גאנצע גאס אויך פול געוואָרן מיט זיי; מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, נאָכגעקוקט די טייבעלאך, ווי זיי צעפלי־ען זיך איבער דער שטאָט, קוים וואָס מען קען זיי נאָכקוקן, נאָר איידער מען קוקט זיך ארום, זענען זיי שוין אלע דאָ צוריק, לויפן אריין אין דער נעסט, ווי קינדער, וואָס שפּילן זיך. אמאָל ברענגען זיי נאָך צו זיך געסט פון אנאנדער טויבענשלאק.

איידער דאָס יאָר איז אריבער, איז שוין בא אונז געווען טויבן אָן א שיעור, אָן אן ערך. אפילו די טייבעלאך, בא אונז געבוירן, האָבן שוין אליין אויך געהאט טייבעלאך, און אז איך בין געגאנגען פון חדר און ערגעץ אָנגע־טראָפן אונזערע טויבן אויפ'ן מארק, האָב איך נאָר געדארפט א מאך טון מיט דער האנט, ווי איך וואָלט זיי געדארפט געבן עסן, האָבן זיי באלד אָנגע־הויבן צו פלאַטערן ארום מיר מיט די פליגעל, איך בין געגאנגען אהיים, און די טויבן נאָך מיר. עס איז שוין געווען אזוי פיל טויבן, אז מען האָט שוין אָנגעהויבן מאכן אין זיי סמנים, און זיי אָנרופן מיט די נעמען; איינער האָט געהייסן „דער פּרעסער", אנאנדערער „דער פּוילער" און א דריטער „דער מלך" און א פערטער דער „חתן־בחור"; דעם ערשטן פּאָרעל, וואָס האָט שוין געהאט אייניקלאך, האָט מען גערופען „דער זיידע מיט דער באָבע" און אלע וואָך זענען צוגעקומען פרישע, יונגע טייבעלאך, און אז מען האָט צוגעבויט א נעסט, האָט זיך באלד אהין פּארקליבן א יונג פּאָרל, און האָט גענומען טראָגן שטרוי און פעדרן, און עס איז שוין דאָ פרישע אייעלאך, און באלד וועלן זיין נאָך טייבעלאך.

ווער ווייסט, וויפיל טויבן עס וואָלטן זיך בא אונז געווען פארמערט, ווען נים דאָס, וואָס מען האָט איינמאָל, אין א ווינטער־נאכט פארגעסן צו

פארמאכן דאָס טירעלע פון דאַך. איבער נאכט האָבן די קעץ דורך דעם אָפענעם טירעלע זיך פארקליבן אויפ'ן בוידעם, צעבראָכן אלע אייעלאך, צעוואָרגן דאָס יונוואַרג, צוביסן דאָס קליינוואַרג; יונגע טייבעלאך זענען פארפרוירן געוואָרן, אזוי גיך, ווי די טויבן האָבן אויס מורא פאר די קעץ פארלאָזן די נעסטן, און טייבעלאך, וואָס האָבן נאָך ניט געקענט פליען זענען ארונטערגעפאלן פון בוידעם אין דער פראָכאָזשע, און זענען דער'הרג'ט געוואָרן — דער חורבן איז געווען אזוי גרויס, אז ווען מען איז אויפגעשטאנען אינדערפרי, איז געווען תשעה־באב אין שטוב. דער טאטע האָט זיך געשעמט צו וויינען, האָט ער נאָר פארביסן די ליפן און געזיפצט. די מאמע האָט געבראָכן מיט די הענט און גע'טענה'ט, אז זי איז שוין קראנק פון די טויבן... זאָל שוין אמאָל נעמען א סוף צו די טויבן... זאָל מען זיי שוין בעסער אויס'שחט'ן, איידער די קעץ זאָלן זיי אויסוואַרגן... וואָרום קעץ, אז זיי פארקלייבן זיך און זעצן זיך אָן, וועט מען זיי שוין ניט אָפטרייבן...

פון יענער נאכט אָן האָבן זיך אָנגעהויבן צרות מיט די טויבן: זיי האָבן אָנגעהויבן פארפאלן ווערן, ניט אהיימקומען אויף באנאכט, און ווען אן „ער" איז אויפ'ן צווייטן אָדער דריטן טאָג יאָ אמאָל געקומען צוריק, איז ער אויף מאָרגן ווידער אוועק און נאָך מיטגענומען מיט זיך די „זי" און, אז ביידע זענען אוועק, זענען זיי שוין קיינמאָל אהיים ניט געקומען. די געבליבענע טויבן, זענען אומגעגאנגען ווי פארזאָרגט, באטריבט, ווי זיי וואָלטן עפּעס תמיד דערוואַרט א נייעם איבערפאל פון מערדערישע קעץ, וועלכע מיר האָבן אלעמאָל שוין געמוזט היטן און טרייבן, וואו מען האָט נאָר ערגעץ דערזען א קאַץ, אפילו אין דרויסן, א מייל פון טויבענשלאק, האָט מען די קאַץ געיאָגט, נעטריבן, גע'ממית'ט, אָבער קיין גוטן סוף האָבן שוין די טויבן בא אונז ניט געהאט. זיי זענען זיך צופלויגן, און אויפ'ן בוידעם זענען איבערגעבליבן לעדיקע שטיבלאך, וואָס ווען מען איז ארויפגעקומען, האָט געריסן דאָס הארץ א קוק צו טון; ווי א חרוב־געוואָרענע שטאָט נאָך אן ערד־ציטערניש, האָבן זיך אויפ'ן בוידעם געוואלגערט איבערגעקערטע נעסטן, און האָבן נאָך א לאנגע צייט דערציילט פון דער גרויסער גדולה, וואָס האָט זיך אָפגעשפילט אין אונזער הויז, ווען מען האָט ארייננגעזעצט די טייבעלאך אין די נעסטן.

---

איצטער פארגעסט אז איך בין א גרויסער און איך וועל אייך דערציילן נאָך א מעשה, וואָס האָט מיט מיר געטראָפן אין קאליפאָרניע, א מעשה מיט טייבעלאך.

## ב

קיין קאליפאָרניע בין איך געקומען פון נויאָרק. פּופצען יאָר אָפּגעלעבט און זיך ניט געקענט צוגעוואוינען צו דער ענגשאפט און טומעל. כסדר געפילט זיך ווי אויף א יאריד. ביי מיין הויז איז ניט געווען קיין גרעזל, קיין בלימעל, וועער רעט שוין פון א גאָרטן.

פון דער נויאָרקער „איסט סייד" בין איך דאָס ארונטערגעפאלן קיין קאליפאָרניע. דעם ערשטן מאָל אין אמעריקע דערפילט דעם טעם פון וואוינען אין א הויז פאר זיך, און דאָס הויז, ווי כמעט אלע הייזער אין קאליפאָרניע, האָט פארמאָגט א הויף, און אויפ׳ן הויף א גאָרטן מיט אלערליי גרינסען, א פּאָר בארנבוימער, א ציטראָן בוימעלע און פאר דער טיר צוויי הויכע, פּאלמען, פארשפּיצט צום הימעל. ווי איינער, וואָס פאלט ארונטער פון אנאנדער וועלט, אזוי האָב איך זיך געפילט, קומענדיק פון נויאָרק קיין קאליפאָרניע.

איך האָב זיך ניט געקענט זאט אָנקוקן אויף דעם אייביקן לויטערן הימעל, אויף די רויזענקוסטן ארום די פענצטער, וואָס בליען סיי זומער סיי ווינטער. דער ריח פון דעם ציטרין בוימעלע, האָט מיך ווי פארשיכורט, און דאָס קליינע פיינענבוימעל, וועלכעס מען האָט ערשט היינטיקס יאָר איינגע־זעצט, האָט זיך שוין צוגענומען, און עס שפּרייט זיך שוין אויס אין דער ברייט, און דו זעסט ווי עס גדלות׳ט זיך, עס פילט, אז עס איז פעסט איינגע־זעצט און וועט זיך באלד צעבליען.

פארנאכט. פון די פוסבערג טראָגט זיך א קיל ווינטעל, וואָס פרישט אָפּ די לופט. מענטשן קומען ארויס מיט די לאַנגע גומענע וואסער קישקעס, און באשפּריצן דעם „לאָן" וואשן איז איינוועגס אויך אָפּ די שטויב ארום הויז. דערנאָך באגיסט מען אויך דעם גאָרטן, די פרוכט בוימער. יעדער איינער איז בא זיך אינדערהיים, ווערט צוגעבונדען און איז א טייל פון דעם שטיבל, פון דעם גאָרטן. א ווארעם געפיל נעמט דיך דורך בא דעם אָנבליק פון דעם בילד, און אין הארץ בא דיר זינגט עס :

— קאליפאָרניע, ווי שיין דאָ איז !

יעדען טאָג שיינט די זון פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין אָוונט, א לויטערער דער הימעל, ריין אָן א וואָלקען־פלעק, ווערט נאכט, שפּרייטן זיך אויס גאָלדענע פאסן אויף דעם האָריזאָנט אין מערב, און ווען די זון האלט באם פארגיין, גיסט זיך דאָס גאָלד איבער אין פורפור, און אין בלאסער בלויקייט. שטיל איז ארום, פויגעל שניידען דורך די לופט, וואָס ווערט אלץ קילער און שמעקעדיקער. א גאָלדענער טאָג איז פארגאנגען און א נאכט א ווייסע, האָט זיך אויסגעשפּרייט, א קאליפאָרניער נאכט :

א טיף־בלויער הימעל, און איבער דעם הימעל צעשאָטן איינער איבער דעם אנדערן שטערן, גרויסע, פינקעלדיגע, און אלע שטערן זענען דיר אזוי נאָענט, כמעט איבער דיין קאָפּ, כאָטש שטרעק אויס די האנט און דערגרייך זיי. פון מזרח גייט אויף א לבנה, און די צוויי פּאלמען בא דיין טיר ווערן מיט זילבער באגאָסן, זיצסטו אויף דיין שוועל, און ווייסט ניט וואָס פריער צו באוואונדערן, דאָס זילבער אויף די פּאלמען, די פינקעלדיקע שטערן איבער דיין קאָפּ, דאָס בלויקייט פון דעם הימעל, אָדער די ווייסע נאכט, וואָס גיסט זיך דיר אין הארצן אריין, כשופט, און ציט פון דיר ארויס די מידקייט, פרישט אויף אין דיר אזוי פיל קינדערשע חלומות און דו פארגעסט ווי אלט דו ביזט.

אָפּגערוט נאָך דער ארבעט, הויבט זיך ערשט אָן א ניי לעבן. די פוס־בערג זענען ניט ווייט, און דו מאכסט א שפּאציר אויף די בערג. אויף אַלע בוימער נעסטלען זיך זינגפויגל, און אנטקעגן דער שיין פון דער לבנה, זיצן די פויגל, זיי שלאָפן ניט, נאָר זינגען אָן אָונט געבעט. דו גייסט אין די בערג, דיין גאנג דערשרעקט ניט די פויגל, דו גייסט און דאָס זינגען גיסט זיך אין דער לופט, מישט זיך אוים מיט דעם ריח פון מאראנצן. די גאלדענע מאַ־ראנצן אנטקעגן דעם זילבערנעם לבנה־גלאנץ, אָפּגעפרישט פון דעם אָונט־טוי, ווינקען צו דיר, ווי פארכישופטע קליינע קעפּלאך, פון לעבעדיקע וואלד־חיה׳לאך, עס איז גוט, עס ווילט זיך ניט אהיימגיין. בלייבסטו זיצן אין די פוסבערג, און פון די בערג זעסטו שוין ניט קיין שטערן אף דעם הימעל, נאָר איבער דעם צעקאָפּענס פון די בערג זענען איצט די שטערן צעשאָטן, פינקלען דיר אין פנים אריין, אָט־אָט און זיי וועלן זיך ארונטערקייקלען פון דעם בארג.

און אז דו כאפּסט איצט א בליק אויף דער שטאָט אונטער דיר, דער־זעסטו אז די שטאָט איז איינגעטונקען אין א ים פון ליכט. ווי אן אויסגע־שטערנטער הימעל אויף דער ערד. ביזטו צווישן צוויי הימלען; א הימעל איבער דיין קאָפּ, און פונקט אזא הימעל ליגט דיר צופוסנס, דו ווייסט ניט וועלכען הימעל פריער צו באוואונדערן. דיין ברוסט אטעמט פריי, דער אראָמאט פון די לימענעס און מאראנצן רייצט און פארשיכורט, און אין דעם געזאנג פון די זינג־פויגל גיסט זיך אויך אריין דיין שטים, פילסט ניט, אז פון הארצן האָט זיך ארויסגעריסן א ליד —

— ק־א־ל־י־פ־אָ־ר־נ־י־ע !

נאָך איידער דער סאָלאָוויי האָט פארענדיקט זיין אָונט־געבעט, ביז־טו שוין צוריק אין דער היים. שטיל איז אין גאס. רואיק שלאָפט זיך אין דער שטילקייט, בא אָפענע פענצטער, און ווען דער ערשטער שפּראָץ אף טאָג רייסט זיך אריין דורך דעם אָפענעם פענצטער האָט זיך שוין די גאנצע פויגל־וועלט אויפגעכאפּט פון שלאָף, און אין דיין שלאָף, אפן געלעגער הערסטו ווי פריער האָט דער שפּערבער פארצויגן זיין איינטאָניק ליד; ווי א דינער ציטער פון א פידעל־סטרונע האָט ער א טאָן אראָפּגעגאסן, און דעם איינענעם טאָן זינגט ער איבער נאָכאמאָל און נאָכאמאָל, ביז אַלע שפּערבער כאפּן אויף דעם טאָן, גיסן זיך צענויף מיט אים אין אן איינטאָניק ליד, ציען דעם איי־גענעם ציטערדיקן טאָן, איינער פריער, איינער שפּעטער, איינער הערט אויף, דער צווייטער כאפּט אונטער, און אזוי גיסט זיך א סימפאָניע פון איינטאָניקע קלאנגען, וואָס האָבן פאר דיר איין באדייטונג :

— קאַליפאָרניע . . . קאַליפאָרניע . . . קאַליפאָרניע . . .

(שלום קומט)

י. פרידלאנד.

# אויס ליבע צו ערד

(דערציילונג)

ערד איז בא אים געוואָרן א אידייע פיקס; מען האָט ממש געזען, אז דער מענטש גייט אויס נאָך דעם; וועגן וואָס מען זאָל מיט אים ניט רעדן, האָט ער דעם ענין „ערד“ ארייננגעבראכט . . .

מנשה פּערעלמאָן, א אידישער קרעמער פון אלטווארג, איז געזעסן בא זיך אין קראָם, מיט זיינעם א קונד, א פארמער און אייגענטימער פון לאַנד, נעבן די פּוס־בערג פון סאנבערנאַדינא; און איז שטארק פאראינטערע־סירט געווען אין א געשפּרעך, וועגן די מעגלאכקייט פאר אים, צו ווערן א פּאַרמער. ער האָט זיך אויך מיט אים גע־עצה'ט, און נאָכגעפרעגט אַף אלע איינצעלהייטן און קליינִיקייטן וועגן דעם פארם־לעבן, אין זיינע מקומות...

דער פּויער, דיקענסאָן, אן אמת'ער דאָפּס־מענטש, האָט אָן וועלכע מניעות, אים גראָדע צוגערעדט צו דעם; און דאָס האָט נאָך מער פארשטארקט, דעם חשק צו זיין, שוין פון לאַנג פארטראכטן פּלאַן — ווערן אן ערד־ארבעטער . . .

ווי אזוי מנשה, פארקויפענדיק אלטע זאכן, וועלכע ער האָט מערסטן אליין געריייניקט און געלאטעט; לעבענדיק אין אן אטמאָספערע, פון מארק און זעלטן כשר'ן האנדעל; ווייט פון די אלע שיינקייטן פון דער נאטור און אירע וואונדער, זאָל זיך פּלוצים, דערשלאָגן צום געדאנק פון ווערן א פּאַר־מער, און מיט א גאָר שטארקע ליבע צו ערד ארבעט; איז געווען מער, ווי זיינע פריינט, האָבן געקענט פארשטיין ! !

„מנשה, א פּאַרמער! אן ערד ארבעטער!“ האָבן זיי רק גע־חוזק'ט פון אים . . .

זיינע ידיעות וועגן לאַנד, האָט מנשה געקראָגן פון זיינע קונדן פּוי־ערים; וועלכע פלעגן פארפאָרן צו אים מציאות קויפן; און, פון די מאָגערע ידיעות, פון די ספּעציעלע פּארם ביילאגעס, פון די זונטיק'דיגע ענגלישע צייטונגן . . .

האָבענדיק מיט זיך די נויטיקע אינפאָרמאציעס, איז ער איינמאָל, אָבגעפאָרן — ניט רעכענענדיק זיך, מיט די נעגנערשאפט, פון זיין פרוי, און חוזק'ן פון פריינט — צו זוכן לאַנד, אין דעם געגענט, וואו זיין פריינט פּאַר־מער, דיקענסאָן, געפינט זיך: דאָרטן האָט ער בדעה געהאט, א שטיקל לאַנד קויפן, און א אידישער פּויער ווערן... צו יענער צייט, האָט מען מיט אביסל געלט, נאָך געקענט זיך דערשלאָגן, צו א גוט שטיקל לאַנד; אויב איינער, האָט נור דעם חשק און כח געהאט. — און מנשה האָט דאָס געהאט, אין גאָר א פולער מאָס . . .

דיקענסאָן, האָט אים מיט אמת'ר גאסטפריינטליכקייט אויפגענומען, האָט אים אַלעם געוויזן, און מיט עצות ווי פון אן אמת'ן גוטן פריינט; אים געראַטן צו גוטן; וועלכע שטיק לאַנד ער זאָל קויפן, אום צו זיין געזיכערט מיט אן ערפאָלג . . .

מנשה האָט צו די עצות פון זיין גוי'עשן פריינט, זיך צוגעהערט און געפאָלגט; האָט דעמזועלבן טאָג, נאָך, האַנט־געלט געגעבן, אף א שטיק לאַנד, וואָס גרענעצט זיך, מיט דיקענסאָן'ס פארם; און דערמיט שוין אוועק־געלייגט דעם ערשטן ווינקל־שטיין, פון זיין צוקינפטיגער קעניגרייך . . .

מנשה, כאָטש נאָך א יונגער מאַן, אריבער דרייסיק, האָט שוין גע־ביטען ניט איין פרנסה אין זיין לעבן; ער האָט אָבער נאָך קיינמאָל, געפילט אזוי זיכער, אז דערביי וועט ער זיך שוין אָפּשטעלן. איז דאָס דען ניט דער חלום פון זיין לעבן? דאָך, האָט עפּעס א אומזיכערקייט זיך געפּלאָנטערט אין זיין מוח: ער גייט איצט אריין אין א גאָר אומבאקאנטן וועג; וואָס ניט ער, ניט זיינע עלטערן, און ניט איינער פון זיינע אידישע פריינט, האָבן עפּעס א ידיעה וועגן דעם. ער האָט דערפילט איצט, אז ער איז א יוצא מן הכלל; כאָטש געוואונשן וואָלט ער געוועזן; אז אויך זיין פריינט און סתם אידן, זאָלן פילן און דענקען ווי ער, בנוגע, „ערד". צוזעגענט זיך מיט די שכנים, איז ער א באגייסטערטער און פול מיט בטחון א היימגעפאָהרן . . .

אז מנשה האָט אריבערגעטראָטן די שוועל פון זיין קראָם און וואוינונג, וועלכע איז געווען צוזאמען, האָט זיין פרוי פאַרענדיק זיך אין קיך, אים דערזען א שיינענדען און צופרידענעם. ניט וואַרטענדיג אף דאָס געוויינלאכע נאָכפרעגן פון זיין פרוי, האָט ער מיט צופרידענהייט איר אַלעם דערציילט: וואָס ער האָט דאָרט געזען און געטון; געטיילט זיך מיט די איינדריקע וואָס דאָס לאַנד און סביבה, האָט אף אים געמאכט, און גערעט וועגן די וואונדער פון זיין ענטדעקט לאַנד . . .

„אך דבורה! ווען דו וואָלסט נור פילען, ווי איך פיל וועגן דעם ; וואָלטן מיר אפילו מאָרגנדיקן טאָג פון שטאָט אוועק... גלויב מיר, אז ס'גיט גאָר ניט קיין שענערע זאך, ווי דאָס לעבן אויפ'ן לאַנד! — גייסט ארויס אין פרימאָרגן אף דעם פעלד; די פויגעל באגריסן דיר מיט געזאנג, די עופות, קי און פערד דרייען זיך ארום דיר, אזוי מילד און היימיש... די ערד, אזוי שיין אויסגעארבעט, ריין, יום־טוב'דיק צוגעפוצט, און ערטערווייז, ווי אנגעטון אין א גרין גאָלד מלבוש. ביזט אף דעם לאַנד, פילסטו אז ביזט עפּעס! ניט ווי א וואָרים צווישן ווערים, און ניט ווי א זעמדעל צווישן זאמדען. — ווערסט א שעפער און א שפייזער, און א טייל פון דער נאטור . . .

„קאָן דען זיין א שענערע לעבן פאר אונז — האָט מנשה נאָכאנאנד פּרובירט איר איבערציינן — ווען האָבן אן אייגענע נחלה, מיט א שיינע באַלעבאַטעשקייט פון אַלדאָס־גוטס; אונזערע קינדער וועלן געזונטע און שטאַרקע אויסוואַקסן; און ניט דאַרפן צו די שטאָטישע פרנסות אָנקומען. אוי פרנסות! און וויפיל וועט דאָס בא אונז ווערט זיין, אז מיר וועלן ניט דאַרפן

מער האנדלען און וואנדלען, ניט האָבן צו טון מער מיט די שכורים די ערלים, און די „דעטעקטיווס“ וועלכע קומען רק נישטערן און זוכן צו מיר האָבן עפּעס, א ניט כשרה שטיקל סחורה געקויפט... אוי, זייערע דורכנעמענדע בליקן וואָס זיי ווארפן צו אונז; און דעם שיינעם מסחור וואָס מיר האָבן! ס'איז מיר שוין נמאס און אומערטרעגלאך געוואָרן ! ! ! . . .

„אָט פאָלג מיך דבורה: לאָמיר דערפון פטור ווערן; מיר'ן פירן אן ער־לאך אנשטענדיק מענטשלאך לעבן... פארוואָס זאָלן זיי: טאָם, דיקענסאָן און טויזענט אנדערע גוים, זיין אזוי רואיק, צופרידן און גליקלאך, און מיר, דארפן דאָ פארשווארצט ווערן, פון פרי ביז שפּעט אין אָוונט, אין דער „לאָך“ פון שמוץ און אלטווארג?

„איך בין גרייט שווער צו ארבעטען — „מיט'ן נאָז די ערד צו אקערן“, מיט דעם שוויים פון מיין פנים, ווען איך דאָס ברויט פארדינען: אבי פטור ווערן פון שטאָטישן הו־הא — פון דעם גהינום....“

נאָך אזא פעסטן און ערנסטן רעדן, פון איר מנשה'ן; האָט דבורה שוין פארשטאַנען, אז קיין זאך וועט שוין זיין באשלוס ניט ענדערן. האָט זי אים איר הסכמה געגעבן, מיט'ן געדאנק און האָפנונג אז, זיין „משוגעת“ וועט איבערגיין, מיט דעם אָנפאנג פון די ערשטע שוועריקייטן אויפ'ן לאנד. זי האָט אים דארום ניט געוואָלט ענטמוטיקן; געדענקט האָט זי איצט, אפשר איז ער דאָך גערעכט; און אלעס וועט מעגלאך זיין צו גוטן ! . . .

* *

*

מנשה האָט אָנגעפאנגן מאכן הכנות, פאר דאָס איבערציען זיך אויף דעם לאנד, דאָס זענען געווען בא אים די האָפנונגספולסטע טעג פון זיין לעבן. א וואָך פאר פסח, האָט ער זיין קראָם שוין געהאט פארקויפט, און נאָך פסח האָט מנשה שוין איינגעפּאקט זיינע זאכן, און ניצלאכע געצייג פאר'ן פארם, וואָס ער האָט אָנגעקליבן פאר דער צייט פון גרייטן זיך. און איז מיט האק און פּאק — א בהמה נאָכ'ן וואָגן, א הונט הינטערן וואָגן, און די גאנצע פא־מיליע, ווייב און דריי קינדער. — אין דעם וואָגן, זיך צום לאנד ארויסגע־צויגן . . .

די פערלמאנס זענען באגלייט געוואָרן פון זייערע נאָענטע פריינט און שכנים; די לעצטע, ווינשענדיק זיי גליק אין זייער נייער אונטערנעמונג, האָבן בשעת מעשה, צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ; ווי מען באדויערט איינעם, וואָס אונטערנעמט זיך ערגעץ א געוואגטע אומבאקאנטע און ניט זיכערע נסיעה . . .

זיי זענען געפאָרן דעם גאנצן וועג, און א מאָדנער אומהיימלאכער שווייגן, צווישן מאן און פרוי האָט זיך געצויגן שעה'ן לאנג: דבורה האָט גע־פילט אזוי ווי זי פּאָרט ניט מיט איר מנשה'ן, זיך א היים דאָרטן צו בויען; נאָר

ווי עפּעס א פרעמדער פירט איר ערגעץ, צו אן אומבאקאנטן פריינט צו גאסט, און זי ווייס ניט געגוי, ווי זי וועט דאָרט אויפגענומען ווערן; און צו וועט זי דאָרטן בכלל קאָנען זיין? וועט זי דען קאָנען פאָרן צוריק אויב ס'וועט איר ניט געפעלן? — האָבן זיי דען ניט אלע בריקן אונטער זיך פארברענט? מיט אזעלכע מחשבות איז זי געווען פארנומען דעם גאנצן טאָג פון זייער נסיעה...

דער ברייטער טאָל האָט זיך געדויטעלט פון דער פארנאכטיקער אונטערגייענדיקער זון; און ס'האָט זיך געפילט א בין השמשות'דיקע ערלאכע שטילקייט . . .

בא מנשה'ן האָט שטיל דאָס הארץ געזונגען: ענדליך! דערנענטערט זיך צום פּלאץ, וואָס וועט גאָר אינגיכן, בא אים א בליענדער ישוב ווערן. זיין בטחון האָט אים ניט פארלאָזט.

פארטיפט אין מחשבות און פּלענער וועגן דעם: וואָס ער וועט טון מאָרגן, איבערמאָרגן און סוף וואָך; איז ער, מיט דעם צופאל פון דער נאכט, שוין צוגעפאָרן צו זיין לאנד — צום פּלאץ, וואו ער האָט א סימן געלאָזן, ווען ער האָט די לאנד געקויפט — א ווייסע פענדעל אן א שטעקן, אין ערד דאן איינגעגראָבן — און געהאט באשלאָסן אז דאָ וועט ער זיך אָפּשטעלן . . .

די דיקענסאָנס האָבן זיי פיין מקרב געווען, און א נאכטלעגער פאר דער פאמיליע צוגעגרייט... די פריינטלאכקייט פון דעם גוי, האָט דבורה'ן פריידיק גערירט; זי האָט זיך אביסל לייכטער דערפילט און באַרויִקט . . .

„צווישן מענטשן ווערט מען ניט פארפאלן“ — האָט זי מנשה איינגערוימט אין דער שטיל; „אפילו א גוי, האָט אָבער א גוט הארץ“. צומאָרגענס, איז מנשה מיט דיקענסאָן געפאָרן אין די נאָענטע בערג; האָלץ און דרענגלאך ברענגען. דער גוי האָט אים זייער פיל ארויסגעהאָלפן: געהאָלפן אים זיין הייזקע אויפשטעלן, געלערנט אים א סך זאכן, וואָס זענען אינגאנצן פרעמד געווען צו אים; און מנשה האָט באמת ניט געוואוסט, ווי אזוי אים אָפּצודאנקען דערפאר . . .

א שטח פון זעכציק אקער לאנד, נעבן די בערגלאך, האָט מיט זוניקער פרייד אראָפּגעקוקט צום טאָל, און זיך געפרייט מיט איר נייעם באזיצער... מנשה האָט זיין לאנד ליב באקומען: פון פרי ביז שפּעט אין אָוונט, און פילע מאָל בא דעם נאכט־שיין, פון דער בערגיקער קלאָרער לבנה, האָט ער שווער געארבעט, און באמת הנאָה געהאט . . .

ווען ער איז צום לאנד אָנגעקומען, איז דאן קיין סימן פון בוים און פּלאנץ ניט געווען; איצט זעט ער פאר זיינע אויגן, ווי די יונגע עקאליפּטן בוימעלאך, וואָס ער אליין האָט פארפּלאנצט, צעוואקסן זיך; אלעם גרינט און בליט; אָט איז א שיינער לעקאך מיט געדיכט גרינע אלפאלפא; א צווייטער, מיט געזונטע קארטאָפעל צווייגן און אנדערע גרינסן. מיט יעדן טאָג, מיט יעדע וואָך פארמערט זיך זיין האָב און גוטס, און ער הויבט שוין אָן זען, די פרוכט פון זיין ארבעט. אָנפאנגס, האָט ער דעם אקער אייזן, אין דער ברוינער ערד, מיט די הענט און ברוסט געשטופּט; איצט, זיצט ער א צופריי־

דענער אַף אַ צוויי רעדלדיקן אַקער־אייזן, און זינגט זיך צו, דאָס לידל פון דער סאָכע . . .

מנשה איז אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט, און געשעפּט נחת: פון יעדע שטיק צואַקערטע ערד, פון די ערשטע שפּראָצונגען וואָס באַווייזן זיך; און נאָכדעם פון די גאָלדענע ווייץ־זאַנגען און הויך געוואַקסענע קאָרן. די פיזיש שווערע אַרבעט איז בא אים געוואָרן, אַ מין גייסטיקע באַדערפענים. מיט ליידענשאַפט, פלעגט ער זיך פאַרטיפן אין דער אַרבעט, ווי אַ „יונגלינג" אין אַ שפּאַנענד בוך . . .

„וואָלט דבורה נאָר אַ צופרידענע געווען, וואָלט איך מיך געפילט, דער גליקלאַכסטער אין דער וועלט" — האָט ער איינמאָל געזאָגט צו זיינעם אַ שכן; און איז געווען וועגן דעם שטאַרק באַזאָרגט; ס'איז געווען דער טונקעלסטער וואָלקן וואָס האָט פאַרפינצטערט זיין קלאָרן האָריזאָנט . . .

אָנפאַנגס, — די נייקייט פון דער זאַך, די פריינדליכקייט פון די שכנים, און דער עיקר — די אָנהאַלטענדע באַגייסטערונג פון מנשה'ן; האָט דבורה'ן נאָך טיילווייז צופרידענגעשטעלט. שפּעטער אָבער, נאָך אַ לענגערער צייט פון זיין דאָ, אָן דער באַקוועמלאַכקייט פון שטאָט, אָן אייגענע פריינט, אָן אידישע שכנים, האָט זי זיך דערפילט אומגליקלאַך... האָט אים אָנגעפאַנגען נאָגן און פלאָגן; געהאַט צו אים טענות, פאַר וואָס ער האָט איר געבראַכט אַהער, אין דער וויסטעניש. „וואָס האָסטו דאָ?" האָט זי פּרובירט ווירקן אַף אים: „דו אַרבעטסט שווער, טאָג איין טאָג אויס, קיין גראָשן מזומן זעט מען ניט אין די אויגן; די קינדער, וועלן דאָ גוים אויפוואַקסן ר"ל ! ! וואָס האָט דיר געפעלט אין שטאָט? האָט זי אים רק דערמאָנט; ביזט געזעסן אין קראָם, געמאַכט געלט, נו איז ניט אַזוי כשר; אָבער ס'האָט קיין זאַך געפעלט. דער מסחר איז טאַקע טריף, אָבער דער גראָשן איז כשר. האָט זיך אים פאַרוואָלט אַ פאַרם! וואָס טויג מיר דיינע גליקן, וואָס דו זאָגסט מיר צו; איך וויל זיי ניט, און דאַרף זיי ניט — פאַר וועמען און צוליב וועמען ? ! אויב דו פאַר־קויפסט ניט די פאַרם, וועל איך מיט די קינדער צוריק אין שטאָט גיין; און דאָרטן שוין אַף שטענדיק פאַרבלייבן!"

וואָס מנשה האָט ניט איינגע־טנעה'ט מיט איר, געבעטן און ממש גע־וויינט; „ווי וועלן מיר איצט גיין? דאָס ערגסטע זענען מיר דאָך שוין אריבער־געקומען: איצט וועט אַלעס אַוועק גוט; מיט דער שטאָט האָבן מיר דאָך שוין אַלעס איבערגעריסן! איך וועל שוין ניט קאָנען מער צופּאַסן זיך צו אַן אַנדער לעבן" — האָט ער פּרובירט איר איבערצייגן. האָט זי אים אַף אַ ווייַלע אָפּגעלאָזן, און בא אַנאַנדער געלעגנהייט ווידער אים אָנגעפאַנגען מאַטערן; ער זאָל נאָר די פאַרם פאַרקויפן, און צוריק אין שטאָט צווישן לייט זיך באַזעצן. מנשה האָט פון שטאָט אפילו ניט געוואָלט אַ טראַכט טון: דער געדאַנק ער זאָל דאַרפן צוריק אין שטאָט גיין, און אויפסניי, לויפן, האָווען, זוכן פּרנסה און וואָס פאַר אַ פּרנסה? — דאָס האָט אַף אים מורא'דיק געווירקט, ביז משוגעת . . .

דעם גאנצן זומער האָט ער זאָרגפעלטיק און שווער געארבעט: צו אַלעס וואָס ער האָט געזעט אַף זיין לאַנד, און אַליין דערצויגן, האָט ער זיך באַצויגן מיט אַ מערקווירדיקע ליבע און איבערגעבענהייט. ער האָט גע־פילט, אַז ער וועט פאַר קיין פאַל ניט, מיט דעם אַלעס וואָס ער האָט מיט בלוט, שווייס און נשמה, באַשאַפן, זיך קאָנען שיידן . . .

די שטאָט פאַר אים, האָט געמיינט דאָס אָבשטאַרבן פון זיין איך, זיין פערזענלאַכקייט, און אַ סוף צו זיינע חלומות אַף אייביק... דבורה האָט דאָס ניט געוואָלט, און ניט געקענט פאַרשטיין; האָט איר קאַמפף ניט אויפגעגעבן; כאָטש זי האָט געזען, אַז דאָס ווירקט זייער שלעכט אַף זיין געזונט. פאַרקערט, איז געוואָרן נאָך מער פאַרביטערט; אויסגענוצט אַלערליי וועגן און מיטלען אים שווערער צו מאַכן דאָס לעבן: האָט ינט געוואָלט טון אין דער הויז באַ־לעבאַטישקייט; אַף דעם פאַרם אים העלפן, איז אָפּגערעט . . .

מנשה האָט דערפון שרעקלאַך געליטן, און אָנגעפאַנגן צוקריינקען אַביסעל; דאָך האָט ער דעם זומער, דעם פינפטן שניט אַלפאַלפאַ אַראָפּגע־נומען, „געסטעגט“, און די תבואות אין שפייכלער אריינגעבראַכט . . .

נאָר ווען דער ערשטער רעגן אין חודש טבת איז געפאַלן, איז אויך מנשה, אַ קראַנקער, אַ מידער, אַ צובראָכענער אַנדערגעפאַלן . . .

מנשה האָט זיך אָפּגעמאַטערט בלויז צוויי וואָכן, אַף אַ שטאַרקע לונגן־ענטצינדונג. — האָט דעם „קריזיס“ ניט אויסגעהאַלטן, און איז שטיל, אומ־באַמערקט געשטאָרבן . . . נאָך זיין לויה, זענען נאָכגעגאַנגען די אַלמנה מיט די קינדערלאַך, די גויעשע שכנים — וועלכע האָבן אים שטאַרק ליב באַקומען...

באַערדיקט האָט מען אים, באַם גרענעץ פון זיין לאַנד; צווישן די אינ־גע עקאַליפּטען בוימער, וועלכע האָבן זיך דעם יאָר, שטאַרק צעצווייגט און באַ־בלעטערט . . .

---

# נאָטיצען

## אַ באַשטענדיק אידיש טעאַטער אין לאָס אַנגעלעס

אַ דאַנק דער אידישער אַקטיאָרן יוניאָן פון נויאָרק, וועלן לאָס אַנגעלעסער אידן ענדליך האָבן אַ באַשטענדיק טעאַטער דעם קומענדיקען ווינטער.

דאָס קאַפּיטאָל טעאַטער אויף ספּרינג סטריט, איז גענומען געוואָרן אויף דריי יאָר, און עס איז גאַראַנטירט געוואָרן גענוג קאַפּיטאַל צו פאַרזיכערן דאָס עקזיסטענץ פון אַ באַשטענדיק אידיש טעאַטער מיט אַקטיאָרן וואָס זענען אָנגעשלאָסן אין דער יוניאָן.

ווי דער פאַרוואַלטער מ. נעסטאָר גיט איבער, וועלן דאָ געשפּילט ווערן פּיעסן וואָס רעכענען זיך פאַר די בעסטע אין דעם אידישן רעפּערטואַר.

דאָס טעאַטער ווערט איצט מאָדעלירט, און וועט זיך עפענען מוצאי ראש השנה. מער איינצעלהייטן וועלן באַקאַנט געמאַכט ווערן אין דעם קומענדיקען העפט.

## דער שרייבער־אָוונט אין סימפאָני זאל

פרייטיק דעם 19־טן איז פארגעקומען דער שרייבער־אוונט. דער זאל איז געווען כמעט פארפולט מיט די פריינט און פארערער פון די היגע שרייבער.

דער אוונט איז געווען אן ארגינאלער, שוין מיט דעם, וואס עס זענען ניט גע־האלטן געווארן קיינע רעדעס, און דער אוונט איז טאקע דורכגעפירט געווארן בלויז פון די שרייבער.

יצחק הארוויץ׳ס „ווען ער האט צייט“, געשפילט פון שין מילער און יאסל גרינפעלד איז דורכגעפירט געווארן ערפאלגרייך און דער עולם איז געווען מיט׳ן איינ־דרוק, אז מילער, וואלט מיט אזא שפילן געקענט אויסהאלטן דעם עקזאמען אין דער אקטיארן יוניאן.

„ס׳איז א לינן“ — פון שלום עליכם, געשפילט פון אונזער שטיינבערג׳ן צוזאמן מיט ה. טילים איז געווען מער ווי צופרידענשטעלענדיק. שטיינבערג האט געשאפן דעם אמת׳ן גאליציאנער טיפ, סיי מיט׳ן גרים, סיי מיט׳ן שפילן.

רייזינס „זומער מאנטל“, געשפילט פון ש. סעמיאק איז געגאנגען ווי א מזמור.

„דער כעלעמער מלמד“ — פארגעטראגזאין גרים, פון י. לאוני ברזלי, האט ארויסגערופן א שטורם פון אפלאדיסמענטן ביי דעם עולם. נאר מער ווי אלץ האט אויפ־געשטורמט דעם זאל דער איינאקטער „הינטער די קוליסן פון א אידישע רעדאקציע“.

עס האבן אנטייל גענומען ש. מילער, ש. בעלסקי, י. ל. מאלאמוט, ז. בוניז, ש. סעמיאק, י. פרידלאנד און נ. קרעמער.

די רעדאקציע איז געפירט געווארן פון י. ל. מאלאמוט, וועלכער האט זיך ניט געהאלטן דוקא בא דעם טעקסט, אָט פונקט ווי אמת׳ע אידישע אקטיארן. מאלאמוט האט אימפראוויזירט א רעדאקציע, און אפגעשפילט א סצענע, וואו די צירקולאציע פאלט, און דער רעדאקטאר פילט דעם פולס פון דעם עולם דורכלייענענדיק די בריף צום רעדאקטאר, און דער עולם האט געקייכט פון געלעכטער.

גוט געשפילט האבן מאלאמוט, מילער, סעמיאק און בוניז, אביסל איבערטריבן האט ש. בעלסקי אין זיין גאנג און באנעמונג.

בכלל אבער איז די רעדאקציע געשפילט געווארן זייער רעאליסטיש, און מען מעג דערוואַרטן, אז דאס שרייבער־געזינדעל וועט צום ווינטער סעזאן זיין צוגעגרייט ארויסצו־טרעטן פאר דעם טעאטער־עולם מיט ליטערארישע און דראמאטישע נייאיקייטן.

א גוטן איינדרוק האט אויך געמאכט „דער כל־בוניק“, א קליינע הומאריסטישע צייט־טונג, צוגעגרייט פון י. ל. מאלאמוט, ש. מילער, ז. בוניז, אונטער דער רעדאקציע פון י. ל. מאלאמוט, דוד גיסנעט און י. אלקאן.

---

## מ. י. אינדריץ אָפגעפאָרן

דער באקאנטער אידישער שריפטשטעלער מ. י. אינדריץ, איז די טעג אפגעפא־רן מיט דער פאמיליע קיין שיקאגא, און וועט דארטן פארברענגען איבערן זומער.

„זונלאנד“ ווינטשט דעם קאלעגע א גליקלאכע רייזע, און האפט, אז ער וועט צו־ריקקומען נאכדעם ווי ער וועט זיך אין דער „איסט“ אנזעטיקן מיט אטמאספערע און איינדריקע.

## בא די פּאַטבאַילער

דאָס קליינע טעאַטער „פּאַטבאַילער" האָט ערשט פאַרענדיקט שפּילן אַרטור ריטש־מאַנס „אַמבוש", אַ פּיעסע פון דעם איצטיקן אַמעריקאַנער לעבן.

די פּיעסע איז געשפּילט געוואָרן אין נויאָרקער טעאַטער גילד, ווי אויך אין שי־קאַגאָ מיט דעם אייגענעם הויפּט ראַליסט, הענרי קאַלקער, וועלכער איז זייער אַ שיינער שפּילער. אין קאַלקערס שפּילן פילט זיך אַמתער ליריזם, ער איז אַזוי נאַטירלאַך, אַז איר ווערט מיטגעריסן. ווען ער רעט, גייט, טוט, קומט אַלץ אַרויס שטיל, גלאַט, ניט געקינסטעלט, און איר זענט אונטער דעם איינדרוק, אַז קאַלקער שפּילט ניט, נאָר לעבט באמת איבער, דאָס וואָס ער שטעלט פאָר.

שבת דעם 25־טן יולי וועט געשטעלט ווערן יודזשין אָ'ניל'ס „וועלדעט", אָ'ניעל רעכנט זיך פאַר איינעם פון די מאָדערנע דראַמאַטורגען, און ווערט זייער שיין אויסגע־טייטשט פון די קליינע קונסט טעאַטערן אין אַמעריקע.

---

## וועגן בן־משה'ס קריטיקען

טאָמער האָבן מיר געמיינט, בן משה קען נאָר קיין לידער ניט שרייבן, האָט ער אונז די לעצטע פאָר וואָכן מזכה געווען מיט פּראָזאַ — ניין, זייט אונז מוחל פאַר דעם אויסדרוק—קוואַטש, דאָס איז אָבער נאָך אַלץ מילד גערעט; דער איד דראַפּעט זיך פּשוט אויף די גלייכע ווענט. מיר האָבן אין אונזער לעבן געזען אַ היפּש ביסל גראַפאָמאַניע, נאָר אַזעלכעס — באַהיט זאָל מען ווערן! מיר זענען פּשוט איבעראַשט ווי אַזוי עס קען זיך געפינען אַ צייטונג (מישטיינס געזאָגט, אַלערליי צייטונגען, זענען פאַראַנען אין ל. א.!) וואָס האָט ניט קיין טראָפּן בושה, און לאָזט אַזעלכעס אַריין אין דרוק. עס איז שוין פאַר אונז צו שפּעט אין היינטיקן העפט זיך אָפּצושטעלן לייגנער וועגן דעם. פאַרשווייגן, אָבער טאָרן די אַרטיקלען ניט ווערן, מחמת, די נעמען פון אַ גרויסער צאָל שרייבער ווערן פּשוט געלעסטערט פון איינעם, וועלכער קען זיך אַליין ניט אונטערשרייבן. אַזעלכן דאַרף מען פּשוט גיבן אין די ציין אַריין, נאָר אידישע שרייבער זענען ניט קיין גזלנים, דערפאַר וועט ער אָבער אין קומענדיקן העפט באַקומען זיין ערלאַך אויסקומעניש.

---

# קאפּיטאל טעאטער

## די היים פון דער אידישער בינע פאר די קומענדיקע דריי יאָר.

מיר מאכן באקאנט דעם אידישן טעאטער-עולם, אז עס איז גענומען געוואָרן דאָס קאפּיטאל טעאטער אויף דריי יאָר, און אידיש טעאטער פון יוניאָן אקטיאָרן וועט געשפּילט ווערן א גאנץ יאָר.

בענעפיט פאָרשטעלונגן ווערן פארקויפט צו מעסיקע פּרייזען.

מ. נעסטאָר, טעאטער מענעדזשער.

540 ווילקאָקס בילדניג.

---

## „געזונט זאָלט איר זיין“

געזונט קענט איר זיין, ווען איר פארברייננגט א שטיקל צייט אין די „פּאראדייז העלטה רעזאָרט“. 2 דראָגלעס פיזישאָנס גיבען קייראָפּראקטיק און נאטור קיור טריטמענט פריי. ווערזשעטעריען דייעט. זון-לופט בעדער, פיזיקעל קאָלטשור, עקסערסייז, טענים און קראָקעט קאורט, סווימינג, דענסינג און נייער דענס האָל און אנדערע פארוויילונג.

דער פּלאַץ איז איינער פון די שענסטע אין קאליפאָרניע מיט אלערליי פרוכטען, מאָדערנע בילדינגס, פרישע מילך און עגס, ווערזשעטייבעלס פרישע פון אייגענעם גאָרטען.

## פּרייז פון $15 א וואָך

פאר מעהר איינצעלהייטן זעהט זיך מיט מר. לאנגסנער אין אונזער „פּאראדייז“ רעסטאָראנט אין

2240 ברוקלין עוועניו, לאָס אנגעלעס

---

## ה. ק. קאָהען

אדוואָקאט

402 ברייסאָן בילדינג

טעלעפאָן: ווענדייק 9708

for first-class
cuts
phone 885329
SERVICE ENGRAVING CO.
PHOTO-ENGRAVERS
DAY & NIGHT SERVICE
128 EAST THIRD ST · LOS ANGELES

# זונלאנד

מאנאט־שריפט פאר ליטעראטור, קונסט און קולטור

רעדאקטירט פון י. ל. מאלאמוט

לאס אנגעלעס, קאל. אב, תרפ״ה — Los Angeles, August, 1925

אסניטקאָווער

## די שול־באַוועגונג אין קאַליפאָרניע

וואָס מער איך קוק זיך צו צו דער שול־באַוועגונג אין קאַליפאָרניע, אליי מער הויב איך אָן צו פארשטיין, אז אומזיסט האָט מען אונז איינגעווינט פאר אן „עם־הספר“. אין קאַליפאָרניע, האָבן מיר נאָך לע״ע דעם שבח ניט פארדינט.

מען רעט בא אונז פון א גרויסן אידישן ישוב, און אז עס וועבן זיך דאָ די פעדים פון קולטור; אז מען וויל, ווייזט מען אונז אָן, אז מיר האָבן שוין אין קאַליפאָרניע א נעץ פון אידישע קינדער־שולן א. אז. וו.

קוקט מען זיך אָבער צו נענטער צו דעם שול־וועזן, באַקאַנט מען זיך גרינטלאכער מיט די שולן, ווערט טרויעריק אף דעם הארצן.

סאַן פראַנציסקאָ, למשל, האָט נאָך עד־היום ניט קיין ריכטיקע, אידישע קינדער־שול. פון אלע ארומיקע שטעט, האָט נאָר פּעטאַלאָמאַ א שול. נו, און לאָס אנגעלעס, דער „מיטאָלאָגישער“ צענטר פון אידישער קולטור, האָט אויך ניט זייער שטארק מיט וואָס צו בארימען זיך. אמת, עס זענען דאָ פאראַן דריי שולן: די פאָלקשול, אף סאָטאָ, די שול פון די רעכטע א. ר. מיטגלידער, און א לינקע ארב. רינג שול.

וואָס מיך אינטערעסירט בא דעם איצטיקן מאָמענט, איז קודם דער פאקט, וואָס איז גוט באַקאַנט, אז אין לאָס אנגעלעס געפינען זיך אַן ערך פון פופצען טויזענט אידישע קינדער פון שול־עלטער, און וואָס אז מען רעכנט צונויף דעם סך הכל פון אלע קינדער, וועלכע לערנען זיך אין די שולן, ת״ת און „סאָנדעי־סקולס“ אינײנעם, באַקומט זיך א סך הכל פון פופצען הונדערט קינ־דער, וועלכע באַקומען אירגענד וועלכע אידישע דערציאונג, און וואָס עס איז כמעט אומגלויבלאך; דרייצען טויזענט אידישע קינדער אין אונזער לאָס אנ־

געלעס, באקומען לחלוטין גאָר קיין דערציאונג ניט. פאַר זיי וועט אידיש־קייט אין אלגעמיין בלייבן א פרעמדע, פארשלאָסענע וועלט.

לייען איך די טעג, אז א אידישער נדבן אין אונזער שטאָט האָט גע־נעבן צוואנציק טויזענט דאָלאר אף א אידישער ישיבה אין לאָס אנגעלעס, און איך קען ניט פארשטיין, פארוואָס דער איד האָט בעסער ניט געזען, אז מיט זיין געלט זאָל מען ליבערשט בויען א פּאָר אידישע, ש ט אָ ט י ש ע ת"ת, ווייל די קאָנגרעגיישאָן ת"ת לערנען שוין אין לאָס אנגעלעס באלד א פערטל יאָרהונדערט, און זיי קענען קיין מנין ריכטיקע אידן ניט אָנווייזן, אז זיי זאָלן האָבן דערצויגן!

און וואָס הערט זיך אין פּאָלקשול, ווי פירט זיך דאָרט, ווי אזוי ווערט די שול געפירט, ווער האלט אויף די שול, און וואָס זענען די רעזולטאטן פון דער דערציאונג אין דער שול? דאָ ווערט נאָך טרויעריקער אפן הארצן, ווען מען וויל גיבן א קלאָרע תשובה.

פון קיין רעזולטאטען קען נאָך קיין רייד ניט זיין, אויפגעהאלטן ווי א פּאָלקשול בא לייטן, ווערט אויפגעהאלטן, קען מען דאָס אויך ניט אָנרופן, אמת, עס לערנען אין דער שול אריבער הונדערט קינדער, אָבער ראשית, וואָס פאַר א ממשות האָבן די דאָזיקע הונדערט קינדער לגבי די טויזענטער אידישע קינ־דער, וואָס לערנען ניט, און דאָס איז שוין ניט די שולד פון די טוער אין דער פ. ש. נאָר אונזער אייגענע שולד.

עס איז א מערקווירדיגע זאך: קיין שטאָט אין דער וייטער „וועסט" פארמאָגט ניט אזא גרויסע צאָל אידישע אינטעליגענץ ווי אונזער לאָס אנגע־לעס. קומט אמאָל צו א יום־טוב, א אידישע שמחה, וועט איר נבהל ומשתומם ווערן, וויפיל גדולים, בכבוד'דיקע און כבוד־זוכער איר וועט אָנטרעפן, פּרובירט אָבער זוכן די אלע בארימטע און באקאנטע אין א שול־פאראיין, וועט איר דאָרט כמעט קיינעם ניט געפינען.

ווער־זשע פאָרט טוט די שול־ארבעט? עטלאכע געציילטע מענטשן, שטיל, אָן טומל, אָן פרעטענציעס, טוען זיי די ארבעט, און עס איז גאָר קיין חידוש ניט, וואָס זיי זענען שוין אויך לאנג איינגעמאטערט, פון דעם שווערן לאסט, צו טראָגן די שול אף זייערע פּלייצעס יאָר־איין־יאָר אויס.

וואו זענען די אלע, וועלכע ריידן אזוי שען, וועגן א אידישע סביבה, וועגן א אידישער קולטור, וואָס האלט זיך אין באפעסטיקן בא דעם פּאסיפיק? בא דער שול־ארבעט שטייען זיי זיכער ניט. אפילו די טאטעס און מאמעס, וועמענס קינדער עס ווערן דערצויגן אין דער פּאָלקשול קען מען ניט אלע צונויפברייגען צו אן אונטערנעמונג, וואו זייערע אייגענע קינ־דער באטייליקן זיך. אפילו זיי, מאכן זיך ניט ווויסנדיק, און בלייבן טויב צו דער שול באוועגונג. דער פּועל־יוצא פון אזא באציאונג איז, פארשטייט זיך ניט זייער קיין פריילאכער. מען מוז זיך מצמצם זיין אין לערער, מען קען ניט אויסהאלטן קיין פארוואלטער, נאָר מען זעט, אז מען זאָל אויסקומען מיט צוויי לערער, און אָן א באצאָלטן פארוואלטער. די שול איז אין אן אייביקן

דעפיציט, מען טראכט אלע וואָך וועגן דעם, וואָס עס וועט זיין אין א וואָך ארום, ווי אזוי וועט מען דערציען ביז דעם יערלאכן חסידים־באָל און פון דעם באָל ביז דעם „באזאר“.

הינטער אזעלכע באדינגונגען, קענען די עטלאכע איבערגעבענע טוער ניט אויפטון קיין וואונדער, כאָטש דאָס פעלד איז רייף.

אמת, ווען מען פארגלייכט די שול־באוועגונג אין ל. א. פון מיט פינף יאָר צוריק, מיט היינט, מוז מען פשוט איבערראשט ווערן. אין יענער צייט האָט די פאָלקשול ניט נאָר ניט פארמאָגט קיין אייגענע הויז, נאָר מען האָט געלערנט „דאון־טאון“, אין דאָגלאס בילדינג: זייט זיך משער און גיט א טראכט וואָס עס האָט געמיינט צו פירן די קינדער שבת, אין דעם גרעסטן טומל, און קאָך פון ספרינג סט. — דאָס איז געווען אן אמת'ער קרבן, סיי פאר די קינדער, סיי פאר די עלטערן. ווען, אלזאָ, די שול האָט באוויזן צו קויפן אן אייגענע הויז אף סאָטאָ, דער שענסטער טייל פון דער „הייטס“ געגענט, איז שוין דערמיט אליין א סך דערגרייכט געוואָרן.

פארדריסלאך איז אָבער דאָס, וואָס די מערסטע טוער פון יענער צייט, זעט מען מער ניט ארום דער שול־באוועגונג, ווייל אין דער אייגענער הויז, וואָלט מען ערשט ריכטיק געקענט א סך אויפטון אף די געביטן פון קולטור און דערציאונג.

אמאָל, ווען מען האָט נאָך געדארפט מיט איינעם אריינ'טענה'ן וועגן דער וויכטיקייט פון אידישער דערציאונג, איז געווען צו דערוואַרטן, אז א אי־דישע קינדער־שול זאָל זיך מאטערן, און זאָל דארפן זיין אָנגעוויזן אף דער שטי־צע פון א קליין הייפעלע מענטשן. אָבער היינט, ווען אלע זענען מסכים, אז אונזער ווייטערדיקער קיום הייננגט אָפּ פון דעם אינגערן דור, און אז מיר מוזן אים אליין דערציען, כדי ער זאָל אינגאנצען ניט פארפרעמדט ווערן פון אונזער שפראך, ליטעראטור, געשיכטע אום ער זאָל פאָרטזעצן דעם קאמף פאר יענע אידעאלן, וועלכע מיר האָבן אליין אמאָל געבראכט קרבנות, איצט זאָל מען זיך באציען אזוי קאלט, נאכלעסיק — כמעט פארברעכעריש, איז פשוט ניט פארשטענדלאך!

און זאָל זיין, אז אין אונזער באוועגונג האָבן מיר ניט קיין גבירים, אדירים, וועלכע זאָלן גיבן ביישטייערונגען פון טויזנטער, אָבער מיר זענען דאָך פאָרט דער רוב מנין ורוב בנין פון דער אידישער באפעלקערונג! ממה־נפשך, ווילן מיר, אז אונזערע קינדער זאָלן אויסוואקסן גוטע, זעלבסטשטענ־דיקע, פראָגרעסיווע אידן, קענען מיר דאָך ניט דערוואַרטן, אז עמיצער זאָל דאָס פאר אונז טון, מיט זיין געלט, מיט זיין מסירות־נפש! וויפיל איז דער שיעור צו שפילן זיך אין בלינדזעניש, און זיך ניט אומקוקן אף דער גרעסטער פּראָבלעמע אונזערע, וועלכע מוז איינמאָל פאר אלע פארענטפערט ווערן?

לויט מיינער מיינונג, טאָר גאָר קיינער ניט וועלן זוכן קיין חסרונות אף דער פאָלקשול, ביז מען וועט זי פריער פאר אליץ ניט אוועקשטעלן אף א גע־זונטן, מאטעריעלן באזיס. די שול־באוועגונג מוז ווערן א פאָלקס־באוועגונג,

דארף פאראינטערעסירן יעדן אידיש־פילענדען און אידיש־דיינקענדען פערזאָן. די שול מוז האָבן א רעזערוו פון גרויסע פאָלקס כחות, אף ווען זי זאָל זיך קענען שטיצן. א גרויסער „קעמפיין" פאר א בילדינגס פאָנד, דארף אונטער־גענומען און דורכגעפירט ווערן, יעדער איד אין „ברוקלין־הייטס" אויב ער איז נאָר מסכים מיט דער דאָזיקער, וויכטיקער ארבעט, דארף ווערן א יערלא־כער ביישטייערער צו דער פאָלקשול, וועלכע איז איינע פון אונזערע וויכטיק־סטע אנשטאלטן, און אם מערסטען פארנאכלעסיקסטע אין דעם זין, ווי מיר באציען זיך צו איר. ווען די אידן פון לאָס אנגעלעס, וואָלטן זיך דערוואוסט מיט וויפיל מסירות־נפש, מיט וועלכע קרבנות, עטלאכע, געציילטע פערזאָנען האלטן אויס די פאָלקשול, וואָלטן זיי זיך פארשעמט פאר זיך אליין; שטעלט זיך פאָר, אז בא דער שול שטייען אינגעלייט, וועלכע האָבן גאָר ניט קיין פא־מיליעס, און זיי, קענען ניט צוזען, ווי אונזערע קינדער ווערן פון אונז פאר־פרעמדט, און מיר אליין, מיר האָבן אונזערע קינדער אָפּגעגיבן דער גאס, דער פרעמדער סביבה, זיי וועלן אינגאנצען אָפּגעריסן ווערן פון אלץ, וואָס איז אונז ליב און טייער!

די שול פארמאָגט א בנין, דער בנין דארף און מוז אויסזען פונקט אזוי שיין, ווי אייערע אן אייגענע הויז, אויב איר האָט א הויז. די שול פאר־מאָגט א הויף, און אין הויף קלינגט מיט אידיש, קינדעריש געלעכטער. דאָרט שפילט זיך אייער קינד — אונזער קינד. וואָס לייגנער ער שפילט זיך אין דעם הויף, וואָס מער ער פארווײלט אין דער פאָלקשול, אלץ א שענערער און בעסערער איד און מענטש וועט ער אויסוואקסן, און וואָס מער אזעלכע קינ־דער, עס וועלן אין דער אידישער פאָלקשול דערצויגן ווערן, אלץ שענער וועט אויסזען אונזער צוקונפטיקער אידישער דור אין לאָס אנגעלעס. קיין פרייז איז ניט צו גרויס, אף אויפצוהאלטן אונזער קולטור, אונזער שפראך, אונזער ליטעראטור, אונזער געשיכטע, קורץ אלצדינג, וואָס עס בינדט אונז צונויף, און מאכט אונז פאר א פאָלק.

די אידישע אינטעליגענץ, אידישע טאטעס און מאמעס, מוזן אָנהויבן א באוועגונג פאר א גרויסער מיטגלידערשאפט, פאר א גרעסערער און שענע־רער פאָלקשול, פאר מער לערער, פאר מער אידישע בילדונג פאר די אידישע קינדער אין אונזער שטאָט. איצט, איידער דער נייער זמן, דער ווינטער־סעזאָן קומט אָן, מוזן מיר זען, וואָס עס קען געטון ווערן, כדי די שול־טוער זאָלן קענען אויסברייטערן זייערע למודים, זאָלן קענען אפערירן אין דער שול מיט א באשטימטן בודזשעט.

די הענט פון די טוער אין דער פאָלקשול מוזן געשטארקט ווערן. נייע כחות, פרישע קרעפטן, מער טוער דארף די פאָלקשול, און מען מוז איר גלייך קומען צו הילף.

די פ. ש. איז די עלצטע שול אין ל. א. און מוז געשטעלט ווערן אף א באשטאנד. וועגן די אנדערע שולן אין די ווייטערדיקע העפטן.

י. טוגענדהאָלד *)

# פאָלקס־קונסט אין סאָוועט־רוסלאנד

די קונסט פון דער היינטיקער רוסלאנד, שטעלט מיט זיך פאָר, א נאציאָנאליטעטן־קונסט, און איז ווי א מוזיקאליש אינסטרומענט, אף וועלכן יעדעס פאָלק שלאָגט אָן אן אייגענעם טאָן, און אלע אינייגעם דריקן אויס א וואריאציע פון פאָרם, אָרנאמענט, קאָליר, מאטעריאל און טעכניק אין דער קונסט.

די קונסט איז כולל יעדע מעגלאכע צווייג פון פראָדוקציע, ווי, למשל, האָלץ־שניצעריי, שטיין־האקעריי, און ביין־שניצעריי, זייד־געוועב, טעפעריי מעטאל־גוס, צייכנען, מאָלן, שניצן, פארבן א. אז. וו. דאָ זעט איר די צארטע, לירישע געוועבן פון די אוקראינער טעפיכער, און די העלע, בונטע שטרייפן פון די זיידענע שאלן פון די אזערבאיאנער, די סקארלעט־רויטע שאָטנס אריינגעוועבט אין די טאפעטן פון צענטראל־אזיע. די אָרנאמענטן שטעלן מיט זיך פאָר פארשיידענע בלומען, גרינסען, חיות, פיגורען, געאָמעטרישע און אָביעקטיווע.

אָט איז דער אוקראינער מיט זיין קראפטפולער טעפיך־וועבעריי, און די קרים מיט אירע פיינע העפטן און גאָלד־געוועב, די טאָטערן מיט זייערע לעדער און זילבער־ווארג, דער קאווקאז מיט זיינע אזערבאיאנישע דיוואנען און טאפעטן, דאָעסטאן מיט אירע זייד און מעטאל־ארבעט, און אזוי פאר־מאָגט יעדע ראסע איר אייגענעם וועג, וועלכער איז פאר איר זייער כאראק־טעריסטיש און אייגנארטיק, און אף איר אייגענעם אופן געפינט זיך יעדע נאציע אויסדרוק אין דער קונסט, דורך פאָרמען און מאטעריאלן, וואָס אפעלירן צו איר אמבעסטן.

פונדעסטוועגן, ווי פארשיידן די אלע פעלקער זענען ניט אף די קונסט־געביטן, האָבן זיי אָבער פאָרט עפעס געמיינשאפטלאכעס צווישן זיך, מער געמיינשאפטלאכעס, ווי עס האָבן די ענגלאנדער, אירלאנדער און אינדיער; אָדער עסטרייך מיט גאליציע, אף וועמען עס פלעג ביז ניט לאנג ארויפגע־צוואונגען ווערן דער שטעמפל פון „וויענער שיק".

---

*) טוגענדהאָלד ווערט היינט באטראכט פאר דעם גרעסטן רוסישן אויטאָריטעט אין דער קונסט. ער האָט אָנגעשריבן אייניקע ביכער וועגן דעם ענין, און איז בארימט מיט זיין בוך „קריג און קונסט". דער דאָזיגער ארטיקל איז צונויפגעשטעלט לויט די מאטעריאלן, וואָס געפינען זיך בא דער רוסישער אינפאָרמאציאָנס ביוראָ אין וואשינגטאָן.

דארף פאראינטערעסירן יעדן אידיש־פילענדען און אידיש־דיינקענדען פערזאָן. די שול מוז האָבן א רעזערוו פון גרויסע פאָלקס כחות, אף ווען זי זאָל זיך קענען שטיצן. א גרויסער „קעמפיין“ פאר א בילדינגס פאָנד, דארף אונטערגענומען און דורכגעפירט ווערן, יעדער איד אין „ברוקלין־הייטס“ אויב ער איז נאָר מסכים מיט דער דאָזיקער, וויכטיקער ארבעט, דארף ווערן א יערלאָכערביישטייערער צו דער פאָלקשול, וועלכע איז איינע פון אונזערע וויכטיקסטע אנשטאלטן, און אם מערסטען פארנאכלעסיקסטע אין דעם זין, ווי מיר באציען זיך צו איר. ווען די אידן פון לאָס אנגעלעס, וואָלטן זיך דערוואוסט מיט וויפיל מסירות־נפש, מיט וועלכע קרבנות, עטלאכע, געציילטע פערזאָנען האלטן אויס די פאָלקשול, וואָלטן זיי זיך פארשעמט פאר זיך אליין; שטעלט זיך פאָר, אז בא דער שול שטייען איינגעלייט, וועלכע האָבן גאָר ניט קיין פאַמיליעס, און זיי, קענען ניט צוזען, ווי אונזערע קינדער ווערן פון אונז פארפרעמדט, און מיר אליין, מיר האָבן אונזערע קינדער אָפּגעגיבן דער גאס, דער פרעמדער סביבה, זיי וועלן אינגאנצען אָפּגעריסן ווערן פון אלץ, וואָס איז אונז ליב און טייער!

די שול פארמאָגט א בנין, דער בנין דארף און מוז אויסזען פונקט אזוי שיין, ווי אייערע אן אייגענע הויז, אויב איר האָט א הויז. די שול פארמאָגט א הויף, און אין הויף קלינגט מיט אידיש, קינדעריש געלעכטער. דאָרט שפּילט זיך אייער קינד — אונזער קינד. וואָס לייגנער ער שפּילט זיך אין דעם הויף, וואָס מער ער פארווײַלט אין דער פאָלקשול, אלץ א שענערער און בעסערער איד און מענטש וועט ער אויסוואקסן, און וואָס מער אזעלכע קינדער, עס וועלן אין דער אידישער פאָלקשול דערצויגן ווערן, אלץ שענער וועט אויסזען אונזער צוקונפטיקער אידישער דור אין לאָס אנגעלעס. קיין פּרייז איז ניט צו גרויס, אף אויפצוהאלטן אונזער קולטור, אונזער שפּראך, אונזער ליטעראטור, אונזער געשיכטע, קורץ אלצדינג, וואָס עס בינדט אונז צונויף, און מאכט אונז פאר א פאָלק.

די אידישע אינטעליגענץ, אידישע טאטעס און מאמעס, מוזן אָנהויבן א באוועגונג פאר א גרויסער מיטגלידערשאפט, פאר א גרעסערער און שענערער פאָלקשול, פאר מער לערער, פאר מער אידישע בילדונג פאר די אידישע קינדער אין אונזער שטאָט. איצט, איידער דער נייער זמן, דער ווינטערסעזאָן קומט אָן, מוזן מיר זען, וואָס עס קען געטון ווערן, כדי די שול־טוער זאָלן קענען אויסברייטערן זייערע למודים, זאָלן קענען אפערירן אין דער שול מיט א באשטימטן בודזשעט.

די הענט פון די טוער אין דער פאָלקשול מוזן געשטארקט ווערן. נייע כחות, פרישע קרעפטן, מער טוער דארף די פאָלקשול, און מען מוז איר גלייך קומען צו הילף.

די פּ. ש. איז די עלצטע שול אין ל. א. און מוז געשטעלט ווערן אף א באשטאנד. וועגן די אנדערע שולן אין די ווייטערדיקע העפטן.

י. טוגענדהאָלד *)

# פאָלקס־קונסט אין סאָוועט־רוסלאנד

די קונסט פון דער היינטיקער רוסלאנד, שטעלט מיט זיך פאָר, א נאציאָנאליטעטן־קונסט, און איז ווי א מוזיקאליש אינסטרומענט, אף וועלכן יעדעס פאָלק שלאָגט אָן אן אייגענעם טאָן, און אלע איניינעם דריקן אוים א וואריאציע פון פאָרם, אָרנאמענט, קאָליר, מאטעריאל און טעכניק אין דער קונסט.

די קונסט איז כולל יעדע מעגלאכע צווייג פון פראָדוקציע, ווי, למשל, האָלץ־שניצעריי, שטיין־האקעריי, און ביין־שניצעריי, זייד־געוועב, טעפעריי מעטאל־גוס, צייכנען, מאָלן, שניצן, פארבן א. אז. וו. דאָ זעט איר די צארטע, לירישע געוועבן פון די אוקראאינער טעפיכער, און די העלע, בונטע שטרייפן פון די זיידענע שאלן פון די אזערבאיאנער, די סקארלעט־רויטע שאָטנס אריינגעוועבט אין די טאפעטן פון צענטראל־אזיע. די אָרנאמענטן שטעלן מיט זיך פאָר פארשיידענע בלומען, גרינסען, חיות, פיגורען, געאָמעטרישע און אָביעקטיווע.

אָט איז דער אוקראאינער מיט זיין קראפטפולער טעפיך־וועבעריי, און די קרים מיט אירע פיינע העפטן און גאָלד־געוועב, די טאָטערן מיט זייערע לעדער און זילבער־ווארג, דער קאווקאז מיט זיינע אזערבאיאנישע דיוואנען און טאפעטן, דאָעסטאן מיט אירע זייד און מעטאל־ארבעט, און אזוי פאר־מאָגט יעדע ראסע איר אייגענעם וועג, וועלכער איז פאר איר זייער כאראק־טעריסטיש און אייגענארטיק, און אף איר אייגענעם אופן געפינט זיך יעדע נאציע אויסדרוק אין דער קונסט, דורך פאָרמען און מאטעריאלן, וואָס אפעלירן צו איר אמבעסטן.

פונדעסטוועגן, ווי פארשיידן די אלע פעלקער זענען ניט אף די קונסט־געביטן, האָבן זיי אָבער פאָרט עפעס געמיינשאפטלאכעס צווישן זיך, מער געמיינשאפטלאכעס, ווי עס האָבן די ענגלאנדער, אירלאנדער און אינדיער; אָדער עסטרייך מיט גאליציע, אף וועמען עס פלעג ביז ניט לאנג ארויפגע־צוואונגען ווערן דער שטעמפל פון „וויענער שיס“.

---

*) טוגענדהאָלד ווערט היינט באטראכט פאר דעם גרעסטן רוסישן אויטאָריטעט אין דער קונסט. ער האָט אָנגעשריבן אייניקע ביכער וועגן דעם ענין, און איז בארימט מיט זיין בוך „קריג און קונסט“. דער דאָזיגער ארטיקל איז צונויפגעשטעלט לויט די מאטעריאלן, וואָס געפינען זיך בא דער רוסישער אינפאָרמאציאָנס ביוראָ אין וואשינגטאָן.

דאָס געמיינטשאפטלאכע פון די אלע פעלקער דריקט זיך אויס אין דעם אָריענטאלן באזים פאר קונסט אין סאָוועט־רוסלאנד. אלע קונסטן זע־נען דער פּועל־יוצא פון דעם גרויסן סענטימענט פאר דעקאָראציע, און דאָס האָט געטריבן די אלע פעלקער צו דעקאָרירן זייער אינדוסטריעל לעבן מיט די מינדעסטע איינצעלהייטן פון הויזווירטשאפט. יעדעס פאָלק באנוצט פאר איר קונסט אלץ, וואָס עס קומט איר צו דער האנט, און יעדע זאך, וואָס די נאטור האָט איר געגיבן, ווערט אָף א קונציקן און עקאָנאָמישן אופן אויס־גענוצט; אָנהויבענדיק פון קאָרע פון בוימער, גראָבע זעק,ביינער, פעל, ביז געשטאָפּטע פויגל, וואָל, זייד, גאָלד און בראָקאד.

מיר האָבן קונסט געשאפן פון א פאָלק, וואָס באארבעט די ערד, און אויך א קונסט פון נאָמאדן, יעגער און פישער. די קונסט שאפן זיי פאר אייגענעם געברויך, און דאָס באפרידיקט זייערע לעבענסבאדירפעניש, ווי צ. ב. ש., די אויסגענייטע שיך פון די קאווקאזער טאָטערן, די געשטרייפטע קליידער פון די אוקראינער פרויען, די לעדערנע זאָטלען און טאשן פון די קאווקאזער, און די טעפּיכער פון די נאָמאדן אין צענטראל־אזיע.

די אָריענטאלע טעפּיכער, וועלכע פלעגן ביז איצט געוועבט ווערן אין פּערזיען, אויסשליסלאך פאר דעם הויף און פאר דער אריסטאָקראטיע, זענען געוואָרן א פּאָפּולערע קונסט אין צענטראל־אזיען. אזעלכע טעפּיכער וועבן דאָרטן איצט אלע פרויען, צום דעקאָרירן מיט זיי זייערע אייגענע היימען, און די דאָזיקע נאאיווע מוסטערן, פול מיט פרימיטיוון אינהאלט, אפּעלירן צו אונז א סך מער ווי רייכע טעפּיכער וואָס פּערסיען פלעג ביז ניט לאנג צו־ריק פאר אונז וועבן.

די אלע קונסטן זענען ארויסגעשפּרונגען פון דעם שאפונגס גייסט בא די פאָלקסמאסן, צווישן די פארשיידענע פעלקער, און שוין דערפאר אליין האלט זי אין זיך אויף די מערקווירדיקע פרימיטיווע פרישקייט. עס פילט זיך אין איר דער שטארקער סענטימענט פון דער שפּראך, פול מיט ריטם און קלאנג. איר פילט דאָס שפּילעוודיקייט, און דעם גוטמוטיקען הומאָר פון דעם אוקראינער, פּונקט ווי איר געפינט בא דעם קאווקאזער דאָס העראָאישע ווילדקייט פון זיינע בערג, אומעטום פילט איר די ליבע צו דער נאטור, חיות, און דעם ווידערקלאנג און די לאנגזאמע מעלאָדיע פון צענטראל־אזיען.

ווי האלט עס מיט דער קונסט וואָס האָט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט אלס ירושה פון דער אלטער רוסלאנד, און וואָס זענען די אויסזיכטן פון דער דאָזיקער קונסט פאר דער צוקונפט ?

די רוסלאנד פון אמאָל האָט קיינמאָל גאָרניט געטון פאר דער אנט־וויקלונג פון דער קונסט בא די פארשיידענע קליינע פעלקער, אדרבה, די אלטע רוסלאנד האָט אָנגעווענדעט איר גאנצע מאכט אונטערצודריקן נאציאָנאלי־טעטען, וואָס אמבאלאנגט שפּראך, טעאטער, שול, און האָט געזוכט מיט אלע מיטלען אלץ רוסיפיצירן; אפילו דער שטודיום פון עטנאָגראפיע איז בא־טראכט געוואָרן פאר א „געפערלאכער וויסענשאפט“.

אָבער די פּשוטע פֿאָלקס־מאַסן איבער גאַנץ רוסלאַנד זענען זיך אָנ־
געגאַנגען מיט זייערע הויזווירטשאַפֿלאַכע קונסטן, ניט קוקענדיק אַף די אַלע
שלעסער, וואָס דער אַלטער רעזשים האָט אַף זיי אַרויפגעצוואונגען. אַלע
פֿעלקער האָבן געוועבט, געשפּונען, געהעפֿט, געשניצט און געמאָלן, געצייכענט
און געקאַרבט, ביז די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן און אַלע שלעסער און
צוואַנגען זענען אַף אייביק צעבראָכן געוואָרן.

נאַציאָנאַלע זעלבסט־רעגירונג האָט געפֿירט צו דעם, אַז עס האָבן
זיך אָרגאַניזירט וואָס מער עטנאָגראַפֿישע געזעלשאַפֿטן, און אַנשטאַט דעם
וואָס פֿריער האָבן די קליינע פֿעלקער געקוקט קרום איינע אַף די אַנדערע האָבן
זיי נאָך דער רעוואָלוציע אָנגעהויבן אַרבעטן האַרמאָניש, פֿאַר אַן אַלגעמיינער
אַנטוויקלונג פֿון קונסט און קולטור. עס איז געשען דער היפּוך פֿון דעם,
וואָס מען האָט דערוואַרטעט; נאָך דער רעוואָלוציע איז געקומען אַ גרויסער
אויפֿגעלעבטער אינטערעס, צו אַנטיקן און קונסט־מאָנומענטן. אַלע ווערט־
פֿולע, אַרכיטעקטאָראַלע מאָנומענטן זענען אונטער דעם אויפֿזיכט פֿון דער
צענטראַלער רעגירונג, אין מאָסקווע, און דאָס איבעריקע אין שוץ פֿון די
לאָקאַלע רעגירונגס באַאַמטע איבער גאַנץ רוסלאַנד.

עס ווערן צוריק אויפֿגעשטעלט אַלטע מאָנומענטן פֿון די אַלטע צייטן,
וואָס זענען געווען אין געפֿאַר צושטערט צו ווערן, ווייל זיי זענען שוין זייער
אַלט, ווי די באַרימטע מאָנומענטן אין סאַמאַרקאַנד, און אויך אייניקע אָפּ־
טיילונגען אין דער מאָסקווער קרעמלין.

די עטנאָגראַפֿישע געזעלשאַפֿטן מאַכן כּסדר אויסגראָבונגען אין דער
קרים און אין קאַווקאַז. אַ גרויסע צאָל מוזעאומס ווערן געעפֿנט אין ערטער,
וואו פֿריער האָט גאָר קיינער ניט געחלומ'ט, אַז דאָרט זאָל זיך געפֿינען אַ
מוזעאום, ווי, למשל, מוזעאומס פֿאַר לאָקאַלע קולטור, לאָקאַלע אַנטדעקונגען,
און אינדוסטריעלע קונסטן. אין די גרעסטע שטעט ווערן די מוזעאומס אַ
סך פֿאַרגרעסערט.

וואָס עס איז שייך דער לעבעדיקער קונסט פֿון נאַציאָנען, האָבן זיי
איבערגעלעבט און אויסגעהאַלטן אַלע שווערע צייטן פֿון דער מלחמה, רואינע,
הונגער און אויסלאַנדישער בלאָקאַדע. די פּאָפּולאַרע קינסטלער פֿון דער אַל־
טער רוסלאַנד, די טעפּער, קאַרווירער, טישלער, וועבער, העפֿטער און מאַלער,
האָבן אַלע אויסגעהאַלטן און זענען געבליבן געטריי זייערע קינסטלערישע
טראַדיציעס, און מיט דער איצטיקער עקאָנאָמישער פֿאַרבעסערונג, הויבן
זיך ווידער אָן צו באַווייזן די אויסגערעכנטע קונסט־פּראָדוקציעס.

לאָקאַלע אינדוסטריעלע קונסט־שולען און טעכניקומס, ווערן אָרגאַני־
זירט, און זייער אָפּט מיט דער שטיצע פֿון דער צענטראַלער רעגירונג. אַ שול
פֿאַר טאָטערישע קינסטלער געפֿינט זיך אין דער אַלטער שטאָט באַקטשיסאַ־
ריי און אַ שול פֿאַר טערקישע וועבער געפֿינט זיך אין באַקו. אַ נייע שול
האָט מען אויך געעפֿענט אין אַסקאַבאַד, צענטראַל־אַזיען, און עס ווערן
פּראָיעקטירט נאָך פֿינף אַזעלכע שולן פֿאַר פּרויען.

עס איז פארשטענדלאך, אז דאָס, וואָס אלע נאציאָנאליטעטן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באטייליקן אין דער פּאליטיק פון סאָוועט־רוסלאנד, און מיט דעם גרויסן חשק צו בילדונג און קונסט, איז ביסלאכוויים פארשוואונדען דער איגנאָראנטישער אבער־גלויבען און פאנאטיזם, וועלכער איז געווען שטארק פארשפרייט, באזונדערס צווישן די פרויען, און פאר אונזערע אויגן גייט איצט אָן אן אינטערעסאנטער שאפונגס־פּראָצעס בא די אלע פעלקער; מיר זייען, ווי דאָס נייע לעבן, וואקסט זיך צענויף מיט דער אלטער טראדיציע.

עס וואקסט א נייער מזרח, אפשר ווינציקער עקזאָטיש און ניט אזוי מיסטעריעז ווי דער מזרח פון באקסט און רוהריק, דער מזרח פון דעם רוסישן באלעט ,אָבער דער נייער מזרח איז דערפאר מער באוואוסטזיניק און אויך מער ציוויליזירט. די טעפּיכער וואָס מען פלעג אמאָל באנוצען למשל, פאר רעליגיעזע צוועקן, ווי אין קירכע א. אז. וו. ווערן היינט מער גענוצט און אויס־געשטעלט אלס דעקאָראטיווע עלעמענטן אף די נאציאָנאלע פּאָלקספייערונגען, און ימים־טובים.

די מאָסעלמאנישע פרוי הערט אויף צו פארשליסן איר פּנים אונטער דעם אמאָליקן דיקען צודעק, און אנשטאט דעם, טראָגט זי שוין היינט נאָר א טיכל. אמת, די געבילדעטע פרוי וועט זיך ניט איינשפּאנען אף חרשים און יאָרן בא דעם וועב־שטול, אָבער זאָרגן זיך וועגן דעם איז ניטאָ וואָס. די אויסגעבעסערטע טעכניק אין דער קונסט־שאפונג, וועט זיך אן עצה גיבן, און קומען איר צו הילף מיט געצייג, א. אז. וו. די פארשיידענע פּאָלקס־קונסטען ברייטערן זיך אויס אף נייע און אָריגינאלע טעמען, ניט קוקענדיק אף דעם, וואָס אלע פעלקער זוכן אויפצוהאלטן זייער טראדיציע, און קיינער דיקטירט זיי ניט קיין נייע פאָרמען. דאָס לעבן אליין באאיינפלוסט, און רופט ארויס נייע טעמען. פּונקט ווי אמאָל האָט זיך דאָס קריסטענטום אָפּגעשפּיגלט אין די אנטיקן, אזוי האָט אויך דער איצטיקער פרייער גייסט באהויכט די פאָלקסקונסט מיט נייע ריכטונגען.

* * *

דער בארימטער הערמיטאזש מוזעום אין לענינגראד, וועלכער פאר־מאָגט די גרעסטע קאָלעקציע רעמבראנד־בילדער אין דער וועלט, איז אין די לעצטע צוויי יאָר איבערגעבויעט געוואָרן. דאָרטן געפינען זיך הונדערט און דריי און פופציק צימערן, און אלע זענען אויסגעשטעלט פאר דעם גענוס פון דעם מוזעום באזוכער. פאר דעם היינטיקן סטודענט פון קונסט, איז דער הערמיטאזש ווערט א סך מער ווי אין די טעג פון די צאָרן.

דער הערמיטאזש איז היינט א גרויסער קאָנטראסט צו דעם, וואָס ער איז געווען מיט אייניקע יאָר צוריק, ווען דייטשלאנד איז געגאנגען אף לענינ־גראד, (דאן פּעטראָגראד) אין יענער צייט האָט מען די אוצרות פון מוזעאום באהאלטן אין די קלענערע שטעט, כדי זיי זאָלן ניט געשעדיקט ווערן. אין 1920 האָט מען גערעכנט, אז די געפאר פון דער ציווילער קריג איז שוין אויך אריבער, און מען האָט צוריקגעבראכט אלע בילדער, און קונסט־ארטיק־

לען, און ניט קוקענדיק אַף די טראַנספּאָרטאַציאָנס שוועריקייטן, זענען דאָך די בילדער ארויסגעקומען ניט באַשעדיקט. אין דער הינזיכט זענען די רוסן געווען א סך גליקלאכער ווי די פראנצויזן, וועמענס קונסט־בילדער פון לוואוור זענען צוריקגעקומען באַשעדיקט אלס רעזולטאַט פון דעם, וואָס מען האָט זיי אין מלחמה־צייט געשלעפּט קיין טולוז און באָרדאָ. מער ווי הונדערט קאַס־טענס מיט קונסט־אוצרות זענען צוריקגעקומען אין הערמיטאַזש, און אין א וואָך ארום, האָט מען דאָרט געוויזן א רעמבראַנד אויסשטעלונג, דאָס באַווייזט ווי גאַנץ און פאַרהיט אַלץ איז צוריקגעקומען. מען האָט אפילו ניט געקענט דערקענען, אז די בילדער זענען געווען ארונטערגענומען פון די ווענט.

מיט דער עטאַבלירונג פון דער סאָוועט־רעגירונג זענען זיכער געקומען בעסערע צייטן פאַר דער קונסט פון אַלע פעלקער, וועלכע איז אין די אַלטע צייטן געווען א פאַרשלאָסן בוך פאַר די ברייטע פאָלקסמאַסן, און גענאָסן פון דער קונסט האָבן אין יענער צייט נאָר יענע פּריווילעגירטע טיילן פון דעם הויף פון דער אריסטאָקראַטיע, אנשטאָט דעם איז איצטער די קונסט געוואָרן א קוואַל פון בילדונג און גענוס, און אויך א שטודיום פאַר דער גאַנצער באַ־פעלקערונג אין סאָוועט־רוסלאַנד.

(אידיש פון א. ס.)

באַר־עין

# אמאָל

שפּאַן פון צייט איז ניט בלויז צאָל:
אזויפיל און אזויפיל טעג אין יאָר —
שפּור פון שטורעמס און פון פרעסט,
תכריכים־פעדים אין די האָר.
קינדער צוויי — איך און דו —
העלער מאָרגענשיין און שטילע רו —
און אפשר נאָך טריליאָנען יאָרן לאַנג,
ווען ערד געווען איז נאָך א נעפּלקנויל,
און מיר ביידע — באָדענלאָז און הויל,
געשוועבט אין ספערן ווי קלאַנגלאָזער געזאַנג
שוואַנען שווימענדיקע, אַף א קלאָרן שטראָם.
און ווי א וועלט געלייטערט לאַנג אין לייד,
געשטיגן האָבן מיר אין שיין פון גאָלדיק רויטן פלאַם —
און פאַליענדיק געזונגען האָט דאָס בלוט,
געצונדען פון א געטלאכן גלוט.

שלמה י. בעלסקי

# פּיטאָן

הויב העכער דיין קאָפּ, אָ, פּיטאָן,
וויג אים הין — הער, הין — הער;
וויקל און צירקל דיין עלאַסטישן קערפּער
לאַנגזאַם, אָן אָפּרו, הין — הער, הין — הער.

פּאַטום האָט בלינד אונזערע וועגן צוזאַמענגעפירט.
און איידער דו האָסט זיך באַוואויגן,
אַ צווייג, אַ פאַרדאַרטער —
אין ברוין און זילבער געצירט —
האָט פון בוים זיך געצויגן
אומזיסט צו דער זון,
טרוקן און שטום
די בלויע לופט געשטאָכן.

ווער האָט דיין רו געוועקט?
שטיל, ווי די לאָטוס אין ווינט געבויגן,
האָבן דיינע רונדע באַוועגונגען דערוואַכט
און מיט גאָלד פון מיטאָגדיקער זון,
די מאָזאַאיק־פּראַכט
פון דיין לייב געפינקלט.

ווער האָט דיין ציל פאַרטראַכט?
ריטמיש האָסט דיין קאָפּ געוויגט הין און הער,
ווי אין זיין כשוף־קרייז אַן אינדישער פאַקיר
און מיט דיינע ווירבלדיקע רינגען
מיין מח פאַרטונקלט.

הויב העכער דיין קאָפּ, אָ, פּיטאָן,
וויג אים הין — הער, הין — הער;
וויקל אויס אכטן, אומענדלאַכע כוואַליעס,
לאַנגזאַם, אָן אָפּרו, הין — הער, הין — הער.

אזוי וויגן זיך צווייגן פון פאלמען פארנאכט ;
אזוי כוואליען זיך לאנען ;
אזוי נויגן זיך זאנגען אין רייפקייט באזאכט ;
אזוי כשופ'ט דער ספינקס אין דער שטיל
זיין אייביקן סוד צו דעם ניל
ווי דו, אָ, פיטאָן,
דיין טאנץ פון איינטאָניקייט
און כימערישן שפיל.

איז פאר דיר אנטפלעקט געוואָרן
דער טאנץ פון די שעה'ען
בא די ראנדן פון קץ ?
האָסטו דיין שימערדיקן רייץ
אין טעמפל פון איזיס אויסגעפאָכטן
און פון די טענצערנס לייבער
האָסטו אויסגעפלאָכטן
דיינע פאנטאסטישע שלייפן,
דיינע זיג־זאגן, אונזעבארע שטראלן,
וואָס טויטן די וואָרצל־קוואלן
פון ווילן
און וועבן מידע זיסקייט־נעצן
אין די גלידער ?

עס האָט קיינער אזוי ניט אויסגעשריען
שטום און שטיל
דעם רוף,
דעם פארלאנג ניט אויסגעשפונען
אזוי צארט און קיל
וויקלענדיק אין גיריקייט דעם גוף.

הויב העכער דיין קאָפּ, אָ, פיטאָן,
וויג אים הין — הער, הין — הער ;
וויקל און בינד אוים פאנטאסטישע שלייפן.
לאנגזאם, אָן אָפּרו, הין — הער, הין — הער.

ווער האָט אָנגעהויכט דיין שווארצאפל מיט אייביקייט ?
ווער האָט אומעט אָנגעשריבן אין דיין אויג
און שקלאפישע אונטערטעניקייט ?
קלאפט צער מיט פויסטן וואונדיקע דיין הארץ ?

# דאס אידישע טעאטער אין לאס אנגעלעס

איצט, ווען דאָס „קאפיטאל“ טעאטער איז שוין איבערגעגאנגען אין אידישע הענט, און עס איז שוין מער ווי זיכער, אז מיר וועלן האָבן א באַשטענדיק אידישן טעאטער אין קאליפאָרניע, וועט אויך זיין אינטערעסאנט צו זען, וואָס עס זענען געווען די סבות, וואָס האָבן ביז איצט געפירט צו דעם מיסערפאָלג פון טעאטער אין אונזער שטאָט.

טעאטער און פרעס גייט אומעטום האנט אין האנט. אין שטעט וואו איר וועט געפינען א אידישע פרעס, וועט איר אויך טרעפן א אידיש טעאטער. זעלטן, אָבער האלט זיך א טעאטער אין א שטאָט, וואו עס איז ניטאָ קיין פרעס. אידן, וועלכע ליינען אידישע צייטונגען גייען אין אידישן טעאטער — קוים האָט זיך איינער שוין אמעריקאניזירט, אויפגעהערט ליינען א אידישע צייטונג, ווערט ער שוין אויך א זעלטענער באזוכער פון אידישן טעאטער.

עס קען דאריבער גאנץ מעגלאך זיין, אז דאָס וואָס בא אונז איז ביז ניט לאנג צוריק קיין רעכטע אידישע פרעס ניט געווען, איז אינדירעקט געווען א הינדערניש פאר דעם ערפאָלג פון דער אידישער בינע אין קאליפאָרניע, — בעסער געזאָגט; דאָס טעאטער האָט געמוזט בלייבן שטיין אף פונקט אזא נידריקער מדרגה, אף וועלכער עס איז געשטאנען דאָ די אידישע פרעס. הפקר איז געווען דאָס געדרוקטע אידישע וואָרט, ארויסגיבער האָבן זיך באצויגן צו זייערע אייגענע אויסגאבן אָן א ברעקל דרך־ארץ, און פונקט אזוי הפקר'דיק איז דאָ אויך געווען די אידישע בינע; מענטשן אָן א ברעקל טאלאנט האָבן דאָ געשפילט טעאטער, און פונקט ווי דער עולם האָט ניט געקענט שענקען דעם מין צייטונגען קיין צוטרויען, פונקט אזוי האָט קיינער ניט געוואָלט שטיצן א טעאטר, וואָס פארדינט ניט דערמאָנט צו ווערן צווישן אנשטענדיקע טעאטערען.

יאָרענלאנג זענען דאָ איבערגעפירט געוואָרן שווערע טויזנטער דאָלאר אף א אידישע פרעס, און א לאנגע צייט האָט מען דאָ אויך דערלעגט געלט צו שלעכטע ביליגע טעאטערלאך. אין דעם פארגאנגענעם יאָר האָט זיך דערוויזן א נייע דערשיינונג סיי אין דער פרעס, סיי אף דעם טעאטערגעביט. א דאנק דעם אָנקומען פון דער „ווילנער טרופע“, וועלכע האָט זיך דאָ אָפּקעשטעלט אף א סעזאָן; א דאנק זייער אמת־ערנסטער באציאונג צו דער אידישער בינע, האָבן די היגע אידן דערפילט נאָך א גרעסער ווידערגעפיל און איבל צו דעם אמאָליקן „אויך מיר־טעאטער“ און אינאיינוועגס א באדערפניש פאר א שיין אידיש טעאטער. מען איז געגאנגען אזוי ווייט, אז עס האָט זיך אפילו שוין געהאט געגרינדעט א אידישע קונסט־געזעלשאפט, וואָס האָט געזאָלט סובסידירן א גוט אידיש טעאטער. אין דעם אייגענעם יאָר האָבן מיר שוין דאָ אויך געהאט א רעגעלמעסיקע, וואָכענטלאכע פרעס.

פארשטייט זיך אז דעם ערשטן יאָר האָט ניט די פרעס, ניט דאָס

טעאטער געקענט זיין קיין גרויסער ערפאָלג, און אָט פארוואָס:

טעאטער ווי פּרעס דאַרף היינט געפירט ווערן פון דורכאויס דערפאַ־רענע, פּעאיקע פּארוואלטער. מען קען זיין א גאנץ ערלאכער מענטש, און דאָך מאכן פארשיידענע טעות׳ן, צוליב ניט־דערפארענהייט, און דאָס מוז פירן צו מיסערפאָלג, ווי עס איז געווען דער פאל מיט די „ווילנער״. די טרופּע האָט געוואָלט ניט אנדערש, ווי נאָר שפּילן ליטעראטור, און דאָס וואָלט א פּעאיקער פארוואלטער, ניט געווען דערלאָזט, פּונקט ווי א צייטונג טאָר זיך ניט ארונטערלאָזן צו די נידעריקע, ביליגע אינסטינקטן פון די לעזער, וועט אויך קיין ארויסגעבער פון א מאָדערנער צייטונג ניט איינפאלן אויס־פּילן זיין צייטונג מיט לויטער ליטעראטור, ווייל א צייטונג ווערט געליינט פון אלערליי לעזער, דעריבער דרוקט זי אלערליי נייעס, א ראָמאן, א קורצע דערציילונג, א פעליעטאָן, און פון צייט צו צייט א ליטעראריש ווערק, צו באפרידיקן אויך דעם פיינשמעקער. א טעאטער, בפרט אין א פּראָווינץ־שטאָט מוז זיין צוגעגרייט מיט דעם גאנצן אידישן רעפּערטואר, וואָס איז כולל אין זיך גאָרדין, קאָברין, גאָלדפאדען, און אויך הירשביין א. אז. וו.

ווען אָבער די „ווילנער״ האָבן דורכאויס געשפּילט ליטעראטור, און דערצו נאָך א באשרענקטן רעפּערטואר, און זייער פּארוואלטער האָט דאָס דערלאָזן, האָט ממילא געמוזט קומען דערצו, אז אפילו די קונסט־געזעלשאפט זאָל גאָרניט קענען העלפן.

מיט אונזער פּרעס דאָ אין א געוויסער הינזיכט קומט פאַר דאָס איי־גענע, כאָטש ווענן דער פּרעס קען זיין איז באקוועמער ניט צו רעדן. די פּרעס איז דאָ א פּריוואטע אונטערנעמונג, אָבער אף וויפיל זי האָט א שייכות מיט דעם לעבן, מעג מען זיך יאָ דערלויבן צו באמערקן, אז ווען די אייגענע צייטונג וואָלט געווען געהאט מעגלאכקייטן אָנצושטעלן א פּארוואלטער — , און ניט ווי ביז איצט; דער רעדאקטאָר איז אויך דער פּארוואלטער, און חוץ די ביידע אמטן מוז ער נאָך טון טויזענטער אנדערע זאכן ארום דער צייטונג, ווי זאמלען אנאָנסן, א. ד. ג. איז פּשוט צום באוואונדערן, ווי אזוי ער האָט די צייטונג אויפגעהאלטן ביז איצט.

ווי די זאך זאָל ניט זיין, סיי דאָס טעאטער, סיי די אידישע פּרעס האָט שוין דאָ א פעלד, און קען זיין א גרויסער ערפאָלג. דאָ איז דאָ א גע־זונטער באָדן פאַר א טעגלאכער צייטונג, און נאָך א פיל בעסערער באָדן פאַר א באשטענדיק אידיש טעאטער, און פּונקט ווי סע וועט קיינעם ניט איינפאלן ארויסצוגעבן א צייטונג אָן די אלע „פּיטשורס״ ווי נייעס, ראָמאן, פעליעטאָן, א. אז. וו. אזוי טאָר דאָ אויך ניט געשפּילט ווערן קיין הונדערט־פּראָצענט לי־טעראַרישע פּיעסן דעם גאנצן סעזאָן.

אויב מען וויל, אז דאָס טעאטער זאָל האָבן אריכות ימים, מוז מען אזוי איינשטעלן דעם רעפּערטואר, אז ער זאָל זיין אינטערעסאנט פאַר אלע קלאסן אידן. די בעסערע מעלאָדראמא, די אָפּערעטע דאַרף ניט פארנעמען דעם אויבענאָן, אָבער אויך זיי מוזן אריין אין רעפּערטואר, כדי אז מען זאָל

קענען כאָטש פון צייט צו צייט אויך שטעלן א ליטעראַרישע פּיעסע.

איינס איז זיכער: א באַדן פאר א טעאטער איז דאָ. א סענטימענט פאר אידיש טעאטער האָבן די „ווילנער" געשאפן. ווען מען שפּילן שיין אי־דיש טעאטער, וועט דער אידישער עולם קומען, און גוט באצאָלן. דער ערפאָלג פון טעאטער איז אויך דער ערפאָלג פון דער פרעס. ביידע סטימולירן א אי־דישע סביבה, איבן אויס א גרויסן איינפלוס אף די אידישע פאָלקסמאסן, און העלפן פאַרמירען די פיזיאָגנאָמיע פון דער אידישער גאס. דאָס טעאטער אמור־זירט און באלערנט, און די פרעס שאפט די עפנטלאכע מיינונג. ווען די פרעס זיך באציען צו דעם טעאטער, ווי אן אמת'ע צייטונג דארף זיך באציען, דער־מוטיקן די אונטערנעמער, די שוישפּילער, וועט דאָס טעאטער אויך שטיצן די פרעס, און ביידע צוזאמען וועלן דאָ העלפן באפעסטיקן דעם אידישען ישוב, וועלכער מוז סוף־כל סוף אויפהערן צו זיין פאַרמלאָז, און באקומען א אידיש פּנים. .

לאָמיר האָפן, אז די צייט פון הפקרות איז אריבער. בעסערע צייטן קומען, און אז פרעס און טעאטער, די פארלויפער פון ליטעראטור און דראמא, גרונט־יסודות פון קולטור, וועלן ביידע אין דעם היינטיקן סעזאָן געקרוינט ווערן מיט א מאַראלישן און מאטעריעלן ערפאָלג. די אידישע לאָס אנגעלעס קען פון ביידע זייער פיל געווינען.

---

## בא די „פּאַטבאַילער"

דאָס ענגלישע קונסט־טעאטערל "פּאַטבאַילער" שפּילט איצט טאָלסטאָי'ס „לעבעדיקער מת". אין נויאָרק האָט דזשאָן בארימאָר גע־שפּילט די ראָל פון פעדיאָ, דעם גרויסן אינדיווידואליסט, וועלכער איז מער צופרידן צו לעבן צווישן ציגיינער, איידער צו זיין א שקלאף פון אלע אָנגע־נומענע קאָנווענציאָנאליטעטן אין דער היינטיקער געזעלשאפט.

אין דער פּיעסע זענען דאָ פינף און זעכציק כאראקטערע, אָבער אלצ־דינג קאָנצענטרירט זיך ארום פעדיאן, וואָס בלייבט אומפארגעסלאך. דאָס רוסישע געזאנג גיט צו א סך אטמאָספערע, דער ציגיינער־„קעמפּ", די קאָלירטע קאָסטיומען, און דאָס טריי זיין צו דעם טעקסט, מאכט אז די „פּאָט־באַילער" זאָל ארויסרופן אויפריכטיקע אפּלאָדיסמענטן. יעדן מאָל, ווען די פּיעסע ווערט געשפּילט.

רעגינאָלד פּאָל נעמט די הויפּט ראָל. אָלגא וויאָלין, וועלכע האָט גע־שפּילט אין די „זעקס כאראקטערע וואָס זוכן א פארפאסער" שפּילט דאָס ציגיינער־מיידעל.

אין יעדן פון אונז לעבט א שטיק פעדיא. זיין אויסגעשריי: „עס איז אזא חילוק צווישן דעם וואָס איך טו און וואָס איך וויל טון" מאכט אים זייער נאָנט צו יעדן פון אונז. הענרי קאָלקער, און אָלא מ. נעס זענען די, וועמען מען דארף דאנקען פאר דער אויפפירונג, און זיגורד ראָסלן פאר זיין ניט מיד ווערן צושטעלן בעסערע פּיעסן אין דעם „פּאַטבאַילער" טעאטער.

## דאָס שענסטע טעאַטער אין אמעריקע

עס איז כמעט אַן אונגלויבלאכע זאך: אַמאטורן אין קאַליפאָרניע האָבן
אויפגעשטעלט די שענסטע טעאַטער־געביידע אין דער וועלט, און די סומע
פון העכער דריי הונדערט טויזנט דאָלאר, וואָס די געביידע האָט געקאָסט
(חוץ וואָס די ארכיטעקטור און דעקאָראַציע, איז בייגעטראָגן געוואָרן אָדער
איננאַנצן אומזיסט אָדער פאר קאָסט,) די סומע איז געזאמעלט געוואָרן פון
פרייוויליקע בייטראָגן.

דאָס פאסאדינא „קאָמיוניטי פּלעי־הויז", וועלכע איז ניט לאַנג צוריק
פאַרטיק געוואָרן, איז א באַוויַיז, אַז אויך אין דער הײַנטיקער „מאטעריאַליס־
טישער" וועלט זענען דאָ מענטשן, וואָס אינטערעסירן זיך מיט קונסט, און
ווילן זיך ניט פאַרלאָזן אַף די פּראָפעסיאָנעלע „כוהנים־גדולים" נאָר אַליין,
וויל די געזעלשאַפט זיך באטייליקן אין דער דורכפירונג פון גרויסע פאָלקס־
שטיקער.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז ניט געוואָרן איבער־נאַכט; גענוג צייט
האָט גענומען, ביז די באַפעלקערונג האָט אײַנגעזען, אַז דאָס פאַרגעניגן פון
שפּילן אַף דער בינע דאַרף קאָסטן א סך געלט, אָבער איצטער איז די „קאָמיו־
ניטי" ארויף אַף דער „מאַפּ". אפילו לאָס אַנגעלעס מיט אירע „מיליאָן־
דאָלאַר'דיקע טעאַטערן, אַז זי וויל אמת'ע קונסט, מוז זי קומען צו די „פּאָט־
באָילער" וועמענס טעאַטער־פּלאַץ איז גאָרניט ענלאַך צו קיין מאָדערנעם
טעאַטער־געביידע.

דאָס וואָס גאַנץ פאסאדינא האָט בייגעשטייערט צו דעם טעאַטער
האָט שוין ממילא אויך גאַראַנטירט דעם ערפאָלג פון „קאָמיוניטי" טעאַטער
פאַר דער צוקונפט. אַלע נעמען א טעטיקן אינטערעס אין דעם טעאַטער,
קומען צו אַלע פאָרשטעלונגען, און דאָס פּובליקום איז זייער צופרידן צו באַ־
טייליקן זיך, ווען עס איז נאָר נויטיק.

די בינע איז אומבאַגרענעצט, אין דעם זין, וואָס למשל, אין א פאָר־
שטעלונג ווי „ראָמעאָ און דזשוליעט" ווערט באַנוצט דער טעאַטער־באַלקאָן.
אויך אַנדערע טעכנישע נייאיקייטן זענען איינגעפירט געוואָרן; די מוזיקער
זיצן מיט'ן פּובליקום, און די בינע איז נידעריק, און גרייכט ביז צו דער ערש־
טער רייהע פּלעצער. נאָך יעדער פאָרשטעלונג מישן זיך אויס אַלע שויִ־
שפּילער מיט דעם גאַנצן פּובליקום, דאָס שאַפט א סך־קינסטלערישע
אַטמאָספערע צווישן דעם עולם, און עס מאַכט די שפּילער זיך צו פילן ווינציִ־
קער אָנגעצויגן, ווי עס מוז זיך פילן דער פּראָפעסיאָנעלער קינסטלער.

די וועלכע זענען באַקאַנט מיט די פּלענער פון דעם טעאַטער, און
וואָס ווייסן פון דעם גרויסן ערפאָלג, וואָס די „קאָמיוניטי" האָט געמאַכט,
פאַרזיכערן, אַז דאָס איז עפּעס נייעס אין גאַנץ אמעריקע און אַז ניט נאָר
איז עס דאָס שענסטע טעאַטער, נאָר אויך דאָס ערשטע אמת'ע פאָלקס־טע־
אַטער אין פולן זין פון וואָרט.



„אַדיסעוס און די וואסער־מיידלאך“ פון „קונסט־ליבהאבער“.



שולבית — פון אלעקסנדר קאבאנעל — מעטראפאליטאן קונסט־טעאטער



גבורה — פון דר. פ. וו. ספּיצער — לאָס אַנגעלעס קונסט־מוזעום.

י. ל. מאלאמוט

# טייבעלאך

(שלום)

דערנאָך מישן זיך אויס אלערליי קולות, העכער כאפּן זיך אויף ווי אָפּגעבריטע, גלייך ווי עמיצער וואָלט זיי די פליגל אונטערגעשאָסן. עס ווערט א געקריי, איינער וויל איבערשטייגן דעם צווייטן, און איידער די העכער האָבן זיך איינגעשטילט, דערהערט זיך שוין א וואורקריי פון טייבעלאך! פאַרטאָג קלינגט מיר תמיד דאָס וואורקן פון טייבעלאך, ווי א קינדערשער געלעכטער, און אין דער ערשטער נאכט אין קאליפאָרניע, ווען איך האָב פאַרטאָג דאָס טויבן-געלעכטער דערהערט, האָב איך זיך דערמאָנט אָן מיינע קינדער-יאָרן, אין די טייבעלאך ביי אונז אין שטוב, און האָב פּאַרטראַכט וועגן מאַכן א טויבענשלאַק אין קאליפאָרניע.

אינדערפרי, אז איך בין ארויס אין גאַס, האָבן פאַר מיין טיר ארומגעשפּאַצירט א סטאַיע טייבעלאך, געקליבן פון דער ערד, וואָס עס האָט זיך געמאַכט, ברעקלאך ברויט, וואָס קינדער, גייענדיק אין שול האָבן זיי צונױפֿ-וואָרפן. איך האָב גלייך געזען, אז די טייבעלאך פילן זיך דאָ היימיש, און מיין געדאַנק וועגן א טויבענשלאַק האָט זיך נאָך מער באַפעסטיקט.

דעם איינענעם טאָג האָט מיר גאָט צוגעשיקט, וואָס איך האָב געזוכט: פאָרענדיק אין טראַמוויי, האָב איך באַמערקט אָן אויפשריפט אויף א געשעפט: „אלערליי פויגל צו פאַרקויפן". איך בין ארונטער, פארגעסן אז געפאָרן בין איך גאָר וועגן געשעפט, און אריינקומענדיק אין דעם פויגל-געשעפט, דערזייענדיק טייבעלאך, בין איך דאָרטן אזוי לאַנג געשטאַנען און באַטראַכט די פאַרשיידענע סאָרטן, ביז איך האָב ענדלאַך איינגעהאַנדעלט צוויי פּאָר ווייסע טויבען.

קומענדיק אהיים, האָב איך פאַר די טויבן באַלד אויסגעבויט א שטיבל אויפן הויף, זיי נעגעבן עסן, און זיך אוועקגעשטעלט קוקען אויף זיי. איך האָב זיך אינגאַנצן פאַרגעסן, אז זינט איך האָב אמאָל געהאָדעוועט טייבעלאך, בין איך עלטער געוואָרן מיט דרייסיק יאָר.

דאָס ווייב האָט געלאַכט פון מיר:

— דאָס איז אָן ארבעט פאַר א ליידיק-גייער... ווי נעמט עס א גרויסער מענטש, א טאַטע פון קינדער און שפּילט זיך מיט טייבעלאך! וואָס ביזטו א חדר-אינגל?"

דערפאַר, אָבער, האָבן מיינע קינדער זיך שטאַרק דערפרייט, ווען זיי זענען אהיימגעקומען פון דער שול, געטראָפן א שטיבעלע, און אין שטיבעלע,

צוויי פּאָר ווייסע טייבעלאך. דאָס וואָס די קינדער האָבן זיך אזוי דערפרייט, האָט מיך אזוי מחיה געווען, ווייל קיין תירוץ, פארוואָס מיר האָט זיך פּלוצ־לינג פארגלוסט צו האָדעווען טויבן, האָב איך ניט געהאַט, נאָר ווען די קינדער האָבן זיך אויך אָנגעהויבן באשעפטיקן ארום די טייבעלאך, האָט שוין מיין ווייב אליין אויך אָנגעהויבן מסכים זיין, אז עס איז גאָר ניט אזא קרומע זאך.

צו די ערשטע צוויי פּאָר טויבן, האָב איך געהאַט מזל; אויף מאָרגן אין דער פרי, איז שוין געווען אן אייעלע אין דער נעסט, און די אייגענע שמחה, וועלכע עס האָט זיך מיר איינגעקריצט פון מיינע קינדער־יאָרן, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטון בא אונז אין דער היים, — די אייגענע גדולה, האָב איך איצט געזען בא זיך אין הויז. פריער איז דאָס ווייב געלאָפן א קוק טון אויף דעם פריש־געלעגטן אייעלע, פארזאָגט די קינדער, מען זאָל זיך ניט דער־ווענן אָנצורירען, ווייל די טויבן וועלן ניט זיצן מער אויף די אייעלאך, דערנאָך איז יעדעס קינד באזונדער געגאנגען א קוק טון, און מען האָט געפירט קינדער פון גאס, זיי געוויזן די נעסט, און יעדערן איבערדערציילט, אז ערשט נעכטן האָט דער טאטע געקויפט די טויבן, און היינט האָבן זיי זיך שוין געלעגט!

געפילט האָב איך, אז איך בין אינגער געוואָרן, מיט דרייסיק יאָר. איך האָב אָנגעהויבן זען מיין גאנצע קינדהייט. דער טאטע, וועלכער איז שוין מער ווי צוואנציק יאָר טויט, האָט מיר אָפּט זיך אָנגעהויבן פאָרצושטעלן, ווי ער וואָלט מיר געשטאַנען פאר די אויגן, א לעבעדיקער, איך האָב פארגעסן, אז איך בין שוין אליין א טאטע . . .

אזוי גיך, ווי איך האָב דערהערט אין הויף, אז די טייבעלאך האָבן שוין אָנגעהויבן צו וואָרקען, האָט עס מיך א טראָג געטון פון געלעגער, צו די טויבן.

ביז עס איז ריכטיק ליכטיק געוואָרן, האָב איך שוין געגעבן מיינע טיי־בעלאך וואסער און עסן, געמאכט ריין ארום דעם טויבענשלאק, אָנגעריסן פרי־שע גראָז, וואָס טויבן האָבן זייער נויטיק, סיי צום עסן, סיי פאר די נעסטן; דערנאָך האָב איך געהאַט אמתן פארגעניגן זיך אוועקצוזעצן אנטקעגן דעם טוי־בענשלאק, זיצן און קוקן אויף די טייבעלאך. די קינדער זענען דערווייל אויפ־געשטאַנען, פארטיק געוואָרן צו גיין אין שול, און ווען מען וואָלט מיך ניט אוועקגעריסן עסן איבערבייסן, וואָלט איך אלץ געזעסן לעבן די טייבעלאך.

„עס ווערט דיר גאָר ניט נמאס, אזוי צו זיצן מיט די טייבעלאך?" פרעגט מיר די ווייב, און לאכט פון מיר, און איך דערמאָן זיך, אז אויך מיין מאמע, פלעגט לאכן פון טאטן, ווען ער פלעגט זיך פארקוקען אויף די טייבע־לאך, בא אונז אויפ'ן בוידעם.

— נארישער איד, ביזט דאָך שוין א טאטע, דאָס פאסט פאר ווייס־איך וועמען, ניט פאר דיר . . .

נאָר פונדעסטוועגן אז איך זע ניט, גייט זי אליין אויך צו צו דעם טויבענשלאק. רייץ איך זיך מיט איר:

פון מיר לאכסטו, און אליין שטייסטו און קלייבסט נחת, פון די טייבעלאך!"

„איך ווייס אליין ניט פארוואס, נאָר עפּעס ציט צו דעם טויבענשלאַק. מענטשן זאָלן זען, וויפיל צייט מען גיט אוועק, וואָלטן זיי אונז אָנגעקוקט, ווי משוגעים..." פארענטפערט זי זיך, און נעמט ניט ארונטער די אויגן פון דעם פּאָרל שניי־ווייסע טייבעלאך, וועלכע שטייען, און קושן זיך נאָכאנאנד, און עס ווערט זיי גאָר ניט נמאס.

„איך טראכט צו קויפן היינט נאָך עטליכע פּאָר טויבן — זאָג איך איר — צעשמייכעלט זי זיך, און קוקט אויף מיר, ווי איך וואָלט געווען ניט איר מאן, נאָר א קינד.

„אז לעבן צוויי פּאָר טויבן, קענסטו אָפּזיצן אזוי לאנג, עס זאָל דיר ניט נמאס ווערען — ענטפערט זי, און צעלאכט זיך — היינט, וואָס־זשע וועט שוין זיין, אז דו וועסט האָבן עטליכע פּאָר?"

„עס איז די זעלבע ארבעט, זאָלן זיך האָדעווען נאָך עטלאכע טויבן"; ענטפער איך איר, ביז איך כאַפּ זיך, אז די קינדער וועלן שוין באלד קומען פון שול, און איך שטיי נאָך אויף דעם אייגענעם אָרט, וואו איך בין געשטא־נען, איידער זיי זענען אוועק אין שול.

איידער עס איז נאכט געוואָרן האָב איך אין הויף צוגעבויט נאָך א פּאָר שטיבלאך, און ווען די קינדער זענען אהיים געקומען האָבן אין הויף שוין געוואורקעט ניט קיין צוויי פּאָר טויבען, נאָר זעקס. די קינדער האָבן זיך גע־פרייט, און איך אליין, אפשר מער פון זיי. די נייע טויבן האָבן זיך געפילט פרעמד, די פון פריער איינגעזעסענע אין דער נעסט, האָבן זיי ניט געוואָלט פאַר קיין שכנים, האָט זיך פארפירט א קריג, א געפעכט, א פּאטשעריי מיט די פליגעל, און א בייסעריי. העלפן האָב איך ניט געקענט, אָבער געשטאנען בין איך, ביז עס איז פינצטער געוואָרן, און ערשט דאן איז שטיל געוואָרן.

אין א שטיקל צייט ארום איז גאָר געוואָרן פריילאך; די טויבן האָבן זיך אוועקגעזעצט אויף אייעלאך, און אז א טויב האָט געלעגט אייעלאך, איז געווען יום־טוב אין הויז, בא מיר, און בא די קינדער. איך האָב געהאלטן אין פירן חשבונות:

מיט צוויי וואָכן צוריק, האָט זיך די ווייסע געלעגט, וועלען אירע טײ־בעלאך ארויס אין פיר טעג ארום, און די בלויע זיצן שוין אויך צען טעג, איז אין אכט טאָג ארום, וועלן צוקומען צוויי פּאָר טויבן, און נעכטן האָבן זיך צוויי פּאָר רויטע טויבן געלעגט, און אלע טראָגן שטרוי אין די נעסטען. אזוי האָב איך געהאט אן עסק, געבן עסן די טויבן, קוקן אויף די טויבן, גיין ארום די טויבן, און פירן דעם חשבון: ווען די טייבעלאך דארפן ארויס פון די איי־עלאך. א פּנים, אז די באקאנטע האָבן א היפּש ביסל חוזק געמאכט פון מיר, ווייל וואוהין איך בין ניט געקומען, האָט מען מיך תיכף א פרעג געטון: וואָס זשע מאכן אייערע טייבעלאך? וויפיל פּאָר האָט איר שוין? ווען קויפט איר צו נאָך עטליכע פּאָר טייבעלאך? און אז איך האָב זיך אויפגעהויבן אהיימצו־

גיין, איז כסדר געפאלן א באמערקונג אויף מיין חשבון:

„האָט זיך פארביינקט נאָך זיינע טייבעלאך!“

„ער איילט זיך, די טייבעלאך זענען נעביך אליין.“

אין א שטיקעל צייט ארום, האָב איך מיר געקויפט געהילץ, און אוועקגעשטעלט א גרויסן טויבענשלאק און איך האָב געפילט אז איך לעב אין אן אייגענער קעניגרייך. איין פרימאָרגן, האָדעווענדיק די טויבן, האָב איך איבערגעציילט אין הויף איבער הונדערט פּאָר טויבן. אלע זענען שוין גע־וועזן היימיש, און ווען איך פלעג זיך נאָר באווייזן אויפ'ן הויף, האָבן די טויבן גענומען פלאטערן ארום מיר, וויסנדיג, אז איך גיי זיי האָדעווען. זענען גע־פלוינען צו מיר, גענעסן בא מיר פון די הענט, זיך מיר געשטעלט אויף די אקסלען, און אויפ'ן הארצן. אין אזעלכע פרימאָרגנס האָב איך אינגאנצן פארגעסן, אז א חוץ טויבן איז פאראן נאָך עפּעס אויף דער וועלט. אין גאס, זענען מיר די טויבן נאָכגעגאנגען, געפלויגן איבער מיין קאָפּ, באקאנטע האָבן געקוקט אויף מיר און זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן: — „גאָט האָט אים צוגעשיקט טייבעלאך, ליגט איבער אין טויבענשלאק טאָג אזוי ווי נאכט.“

דער זומער איז פארפלויגען און עס איז געקומען דער רעגן־סעזאָן. בא־נאכט האָט אויסגעבראָכן א שלאקסרעגן, איינער פון יענע קאליפאָרניער רע־גנס, וואָס הויבט אָן גיין אויף קאטאָוועס, נאָר, ווערט וואָס אמאָל אלץ שטארקער און גרעסער, ליגסט אויפ'ן געלעגער, דער רעגן קלאַפּט איבער די בוימער, איבער די פענצטער, קלאַפּט ביז דו דערפילסט, אז עס גיסט שוין עמער ווייז, עס מבול'ט, און עס ווערט דיר קאלט, נאס אין אלע אברים, כאָטש דו ביזט אין הויז, און דו טראכסט: דער רעגן וועט שוין קיינמאָל ניט אויפ־הערן.

אין א רעגענדיקען פרימאָרגען, האָב איך אין טויבענשלאק געטראָפן א חורבן: דער טויבענשלאק איז געווען איבערפלייצט מיט וואסער; יונגע טיי־בעלאך, וועלכע האָבן נאָך ניט געקענט פליען, זענען דערטרונקען געוואָרן. עלטערע טויבן זענען געשטאנען לעבן זייערע קינדער, האָבן זיך געבלאָזן, און אז טויבן בלאָזן זיך, האָב איך שוין געוואוסט, אז זיי זענען קראנק. יענע טויבן, וואָס זענען געזעסן אויף אייער, האָבן פארלאָזט די נעסטען, ווייל די אייער זענען פארנעצט געוואָרן. עס האָט מיך פארקלעמט באם הארצן, איך האָב ניט געקענט צוזען דאָס בילד, ווי טאטע־מאמע טויבן, מיט ארונ־טערגעלאָזענע קעפּ, זענען דערשלאָגענע געשטאנען, איבער זיי־ערע טייבעלאך. שטיל איז געווען אין טויבענשלאק, ווי אויף א בית־עולם, קיין איין טויב האָט ניט א וואורקע געטון, אלע זענען געווען געטראָפן פון רענענשטורם.

אז די קינדער זענען אויפגעשטאנען, און האָבן דערזען דאָס בילד, האָט זיך בא זיי געשטעלט טרערן אין די אויגען. דער רעגן האָט אלץ געהאל־טען אין איין גיסן, עס האָט ניט געהאָלפן, וואָס איך האָב זיך באמיט צו פארדעקן די נעסטען, די טויבן זענען קראנק געוואָרן, און ווען דער רעגן האָט

אויפגעהערט, זענען מער ווי עטלאכע קראנקע פאַר טויבן ניט פארבליבן.

— די טויבן וועלן מיך אויך קראנק מאכן — האָט מיין ווייב ניט אויפגעהערט צו טענה'ן — זאָל מען זיי שוין בעסער פארקויפן, און א סוף זאָל דאָס נעמען !

ווידער האָב איך זיך דערמאָנט אין דער מעשה מיט די טויבן בא אונז אין דער היים, — פונקט אזוי האָט די מאמע מיינע גע־טענה'ט. איך האָב געזען, אז איצט, ווען דער ווינטער קומט אָן, מיט די קאליפאָרניער רע־גענס, וועלן מיר די טויבן מער ווי הארצווייטאָג ניט ברייגנען. איך האָב זיך אָבער אזוי גיך נאָך ניט אונטערגעגעבן, פרובירט אלערליי מיטלן; מאכן א דאך, פארהענגען מיט זעק, אָבער נאָך יעדן רעגן, איז געווען א פרישער חורבן אין טויבענשלאק. קיין נחת האָב איך שוין פון די טייבעלאך ניט דער־לעבט; איינציקווייז האָט זיי דער רעגן יענעם ווינטער דערטרונקען, ביז עס איז געבליבן שטיין בא מיר אין הויף א לעדיקער טויבענשלאק, און ווען איך בין ארויפגעקומען אין הויף, א קוק געגעבן אין דעם ווינקעל, וואו די טויבן האָבן געהאט די נעסטן, פלעג זיך מיר אָפרייסן אין הארצן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

„מיינע טויבן, מיינע טייבעלאך!“

---

# פון צייטונגען און זשורנאלן

## פאַרוואָס אידיש *)

(אידיש פון י. פרידלאנד)

(פון א לייט־ארטיקל אין „קאל. דזשואיש רעוויאו“.)

דאָס אָפּשטעלן פון דער אייראָפּעאישע עמיגראציע האָט געצוואונגען די אנהענגער און פארטיידיקער פון אידיש זיך צו פארטראכטן און רעווידירן די לעבענסקרעפטיקייט פון אידיש. אפילו די, וועלכע זענען ביז איצט געווען גענויגט צו דיינקען בלויז אין פילאָזאָפישע טערמינען, אפילו זיי הויבן אָן זיך פארטראכטן וועגן אלע איינצעלהייטן און טיילן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר דאָס, וואָס מיר רופן — מאָדערנע אידענטום.

אלס איינצעלנע האָבן אידן אין אלע צייטן בייגעשטייערט צו דער מענטשלאכער ציווילייזאציע, אפילו דעמאָלט, ווען די וועלט איז געווען אין ספק וועגן דעם אידישער עקזיסטענץ בארעכטיגונג. לעבענדיק צווישן אלערליי פעלקער, האָבן מיר געלערנט זייערע שפראכן, געהאָלפן שאפן אלגעמיינע קולטור, — אָנגעהאלטן, אָבער, האָבן מיר זיך אין די לעצטע פעדים פון אָן אייגענער שפראך, אייגענער קולטור.

ביז דעם לעצטן יאָרהונדערט האָט די קלעריקאלע און גייסטלאכע וועלט אָנגע־

---

*) ווען אלע ענגליש־אידישע צייטונגען, וואָלטן געהאט אזא באציאונג צו אידיש, ווי עס האָט די „רעוויאו“ וואָס דריקט זיך אין ענגליש, וואָלט אונזער אידישע גאס אויס־געזען א סך שענער, דער דאָזיקער עדיטאָריעל פארדינט וואָרעם באגריסט צו ווערן, ווייל די „רעוויאו“ איז א ווייט־פאָרשפרייטע צייטונג צווישן דעם ענגליש־שפּרעכנדיקן עלעמענט אין זידלאכן קאליפאָרניע. — רעד.

האלטן די הערשענדיקע פּאָזיציע, נאָר מיט דער אינדוסטריעלער און וויסענשאַפטלאַכער אנטוויקלונג, האָבן די היינטוועלטיקע, ניט רעליגיעזע דערשיינונגען אָנגעהויבן צו פאַר־נעמען אַן אָנגעזעענעם אָרט. דער עיקר פון אַ פאָלק איז שוין היינט ניט רעליגיאָן, ווי אין מיטלאַלטער, נאָר אינדוסטריע און וויסענשאַפט.

אין דעם שאַפונגספּראָצעס בא דעם אידישן פאָלק איז אויך פאָרגעקומען אַ מערק־ווירדיקע זאַך. פון דעם מאַטעריאַל וואָס איז געווען צו דער האַנט, רוי, פּאָרמלאָז, האָט זיך ביסלאַכווייס קריסטאַליזירט אַ שפּראַך, אידיש, רייך אין אייגענטימלאַכקייט, וואַרעם און היימיש, אַן עכט־קולטורעלער אוצר.

צען מיליאָן אידן רעדן היינט אידיש, און דאָס מאַכט די שפּראַך באַלד אַזוי אינ־טערנאַציאָנאַל ווי ענגליש. ווער עס קען די שפּראַך, וועט שוין איצט געפינען זיין וועג אין דער גאָרער וועלט. אין דעם גאַנצן פּעריאָד פון דעם אידישן גלות, האָט אונזער פאָלק ניט געהאַט קיין מער קרעפטיקערן יסוד און פאַראייניקונגס־באַזיס ווי — אידיש. די אינטעליגענץ פון אַלעקסאַנדריע, ביזאַנטיום, שפּאַניען, ענגלאַנד, דייטשלאַנד און רוס־לאַנד, האָבן געקענט נאַטירלאַך די לאַנד־שפּראַך און אפשר אויך העברעאיש, אָבער ווען ניט העברעאיש, וואָלטן זיי זיך ניט געווען געקענט צונויפרעדן. אַנשטאַט דעם איז אידיש היינט די בריק, וואָס פאַרבינדט די אידן פון וואַרשאַ, נויאָרק, יאָהאַניסבורג, א. אז. וו. עס איז די פאַרבינדונגס־שפּראַך פון דעם רוב מנין ורוב בנין פון דעם אידישען פאָלק, פּונקט ווי איטאַליעניש פאַרבינדט די איטאַליענער אין ריאָ דע זשענעראָ, פּיטסבורג, און מילאַן.

מיר זוכן אַלע מעגלאַכע מיטלן און וועגן, ווי אַזוי צו פאַראייניקן דאָס אידענטום; מיר רעווידירן מיט אויסגערעכענטער פּאַרזיכטיקייט אַלע קוואַלן פון באַנייאונג און פאַר־שטאַרקונג פון דעם אידישן גייסט, און מיר איגנאָרירן אינגאַנצען דעם פאַקט, אַז דער אמת׳ר און איינציקער מיטל פון פאַראייניקונג איז אידיש.

מיר טרייסטן זיך אָפּט: יענער וויסענשאַפטס מאַן איז אַ איד, דער האָט געהאַט אַ אידישע מוטער, געוויסע מאַלער, מוזיקער, פילאָזאָפן האָבן געשטאַמט פון אידן, און מיר זוכן אפילו דאָס ספּעציפיש־אידישע אין זייערע שאַפונגען, אינדער איינענער צייט, איגנאָרירן מיר די אמת־אידישע שאַפונגען, אַף דעם געביט פון דער אידישער שפּראַך, ליטעראַטור, פּאָעזי, און דראַמאַ. פאַר דעם האָבן מיר נאָך צופעליקע אַנערקענונג.

די פּאָעזיע, דראַמאַ און ליטעראַטור פון דעם גאָר אַלטן רוים איז אָפּגעהיט גע־וואָרן אין דער לאַטייניַשער שפּראַך, און פּונקט אַזוי קענען מיר ניט האָבן קעגן העברעאיש, און איר רענענסאַנס אין פּאַלעסטינאַ, אָבער פאַר אונז איז אידיש דאָס, וואָס טיילט אונז אויס פון דער פרעמדער סביבה, ווייל אונזער קולטור שאַפט זיך אַף אידיש, און זענען מיר באמת פאַראינטערעסירט אויסצעברייטערן אונזערע קולטור־ווערטן, מוזן מיר אָנהויבן אָפּשאַצן אידיש ווי נעהעריק איז, מיר מוזן אַנערקענען די אויסערגעוויינטלאַך גרויסע ראָל, וואָס אידיש האָט געשפּילט אין קלאָר מאַכן אונזער וועלטלאַכן באַשטאַנד.

ווען מען פרעגט היינט: פאַרוואָס „אידיש" קען דאָס לייכט פאַרענטפערט ווערן.

---

## אַ פאַרגעסענער יובל

די „ליטעראַרישע בלעטער" וואַרשאַ, אילוסטרירטע וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור, טעאַטער און קונסט, דרוקט אַן אַרטיקל אין נומער 56 „די, וואָס מען דערמאָנט נישט: דן קאָפּלאַנאָוויטש :

אַכט און צוואַנציק

„אין 1903 איז קיין סיביר ארויסגעשיקט געווארן, מיט א גרופע פאליטישע און אומבאקאנטער אינגערמאנטשיק דן קאפלאנאוויטש. א יאר שפעטער, אין 1904, האבן זיך אין פעטערבורגער „פריינד" אנגעהויבן דרוקן „בילדער פון סיביר" געחתמ'עט פון ראזיקן דן קאפלאנאוויטש, וועלכער איז אויף אזא אופן פון אן אומבאקאנטן געווארן א באקאנטער און דער דאמאלסדיקער יונגער און נייער יידישער ליטעראטור."

דער שרייבער פון דעם ארטיקל; א. י. גראדזענסקי, שילדערט דערנאך קאפלאנאוויטשעס ליטערארישע טעטיקייט, רעכנט אויס, וואס ער האט געשאפן, און ער פארענדיקט :

„קאפלאנאוויטש געהער צו די שרייבער, וועלכע „מען דערמאנט נישט" ווער ווייסט, אפשר איז אין דעם שולדיק דאס, וואס אין משך פון די צוואנציק יאר שרייבן זיינע איז ער ווי פיל אנדערע פון אונז צעריבן געווארן אין דעם שטויב פון טאג־טעגלאכע פעלעטאנען פאר צייטונגען אדער פשוט'ער שווארצער רעדאקציע־ארבעט? ס'איז אפשר אן איראניע פון גורל — אבער א ביטערע — וואס נאך צוואנציק יאר שרייבן געפינט זיך אפשר קוים איינער, וועלכער נעמט די פעדער און שטעלט אוועק אויבן די קעפל „דן קאפלאנאוויטש — 20 יאר שרייבן."

# ביבליאָגראפישע נאָטיצן

„קאנאדע", פעריאדיש־ליטערארישער זשורנאל, רעדאקטירט פון א קאלעגיום. ערשטער נומער, יולי, 1925, מאנטרעאל, קאנאדע.

שווער צו זאגן אפן אויסקוק, אז דאס איז אן ערשטער נומער. דער לעזער זעט גלייך, אז ארום דעם העפט איז מען געגאנגען זארגפעלטיק, מיט באציאונג, און ניט מיט קיין אויבנאויפיקע השגות.

דער זשורנאל עפענט זיך מיט א פאעמע „דער ניגון פון א חלום" פון א. ש. שקאלניקאוו, וועמענס לידער זענען אין 1921 דערשינען אין בוך־פארם, טאקע אין מאנטרעאל.

„איליאנע", א קליינע דערציילונג פון אנגעס קאהן, איז ניט קיין אידישע דערציילונג, אבער גלאט און טאלאנטפול אנגעשריבן. פאר אונז איז אנגעס קאהן א פרעמדער נאמען, קיין אנפאנגער, זעט אויס, איז זי ניט. פארוואס אין קאנאדע, וואו דאס אידישע לעבן שלאגט דוקא שוין גאנץ לאנג, מיט א שטארקער אידישער טעמפא, זאל די דערציילונג דארפן זיין פון ניט־אידישן לעבן, איז אונז א חידוש.

דער דיכטער י. י. סיגאל איז פארטראטן מיט פיר לידער, און פארשטייט זיך, אויך סיגאל איז שוין ניט קיין פנים חדשות פאר אונז. אויך זיינע געזאמעלטע לידער זענען שוין געווען געדרוקט אין דעם אויבענדערמאנטען יאר.

„ארמאנד קארטיער" איז, ווי איר זעט שוין פון דעם נאמען א ניט־אידישע דערציילונג, פון ה. הירשמאן, א באקאנטער כלל־טוער אין מאנטרעאל. די ערציילונג איז פון דעם לעבן פון די פארמער אין די קאלטע מקומות, א פנים, אז אויך מאנטרעאל, ווי א סך

אנדערע שטעט פארמאגט מער זינגנעדיקע שרייבער, (פאעטן) ווי פראזא־שרייבער.

איבערראשט זענען מיר געווארן פון א קליין ליד „מיין קינדס קבר“, פון איידא מאזע. ווער איז איידא מאזע, ווייסן מיר אויך ניט, אבער דאס ליד, ווי קליין דאס איז רעגט אייך אן, און מיר ציטירן דאס פאר אונזערע לעזער:

ניט קיין בלומן, ניט קיין גראז
וואקסן אף מיין קינדס קבר:
א קליינע מצבה, א גרויער שטיין
שטייט און קוקט אף זיך אליין . . .

ניט מיט בלומען, ניט מיט גראז
וועל איך באפוצן מיין קינדס קבר:
מיין קינדס קבר מוז בלייבן רוי,
ווי אין הארצן בא מיר די וואונד,
ווי ער אין זיין גרוב,
ווי מיין שאטן אין מיין שטוב . . .
מיין קינדס קבר מוז בלייבן רוי . . .

איבערזעצטע לידער, די איבערזעצונג קומט פון ל. מ. בעניאמין, דער לעצטער האט שוין געשריבן אין „קענעדער אדלער“, אין 1911, ווען דער שרייבער פון די שורות, איז געווען אין מאנטרעאל. די איבערזעצונגען זענען גאנץ נשקשה׳דיקע.

א שיינער ארטיקעל איז „בעטהאווענס סוד“ פון י. ראבינאוויטש. וועגן דעם דאזיקן שרייבער איז כדאי צו זאגן א פאר ווערטער: י. ראבינאוויטש איז א אינגערמאן, מיט ליטערארישע און אויך מוזיקאלישע פעאיקייטן. ער איז געקומען קיין קאנאדע גאנץ יונג. כמעט אין די יארן, ווען עס פאדערט זיך צו גיין אין „סקול“ און א דאנק דער מאנטרעאלער אטמאספערע, מיר מיינען די אידישע, קולטורעלע אטמאספערע, האט זיך דער דאזיקער טאלאנט אזוי שיין אנטוויקעלט, ער איז געווארן א מיטארבעטער אין דער לא־קאלער פרעס, און אין 1920 איז ער געווען צוזאמען מיט אונז א מיטרבעטער אין „ווענ“, דעטראיט, ער איז ניט ווינציקער מוזיקער ווי זשורנאליסט, און פארנעמט א גאנץ בכבוד׳יק ארט צווישן אידישע שרייבער, און אין זשורנאל קען דער ארטיקעל זיינער גערעכנט ווערן פאר דעם שענסטען.

זייער א שפילעוודיק לידעלע, איז רבקה רויזענבלאטס: „כ׳האב געשוואורן“. דאס לידעלע איז פול מיט ריטם, און מוזיק, אז איר וועט דאס דורכליינען א פאר מאל וועט איר דאס קענען גערדיינקען אף אויסווענדיק:

כ׳האב געשווארן צו פארליבן זיך —
אין קיינעם ניט — אין קיינעם ניט —
נאר אומגיין אף דער וועלט אזוי —
פארלוירן נאר — נאר זוכנדיק —

זוכנדיק פארלוירענע —
פארלוירן, ניט געפינענדיק —
און ליבן ליבן קיינעם ניט —
אַ קיינם ניט — אַ קיינעם ניט !

ש. ווייסמאַן הויבט אַן גיבן אין אידיש אַן עססיי פון ראלף וואלדאָ עמערסאָן, היים טאַלמאַטש האָט א — וואָס ווייסן מיר ניט; עס הייסט „קונסט און מנשה“ — דאָס קען זיך זיין א שטימונג, קען מעגלאַך אויך וועלן זיין אזא דערציילונג, און אפשר נאָר א פעלעטאָן. קיין רושם האָט ניט די קונסט און ניט מנשה אַף אונז געמאַכט. אין „קאַנאַדע“ וואו אַלע לידער, ארטיקלען זענען געשריבן שיין, ליטעראַריש, איז „מנשה און די קונסט“ ניט אַם פּלאַץ.

צום סוף א פּאָר באַמערקונגען: קאַנאַדע בכלל איז א אידישער קולטור־צענטער, און שוין גאַנץ לאַנג. עס איז געווען א צייט, ווען אין קאַנאַדע האָבן געלעבט (טאַקע אין מאַנטרעאַל) א גרויסע צאָל אידישע שריפטשטעלער, און ניט סתם שרייבער — ראובן ברייני‍ן, שמואלזאָן, יהודה קויפמאַן, (היינט דר. קויפמאַן, איינער פון די אמת־גרויסע אידן אין אמעריקע) קאָנראַד בערקאָוויסי, ב. ג. זאַק, ל. מ. בעניאַמין, וואַלינער, ציפּין, דר. וואַרטסמאַן, ז. קאַרנבליט, דער שרייבער פון די שורות, ה. הירש, און נאָך און נאָך. מאַנטרעאַל איז נאָך היינט פאררעכנט פאַר א קולטור־צענטער. דעריבער, ווען איר לייענט „קאַנאַדע“ ווערט איר איבערראַשט, וואָס דער זשורנאַל איז כמעט דורכאויס ניט קיין אידי־שער זשורנאַל; ניט־אידיש אין דעם פּרט, וואָס ער איז שטרענג ליטעראַריש, אַזוי צו זאָגן... לידער, ארטיקלען, אַן עססיי — אָבער וואָס עס איז שייך, למשל קולטור־פראַגן, דערציאונג, געזעלשאַפטלאַכע ענינים, ווענגן דעם איז קיין וואָרט ניטאָ. ווייסן מיר, אַז ה. הירשמאַן, למשל, איז דוקא א טוער, און שיקט זיך, אַז די איבעריקע מיטאַרבעטער זענען בלויז לי־טעראַרישע אידן, און מער גאָרניט ?

מיר האַלטן, אַז „קאַנאַדע“ דאַרף ניט זיין נאָר א פּעריאָדיש־ליטעראַרישער זשור־נאַל, נאָר טאַקע א קאַנאַדער זשורנאַל, כדי, עס זאָל גיבן דעם לעזער, אויסער מאַנטרעאַל א גייסטיק בילד פון די אידן אין מאַנטרעאַל. א זשורנאַל טאָר ניט שטיין העכער פון דעם לעבן, ער מוז אָפּשפּיגלען דאָס אָרט און די צייט, וואו ער דערשיינט. עס פעלט א אי־דיש פּרצוף אין „קאַנאַדע“ כאָטש קאַנאַדע איז זייער און זייער אידיש.

מיט דער צייט, קען מען האָפן, וועט דער קאָלעגיום דאָס אליין איינזען.

# „די פּעדער“

(חודש־זשורנאַל פאַר ליטעראַטור און קונסט, רעדאַקטירט
פון ז. וויינפּער. יוני, 1925.)

ווי אַלעמאָל האָט אויך דאָס יוני־העפט „פּעדער“ א רייכן אויסוואַל פון לידער. ביאַלאָסטאָצקי, עסעלין, רעלטאָן, לוי גאָלדבערג, ראַדאָשיצקי, זיסלמאַן, קאַלושינער, וויינ־פּער, קרופּ, גאָלדשטיין, בייראָן, און עימי לאָעל. (פאַרשטייט זיך, אַז די לעצטע זענען

איבערזעצונגען. ביירָאן פון דר. א. אייסען, וועמענס איבערזעצונג איז שוין פארענדיקט און דערשינען אין בוכפארם, עימי לָאעלס לידער זענען איבערזעצט פון מ. ווינאַגראד.)

ב. גראַבארדס ארטיקל וועגן ש. ניגער איז א גרעסערע ארבעט, און אין יוני־העפט איז דאַ דער קאפיטעל — א —. גראַבארד באמיט זיך צו מאכן ניגערן פארשטענד־לאך פאר אונז, און צווישן אנדערעס זאגט ער:

„מען דארף קאַנען דאַס אידישע פאָלקסלעבן מיט זיין אייגענארטיקער אנטוויקלונג, כדי צו זען פארוואָס ש. ניגער, וועלכער איז געקומען צו דער ליטעראטור מיט א ריין עסטעטישן חוש, איז געוואָרן א קריטיקער מיט א סינטעטישן מעטאָד פון עסטעטיק און סאָציאָלאָגיק. מען דארף קאָנען אונזער פאָלקסלעבן, די פארשיידענע איינפלוסן און גייסטיקע מלחמות, וואָס דאַס אידישע פאָלק האָט געפירט פאר זיין קיום, כדי צו דערקאָנען דעם קאַמפּ אין ניגער'ן צווישן דעם שיין־גייסט און דעם פאָלקס מענטש, און ווי אזוי עס איז באשאַפן געוואָרן דער סינטעטישער קריטיקער, וועלכער איז דער טיפּיש־ אידישער קרי־טיקער. א שרייבער ווי ש. ניגער."

פאראַן נאָך וויכטיקע ארטיקלען, ווי אברהם טייטלבוים וועגן „איינפלוסן אין טעאַטער" און יואל סלאָנימס ארטיקל וועגן „עימי לאָעל", רעצענזיעס, נאָטיצן וועגן „קונסט און קינסטלער" פון ב. גראַבארד, און „דאָס נייע וואָרט פון דער נייער ערד" פון י. א. ראַנטש.

ווער עס ווייס ווי דאַרנדיק עס איז דער וועג פון אידישע זשורנאַלן אין אמעריקע, יענער וועט געוויס אויך ניט פארפעלן זיך אָפּצורופן אַף דעם הילפס־רוף פון רעדאקטאָר, וועלכער באמיט זיך ארויסצוציען „די פעדער" פון אירע דעפיציטן.

י. ל. מ.

# אידישיזמען

בא קיינעם איז אונזער „אידיש" ניט אזוי אין גלות, ווי טאקע בא די אידישע שרייבער אין אמעריקע. די אלע ציטאַטן, וואָס מיר ברענגען דאָ, וועלן זיין עדות אַף אונזערע רייד. אָפּט נעמט זיך איינער ניט פאר זיין פאַך, שרייבט רעצענזיעס, אנשטאָט דעם, וואָס ער דארף לערנען — אלף בית —. אנאַנדערער, וויל קלאָר מאכן אַן ענין, און פארפּלאָנטערט אים נאָך מער. א דריטער, פארגעסט און מישט צענויף א זאַץ, אז עס קומט אוים חוזק. צוליב דער השוב'ר באציאונג צו „אידיש" ווערט איינגעפירט די אָפּטיילונג.

---

## אַן אָריגינאַלער אידישער קריטיקער

אלטער (ארטור) עסעלין איז שוין דאָ העכער דריי יאָהר אין לאָס אנדזשעלעס און מערקווירדיג ער איז א יונגער טאַלאַנט.

(וועגן שלמה י. בעלסקי) כאָטש ער האָט דעם צווייטען פּרייז געוואונען אין דער „פרייהייט" איז ער אָבער נאָך ווייט, ווייט פון צו זיין בעפרייט פון צו פּאַעזירען אויף א פּאָעטישען אופן . . .

## צוויי און דרייסיק

(וועגן יצחק הארוויץ) עס פארשטעהט זיך אז יעקב גינזבורגס לענגערע ערצעה־לוג איז געווען דאס בעסטע וואס דער זשורנאל האט געדרוקט, דערפאר פיהלט זיך אזוי אין דער אטמאספערע אז הער הארוויץ וועט א צווייטען מאל ניט זיין אזוי שטארק באַאיינפלוסט און ריכטיג רעדאקטירען זאכען, לעזען, און זיך אריינטראכטען איידער ער וועט דרוקען, ווייל צו זיין א רעדאקטאר פון א זשורנאל וואס טראגט א ליטערארישען כאראקטער מיינט נאך ניט אז אלס איז ליטעראטור.

בן־משה, די „צייט“ לאס אנגעלעס.

## א קעפל פון א לייט־ארטיקל

לייף אינשורענס די קרוין פון דער מענשהיים.

„אידישע וועלט“, קליוולאנד.

## א „העלפינג הענד“

א שרייבער וואס האט טאלאנט מוז אויף זיך ארבייטען, מוז פיל לעזען און שטודירען, ער מוז זוכען זיין וועג אויף וועלכען ער קען ווערען גרויס. ווען זיי זיינען נאך אנפאנגער מוז מען זיי געבען א „העלפינג־הענד“ אויף מענליכע אופנים.

דר. י. ווארטסמאן, „קאל. אידישע שטימע“.

## א ברכה און הצלחה אף זיין קעפעלע

נעכטען ביינאכט איז אפגעהאלטען געווארען א באנקעט לכבוד דעם זיעג פון דעם יונגען פרייז־פייטער, סיד טערים. דער זיעגער איז א אידישער בחור, טראגט שטענדיג א לייבצודעקעל, ער איז שטרענג רעליגיעז.

(בעאבאכטער אין נאליציאנעם קווארטאל, מארגען זשורנאל).

## קאליפארניער רענעסאנס

די קאליפארניער אידישע ארבייטער ארגאניזאציעס האבען דא געלעבט אין א פעריאדע פון רענעסאנס.

ל. א. אידישע נייעס“.

## אין ווארשא לעבט א אידיש טעאטער נאר ניין יאר

געשטארבען דאס „צענטראל טעאטער“ אין ווארשא. ניין יאר האט דאס דאזיגע טעאטער געלעבט. אזא מזל האט ווארשאווער אידישע טעאטערע, מער ווי ניין יאר לעבן זיי ניט... דאס מוראנאווער טעאטער, עליו־השלום האט אויך געלעבט ניין יאהר און איז געשטארבען.

„פילא. אידישע וועלט“ מ. קיפניס.

## ס ט י ל י ז א צ י ע

צוויי אינאיינעם.

דאס לעבן — באזיסן.

אפגעקילטע.

מידע.

(„ביינאכט“.)

מיידעלע יונג, מיידעלע שיין, מיידעלע אומשולדיק געווען.

(„אויפן מארק“.)

ער האט זיך ביי איר געבעטן

— מע־רי !

(„מערי“.)

דער שרייבער האָט די פעדער אוועקגעלעגט און גענומען א בוך אין האנט, אָבער נישט געוואוסט וואָס ער לייענט און זיך פארטראכט.

(„מיט זיך“.)

א פרוי געווען, וועמען צוויי מענער, ביידע רייכע און שיינע האָבן ליב געהאט.

(„אמאָל איז א פרוי געווען“.)

ערגעץ וואו ווערן מיינע ברידער און שוועסטער אין טוזיענטער געקוילעט, פון זייער פלייש מאכט מען פארשידענע ווארשטן . . .

(„דאָס חזיר־ליד“.)

„קוויטלאָר“, יוסף קיץ.

## „פראגמאטישע מוזיק“

כדי דאָס צו מאכען קלאָרער, וועלן מיר נעמען פאר איין אילוסטראציע טשייקאָווסקיס „אָווערטורע 1812“ — — — — א שלאַכט־פעלד — טויזענטער סאָלדאטען פון ביידע לאַגערן לינן באהאלטן אין די טרענטשעס, אין די גריבער די הארמאטן דונערען, די ביקסן קנאַלן, באָמבעס רייסן אויף, מענטשן פאַלן, זייערע געשרייען פארטויבן די לופט, — דאָס אַלעס ווערט פאַרגעשטעלט דורך אינסטרומענטן: די הארמאטן — דורך די טימפאַנעס (קעסל פויקן), די ביקסן — דורך פויקן (האנד־פויקן), די באָמבעס — דורך די טאַצן (אזעלכע מעשענע בעקן), די מענטשליכע קולות — דורך פידלען, פלייטן און קלאַר־נעטן (הילצערנע אינסטרומענטן, געמישט מיט ביין).

אינמיטן פון דעם גאנצן טומל און קאָשמאַר הערט זיך דער פראנצויזישער נאַציאָנאַלער הימן, די „מאַרסיליעזע“, געבענדיק סיגנאַלן צו די באַזונדערע טרופּן, אנגעפירט פון דעם פאַגאָט (אן אינסטרומענט׳ וואָס קלינגט ווייכער, ווי דער טראָמבאָן), וואָס ווערט אָפּגעענפערט פון דעם קאַרנעט (אן אינסטרומענט,א קורצער, פון מעש, וואָס קלינגט ווי א טענאָר־שטימע), אז זיי געפינען זיך אף די געהעריקע פּאָזיציעס, און דאָס שפּילן פון דער „מאַרסעליעזע“ ווערט איבערגעריסן ערשט דעמאָלט, ווען עס הערט זיך דאָס שטאַרקע בלאָזן פון די פיסטאָנען (א מעשענער אינסטרומענט, וואָס קלינגט ווי דער טראָבאָן).

יעקב דייווידסאָן. „פרייהייט“, נויאָרק.

## א בלעטל געשיכטע

און פלוצלונג איז א וואונדער געשען.

דר. טהעאָדאָר הערצל, דער לעגענדארישער העלד, איז צו די דערשלאָגענע געקומען, די היסטאָרישע פיגור, און וויסענשאפטליכער באגרינדער פון ציוניזם (פון יענער צייט).

משה צעשינסקי, „אינייגעם׳ שיקאָגאָ.

## בן ששים לחכמה

פון ראָזא ראָיזא קען מען זאָגן ווי יענער שיכור פון א גוט גלעזעל משקה: מיט איהר קען מען ווינטער ניט פרירען און זומער ניט פארטריקענט ווערען.

ל. ז. — „אידישער קוריער“, שיקאגא

די שטאָדט לאָס אנדזשעלעס האָט זיך פאר די לעצטע זיעבען—אכט יאָהר איינפאַך פארדרייפאכט. דער וואוקס פון דער שטאָדט איז׳ אזוי שנעל געגאנגען, אז קיינער פון די איינוואָהנער האָט זיך פשוט ניט געקענט צוגעוועהנען צו דער גרויסקייט פון דער שטאָט.

י. אלקאן, „פאָרווערטס“.

## פיר און דרייסיק

## ה. רויזענבלאט צוריקגעקומען

דער הינער דיכטער, ה. רויזענבלאט האט זיך די טעג צוריקגעקערט פון נויארק, וואו ער איז געווען אף באזוך.

אף דער רייזע האט דער דיכטער זיך אויך אפגעשטעלט אין דעטראיט און שיקאגא. אין דיביידע שטעט זענען פאר אים צוגעגרייט געווארן שיינע יובל־פייערונגען, לכבוד זיין פינף־און צוואנציק יאריקן שאפן און אויך צוליב זיין דריטן באנד לידער „בלויע פלאמען" וואס איז ארויסגעגעבן געווארן מיט א חודש צוריק אין אונזער שטאט.

„בלויע פלאמען" איז ביז איצט רעצענזירט געווארן אין אייניקע אידישע צייטונגען, און די קריטיק האט זיך וועגן בוך אפגערופן זייער שיין.

## ברוך־הבא, ראובן לודוויג !

דער יונגער דיכטער ראובן לודוויג, איז די טעג אנגעקומען קיין קאליפארניע, און וועט דא פארוויילן א לענגערע צייט.

דער דיכטער האט דא זיינע עלטערן, און א שוועסטער, איז אין קאליפארניע גוט באקאנט, דורך זיינע לידער, געדרוקט אין דעם זשורנאל פון די „אינזיכיסטן" באזונדערס די „אינדיאנער מאטיוון", און אויך דורך זיין פארברייננגען אין קאליפארניע, מיט א פאר יאר צוריק.

## ב. אלקוויט אין לאס אנגעלעס

דער אידישער דיכטער ב. אלקוויט, איז אנגעקומען, און וועט דא פארברייננגען א פאר וואכן. אלקוויט איז דעם ערשטן מאל אין קאליפארניע, און ער איז שטארק פארנומען מיט ארומקוקען די פארשיידענע פלעצער אין און ארום לאס אנגעלעס.

## וויליאם עדלין אין קאליפארניע

דער באקאנטער אידישער זשורנאליסט, וויליאם עדלין, געוועזענער רעדאקטאר פון נויארקער „טאג" פאר די לעצטע ניין יאר, געפינט זיך אין קאליפארניע, די לעצטע פאר וואכן.

ווי מען גיט איבער, אונטערזוכט ה' עדלין דאס אידישע צייטונגס־פעלד ארום דעם פאסיפיק, און אויב ער וועט געפינען די לאגע פאר גינסטיג, וועט ער זען, אויב מען קען דא פאראינטערעסירן הינע בעלי־בתים אין דער ארויסגעבונג פון א אידישער טעגלאכער צייטונג. —

## זונלאנד פאר סעפטעמבער

דאס זעקסטע העפט „זונלאנד" פאר סעפטעמבער ווערט שוין צוגעגרייט צום דרוק. מאנוסקריפטן מוזן ארייננקומען ניט שפעטער ווי דעם פופצענטען. — רעד.

**דערהאלטן אין רעדאקציע: „דער געפאנגענער פון שילאָן", פון לארד בייראָן, אידיש פון דר. א. אייסען, פארלאג „פעדער".**

פינף און דרייסיק

„געזאנגען פון אונזער דור“. — י. גויכבערג, באסטאן.

„דער איד אין קאנאדע“. — פון אברהם רייגוויין, ערשטער באנד „פארלאג קאנאדע“.

„קולטור־ליגע“. — איינמאליקע צייטשריפט, אונטער דער רעדאקציע פון ע. קארמאן און אב. וויקטאר, דעטראיט.

„די פעדער“ פאר הודש יולי — רעדאקטירט פון ז. וויינפער, נ. י.

---

## נייע ביכער אין אידיש

אין סעפטעמבער מאנאט וועלן דערשיינען 3 נייע אידישע ביכער. „דאס לעבן פון א אידישן אינטעליגענט“, א בוך זכרונות פון אברהם קאטיק; א בוך דראמען פון א יונגען אידישן שרייבער מיט'ן נאמען קאזיניץ. דער דריטער בוך איז א נייע איבערזעצונג פון „דע פראפונדוס“ פון אסקאר ווילד. אין דעם בוך גייען שוין אריין אלע נייע דאקומענטן וואס זיינען לעצטנעס פארעפענטלאכט געווארן. די איבערזעצונג ווערט געמאכט פון ק. מרמר.

די ערשטע צוויי ביכער דערשיינען אין פארלאג פון ה. טויבנשלאג, דער לעצטער בא ט. גראפער.

# קאפיטאל טעאטער

## די היים פון דער אידישער בינע פאר די קומענדיקע דריי יאָר.

מיר מאכן באקאנט דעם אידישן טעאטער-עולם, אז עס איז גענומען געוואָרן דאָס קאפיטאל טעאטער אויף דריי יאָר, און אידיש טעאטער פון יוניאָן אקטיאָרן וועט געשפילט ווערן א גאנץ יאָר.

בענעפיט פאָרשטעלונגען ווערן פארקויפט צו מעסיקע פרייזען.

מ. נעסטאָר, טעאטער מענעדזשער.

540 ווילקאָקס בילדינג.

---

## „געזונט זאָלט איר זיין"

געזונט קענט איר זיין, ווען איר פארברייינגט א שטיקל צייט אין די „פאראדייז העלטה רעזאָרט". 2 דראָגלעס פיזישאָנס גיבען קייראָפּראקטיק און נאטור קיור טריטמענט פריי. וועדזשעטעריען דייעט. זון-לופט בעדער, פיזיקעל קאָלטשור, עקסערסייז, טענים און קראָקעט קאורט, סווימינג, דענ־סינג און נייער דענס האָל און אנדערע פארוויילונג.

דער פלאץ איז איינער פון די שענסטע אין קאליפאָרניע מיט אלערליי פרוכטען, מאָדערנע בילדינגס, פרישע מילך און עגס, וועדזשעטייבעלס פרישע פון אייגענעם גאָרטען.

## פרייז פון $15 א וואָך

פאר מעהר איינצעלהייטן זעהט זיך מיט מר. לאנגסנער אין אונזער „פאראדייז" רעסטאָראנט אין

2240 ברוקלין עוועניו, לאָס אנגעלעס

---

### ה. ק. קאַהען

אדוואָקאט

402 ברייסאָן בילדינג

טעלעפאָן: וועגדייק 9708

for first-class
**cuts**
phone 885329
SERVICE ENGRAVING CO.
PHOTO-ENGRAVERS
DAY & NIGHT SERVICE
128 EAST THIRD ST · LOS ANGELES

ניט קיין סקיצען שרייבער,
ניט קיין גראמען פלעכטער,
אויך ניט קיין בבא-מעשה רייבער,
איך פארזיכער טאטע, מאמע, זין און טעכטער,
הויז, פאַרניטשור און אטאמאביל
איך פארזיכער אייך פון פייער,
אין די ראיעלסטע קאַמפאַנים און עס קאַסט אייך ניט טייער.
איך שרייב לייף אינשורענס פאליסעס
די ערשטע פינף יאָר פאר א האלב דעם פרייז.

ALEX W. GOTTLIEB

**GENERAL INSURANCE**

**ANgelus 0105** **MEtropolitan 5832**

---



# רעוו.
# ב. גארדנער
## מוהל
## ומסדר קדושין

פאר ארימע אומזיסט

רעקאמאנדירט פון אלע
דאקטוירים און
האספיטעלער

**2433 ברוקלין עוו.**

ענדושעלום 4555

---

דער בעסטער רעסטאראן דאן טאן איז
קליין און פעלדשטיין 431½ סויט ספרינג סטריט
פלאץ פאר הונדערט מענשען.
מיט פארשפייז, זופ, קאמפאט, טיי, קאַפע און שטרודל

**טשיקן לאָנטש 50 סענט**

## CALIFORNIA
### JEWISH DIAMOND JUBILEE

1850 — 1925

# SUNLAND

# זונלאנד

HARRIS NEWMARK
HERMAN HELLMAN
KASPARE KOHN
RABBI A.W. EDELMAN
ABRAHAM SHAPIRO

MARCO NEWMARK
MARCO HELLMAN
IRVING HELLMAN
DR. D.W. EDELMAN
BEN R. MEYER

תריא — תרפו



Sept. 1925

EDITED BY
JOS. L. MALAMUT

# שגיאות מי יבין

אזוי ווי קיין בוך פון צוויי הונדערט זייטן איז איבערהויפּט ניט מעג־לאך ארויסצעלאָזן פון דרוק אין אזא קורצע צייט אָן גרייזן, בעטן מיר די אויפמערקזאמקייט פון די לעזער צו די פאָלגענדע אויסבעסערונגען, וועלכע ווערן דאָ געמאכט :

אף זייט 38 אין לעצטען פּאראגראף לעזט זיך פון „1980“ עס דארף זיין פון 1920.

זייט ניין און דרייסיק, אין דער ביאָגראפיע פון י. ל. מאלאמוט, דריטע שורה, ליינט זיך: באריממטער חסיד און ראש־הקהל (עס דארף זיך ליינען : חסיד און ראש הקהל, באריממט אין גאנץ פאָדאָל אין יענער צייט.)

אף זייט 42, ליינט זיך שורה זיבעצען דארף זיין מענטשלאכן, אנ שטאט מעשלאכן. און שורה אכצען, דארף זיין כלאם, שטאָט בלאם.

זייט ניין און פופציק. אין קאפּיטעל: דער ערשטער רב, הויבט זיך אָן ליינען: אין 1895 איז געקומען קיין קאליפאָרניע דער ערשטער רב. (עס דארף זיין: איז געקומען קיין לאָס אנגעלעס דער ערשטער רב.)

פינף און זעכציק. אין דער ביאָגראפיע פון מארקאָ העלמאן. די ערשטע אכט קורצע שורות זענען ריכטיק. אין דער ניינטער שורה ליינט זיך: די שטעלע האָט מארקאָ (נאָך די ווערטער זענען צוויי קורצע שורות אוועק־געשטעלט געוואָרן זיבן שורות ווייטער. עס קומט נאָך די ווערטער) — די שטעלע האָט מארקאָ אָנגעהאלטען זעקס יאָר צייט, ביז ער איז געוואָרן גע־הילפס קאסירער. די אויבערשטע שורות דארפן איצט נאָכפאָלגן: דער איי־גענער האָט אויך א חלק אין דער מארין באנק אין סאן פעדראָ, און אין לאָנג ביטש. ווען די צוויי שורות ענדיקן זיך, קומען די אויבערשטע דריי ברייטע שורות. אָן דער קאָרעקציע איז דאָס איבערהויפּט ניט פארשטענדלאך.

ניין און זעכציק צווישן די פּרעזידענטן פון אָליוו סט. שול איז ארויסגעפאלן דער נאָמען יעקב בערמאן. דאָס איז שוין פּשוט די שולד פון דעם, ווער עס האָט אונז געגעבען די אינפאָרמאציע.

דריי און זיבציק. אין לעצטען פּאראגראף ליינט זיך: דר. ריינאָלדס איז געווען רב אין יוטא, דערנאָך אין סאקראמענטאָ. עס דארף זיין געווען רב אין סאקראמענטאָ, דערנאָך אָנגעהויבן פּראקטיצירן מעדיצין אין סאקראַ־מענטאָ.

זייט אכציק. אין דער ביאָגראפיע פון ס. מארקאָוויץ. צווייטער פּאראגראף ליינט זיך: זיין פאָטער, משה אהרן מארקאָוויץ איז געווען (דאָ איז ארויסגעפאלן א שורה:) רב אין פּיטסבורג, פּא. אין דעם בית המדרש הגדול.) דער כבוד פון דער משפחה און דער יחוס הרבנים פאָדערט, אז דאָס זאָל קאָרעגירט ווערן.

# זונלאנד

מאנאט־שריפט פאר ליטעראטור, קונסט און קולטור

רעדאקטירט פון י. ל. מאלאמוט

לאס אנגעלעס. קאל. ר״חש, תרפ״ו Los Angeles, Sept., 1925

## אנטיילנעמער אין "זונלאנד", פון העפט איינס ביז זעקס



ה. רויזנבלאט, ש. י. בעלסקי, מ. מ. דאליצקי מ. אייזנשטאט, א. עסעלין, בער־עין, פּ. בער־מאן, דוד גיסנעט, ה. גאָלד, משה ווייסמאן, ברכה קודהי, י. ל. מאלאמוט (רעדאקטאר.) א. עסטער (רייניז), י. אלקאן, ש. סעמיאק, י. קוצענאגי (קיץ), י. פרידלאנד, י. ראשעל.

די בילדער דרוקען מיר איבער ווייל זיי זענען ארויסגעקומען ניט ריין אַף דעם אנדערן סאָרט פּאפּיר. — רעד.

# קאַליפאָרניע

ווער עס קען קאַליפאָרניע, יענער ווערט צו איר צוגעבונדען צוליב דעם אומפארגלייכבארן גוטן קלימאט. די נאטור אליין האָט געזאָרגט פאר קאַליפאָרניע און אין צפון זייט האָט זיך אוועקגעשטעלט א וואנט פון פעלזן און בערג, וועלכע באשיצן אונדז פון דעם ארטיק. אין מערב זייט דער פאסיפיק, וועלכער כשופט און בארואיקט דאָס געמיט פון דעם וואנדערער, וועלכער קומט צו אונדז פון יענער זייט מדבר, פון מזרח זייט. די בערג זאמלן אין זיך דעם שניי פאר דעם נויטיקן וואסער געברויך און קראפט־פאבריקאציע. די וואסער שטראָמען זענען דאָ געווען אָנגעפולט מיט גאָלד, כדי צוצואיילען די באפעלקערונג פון אנדערע שטאטן צו קומען און מאכן פון דער וויסטעניש א בליענדיקן ישוב.

אין פינף און זיבעציק יאָר איז פון א מנין אידן דאָ זיך צעוואקסן א באפעלקערונג פון הונדערט טויזנט אידן אין „גרייטער לאָס אנגעלעס“. פון דער „היברו בענעוואָלענט“ איז ארויסגעוואקסן א גאָרטן פול מיט וואוילטעטי־קע אידישע אנשטאלטן, — די „פעדעריישאָן אָוו דזשואיש וועלפער“. פון דעם ערשטן פרויען פאריין „ליידיס היברו בענעוואָלענט“ האָט זיך צעבליט א פרוכטבארע פעלד מיט פרויען געזעלשאפטן, אָנהויבנדיק פון די עקזילערים ביז דעם „קאונסיל אָוו דזשואיש וואומען“. פון דעם מנין אין דעם זייטיקן שטיבל באָ דזשאָן טעמפל, איז געוואָרן א קליין נויאָרק, און פון די גע־ציילטע גרינדער פון דעם סאנאטאָריום, איז געוואָרן אן ארמיי פון טוער און אונטערשטיצער. שולן מכל המינים, תלמודי תורות, פון אלף־בית ביז ש״ס ופוסקים. פון א אידישער ראדיקאלער שול ביז א ישיבת תורה אור.

אונדזער סאנאטאָריום, הכנסת אורחים, אונדזער ציון באוועגונג, נאציאָנאל ראדיקאלע באגעוועגונג, אונדזער גייסטיקער כח, אונדזער ענערגיע און ווילענס קראפט ווערט דעמאָנסטרירט טאָג־טעגלאך אף יעדען געביט פון מענטשלאכער טעטיקייט.

יעדער אָנהויב איז שווער, אָבער מיר זענען שוין ווייט אריבערגע־שפרונגען דעם אָנהויב. איצט, ווען מיר האָבן שוין דאָ אונדזערע אנשטאלטן, נאָכדעם ווי דער פריערדיקער דור האָט געזאָרגט פאר אונדזער קיום, און פאר אונדז געפּיאָנערעוועט אין דער מדבר, לאָמיר געדיינקען, ווי שווער עס איז זיי אָנגעקומען אויסצוטרעטען א וועג איבער דער מדבר. אמאָל האָט גע־דארפט זיין מסירות נפש אויפצעהאלטן א אידישן אנשטאלט, היינט דארף דאָס זיין א פריווילעגיע און א פארגעניגען.

א נייער דור וואקסט, פראָגרעסיווערע אידעאלן באהערשן די וועלט. לאָמיר, פונקט ווי דער דור פאר אונדז אויפהאלטן יענע אידעאלן, וועלכע זענען די גרונט יסודות פון אונדזער אומה, און גלייכצייטיק געדיינקען, אז מיר מוזען פארפלאנצען נייע פראָגרעסיווע אידייען, כדי אז ווען אונדזערע

קינדער וועלן דאָ אויסוואקסן, זאָלן זיי אויך געפינען א גייסטיקע ירושה, אלס קולטור־אוצר, וועלכער זאָל זיי באלייכטען זייער וועג, אין די טעג, וואָס וועלן קומען, ווען מיר וועלן שוין דאָ מער ניט זיין.

דער אמאָליקער סאנאטאָריום איז שוין איצט געשיכטע, פונקט ווי עס איז געשיכטע די „היברו בענעוואָלענט", און דער קאספאר קאָהן האָספיטאל. די „סיני" האָט דאָס שוין באגריפען, די „בני ברית" האָט דאָס דערפילט, און זיי בויען איצט פאר די דורות וואָס קומען. דער נייער קאספאר קאָהן האָספיטאל, דארף פאראינטערעסירען אלע אידען. די ארבעט פאר דעם סאנאָטאָריום דארף אונטערגעכאפט ווערן פון יעדען איינעם פון אונדז, און דאָס איינענע איז מיט דער אידישער דערציאונג, מיט אלץ וואָס מיר פארמאָגן.

קאליפאָרניע האָט איצט אָפגעשלאָסן א בוך געשיכטע. דער יובל קען פאר אונדז נאָר דעמאָלט האָבן אן אמת'ע באטייטונג, ווען אָפשליסענדיק דאָס ערשטע בוך אידישע געשיכטע וועלן מיר זיך נעמען צו דער ארבעט מיט פרישע כחות און גלייך שרייבן די צווייטע טייל. א ניי בוך, גאָלדענע בלעטער, מיט אמת'ע מעשים טובים דארפן אריינגעפירט ווערן אין דער גע־שיכטע פון די אידן אין קאליפאָרניע. מער דרך ארץ פאר אונדזערע טוער, וועלכע האָבן דאָ געלעגט דעם יסוד פאר אידישע טעטיקייט. מער צוטרויען און אחדות, ווייל מיר זענען דאָ מער ניט קיין עיר־מקלט באפעלקערונג, מיר זענען שוין תושבים, און קאליפאָרניע איז אונדזער היים. זאָל קאליפאָרניע ווערן א מוסטער־שטאַט פאר אלע אנדערע שטאַטן אין דעם ווייטן מערב. וואוינען מיר אין קאליפאָרניע, לאָמיר זי ליב האָבן, פארשענערן און באריי־כערן מיט אלץ, וואָס עס ליגט אין אונדזערע כחות.

י. ל. מאלאמוט.

# צו אונדזערע לעזער

דאָס קומענדיקע העפט וועט דערשיינען דעם ערשטען נאָוועמבער. דאָס וועט געבען א מעגליכקייט אז עס זאָל אריין די ווייטערדיקע געשיכטע פון די אידן אין די קלענערע ישובים, ווי סאן דיעגאָ, לאָנג ביטש, סאן פעדראָ, סאן בערנאַדינאָ, ווענטורא און אלע אנדערע קלענערע שטעט אין זידלאכן קאליפאָרניע.

די דאָרטיקע אידן האָבן הינטער זיך א מערקוויר־דיקע געשיכטע. זיי האָבן א געלעבט ווי אין א מדבר, עלענט, פאראיינזאמט, און אז עס פלעג צוקומען נאָך א איד אין שטעטעל, האָבן זיי זיך מיט אים דערפרייט ווי מיט אן אייגענעם ברודער.

ווער זענען געווען די ערשטע אידן אין סאן דיעגאָ, ווי לאנג זיצן שוין דאָרטן אידן — וואָס האָבן זיי דאָרטן אויפגעטון, וואָס פאר אנשטאלטן פארמאָגן זיי, האָבן זיי א שול, א תלמוד תורה, זענען זיי מיטגלידער פון אונדזערע

קאליפאָרניער אידישע אנשטאלטן, ווי דער סאנאטאָריום, און אזוי ווייטער? יעדעס שטעטל וועט באשריבן ווערן מיט אלע אירע אידישע טוער, פּרעזידענטן, פירער, און קרעדיט וועט געגעבן ווערן צו יעדען איינעם וועלכער האָט געטון פּיאָנערן־ארבעט און געהאָלפן גרינדן א שול, א פאריין, א ברענטש פון א לאָדזש, אָדער ארבעטער־רינג, א תּלמוד תּורה, אָדער א קינדער־שול.

מיר מאכן איצט פארבינדונגען מיט די אלע אידישע שטעט און שטעטלאך אין קאליפאָרניע, און מיר האָפן, אז פונקט ווי אונדז איז געלונגען פאר אן אָנהויב ארויסצוגראָבן די ערשטע מאטעריאלן צו דער געשיכטע פון אידן אין זיד־לאכער קאליפאָרניע, אזוי וועט אונדז מיט דער צייט זיך איינ־געבן די מאטעריאלן צו פארפולקאָמען, מיר ווייסן, אז אין אונדזער שטאָט אליין זענען נאָך דאָ א סך טוער, מענטשן, וועלכע האָבן א חלק אין דער אויפלעבונג פון דער אידישער לאָס אנגעלעס, און אויב זייערע נעמען און בילדער זענען ניט אריין אין דעם העפט, איז עס חלילה ניט דערפאר, ווייל מיר האָבן געהאט א כונה עמיצן צו קריוודען, נאָר פּשוט, ווייל די צייט איז געווען צו קורץ, און אונדזער שטאב פאר דער ארבעט צו באגרענצט. איצט, ווען דאָס ערשטע העפט איז ארויס אין צייט, די ארבעט איז סיסטעמאטיזירט געוואָרן, און די רעדאקציע האָט געפונען די פּאסיקע מענטשן פאר דער ארבעט, וועלן חודשלאך אויפגעזאמלט און אָפּגעדרוקט ווערן אלע ווייטערדיקע מאטעריאלן, און איידער דאָס יובל־יאָר וועט זיין פאָראיבער, וועלן מיר קענען מיט שטאָלץ ניט נאָר פאר די אידן, נאָר אויך פאר דער וועלט באווייזן, אז די אידן אין קאליפאָרניע האָבן א סך בייגעטראָגן צו דעם אלגעמיינעם פּראָגרעס און צו דער אנטוויקלונג פון קאליפאָרניע, און אין דער איינענער צייט האָבן זיי ניט אויפגעהערט צו זיין אידן, און אז אין היינטיקן יאָרהונדערט האָבן זיי אומעטום אויס־געבויעט אויך אייגענע שולן, אנשטאלטן, לאָדזשעס, און אז זיי האָבן פירער מיט וועלכע עס איז זיך ניטאָ וואָס צושעמען פאר דער וועלט.

קאליפאָרניע באם פּאסיפיק איז בארופן צו שפּילן די איי־נגענע ראָל, וואָס עס שפּילט נויאָרק בא דעם אטלאנטיק, און די הונדערט טויזנט אידן אין זידלאכן קאליפאָרניע זענען אין א געוויסן זינען נאָך גרעסערע בריות אף אויפצובויען אנ־שטאלטן, און ווען די פארשיידענע טעטיקייטן פון די פּראָווינץ שטעט וועלן באקאנט ווערן, וועט דער צוקינפטיקער היסטאָ־ריקער פאר זיך האָבן א בארג מיט מאטעריאל.

## אונדזער דאנק.

אונדזער טיפסטן דאנק דריקן מיר אוים צו די פאר־שיידענע כלל־טוער, און תושבים, פאר קומענדיק אונדז צו הילף מיט פאקטן, און מאטעריאלן, בילדער און דאטומן וועגן די אידישע טעטיקייטן אין לאס אנגעלעס.

באזונדערס דאנקן מיר דר. לעא בלאס, י. לעוויט, .אב. מאגיד, ס. ווייזענבערג פאר די איינצעלהייטן וועגן דער ראַ־דיקאלער און נאציאנאלער באוועגונג.

גרוים אינטערעס האט ארויסגעוויזן צו דער ארבעט דער געערטער דר. דזשארדזש י. סיילין, פאר וועמען קיין זאך איז ניט געווען צו שווער, צו קומען אונדז צו הילף.

פאר די בילדער דאנקען מיר צווישן אנדערע יהושע פארבער, (צו דער געשיכטע פון דער פרעס, און אויך צו דער געשיכטע פון די ליטעראריש פאראיינען).

פאר די בילדער פון די אידישע ראדיקאלע שולן און א. ר. פיקניקס דאנקען מיר אונדזער פריינט און קאליעגע דר. לעא בלאס, און א דאנק זענען מיר אויך שולדיק, דעם פריינט י. לעוואוו, פאר די נעגאטיוון פון דער ווילנער טרופע, וועלכע ער האט געבארגט צו דער רעדאקציע.

עס האבן אונז א סך געהאלפן די פארשיידענע סטודיאס, נאר א באזונדערן דאנק דריקן מיר אוים צו דער סיגאל סטודיא, וועלכע האט פאר אונדז פאטאגראפירט כמעט א האלב אידישע לאס אנגעלעס, פאר די ביאגראפיעס.

## אן ענגלישע אויסגאבע

אז די אידישע אויסגאבע איז מער ווי אן ערפאלג, דארפן מיר קיינעם ניט דערציילן. אזוי ווי אבער עס זענען דא א סך אידן, וועלכע זענען שטארק פאראינטערעסירט אין דער געשיכטע פון די אידן אין קאליפארניע און זיי ליינען קיין אידיש ניט, האט דער „פארלאג זונלאנד" גלייכצייטיק אונטערגענומען ארויסצוגעבן אן ענגלישע אויסגאבע, וועלכע ווערט שוין צוגעגרייט. די ענגלישע וועט אויך קאסטן איין דאלאר, און וועט פונקט ווי די אידישע אויך האבן א פראכט־אויסגאבע, וועלכע וועט קאסטן פינף דאלאר.

די ענגלישע אויסגאבע וועט ארוים פון דרוק ניט שפעטער פון דעם ערשטן יאנואר, און וועט האבן די מעלה, וואס זי וועט שוין קענען זיין א פולשטענדיקע אויסגאבע פון גאנץ קאליפארניע, מחמת ביז יענער צייט וועט שוין זיין צו דער האנט דער גאנצער מאטעריאל פון די פארשיידענע טיילן פון קאליפארניע.

באמערקונג פון דער רעדאקציע :

אין די מאטעריאלן צו דער געשיכטע פון סאנאטאָריום איז אויסגע־לאָזט געוואָרן דער פאָלגענדער פאקט :

א גרויסן חלק אין דער בויאונג פון די סאנאטאָריום געביידעס האָט אָן ספק גריגאָרי עוואנס, וועלכער האָט געגעבן זיין מי און צייט, לייסטענדיג די פּלענער, און טאקע געארבעט ארום סאנאטאָריום יאָרנלאנג. עוואנס האָט דעם סאנאטאָריום איינגעשפּאָרט ריזיקע סומען געלט, און זיינע פארדינסטען זענען פשוט ניט אָפּצושאצן.

דאָס אייגענע מעג מען זאָגן אין באצוג צו דער געביידע פון דעם קאָ־אָפּעראטיוון צענטער. עס איז פשוט א וואונדער ווי אזוי די מענטשען, וועלכע האָבן אונדז אינפאָרמירט וועגן דעם, האָבן דאָס ניט באטאָנט. דע־ריבער פרייט אונדז, וואָס מיר קענען די באמערקונג פארעפענטליכן נאָך אין דער אייגענער אויסגאבע.

גלייכצייטיק ווילן מיר שוין אויך באמערקען, אז גראָד איז אין סאנא־טאָריום די לעצטע צייט די לאנגע געווען אזא, אז מען האָט ניט געקענט בא־קומען אלע נויטיקע מאטריאלן צו פארעפענטליכן, צוליב פארשיידענע סבות, און ווען מיר רעדען שוין וועגן דעם, ווילן מיר זאָגן, עס איז נאָך ניט אָפּגע־שאצט געוואָרן ריכטיק די ארבעט פון אלע טוער אין די פארשיידענע אינ־סטיטוציעס אין אונדזער שטאָט. מען דארף האָבן אין זינען, אז די דאָקטוי־רים פיש און שפּעטער פישעל האָבן געלייסטעט דעם סאנאטאָריום זייער פיל ארבעט, און מיר האָפן, אז אין די קומענדיקע העפטען, וועלען די אלע פאקטען פארעפענטליכט ווערן און די זאך פארפולקאמען.

פּונקט אזוי האָבן מיר ניט געקענט באווייזן אין דעם העפט ארויסצו־ברייננגען די טעטיקייט פון הער א. האָראָוויץ, בא דער הכנסת אורחים ובית מושב זקנים, און אויך די טעטיקייט פון הער פּאָל אין ד יערשטע ליטעראַרישע און דראמאטישע פאראיינען. בכלל האָבן מיר צו רעווידירן א סך פון די פארעפענטליכע מאטעריאלן.

איצט ווען די זאך איז אָנגעהויבן, וועלן זיך שוין זיכער געפינען די פּערזאָנען, וועלכע וועלן זיך פאראינטערעסירן צוצוגעבן א סך פאקטען און דאטען. — די רעדאקציע

א בקשה פון די ארויסגעבער

מיר בעטען אלע אונדזערע לעזער זיי זאָלן אונדז לאָזן ווייסן, אויב אין א געוויסער געשיכטלאכער פאסירונג איז דורך א סבה געגרייזט געוואָרן. אז דאָס איז מעגלאך קען יעדערער פארשטיין, מחמת זייער ווינציק איז געשריבן וועגן די אידן אין קאליפאָרניע און וואָס עס איז ניט פארצייכנט, מוז אויס־געפולט ווערן לויט די אינטערוויאוען מיט פארשיידענע טוער. אמאָל דינט איינעם ניט דער זכרון, און אמאָל קומט סתם אריין א דרוק־פעלער אין א ציפער, און ער ווערט נימ בא־מערקט. מיר וועלען זיכער דאנקבאר זיין פאר העלפן אונדז גוט מאכן אלע טעותן. — רעד.

# זונלאנד

מאנאט־שריפט פאר ליטעראטור, קונסט און קולטור

רעדאקטירט פון י. ל. מאלאמוט

לאס אנגעלעס, קאל. ר״חש, תרפ״ו Los Angeles, Sept., 1925

## אנטיילנעמער אין ״זונלאנד״ פון העפט איינס ביז זעקס



ה. רויזנבלאט, ש. י. בעלסקי, מ. מ. דאליצקי מ. אייזנשטאט, א. עסעלין, בער־עין, פּ. בער־מאן, דוד גיסנעט, ה. גאלד, משה ווייסמאן, ברכה קודהי, י. ל. מאלאמוט (רעדאקטאר.) א. עסטער (ריינין), י. אלקאן, ש. סעמיאק, י. קוצענאגי (קיץ), י. פרידלאנד, י. ראשעל.

בער עין

# לאָס אנגעלעס

א נייער ליכטיקער פרימאָרגן האָט זיך היינט צעלאכט
מיט אינגער פרייד ווי נאָר ער האָט די אויגן אויפגעמאכט,
און שטראַלנדיק און פינקלנדיק ווי שוימענדיקער וויין
פארפלייצט ער גאָר די ערד און רייסט אין הארצן זיך אריין.
און טראָגט דאָרט אָן א שפרודלדיקן שטראָם פון קלאָרער פרייד
וואָס שפרייט זיך ווי א פרעירי־פייער אומבאמערקטערהייד,
און צינדט די נערוון אָן, און פלאקערט אויף די אויגן נאַס,
און יאָגט פון בעט ארויס אין דרויסן אף דער ברייטער גאָס.
און ווי דו טרעטסט נאָר איבער אויפגעשטראלט פון שטוב די שוועל
טוט זיך א־גאָס אף דיר פון לויטער ליכטיקייט א וועל
וואָס שלאָגט מיט קלאנגלאָזן געזאנג פון אומעטום ארום ;
דו ווערסט צעמישט פון צופיל פרייד און בלייבסט פארוואונדערט שטום,
און נייגסט ארונטער צו דער ערד דיין שיין־פארבלענדטן בליק.
דאָך גלייך ברויזט אויף אין דיר א קוואל פון שוימענדיקן גליק —
דו טוסט פארשייט א שנעלן טרייסל אויף דעם קאָפּ מיט האָר,
דיין אויג ווי ריינער מאָרגנטוי צעשטראלט זיך אזוי קלאָר
און ווי א צייטיג מיידל לאכסטו אויף מיט גלוט אין קול,
און, קאָפּ פאָרויס, טוסט זיך א וואָרף אין זונליכט מיטאמאָל.
בארוישט גלייך ווי אין פיבער שפאנסטו אויפ'ן טראטואר
און שארסט זיך הארט אָן מענטשן, און מיט יעדן שאר
צעקוועלט זיך העפטיקער און ווארעמער ביי דיר אין ברוסט
א צערטליכעם געפיל פון ריינעם קינדערישן גוסט :
א גוטן ליבן שמייכל כאפסטו אויף בא יעדן קער,
און נאָנט אזוי און ליב דיר ווערט דער שטראָמענדער המון,
א ברודער יעדער מאן און איטלאכס ווייב א צארט פארשוין,
און קושן ווילסטו יעדן רעכטס און לינקס, און אלט און יונג,
און פאטשן גליקלאך מיט די הענט און קנאקן מיט דער צונג . . .
א נייער ליכטיקער פרימאָרגן האָט מיט פרייד זיך היינט
צוגלייך א יונגער בלום, אן ערשט צעעפענטער, צעשנייט,
אזוי ווי נעכטן פרי, צי אויך ווי מאָרגן מן־הסתם —
דער כישוף'דיקער מאָרגנשפיל פון דרום־לאנד באם ים.

י. ל. מ.

# די אלגעמיינע געשיכטע פון קאליפאָרניע

(צו דעם 75 יאָריקן יובל פון קאליפאָרניע)

## די „בער פאָן" רעוואָלוציע.

אין 1835 האָט אמעריקא געוואָלט אָפּקויפן קאליפאָרניע פון מעקסי־קאָ, נאָר מעקסיקא האָט זיך אנטזאָגט צו פארקויפן, ווייל זי האָט געזען, אז דעם שטאַט טעקסעס האָט זי שוין פארלאָרן, און איינגאנצן בלייבן אָן אמערי־קאנער לאַנד האָט מעקסיקאָ שטארק ניט געוואָלט.

די אמעריקאנער קאָלאָניע אין טעקסעס איז געווען זייער גרויס. אין 1835 איז די באפעלקערונג מיד געוואָרן פון מעקסיקאנער טיראַניי, און האָט זיך דערקלערט פאר א זעלבסשטענדיקן שטאַט. מער ווי א יאָר האָט טעקסעס אָנגעפירט א מלחמה מיט מעקסיקאָ, וועלכע האָט ארייננגעשיקט מיליטער צו אונטערדריקן דעם אויפשטאנד.

דעם 21־טן אפריל 1836, האָבן די אמעריקאנער אונטער דער קאָמאַנ־דע פון סעם האוסטאָן באזיגט דאָס מעקסיקאנער מיליטער, און סאנטא אננא איז גענומען געוואָרן אין געפענגעניש.

אמעריקע האָט שטארק חשק געהאט אויסצושפרייטן זיך אין דער „וועסט", פונדעסטוועגן האָט זי זיך אָפּגעזאָגט צו אנעקסירן דעם שטאַט טעקסעס אלס א זעלבסשטענדיקן שטאַט, ווייל עס האָט עקזיסטירט א „מי־טאָלאָגישער" געזעץ, אז נאציאָנען דארפן אליין באשטימען זייער שיקזאל, און אמעריקא האָט ניט געוואָלט צו ברעכן אָפן דאָס דאָזיקע געזעץ. די אמעריקאנער רעגירונג האָט געגיבן א וואונק צו דער באפעלקערונג אין טעק־סעס, אז זי זאָל פריער באווייזן פאר מעקסיקאָ, אז זי איז באשלאָסן צו בלייבן זעלבסשטענדיק, און זיך אליין רעגירן, און אנערקענט ווערן פון דער וועלט.

מעקסיקאָ האָט אָבער טעקסעס אזוי לייכט ניט געוואָלט צורו לאָזן, און אין 1845 האָט טעקסעס ווידער זיך געווענדעט צו אמעריקא, אז מען זאָל דעם שטאַט אנעקסירן, איר טענה איז געווען, אז זי שטייט שוין זעלבסט־שטענדיק באלד צען יאָר, און איצט איז אמעריקא שוין געווען גרייט פאר דעם שריט, זי האָט גאָר ניט געוואָלט מען זאָל וויסן, אז זי זוכט צוצונעמען בא מעקסיקא אלע רייכטימער, אָבער אין דער אמת'ן האָט אמעריקא שוין לאַנג געוואָרט אף א געלעגנהייט אָנצופאלן אף מעקסיקאָ, און דוקא ניט, ווייל איר האָט זיך געוואָלט טעקסעס, נאָר קאליפאָרניע, און צו אנעקסירן טעקסעס האָט זיך אמעריקא איצט אָנגעכאפּט, ווייל דאָס האָט איר געגיבן א געלעגנהייט ארייננצוציען מעקסיקאָ אין א סכסוך . . .

ניט דאָס גאָלד פון קאַליפאָרניע, ניט דאָס פעטע לאַנד, האָט אַמערי־
קאַ געגלוסט, כאָטש אויך דאָס האָט בּיסלאַכווייז געגרייצט דעם אַפּעטיט פון
אַמעריקאַ, דער עיקר האָט אַמעריקאַ געוואָרפן אַן אויג אויף דעם „בּעי" אין
סאַן פראַנציסקאָ, און די רעגירונג איז געווען אַנטשלאָסן איר פּלאַן דורכ־
צוזעצן, מעג עס קאָסטן וויפיל — אַבי דעם „בּעי" צו באַזיצן . . .

פריער האָט די רעגירונג גערעכנט, אַז די עמיגראַנטן וועלן איר העלפן
צו לעזן דאָס פּראָבּלעם, פּונקט ווי זיי האָבּן דאָס געטון אין טעקסעס. עס
זענען אָנגעווענדעט געוואָרן אַלע מיטלען צוצוגעבּן קוראַזש דער אַמעריקאַנער
באַפעלקערונג, צו עמיגרירן אין קאַליפאָרניע, מיט דעם אויסרייד, אַז אין אַנ־
דערע ערטער איז די ערד ניט פּרוֹכטבּאַר גענוג, דאָס אייגענע האָט מען גע־
טון מיט דער באַפעלקערונג פון שטאַטן, וואָס האָבּן ניט געהאַט קיין גוטע
אַגריקולטורעלע באַדינגונגען; די רעגירונג האָט געטון אַלץ אין אירע כחות
צו באַאיינפלוסן מענטשן צו פאָרן קיין קאַליפאָרניע... איר האָפנונג איז גע־
ווען, אַז אין קאַליפאָרניע וועט די באַפעלקערונג נאָכטון דעם ביישפּיל פון
טעקסעס.

טויזענטער האָבּן געצויגן איבּער די סיערראַס און אויפגעשטעלט גע־
צעלטן אין דער „סענטראַל וועלי" און די שפּאַנישע גאָווערנערן האָבּן דאָס גע־
מוזט צוזען און שווייגן. אַן אירלאַנדישער פּריסטער, מ'קנאַמאַראַ האָט גלייכ־
צייטיק געהאַט אַן איינענעם פּלאַן, האָט גע'חלומ'ט פון אַריבּערבּריינגען צוויי
טויזענט פאַמיליעס פון אירלאַנד קיין קאַליפאָרניע, און מיט די אירלאַנדער
האָט ער גערעכנט אַרויסצוטרייבּן די שפּאַניער און אַמעריקאַנער, און דער־
נאָך אומקערען די „מישאָנס" צו דער קירכע.

אַמעריקאַ האָט דעריבּער אין קאַליפאָרניע אַוועקגעזעצט טאָמאַס
לאַרקין אַלס קאָנסיל צו מעקסיקאָ און אים גוט געצאָלט צו האַלטן אַן אויג
שטיין „אַף דער וואַך" דאָס הייסט: צו באַפריינדן די קאַליפאָרניער, צו פאַר־
זיכערן זיי אין דער פריינטשאַפט פון אַ שוועסטער־רעפּובּליק, אַמעריקאַ, און
אויך צו זען, אַז ענגלאַנד און פראַנקרייך זאָלן דאָ ניט אַריינקריכן מיט אַ
פוס... ווייל ביידע זענען אַהער געקומען און האָבּן ניט געהאַט קיין חשק אָפּ־
צוטרעטן פון די פּאַסיפישע וואַסערן . . .

אַזוי גיך ווי די באַפעלקערונג אין קאַליפאָרניע איז צוגעגרייט געוואָרן,
און אַף דעם פּאַסיפיק איז אויך געשטאַנען גרייט אַ סקאַדראָן, האָט מען בּלויז
געדאַרפט האָבּן אַלס אַן אַנטשולדיגונג עפּעס אַ צוזאַמענשטויס מיט מעקסיקאָ,
אַבי עס זאָל זיין אַן אויסרייד... און דאַן וואָלט מען גלייך אויפגעצויגן אין
מאָנטערעי, און אין סאַן פראַנציסקאָ אַן אַמעריקאַנער פאָן, אַלס אַ קרינס־
צייכן . . .

לאַרקין האָט געטון זיין אַרבּעט געטריי, און אַלץ איז זיך געגאַנגען
כשורה, די מלחמה־וואָלקענס האָבּן אָנגעהויבּן ווערן געדיכטער, און עס האָט
אויסגעזען, אַז אָט קומט אַמעריקאַ — איינס און צוויי, לייגט אַרויף איר
האַנט אַף קאַליפאָרניע, נעמט דאָס אַוועק פון מעקסיקאָ ווי מיט דער האַנט —

ביז פלוצלונג האָט זיך באוויזן א אינגערמאן, טשארלס פרימאָנט, און ער האָט צעשטערט אלע פלענער, וואָס לארקין האָט געמאכט. אנשטאט אויס־צומיידן א מלחמה, האָט ער פאראורזאכט א מלחמה.

פרימאָנט איז היינט אינגאנצן פארגעסן, און עס איז זיך אפילו שווער פאָרצושטעלן, אז אין די פערציקער און פופציקער איז ער געווען דער ליבלינג פון גאנץ אמעריקא, און עס האָט געהאלטן דערביי, אז די כוואליע פון פאָפולאריטעט זאָל אים ארייננטראָגן אין ווייסן־הויז אריין!

פרימאָנט איז געווען א געאָגראפישער אינזשעניר, און אלס אזעלכער האָט ער געמאכט עקספעדיציעס פאר דער אמעריקאנער רעגירונג. ער איז שפעטער געוואָרן סענאטאָר בענטאָנס איידעם, דער מיזורער סענאטאָר האָט אים געשיקט אף אן עקספידיציע קיין אָרעגאן און קאליפאָרניע. דער מאָטיוו איז אייגענטלאך ניט געווען קיין וויסענשאפטלאכער, נאָר א „טיפערער". מען האָט געדארפט פארהיטן, אז ענגלאנד, וועלכע איז געווען אזוי צעשפרייט אין אָרעגאָן, זאָל זיך אויך ניט ארייננרוקן קיין קאליפאָרניע . . .

אין דעצעמבער 1845 האָט מען פרימאָנטן געשיקט א צווייטן מאָל קיין קאליפאָרניע, און ער האָט געטון איין זאך; געזוכט צו פאראינטריגירן די באַ־פעלקערונג אנטקעגן מעקסיקאָ, און די מעקסיקאנער רעגירונג אנטקעגן אמע־ריקא. ער האָט למשל, געגיבן אָנצוהערעניש, אז צען טויזענט אמעריקאנער זענען אפן וועג צו קאליפאָרניע און אָרעגאן, און פון די רייד איז דער מעק־סיקאנער רעגירונג געוואָרן זייער ניט פריילאך, ווייל צו שטארק האָט זיך פרימאָנט געוואָרפן אין די אויגן... צו אָפן האָט ער געוואָרפן באמערקונגען, אז ער האָט קיין מורא ניט... אז ער איז באשיצט פון זיין רעגירונג... דער רעזול־טאט איז געווען, אז קאסטראָ האָט געשריבן פרימאָנטען, אז ער זאָל תיכף פארלאָזן קאליפאָרניע.

פרימאָנט האָט געענטפערט, אז ער איז סענאטאָר בענטאָנס אן איידעם און אז ער וועט אזא באליידיגונג ניט פארשווייגן, און ער האָט זיך גלייכצייטיק פארשטארקט זיין פּאָזיציע מיט נאָך מענער און עקסטרא פערד, זיך אויפגעבויט א פעסטונג פון קלעצער און ארויפגעצויגן אן אמעריקאנער פאָן. הינטער דער פעסטונג איז געלעגן די „סאלינא וועלי" און ניט ווייט פון דאָרט איז אויך געווען סאן אָזע.

מען קען זען ווי צו'להכעיס'דיק פרימאָנט איז געווען, און אז זיין אבזיכט איז געווען מלחמה, ווייל ער האָט אויסגעקליבן פאר זיין פעסטונג רוקא דעם געגענט, וואו עס איז געלעגן די בארימטע שיינע „מישאָן" סאן זשואן באטיסטא, דאָס רעזידענץ אָרט פון קאסטראָ. קיין גרעסערע באליי־דיגונג פאר דער שפאנישער רעגירונג דארף מען שוין ניט האָבן!

פרימאָנט האָט מיט זיך געהאט א זעכציק מאן, מיט זייער הילף האָט ער קודם אָפגעראמט א היפש ביסל אינדיאנער, און דערנאָך האָט ער זיך אוועקגעלאָזט צו אָרעגאן, און צווישן די רעגטשערס פארזייעט די קערנד־לאך פון האס און מלחמה. ער האָט צוגעשיקט אנאנאָנימע בריוו, אז די

קאליפאָרניער, צוויי הונדערט אין צאָל ברענגען די תבואות פון דער סאקראַ־
מענטאָ וועלי, און צינדען אויך אונטער די הייזער, און ער אלס אמעריקאנער
אָפיציער, קען גאָרניט טון דערוויל, מחמת אָפיציעל איז אמעריקא נאָך ניט
אין מלחמה מיט מעקסיקאָ... דאָס איז געווען א מיאוס שטיקל ארבעט, אָבער
עס האָט געווירקט; מענטשן זענען געקומען מיט אים זיך צו באראָטן, וואָס
צו טון. ער האָט געהייסן, זיי זאָלן זיך אויסקלייבן אן אייגענעם קאָמיטעט,
און זיין גרייט מיט וואָפן און פערד.

דער ערשטער מלחמה־אקט איז געווען, דאָס וואָס מען האָט פארכאפּט
אין קאסטראָס קעמפּ, אין סאנטא קלארא צוויי הונדערט און פופציק פערד, און
מען האָט נאָך באפוילן מיט קאסטראָס קאפּיטאַן, דע'ארסי, ער זאָל זאָגן
קאסטראָן, אז אויב ער וויל די פערד, זאָל ער קומען און זיי נעמען . . .

דערנאָך איז געקומען דער „עפּיזאָד“, וועלכער ווערט באצייכנט, אלס
דער „בער פלאַג“.

היסטאָריקער קענען זיך ניט אייניקן, אויב פרימאָנט זאָל האָבן דאָס
פאָרגעשלאָגן, אָדער צוגעגיבן קוראזש דערצו, סיי ווי סיי האָט פרימאָנט
געהאט א חלק אין דעם, ווייל נאָר א דאנק זיינע אינטריגעס, איז עס געקו־
מען דערצו.

סאָלדאטן זענען געשיקט געוואָרן נאָך סאָנאָמא און פון דער פעסטונג
האָט מען זיי געהייסן ארויסנעמען גענעראל וואלייאָ א געפאנגענעם. אין
סאָנאָמא זענען ניט געווען קיין סאָלדאטן, ווייל מען האָט זיי קאָנצענטרירט אין
מאָנטערעי און לאָס אנגעלעס, קאסטראָ און פּיקאָ האָבן זיך ניט געקענט
אייניקן, וואו עס זאָל זיין דער „קעפּיטאל“ און זיי האָבן דערוואַרטעט נייעס
יעדע מינוט, אַף אריינצוגיין אין קריג מיט אמעריקא.

די אמעריקאנער האָבן זיך דעם פערצענטן יוני אריינגע'גנב'ט אין
מיטן דער נאכט אין דער פּאָעבלאָ (שטעטל), און איידער עס איז טאָג גע־
וואָרן, האָבן זיי ארומגערינגעלט דאָס הויז פון סאלוואדאָר וואלייא, און אָנ־
געקלאפּט אין זיין טיר.

אויך דאָס צווייטע הויז, וואו עס זענען געשטאנען די סאָלדאטן,
וויקטאָר פּרודאָן, דזשייקאָב ליעס, איז ארומגערינגעלט געוואָרן, און וואלייאָ
האָט פארשטאנען, אז דאָס איז פרימאָנטס ארבעט... די שפּאניער האָבן אפילו
שטארק פּראָטעסטירט, ווייל ניט אזוי זענען זיי געוואוינט צו פירן מלחמות...
אָבער מען האָט זיי געזאָגט, אז זיי זענען איצט געפאנגענע, און אז די אמערי־
קאנער האָבן ריכטיקע אורזאכן פאר קריג מיט מעקסיקא: גענעראל קאסטראָ,
אזוי זאָל עס הייסן, האָט ארויסגעלאָזט א פּראָקלאמאציע צו די אמעריקאנער,
זיי זאָלן זיך מעקסיקאניזירן, און אויב ניט, זאָלן זיי גלייך פארלאָזן
קאליפאָרניע.

דערוויל איז טאָג געוואָרן, וואלייאָ האָט געכאפּט א קוק דורכן פענצ־
טער, און געזען, אז די פּלאזא איז פול מיט באוואפנטע אמעריקאנער, וואָס
טוט מען? די רענטשערס זענען צעוואָרפן איבער דעם טאָל אין דער נאָרט.

אזוי לייכט קען מען זיי ניט צונויפנעמען. ער האָט זיך אָנגעטון, געעפענט די
טיר, אריינגעלאָזט די ניט־געבעטענע געסט, און זיי געגעבן א גלאָז ווייַן.

אין דרויסן איז געווען קאַלט און גרוי, ווי גרוי און קאַלט עס זענען
דאָ די פרימאָרגנס. די וועלכע האָבן געוואַרט אין דרויסן אַף די דריי
אמעריקאַנער פירער, סעמפּל, מעריט און גייט, זענען געוואָרן אומגעדולדיק—
וואָס האָט דאָרט אינווייניק געקענט פּאַסירן? האָט מען זיי פאַרגיפטעט? זיי
האָבן דעריבער אויסגעקליבן איינעם, דזשאָן גרינגסבי, אַז ער זאָל אַריינגיין
און זיך באַלד צוריקקערן מיט א באַריכט, וואָס עס קומט פאָר בא וואַליאָן
אין שטוב. גרינגסבי איז אַריינגעגאַנגען ניט אָנקלאַפּנדיק אין טיר, אָבער
ער איז אויך ניט אַרויסגעקומען. די דרויסנדיקע זענען נאָך מער אויפגערעגט
געוואָרן און זיי האָבן אַריינגעשיקט נאָך א שליח, וויליאַם אייד.

אייד האָט אָנגעקלאַפּט, קיינער האָט ניט געענטפערט, איז ער אַריין
און דערזען ווי מעריט איז געלעגן און געכראָפּעט איבער איבערגעקערטע ווייַן
גלעזער. גרינגסבי איז שוין אויך געשלאָפן, גייט האָט פאַרוואָרפן מיט'ן קאָפּ,
נאָר סעמפּל, וועלכער איז נאָך ניט שיכור געוואָרן, איז געזעסן און געשריבן די
אַרטיקלען פון דער קאַפּיטאַלירונג. די געפאַנגענע זענען געזעסן, געגענעצט
און געכרויכערט. גענעראַל וואַלייאָ האָט גענומען די זאַך פילאָזאָפיש, זיי האָבן
אים געקענט נעמען געפאַנגען, אָבער ער האָט זיי געמאַכט צום נאַר.

אייד איז אַרויסגעקומען און דורכגעלייענט די פּאַפּירן, אונטערג־
שריבן פון די שפּאַניער און די אמעריקאַנער, אַז זיי גיבן זיך אונטער, פאַר־
שפּרעכן ניט צו טראָגן קיין געווער, און אַז א רעפּובליק איז עטאַבלירט גע־
וואָרן אויף די אייגענע יסודות פון דער אמעריקאַנער רעפּובליק.

די געפאַנגענע האָט מען פאַרזיכערט, אַז זייער לעבן און אייגנטום
איז גאַראַנטירט פון דער אמעריקאַנער רעגירונג, און עס איז נאָר געווען א
פראַגע: וואָס טוט מען מיט די הויכגעשעצטע געפאַנגענע, אייניקע זענען גע־
ווען מיט דער מיינונג, אַז מען דאַרף זיי פירן צו פרימאָנטן אין קעמפּ אַריין,
נאָר באַלד האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז פרימאָנט האָט אַזא באַפעל קיינמאָל
ניט געגיבן. ווען די אמעריקאַנער זענען געוואָר געוואָרן, האָט זיך אָנגעהויבן
א טומל און אן אויפרעגונג, גרינגסבי, שיכורלאַך האָט גענומען טענה'ן, אַז מען
האָט אים פאַרראַטן, און געוואָלט אַנטלויפן, אָבער אייד, ניט קוקנדיק אַף
זיין אַבסורדיטעט, האָט דאָך אין זיך פאַרמאָגט, דאָס וואָס מען רופט פּי־
רערשאַפט, ער איז אַרויפגעשפּרונגען אַף א קעסטל, געהאַלטן א רעדע :

„אָדער מיר מוזן ווערן רעוואָלוציאָנערן, אַלא־ניט וועט מען אונז
משפּטן אַלס רויבער און פערד־גנבים!“ האָט ער געדונערט, און דאָס האָט
אַפּעלירט צום אמת'ן אמעריקאַנער גייסט פון יענער צייט. און מען האָט גע־
גרינדעט אַן אייגענע רעגירונג אין קאַליפאָרניע.

די ווייטערדיקע רעדע האָט ער געהאַלטן וועגן א פאָן. פרימאָנט האָט
זיי קיין פאָן ניט צוגעגרייט, אָבער צווישן דעם המון איז געווען א קינסטלער,
וועלכער האָט שפּעטער זיך אָנגעגיבן אַלס א קרוב פון אייברעהעם לינקאָלנס

פרוי, זיין נאָמען איז טאָר. טאָר האָט אָפּגעריסן א שטיק פון זיין רויטן מי־
ליטערישן פלאַנעל־העמדל, און א צווייטן פאס פון א ווייסן באנד בא זיינעם
א חבר, זיי צונויפגענייט, און אין א ווינקל פון דער פאָן, האָט ער אויפגע־
צייכנט א שטערן, אביסעל ווייטער האָט ער נאָכגעמאכט א בער (די קאַלי־
פאָרניער האָבן גע'טענה'ט, אז דאָס איז מער ענלאך צו א דבר אחר...)

אונטער דעם בער האָט מען אויפגעשריבן די ווערטער: קאַליפאָרניע
רעפּובליק, די מעקסיקאנער פאָן האָט מען ארונטערגעלאָזן, און די נייע
איז אויפגעצויגן געוואָרן, און אזוי איז די „בער פלאג" רעוואָלוציע אריין אין
דער געשיכטע, דעם 14־טן יוני, 1846.

אייך האָט דערנאָך צונויפגערופן אלע מעקסיקאנער, זיי געהאלטן א
רעדע, פון וועלכער זיי האָבן בלויז פארשטאנען איין וואָרט: וואשינגטאָן,
ווייל אלוואראדא איז געווען א גרויסער פארערער און אָפּט דערמאָנט וואַ־
שינגטאָנס נאָמען. אכצען מעקסיקאנער זענען זיי געווען, און זיי האָבן געזען,
אז נעגען צוויי הונדערט סאָלדאטן זענען זיי גאָרניט ווערט, פארשטייט זיך,
אז זיי האָבן זיך אונטערגעגעבן, האָבן זיך מיט איידן צעקושט און אים גע־
שוואָרן לאָיאַליטעט.

פרימאָנט האָט דערשמעקט, וואָס דאָ איז אָפּגעטון געוואָרן, האָט ער
געזען, אז די זאך איז אוועק פיל ווייטער, ווי ער האָט פאָראויסגעזען. ער
האָט דעריבער פארכרופן א פארזאמלונג פון אמעריקאנער, און דערקלערט, אז
אלס אן אָפיציער פון דער אמעריקאנער ארמיי קען ער ניט מסכים זיין מיט
דער פארכאפּונג פון סאָנאָמא, אויך קען ער זיך ניט ארייננמישן אין דער
פּאָליטיק פון דער רעגירונג, אָבער ער רעכנט, אז מען דארף נאָכיאָגן און נעמען
קאסטראָן אין געפענגעניש, ווייל ער האָט באליידיקט די אמעריקאנער רעגי־
רונג. ער האָט פארשפּראָכן שוץ צו די אלע, וואָס וועלן זיך שטעלן אונטער
זיין פאָן. אייך איז שוין געווען פאראכט בא די אמעריקאנער, און פרי־
מאָנט האָט געגלאנצט און געשיינט אין זייערע אויגן, ווי אן אמת'ער העלד,
און אזוי האָבן זיי אליין צונישט געמאכט די „בער פלאג רעוואָלוציע" און
פרימאָנטן געמאכט פאר זייער פירער, ער האָט זיי אונטערגענומען אריינ־
צעברייננגען אונטער דער פאָן פון דער אמעריקאנער רעגירונג, בא דעם ערשטן,
פּאסיקסטען מאָמענט.

ווידער האָט דאָס אויסגעזען, אז פרימאָנט וועט פארפירן א מלחמה,
און ארויסקומען א זיגרייכער העלד ,און ווען דאָס וואָלט געווען דעם 5־טן
יוני, וואָלט עס אויך געווען פּאסירט, נאָר דאָס איז שוין געווען דעם 5־טן
יולי, און מיט דריי טעג פריער זענען די מעקסיקאנער אריין אין טעקסעס,
האָט קאמאדאָר סלאוט, גערעכנט, אז פרימאָנט האנדעלט לויט די באפעלן
פון דער אמעריקאנער רעגירונג אין וואשינגטאָן, און אזוי ווי סיר דזשאָרדזש
סימאָר מיט זיין קריגס־שיף קאָלינגוואוד איז געשטאנען און געהאלטן אן
אויג אויף קאַליפאָרניע, האָט סלאוט געפונען פאר נויטיק ניט צו ווארטן אויף
קיין באפעל, און גלייך אריין אין מאָנטערעי בעי, און אף דעם קאָסטאָם־הויז

אַרויפגעצויגן די אַמעריקאַנער פאָן. בריטאַניע האָט קיין חשק ניט געהאַט צו שלאָגן זיך מיט אַמעריקאַ, זי האָט געזען, אַז מען איז איר פאַרלאָפן דעם וועג, און האָט געמאַכט אַ שווייג.

אַף מאָרגן איז די פאָן אַרויפגעצויגן געוואָרן אין יערבאַ באַענאַ, און אין אַ פאָר טעג שפּעטער אין סאָנאָמאַ און סאַטערס פאָרט. קאַסטראָ און פּיקאָ זענען געווען אין דער זיד מיט זייער מיליטער. פרימאָנט איז אָפּגע־שיקט געוואָרן קיין סאַן דיעגאָ, איצט אָבער איז קאַליפאָרניע אַריין אין מלחמה מיט אַמעריקאַ. באַ די קאַליפאָרניער האָט דאָס געהייסן, אַז פערד־גנבים האָבן אַרונטערגעריסן די מעקסיקאַנער פאָן, דערנאָך זיי אויפגערייצט און צע־בונטעוועט, ביז מען האָט אַף זיי אַרויפגעצוואונגען אַ רעוואָלוציע. דערנאָך ערשט איז מען זיי ווידער באַפאַלן, און פאַרגוואַלטיקט זייער פרייהייט.

פאַרשוואונדען איז דער חלום וואָס די אַמעריקאַנער האָבן געהאַט, אַז די קאַליפאָרניער וועלן זייער רעגירונג אויפנעמען מיט דאַנק.

גענוג בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן, ביז ענדלאַך האָט סטאָקטאָן געוווּ־מען לאָס אַנגעלעס, די קאַליפאָרניער האָבן זיך אונטערגעגיבן, דזשילעספּי איז פון סטאָקטאָנען באַשטימט געוואָרן צו האַלטן אָרדנונג, און אַליין איז ער מיט פרימאָנטן אַוועק אין מאָנטערעי. די אַמעריקאַנער האָבן גערעכנט, אַז די מלחמה איז געענדיקט, אָבער דעם 28־טן אויגוסט איז אָנגעקומען אַ ידיעה קיין מאָנטערעי, אַז די גאַנצע זיד איז פול מיט מלחמה־פייער, און עס איז געווען אמת; עס האָט זיך געפאָדערט צו פאַראייניקן די גענעראַלן פרימאָנט, סטאָקטאָן, טאַלבאַט און קוירני און אַלע האָבן זיי געהאַט גענוג צרות, ביז ערשט דעם 13־טן יאַנואַר, ווען די קאַליפאָרניער זענען ווידער באַזיגט גע־וואָרן. אין דעם טאָג, האָבן אַלע קאַליפאָרניער אַוועקגעלעגט דאָס געווער, זיך אונטערגעגיבן צו פרימאָנטן, וועלכער האָט צוריק געוואונען זיין פּרעס־טיזש, און באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ העלד, און סטאָקטאָן האָט פרימאָנטן באַשטימט פאַר גאָווערנאָר.

אָבער אין יענער צייט זענען סטאָקטאָן און קערני געווען אַף מעסער־שטעך, ביידע האָבן געוואָלט בלייבן די הערשער אין קאַליפאָרניע, איבער דעם מיליטער. דאָס האָט פאַראורזאַכט דעם מיליטערישען פּראָצעס איבער פרי־מאָנטן אין וואַשינגטאָן, וואו די גאַנצע פּאַסירונג, וועלכע מיר האָבן דאָ איבערדערציילט, איז אַרויסגעקומען אין דער עפענטלאַכקייט. פרימאָנט איז פאַרקלאָגט געוואָרן אין בונטעווען די קאַליפאָרניער באַפעלקערונג, און איז טאַקע אויך געפונען געוואָרן שולדיק.

דער פּרעזידענט האָט אפילו דערנאָך פרימאָנטן מוחל געווען, נאָר ער האָט שוין רעזיגנירט פון דער אַרמיי, זיך אומגעקערט קיין קאַליפאָרניע, צו מאַכן אַ פּאָליטישע קאַריערע.

און די קאַליפאָרניער? זייער טאָג איז געווען פאַרגאַנגען. זייער זון האָט זיך געזעצט. פּונקט ווי די ווייסע האָבן באַזיגט די רויט־הויטיקע אינדיאַנער, אַזוי האָבן די שטאַרקע אַמעריקאַנער אויך באַזיגט די שוואַכע קאַליפאָרניער.

מ. מ. דאָליצקי.

# על־חטא...

אָ, טאטעניו, פארגיב, איך בעט,
כסדר האָב געזינדיקט איך!...
די אומות דיינע שלאָגן מיך —
און ווער איז זינדיק?... זיי?... אָ, ניין!
נאָר איך אליין!
נאָר איך אליין!...

געוויס! פון תמיד אָן איז דער גערעכט
וואָס גיט די קלעפּ!...
דער חלף שעכט,
עס פאלן קעפּ,
דו האָסט קיין שכל, אָדער כח — לייד!
ביזט שוואך — א זינד!...
א מענטש, א פאָלק — דו ווערסט א רינד!...

דיין חלף, שוחט, נעם און שנייד!...
דיין חלף, שוחט, נעם און שנייד!...

אָ, טאטעניו, איך בעט
פארגיב!
דיין נאָמען אלהים דאָך רעט,
אז גבורה האָסטו ליב
און ביזט מיט דעם, וואָס אייזן ברעכט...
און מיך, דיין שוואכע אומה'לע, מיט רעכט
מיך שלאָג אין ברוסט על־חטא!
מיך שלאָג אין ברוסט על־חטא!...

לאָס אנגעלעס, אלול, תרפ"ה.

שלמה י. בעלסקי.

# איטאלימא

די טענצערן איטאלימא,
א געבוירענע,
איז צו כל־נדרי אין שול אריין נעגאנגען.
שריי איך : — איטאלימא !
עס ווארט אויף דיר
זשעדנער צירקוס־יונג ביים וואנט !
טאמבורין און קאסטאנעטן
אומעטיקן שטומערהייט אין ווינקל
אָן דיין בוייגיק־פלינקער האנט !
אָן דיין טאנץ,
אויסגעלונקען איז די „שאָו" !
בא דעם אקראָבאט אונטערן טריקאָ
קלאפט דאָס הארץ פאר שרעק
היינגענדיק אויף טראפעז
קאָפּ אראָפּ ווי גאנז געשאָכטן ;
הענט ווי טויטע פליגל אָפּגעלאָזן.
עקווילבריסט און פאיאץ, פארפלאָכטן
אין פינסטערע רעיונות,
זיצן אין דעם באריער
צוקנייטשטע און פארגעסענע
ווי אָפּגעשלאָגענע הושענות.
טרובאדור מיט ליידיקער גיטארע
האָט זיך פארכלינעט מיט זיין סערענאדע —
איצטער שטייט ער שטייף
ווי ער וואָלט א שטעקן איינגעשלונגען — — — —
העי, איטאלימא !
צירק איז טויט און שטיל
אָן דאָס ליכט ־און־שאָטן־שפּיל
פון דיינע אויגן !

ענטפערט איטאלימא : —
אסתר רוף מיך היינט !
זאָל אקראָבאט דאָס גניק צוברעכן !
ווערן זאָל פארברענט
טרובאדור, פאיאץ און צירקוס־יונג

מיט די שטאַרקע הענט
אין פייער־קנוילן פון זייער תאוה !
זאָל טאַמבורין און קאַסטאַנעטן
פון רעגן פוילן
ווי עס פוילן באַ מיין מאַמען
ערגעץ איבער ים'ן,
אויגן און תחנה אין די הענט,
זיצנדיק צעווישן הויקערדיקע ווענט
זי בעט פאַר אסתר'קען —
איך הער איר קול !
און ווי אַמאָל
איך גיי אין שול.
וועט מען פון מיר ווייכן ווי פון קרעציקן ?
איז פאַר אסתר'ן
ניטאָ שוין קיין מחילה ?
וועט איטאַלימאַ זיך אוועקגעבן
דעם ערשטן צירקוס־יונג,
וואָס וועט קומען איר אַנטקעגן —
און זאָלן אַלע וויסן
אַז אסתר איז פאַרגעסן
און פאַרשפּילט.

די טענצערן איטאַלימאַ,
אַ געבוירענע,
געגאַנגען איז אין שול —
ווייל איר כוס, דער ביטערער,
געווען איז פול.
שריי איך: — איטאַלימאַ !
דיין האַרץ, דיין כשר'ע,
וויינט אומזיסט אויף דיינע זינד !
(כאַטש עס ברענען דיינע אויגן
מיטן פייער פון אַ הונגעריקער וועלפן)
דער גאָט, דער הייליקער, פון ישראל
ווערט פאַרקויפט חלקים־ווייס אין שול —
ער קען שוין קיינעם מער ניט העלפן.

פנחס בערמאן.

# כ'האָב אייגענע פלאמען פארלאָשן...

כ'האָב אייגענע פלאמען פארשלאָשן — געצונדן אנשטאָט פרעמדע זונען . . .
כ'האָב אלטע יום־טובים פארגעסן — און האָב ניט קיין נייע געפונען . . .
כ'האָב צענדליקע געטער געדינט און זיי אלע אַף שטיקער צעבראָכן . . .
כ'האָב אויסגעבויעט פילע מזבחות — און טמא־חזירים געשטאָכן;
אין הונדערטער טעמפלען געקניט — און אין אש האָב זיי אלע פארוואנדעלט,
כ'האָב צעלאָזע תורות פארהייליקט — און פאר א טאָפ לינזען פארהאנדעלט...
און איר האָט מיין שוועסטער פארמאטערט — האָב איך דריי מאָל
קדוש געשפרונגען . . .
און איר האָט מיין כלה געשענדעט — האָב איך הללויה געזונגען . . .
איצט ברענען די טריט מיר און ס'איז מיר מיין האלז אזוי איינג
און געשוואָלן . . .
איצט שטיי איך אליין אַף א וועג, אַף א קרומען, אן איינגן, א שמאָלן . . .
פאראויס איז דער ים, און איך האָב ניט, ווער ס'זאָל מיר
די וואסערן שפאלטן;
צוריק — דאָרטן ברענען די בריקן, און איך בין שוין אַף אייביק פארהאלטן...
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
כ'האָב אייגענע פלאמען פארלאָשן — געצונדן אנשטאָט פרעמדע זונען . . .
אזוי איז צערונען מיין טייכל, צערונען . . . צערונען . . . צערונען . . .

דוד גיסנעט.

# באָם ים

## ליד אין פראָזא.

באנאכט איז עס צו מיר געקומען, פון שלאָף מיך אויפגעוועקט, דער־פילט האָב איך — עס רופט דער ים; האָב איך הויז און היים פארלאָזן און בין צום ים געגאנגען, און אין גיין איז די נאכט אוועק.

רויט איז געווען דער הימל אין מזרח, ווען איך בין צום ים געקומען. א מילד ווינטעל האָט דעם נאכטליכן נעפל אין זיינע אָרעמס געזאמעלט, דעם בוזעם פון ים אנטפלעקט. זיינען מיר די ערשטע דערוואכטע, פייער־געפארבטע, שוים־געקרוינטע כוואליעס אנטקעגען געלאָפן, א פריילאכן ברוך־הבא געמורמעלט;, די פיס מיר געקושט, און פון דער באגעגעניש איז מיין הארץ פול געוואָרן, טרערן האָבן זיך מיר פון די אויגן געשפארט, פון האלדז— ווערטער.

— זיי נעגריסט, נעפטון! לאנג! לאנג שוין האָבן מיר זיך ניט געזען, נאָר פאַרגעסן, אלטער, האָב איך דיך ניט. איך האָב אָפט געטראַכט פון דיר, און אין שטורמדיקע הארבסט נעכט, ווען דער רעגן האָט ווילד גע־קלאַפּט אין די פענצטער פון מיין ארעמען שטיבעל און דער ווינט האָט זיך מיט בייזען געוויין אין מיין קוימען געריסן האָב איך געבענקט נאָך דיר.

לאַנג בין איך פון דיר אוועק געווען, אף דעם לאנד געזעסן און פון לאנגען זיצן האָב איך וואָרצלען געלאָזן.

האָט עס מיר אין אָנהויב געפרייט. איך האָב געמיינט די וואָרצלען וועלן זיך טיף און ברייט צעוואקסן, וועלן זיך מיט מעכטיקע ארעמס אין דער ערד איינקלאַמערן און אין דעם שאָטן פון דעם מעכטיקן בוים, וואָס וועט פון די וואָרצלען אויסוואַקסן וועל איך רואיק מיינע יאָרן אויסלעבן. איז אָבער דער באָדן זאמדיק געווען, — און אפשר די זריעה צופוילט, — האָבן פון די וואורצלען נאָר דערנער געוואַקסן, ווילד־קרויט א סך.

און די דערנער האָבן מיך ארומגערינגעלט, די פיס געפענטעט, דעם וועג צום לעבן פארשטעלט, צום אָרט מיך געבונדען מיט א קניפּ, צו גארדיעס גלייך .

און וואָס מער מיין הארץ איז פול געוואָרן מיט אומעט און בענק־שאַפט צו דיר, אלץ אָפטער האָב איך געחלומט וועגען דער גאָלדענער צייט, ווען איך האָב, ווי דער ווינט פריי אף דיין בוזעם געלעבט, ווען איך האָב אין שטורעמדיקע ווינטער־נעכט דיין צאָרן באקעמפּפט, ווען איך האָב זיך אין מילדע זומער־נעכט אין דיינע ווייטע האָריזאָנטען פארלוירן.

איצט האָב איך דעם קניפּ צעריסן און בין ווידער צו דיר געקומען. נעם מיך צו, נעפטון ! אין דיינע אָרעמס וויל איך רו געפינען, פארגע־סענייט — אין דיין שויס.

משה ווייסמאַן.

# כל־נדרי אין טיורמע

אין מיינע אינגע יאָרן בין איך ווי א סך אנדערע געכאַפּט געוואָרן פאר א „פּאָליטישן פארברעכען" און פאר מיינע געפערלאַכע חטאים בין איך איינגעשפּארט געוואָרן אין טיורמע.

אין מיין זכרון האָט זיך מיר איינגעקריצט אן ערב־יום כפּור, און איך געדיינק דאָס ווי היינט :

אפן פענצטער בין איך געזעסן און דורך די גראטעס געקוקט אין גאס אריין. אידן אין לאנגע קאַפּאָטעס, מיט טלתים הינטערן אָרם זענען געלאָפן מיט האסטיקע טריט און האָבן זיך געאיילט צו כל־נדרי. אינגלאַך, מיט גראָבע מחזורים זענען מיט געבוינענע קעפּלאך נאָכגעגאנגען די טאטעס. ווייבער

אין ווייסן אָנגעטון, האָבן זיך געאײַלט און אין מיטן דער אײַלעניש דאָך אלעמאָל אָפּגעשטעלט, ווען עס איז אנטקעגן געקומען א באַקאַנטע, זיך צע־קושט און ווייטער געאײַלט זיך.

די זון, א פֿײַערדיקע, האָט זיך געטוב׳לט און געטונקען אין דעם שטילן, ברייטן טײַך, וואָס האָט זיך געווינגט אנטקעגן איבער דער גרויסער טיורמע. אינוויינינק בין איך געזעסן, און דאָס הארץ האָט געצויגן אהין, וואו אלע אידן וועלן זיך איצט צענויפקומען, וועלן וויינען אף זייער ביטער מזל. די גאַס האָט אָנגעהויבן ווערן פּוסט און לער, טונקלע שאָטנס האָבן שוין אלץ פאַר־שלונגען. דער קירכן־גלאָק האָט אָפּגעצײַלט זעקס, און איבערגעריסן די שטיל־קייט. סודות׳דיק, פול מיט אימה האָט זיך געפּילט אין דער לופט. די שול איז אויך ניט געווען ווייט, און עס האָבן זיך שוין געטראָגן יענע הארצ־רייסענדיקע, אידישע יללות, וואָס זענען באַקאַנט יעדן אידישן קינד אין דער היים. מײַן מידע נשמה איז ארומגעכאַפּט געוואָרן פון אזא מאָדנער, טיפער בייִנקשאַפט. עס האָט מיך שוין אף דעם מאָמענט ניט געקימערט, וואָס מײַן פרייהייט איז פון מיר געראַובט, ווי דאָס, וואָס איך קען איצט ניט זײַן דאָרטן און זיך צענויפגיסן מיט זיי אין דעם כאָר פון „כל־נדרי“ וואָס האָט אין זיך אזא כשוף, אזא רייץ!

פּלוצלונג האָט זיך די שווערע, אײַזערנע טיר געעפנט מיט א גערויש, אפן שוועל איז געשטאַנען דער טיורעמנער „טשינאָווניק“ און כמעט ווייכער, ווי מיט דרך־ארץ, האָט ער א זאָג געטון צו מיר:

„קענסט הײַנט גיין מאָליען זיך, אין נומער —, דאָרטן איז הײַנט א סינאַגאָגע.“

לאַנג האָב איך ניט געטראַכט, און בין אים נאָכגעגאַנגען. ער האָט פאַר מיר געעפנט די „סינאַגאָגע“ א גרויס חדר, מיט שווערע פאַרשמידטע פענצטער, א וואָלקן פון פאַרע געמישט מיט פוילן שוויים האָט זיך געטראָגן אין דער לופטן, און זיך געלעגט אף די ווענט, וואָס זענען געווען אָפּגעקראָכן און אָן באַשטימטן קאָליר, באַשריבן אף פאַרשיידענע שפּראַכן און מיט אלערליי נעמען און אויסרופן פון גנב.ישן ווערטערבוך . . .

איבערן סופיט האָבן זיך געצויגן אלערליי נעצן פון שפּינוועבס, פול מיט טויטע און אָפּט נאָך מיט זשיפּענדיקע פליגן. א געלער פייער האָט גע־טוסקט פון די ברענענדיקע ליכט, אין דעם קאַסטן זאמד, און אָפּגעשלאָגן א טויטע בלאַסקייט אף די גרויע ווענט אין כאַלאַטן פון די ארעסטאַנטן.

אין דעם צימער זענען געווען פאַרזאַמעלט א צוויי מנינים אידן פון פאַרשיידענע עלטער. די טלתים איבער די קעפּ, זענען אלטע אידן געשטאַ־נען אין די ווינקלען פון צימער, שטיל אין זיך געזאָגט תפלה־זכה, באַנעצט דאָס מחזור מיט שטילע, הייסע טרערן, האָבן זיך אָבער געשעמט צו וויינען, וויסענדיק, אז זיי זענען איצט ניט אין קיין שול, נאָר אין א טיורמע.

אינגע חברה־לײַט, זענען געזעסן אף די נאַרעס, און מיט די אויגן זיך דורכגעוואונקען שטילערהייט, צווישן זיך געפּירט א שמועס אף גנביש לשון,

און חוזק געמאכט פון די אלטע „יאָלדן" וואָס זענען מיטאמאָל פרום געוואָרען.

פאַרן עמוד איז געשטאַנען א בעל־הביתישער איד, מיט א שיין צע־קאַמטער באָרד, אין א ווייסן קיטל, מיט א טלית איבערן קאָפּ, געקרעכצט און געזאָגט, ווידער געקרעכצט און ווידער געזאָגט. זיינע שווערע, שווארצע הענט האָבן זיך אלע מינוט געהויבן און געריסן צו דער הויך, געטרייסעלט און געבעטן זיך, אז זיינע תפילות זאָלן דורכרייסן די געשמידטע טירן און פענצטער . . . זיי זאָלן געפינען א וועג צו דערגרייכן דעם כסא־הכבוד. עס איז שוין געווען טיף פינצטער, ווען דער בעל־תפלה האָט פארענדיקט דעם „תפלה־זכה".

הערשל דער רויטער, אן אלטער תושב אין טיורמע, האָט ארויסגע־נומען די איינציקע ספר־תורה, און מיט גרויס דרך־ארץ, כמעט ניט געוואגט א קוש צו טון דאָס זיידענע מאנטעלע, מיט פּאָרזיכטיקייט האָט הערשל אָנגעשפּארט דאָס רייניקייט אין זיין טלית. דער בעל־תפלה האָט זיך גוט אויסגעהוסט, אינאיינוועגס, זיך אויסגעווישט די אויגן און דאָס פּנים, האָט ארויפגערוקט דעם טלית, העכער איבערן קאָפּ, און שטיל אָנגעהויבן ברומען, ציענדיק דעם גוט־באקאנטען סקארבאָווען ניגון, ביז ער איז ענדלאך צוגע־קומען צו די ווערטער:

„כל־נדרי . . . — — — — — —"

ווי פון א שטורם זענען די דאוונער אויפגעטרייסעלט געוואָרן, און מיט מורא האָבן אלע איינגעגראָבן די קעפּ אין די מחזורים, און געטאַפּט די שווערע, לאַנג־פארגעסענע ווערטער פון דער „עברי" וועלכע האָט בא די מער־סטע פון זיי, ווי א ווייטער פלעק געשימערט פאר די אויגן. ווערטער, שווע־רע, ווי טויזענט פּודיקע קלעצער האָבן זיך געקאָלערט איינס נאָכן אנדערן, און אָנגעקלאַפּט זיך אָן דער ווייענדיקער, הארציקער שטימע פון דעם בעל־תפלה, האָט געיאָמערט און ניט אויפגעהערט צו שרייען:

סלח נאָ לעון העם הזה . . .

און געדאכט האָט זיך, אז גאָט אליין, נאָר פארשטייט דעם רמז, פאר וועלכען פאָלק עס בעט א איד, א יורד, וואָס ארבעט שווער א גאנץ יאָר אף פרנסה, וואָר אף ימים־נוראים איז ער געצוואונגען צוליב עטלאכע רובל צו ווערן א מליץ־יושר פאר גנבים, רוצחים בא וועמען א לעבן האָט קיין ווערט ניט א־בי ניט אָנקומען צו קיין מענטשן . . .

אין דער לופטן האָט זיך געטראָגן א זשוזשעריי און זיך געוויקלט אי־בער די קעפּ פון אלע זאָגערס, וועלכע זענען פארלאָפן דעם וועג איינער דעם צווייטען.

„אשמנו . . . " — קלאַפּט זיך אין הארצן א איד מיט א קליין בערדל, וואָס זיצט פאר פעלשן וועקסלען . . .

„גזלנו . . . " — קוויטשעט א קליין אידעלע, מיט מייזענע אויגלאך, וואָס זיצט פאר פארכאַפּן משכנות־געלט פון אלמנות און אָרימע כלות . . .

„חמסנו . . . " — שרייט הויך אף דער באסאָווער שטים „ליעווקע" בא וועמען אויפרייסן און אייזערנע קאסע איז ווי עפנען א טיש־קעסטל . . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די ליכט שוין שפּאָר אפּגעברענט, און באדעקט מיט א צעשמאָלצענער פייכקייט, פון דער שטיקענדער היץ, איבערן גרויסן מחזור, ליגט אַנגעלענט דער בעל־תפלה אף זיין עמוד, מיט'ן טלית איבערן קאָפּ, און טרערן־ווערטער פליסן שטילערהייט . . .

„אלהי . . . בושתי . . . ונכלמתי . . . אלהי . . . להרים פני . . . אליך . . . "

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען מען האָט אָפּגעדאוונט, איז דער חזן א פארשעמטער, הינטער־ווייליכס ארויסגעגאנגען . . . ווי ער וואָלט מורא געהאט זיך אומקוקן, אף דער עדה אידן, פאר וועמען ער האָט זיך אונטערגענומען צו זיין א מליץ־יושר . . .

הירשל גאָלד.

# א פרימאָרגן אין שטעטל

(פון מיינע זכרונות)

קושט זיך הימל מיטן דניעפּער,<br>
בלייכט זיך אויס פּאַרטאָג א ברעג.<br>
אויפן פערלדיקן וועג<br>
טרעט א שוין־דערוואכטער שלעפּער.

טרעלן שברים נאכטיגאלן.<br>
מזרח בליט אין פּורפּור־קראַנץ.<br>
טאנצט א יונג זיין ליבע־טאַנץ<br>
אויס אין דרעמלענדע קוואַרטאַלן.

יאָגעניש און זשמורקעס שפּילן<br>
צווישן וואלד און ערשטן שטראַל.<br>
רייסט זיך מו. . . . מו . . . פון א שטאַל,<br>
איילט א איד מיט טלית־תפילין.

משה אייזנשטאט.

# דאָס ליד פון גרויסן געלוסט

נישט די גאוה פון סאוואָנאראָלא
נישט דער אימפעט פון ברענענדן הוסט : —
די בייזע און גרויסע ממשלה
פון גרויסן און בייזן געלוסט.

און נישט די שטאָלצע נשמה,
וואָס האָט זיך אליין באזינגט, —
נאָר דאָס וואָס איז אָן א נאָמן, —
א זיפץ, א וואונק, און א בליק.

און נישט דער קארגער זכרון
און ניט דער שארפער געדאנק ; —
אָן אָפּליץ פון טיפסטן צאָרן,
אָן אָפּקלאנג פון ווייטסטן קלאנג.

און ווער וועט דערזען ווי שיין איז
דאָס שטרעבן צו נאָך און נאָך ?
און ווער וועט אַף אלע לשונות
באזינגן דעם זיסן יאָך ?

און ווער פון אלע פארברענטע
וועט וואגן פארקלאפּן די טיר —
דעם דורשט פון פינף קאָנטינענטן,
דאָס שטרעבן פון אים צו איר.

ברכה קודלי

# שאָטנס

א גלעט פון ווינט
מיט גאָלד פון מילדען זונשטראל —
אַף פליגל פון א ווייסן שוואן,
אין זוים פון שטילן טייך באגינען —
אזוי האָט א פאָדעם פול־טרוימען
מיין פרילינג פון לעבן געשפונען.

אף גרויען וועג, חורבות נאָך חורבות
האָבן מיין האַרץ באַקלעמט,
קאַלטע קלוגשאַפט האָט פאַרשעמט
געזונגען מיר אין אויער —
האָט אָן אָפּגרונט מיר אַריינגעלאַכט אין פּנים
אַלעמאָל אויף דאָס ניי —
אונטער יעדן קוים־קוים אויפגעמאַכטן טויער,
זענען מיינע זומער־טעג פאַרביי.
האָט דאָס לעבן גענומען מיין יוגנט,
און צוריק מיר געגעבן דעם אמת,
נאָר איידער איך האָב די מתּנה די ווערט,
שפּרייטן זיך שאָטנס פון האַרבסט,
עמיצער צילט שוין אַנטקעגן אַ שווערד.

י. ראַשעל.

# פאַרטאָג

שטיל און טונקל איז אין בית־המדרש. פאַרטאָגיקע מיסטעריע און אימה שטאַרט שטום אַרויס פון יעדן ווינקל. בּאַ דער מזרח־וואַנט, לעבן אָרון־קודש אָנגעשפּאַרט אַפן שטענדער, שטייט רב עזריאל אַריינגעטון אין זוהר, און ברומט ווי אַ פאַרוואָגלטע טויב:

„ישראל . . . אוריתא . . . וקודשא ברוך־הוא . . . חד הוא."

אַ טיפע פרייד שטראַלט אויף אין זיין פּנים, וואָס נעמט פלאַמען און ברענען אַזש די אויגן צעפלאַקערן זיך:

איך . . . בן־אָדם . . . זינדיקער מענטש . . . עזריאל . . . די הייליקע תּורה, און כביכול, קודשא ברוך־הוא . . . איינס!

די אידן, די תּורה—און גאָט—זענען איינס, ציט ער אַ ניגון מיט אַ מתיקות ווי דער רויש פון אַ ווייטן וואַסערפאַל.

ער דערשרעקט זיך פאַר די ווערטער, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט מיט זיינע ליפּן און פון די אויגן שפּאַרט זיך אַ שרעק . . . די קני ברעכן זיך . . . אימת־מות כאַפּט אים אָן:

— איך. . . אַ מילב . . . צווישן אַזאַ חבריה . . . און ווי אַ קראַנק קינד וויל ער זיך פאַרענטפערן און נעמט זיך פּעשטשען, ווי פאַר טאַטן . . .

—„ישראל . . . אוריתא . . . וקודשא ברוך־הוא . . . חד הוא."

אַ טרער, ליכטיק, ווי אַ טוי־טראָפּן פאַלט אַפן פּלעמל פון סטערינאָוון ליכט, דאָס ליכט קנאַקט און קאָרטשעט זיך, פלאַקערט אויף, טוט אַ שפּריץ, צאַנקט און טריפט. —

מיט יאָמערלאַך קול, זאָגט ער דעם זוהר, די אותיות אַנצן אַנטקעגן, ווי לעבעדיקע באַשעפענישן. דער טאָג עפנט די ברעם פון דער נאַכט, וואָס לעשט זיך אויס איניינעם מיטן לעצטן צאַנק פון ליכט. אַ בלאָער פרימאָרגן טאָגט אַריין אין בית־מדרש.



יעקב דער טרעפּעניי
פֿון דער פֿאָלקס שול.

נאָך אַ לופֿטיק־ווײַס געצעלט
אויף מײַן וועג אַוועקגעשטעלט.
נאָר אַ שוועל און נאָך אַ טיר
פֿאַר מײַן טאָרבע און פֿאַר מיר.
צאַמע און שטײַנער, שטויב און ליים
איז מײַן וועג וואָס פֿירט אַהיים.

ב

דײַן שמעטערלינג־ראָד וועגן באַנט,
וואָס האָט דיך צו מיר בעראַנט
און אין פֿענסטער פֿון געצעלט
בײַגעראַמט אַ ליכט געשטעלט.
ברענט דאָס ליכט אין קרײַז־אַרום
שוועבט מײַן וואַסער חלום אום.

אָקטאָבער 1921.　　　ה. ראָזענבלאַט

דר. הענרי י. לעוויטאָן.

# דער אידישער סאַנעטאָריום (*

צעפוסנס פון די מאיעסטישע סיערא־מאדרע בערג, וואו עס שלייכט זיך דער ערשטער שמאָלער וועג, פון דער סאנטא פע, צווישן גאָלדענע אָראנזשן־בוימער, דאָרטן בליעט א ווייסע שטאָט, וועלכע מיר רופן די „שטאָט פון האָפנונג".

די וועלכע זענען אָפט געפאָרן אף דער דערמאָנטער סאנטא־פע ליניע, יענע האָבן געמוזט באמערקן, אז דאָרטן, וואו מיט צען יאָר צוריק, איז געשטא־נען נאָר איין קליין שטיבל, איז זיך ביסלאכווייז צעוואקסן, און וואקסט נאָך א ווייסע שטאָט. דאָס איז דער אידישער סאנאטאָריום, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון עטלאכע געציילטע מענטשן מיט צוועלף יאָר צוריק.

אין דעם שטעטל געפינען זיך איצטער אן ערך פון נאָנט צו צוויי הונדערט נפשות, דער גרעסטער צאָל פון זיי זענען פאציענטן, און די איבע־ריקע זענען דאָקטוירים, „נוירסעס" און אנדערע אָנגעשטעלטע, וואָס פאסן אויף ארום דעם אנשטאלט, ווי א גערטנער, קיכער, באדינער, און ד. ג. דאָס שטעטל איז געבויעט לויט דעם מאָדערנעם „קאטעדזש" פלאן, עס זענען דאָ אריבער דרייסיק געביידעס, אלע געפארבט ווייס, די פאציענטן־הייזער זענען געבויעט אין צוויי, פיר, אכט און זעכצען־בעטיקע שטיבער, חוץ די צוויי שפיטאָל־געביידעס, וועלכע יעדע פון זיי נעמט אריין פיר און צוואנציק פאציענטן. א גרויסער שיינער עס־זאל, א ראזיר־צימער (מיט א מרחץ), א וועש־ערייי, א מעדיצינישע געביידע, א ביבליאָטעק־צימער, א באקטיאָראָלאָגישע און עקספערימענטאלישע אָפטיילונג, א לאבאראטאָריום מיט עקס־ריי מא־שינען, א ניומאטראקס, פאר נאָז און האלדז קראנקע, און א באקוועמע היים פאר די דאָקטוירים און „נוירסעס".

א נייע צוגעקומענע געביידע, א „רעקריעישאָן האָל" וואָס האָט גע־קאָסט פינף און צוואנציק טויזנט דאלאר, ארומגערינגעלט מיט א יונגען פארק, מיט בלומען און א פאנטאָן אין דעם צענטער, אן אמת'ר עלדאָראדאָ.

דער פארק צעטיילט דאָס שטעטל אף צוויי טיילן: איין טייל פאר מענער און דער אנדערער פאר פרויען. אין דער צייט פון עסן און פאר־ברייינג־שטונדען זענען אלע ערלויבט צו גיין וואוהין זיי ווילן, נאָר אין די רו־שטונדען, דארף יעדער פארבלייבן אין זיין אפטיילונג. דאָס אלץ איז וועגן דער מעדיצינישער און פיזישער זייט פון דעם סאנאטאָריום, די שענערע זייט פון סאנאטאָריום איז די מאָראלישע און גייסטיקע.

---

(* דר. לעוויטאָן איז א מיטגליד פון דער עקזאמענאציאָנס־באָרד, איז איינער פון בעראטונגס קאָמיטעט, און סעקרעטאר פון מעדיצינישן שטאב אין סאנאטאָריום.

די מאַטאָ פון אנשטאלט איז: ווער עס איז קראנק און אָרעם, יענער קען אריינקומען. ווער עס קען צאָלן, יענער קען זיך געפינען א פּלאַץ ערגעץ אנדערש. דער גייסט, וואָס הערשט דאָ איז אן עכט דעמאָקראַטישער, קיינער פילט ניט, אז עמיצער טוט אים דאָ א טובה, עס איז ניט קיין „טשאַריטי" אנשטאלט, נאָר א נאַציאָנאַלער אידישער אינסטיטוט, און יעדער איינער איז פריי בייצוטראָגן, לויט זיינע מעגלאכקייטן. א סך פון די איצטיקע פּאציענטן זענען יאָרנלאנג געווען מיטגלידער און געשטיצט דעם סאַנאַטאָריום, עס האָט זיך זיי קיינמאָל ניט געחלומט, אז זיי וועלן קראנק ווערן, און דארפן אריינ־קומען אלס פּאציענטן, אָבער זיי האָבן געפונען א היים און זיי האָבן דאָס באוואוסטזיין, אז דאָס איז באמת זייער היים.

די באציאונג פון דער „באָרד" צו די פּאציענטן איז די אייגענע, ווי פון אן אָפּעקון צו דעם וועמענס אינטערעסן ער באשיצט, די לאָס אנגעלעסער אידן קלייבן אויס די „באָרד", און די „באָרד" פירט דורך א מיסיע, אָנפּאר־טרייעט, פון די פאָלקסמאסן.

א טובערקולאָר פּאציענט, ליידעט ניט קיין שמערצען, און דער קרבן ליגט אָפט חדשים און אמאָל אויך יאָרן. אין די פעריאָדן קען ער פיל דיינקן, ליינען, א. ד. ג. די דירעקטאָרן, וויסענדיק פון דעם, באמיען זיי זיך, ניט נאָר צו באזאָרגן דעם פּאציענט מיט א דאך, מיט שפּייז, נאָר עס ווערט געשאפן אזא אטמאָספערע, וואָס זאָל וועקן דעם חשק פון דעם פּאציענט, אז ער זאָל וועלן ווערן געזונט. דאָס פּלאַץ דאָ איז צו באשריינקט אריינצולאָזן זיך אין סטאטיסטישער דאטא, אָבער איך וועל נאָר אָנווייזן אף א פּאָר פאקטן:

פאר דער גאנצער צייט וואָס דער סאַנאַטאָריום עקזיסטירט, האָט ער ארייננענומען דרייצען הונדערט פופציק פּאציענטן. וואָס עס איז שייך דעם עלטער פון די פּאציענטן קומען זיי אריין אין אלערליי יאָרן. די מערסטע קו־מען צווישן 26 און 50. אונטער צוואנציק יאָר, 5, ד. ה. 1.6% פון 20; פון 20 ביז 30 — 101 — אָדער 32%; פון דרייסיק יעריקע ביז פערציק — 109 — אָדער 34.5%; פון 40 ביז 50 — 67 פּאציענטן — 21.2%; איבער 50 — 33 פּאציענטן אָדער 107%.

עס ווערט איצט געפּלאַנעוועט צו עפנען אין לאָס אנגעלעס א קליניק, און א „סאָשל סערוויס סיסטעם".

א חוץ דעם מעדיקאל סופּעראינטענדענט און זיינע צוויי געהילפס דאָקטוירים, האָט דער סאַנאַטאָריום אויך א מעדיצינישן שטאב, מיט וועמען זיי באראטן זיך, און וועלכע זענען תמיד גרייט צו דינען דעם סאַנאַטאָריום מיט אלץ וואס עס איז נאָר מעגלאך.

אלע אידישע קינסטלער, זינגער, שוישפּילער, שרייבער און מאָלער, וועלכע האָבן באזוכט ל. א. זענען געווען באזוכער פון סאַנאַטאָריום, און האָבן פאר די פּאציענטן געשפּילט טעאטער, געזונגען, אָדער פאָרגליינט.

דער איצטיקער מעדיצינישער דירעקטאָר איז דר. סעמויעל סוויזי, וועלכער איז יאָרנלאנג געווען דער סופּעראינטענדענט פון דענווער „דזשואיש נעשאָנאל סאַנאַטאָריום".

פיר און צוואנציק



די ערשטע עקזעקוטיווע פון אידישן סאנאטאָריום

דר. ה. ל. סילווערבערג, ב. פלאטע, דזש. ראָזנקראנץ, ב. קאָהן, פרעז.,
אהרן שפּירא, מ. באנאף, אלעקס לעווי, סעקרעטאר.



אמאלגעמייטעד בילדינג



אינדעפּענדענט ארבעטער רינג 83



אן אלגעמיינער בליק אין מיניאטור־פאַרק




בעי סיטים עקזיליערי און ווילי־ג וואָרקערס בילדינג




דער ערשטער מוזיקאליש־דראמאטישער קלוב (מיט דזש. וויינשטאק, אלס דירעקטאר)





אפרים
משה
ליליען

1925—1884

## אפרים משה ליליען

געבוירן אין דראָביטש, גאַליציע, אין 1884. פאָטער א טאָקער, א פרומער איד. געהאָלפן דעם טאַטן בא דער אר־בעט, און געווען אונטער דער איינפלוס פון דעם „טייטש־חומש“, וואָס די מו־טער פלעג ליינען. געמאַכט פארזוכן צו קאָפּירן בילדער זייער אינג. און ווען ער האָט אָנגעהויבן זיך לערנען שילדן־מאַלעריי, האָט מען אין אים שוין ארויסגעזען א צוקונפטיקן קינסטלער.

ער האָט זיך געלערנט אין קראָקע און דערנאָך אין מינכען. געליטן ווי דאָס רוב קינסטלער, ביז ער האָט דורכגעבראָכן א וועג, אלס קאָמערציעלער צייכנער און פארבער.

די ערשטע שווארץ־ווייסע בילדער האָט ליליען פארעפנטלאַכט אין דער „יוגנט“ (מינכען) און מיט דעם האָט ער זיך דערוואָרבן זיין נאָמען.

בארימט איז ער געוואָרן דורך זיינע אילוסטראַציעס צו דער „ביבל“. זיינע סימפּאַטיעס מיט דעם ארבעטער און אָרימאַן פילן זיך גאַנץ שארף אין די פארטייטשונגס־בילדער צו מאָריס ראָזנפעלדס פּראָלעטריער־לידער פון די ערשטע יאָרן, און אין אייניקע זאַכן, ווי אין „ישעיהו“ און „איוב“ איז ער באמת נביאיש.

היינט, ווען מיר האָבן שוין א רייהע באדייטענדע אידישע מאָלער, צייכנער, און סקולפּטאָרן, וועלכע שאַפן אף אידישע מאָטיוון, האָט מען ליליענס קונסט אויפנגעהערט אָפּצושעצן. זיינע פארדינסטן, אָבער, זענען גרויס, ווייל ער איז נעקומען אין א צייט, ווען די מערסטע קינסטלער זענען אנטלאָפן פון זייער פאָלק, און געשאַפן פאר פרעמדע פעלקער. ליליען איז געווען און איז נעבליבן אַ אידישער מאָלער, וועלכער האָט מיט זיין שאַפן אף אידישע און ביבלישע מאָטיוון דערמוטיקט אלע שפּעטערדיקע קינסטלער צו שאַפן פאר זייער פאָלק. זיינע פארדינסטען וועלן ערשט ריכטיק אָפּגעשעצט ווערן איצט, נאָכדעם ווי ער איז מער ניטאָ.

ליליענס ווירקונג אין זיין צייט, איז פונדעסטוועגן אויך געווען גאַנץ באַטייטענד, מחמת די בילדליכע קונסט גרייכט מיט איר ווירקונג א סך טי־פער ווי דאָס וואָרט. בא טויזנטער אינטעליגענטען האָט ליליען אויפגעוועקט באנייעם דעם חשק צוריק צונעמען זיך צו דער ביבל, וועלכע זיי האָבן אין דער קינדהייט געלערנט, אפשר ניט פארשטאַנען, און דערנאָך פארגעסן. זעענדיק ליליענס א ביבלישע בילד, האָט אָנגעכאַפּט א חשק ווידער אויפצעמישן די ביבל. מיט זיינער אן אילוסטראַציע צו דער האנט, האָט דער אינטעלי־גענט באגריפן, וואָס די ביבל דערציילט, און ווי טיף איר איינפלוס קען גרייכן אין אלע צייטן.

זעקס און צוואַנציק

# נאַטיצן

## וועגן די קונסט־בילדער

מיר האלטן פון דעם שפּריכוואָרט, אז „איין בילד רעט מער ווי צען
טויזענט ווערטער“, דעריבער גיבן מיר פּלאַץ פאר צייכנונגען און קונסט־
בילדער פון דעם לאָס אנגעלעס און פון אנדערע קונסט־מוזעומס.

צום באדויערן איז די אידישע לאָס אנגעלעס ניט אזוי רייך אין אידי־
שע מאלער, ווי אין דיכטער, דאָך קניפּן מיר אָן פארבינדונגען מיט אַ פּאָר
היגע מאלער, וועלכע וועלן מיט דער צייט פארעפענטלאכן אין „זונלאנד“
זייערע אָריגינאלע צייכנונגען, און וועלן אונז אויך העלפן צו באצירן אמאָל
א ליד — אמאָל א מעשה, ווי עס טוט שוין אויך איצט אונזער נאָנטער מיט־
ארבעטער שלמה י. בעלסקי, און י. אייזענבערג.

„זונלאנד“ האָט נאָך ביז איצט ניט אָנגעצייכנט פאר זיך קיין ריכ־
טונג, און וואָלט עס נאָך איצט אויך ניט געטון, ווען ניט דאָס, וואָס די
רעצענזענטן, אנשטאט צו ליינען דעם זשורנאל, בלעטרן בלויז, פארנאָטירן
דעם אינהאלט, און געפינען פאר זייער חוב צו באמערקן, אז דער זשורנאל
ענדערט זיך („מיט יעדן נומער ווערט ער אנדערש, און מען קען ניט וויסן,
וואָס פאר א געשטאלט ער וועט נאָך אָננעמען.“ ק. מ. אין דער „פרייהייט““).

אין „קענעדער אָדלער“ טוט דער רעצענזענט נאָך שענער: ער ליינט
ניט. ממילא ווייסט ער ניט, אז אין „זונלאנד“ גייען ארטיקלען וועגן טעאטער,
קינדער־ערציאונג א. ד. ג.

אנדערע, ווידער געפינען יאָ דעם זשורנאל פאר אינטערעסאנט, —
(“די נומערן מאי און יוני, זענען אָנגעפּיקעוועט מיט א גאנץ היפּשן
מאטעריאל פון ערצעלונגען און לידער, ארטיקלען און עס פעלן אויך ניט קיין
נאָטיצן פון ליטעראַרישע און קולטורעלע טעטיקייטן, און עס פעלן אויך ניט
קיין בילדער און צייכנונגען.“ מ. מלמד, אין פיל. איד. וועלט“.) נאָר פונ־
דעסטוועגן פילן מיר, אז בא אלעמען לעגט זיך ניט אפן שכל, אז קאליפאָרניער
אידישע שרייבער זאָלן קענען ארויסקומען רעגלמעסיק מיט א מאָנאט־שריפט,
און דערצו נאָך אנשטאט איינגעשרומפּען צו ווערן, ווי עס איז בא אונז דער
שטייגער, נאָך דעם ערשטן העפט, זאָל גאָר דער זשורנאל מיט יעדן נומער
ווערן שענער און אינהאלטסרייכער.

צוליב דעם אויבענדערמאָנטען טעם, און כדי אויך צו דערפרייען די
פריינט פון זשורנאל, ווילן מיר דאָ דערקלערן ,אז „זונלאנד“ וועט אויך אַף
ווייטער ניט אָפּטרעטן פון דעם אָנגעצייכנטן וועג, און דאָס איז פאר אונז
אויך בא דעם ערשטן העפט געווען קלאָר — כאָטש מיר האָבן אפילו ניט
געוואָלט רעדן וועגן דעם.

„זונלאנד“ איז קודם א אידישער זשורנאל אין קאליפאָרניע, און דער־

פאר אליין באשעפטיקט ער זיך מיט די אידישע קולטור פראגן, ווי דערציאונג, ליטעראטור, טעאטער, א. אז. וו.

אונז איז ליב יעדער שריפטשטעלער אין קאליפאָרניע, ווייל ער העלפט צו פארשענערן און באררייכערן דאָס אידישע לעבן בא דעם פאסיפיק. דעריבער געפינט יעדער טאלאנטפולער קאליפאָרניער אידישער דיכטער אין „זונלאנד“ פלאץ פאר זיינע לידער, דערציילונגען, א. אז. וו.

אונז איז וויכטיק צו וויסן די געשיכטע פון קאליפאָרניע אין אלגעמיין און די געשיכטע פון די אידן אין קאליפאָרניע באזונדערס. דעריבער פארנעמען די דאָזיקע מאטעריאלן בא אונז אזא חשוב'ן אָרט.

דאָס אידישע טעאטער, ווי די פרעס, שפילט א גרויסע ראָל אומעטום, און וועט סוף־כל סוף זיך אויך בא אונז איינבירגערן. ווייל מיר האָבן דאָ ניט קיין רייכע וואכענטלאכע און לחלוטין ניט קיין טעגלאכע אידישע פרעס, איז נאָך וויכטיקער, אז דאָ זאָל ארויסגיין א מאָנאט־שריפט, וועמענס ציל זאָל זיין קולטור אין אלע אירע פאזן.

קיינער פון די מיטארבעטער, און אויך ניט אין דער רעדאקציע, ווי אין דער אדמיניסטראציע, ארבעט ניט פאר קיין האָנאָראר, און מיט דער אויסנאם פון א פאָר פראָפעסיאָנאלע שריפטשטעלער, וועלכע האָבן נאָך ביז איצט ניט מיטגעארבעט אין „זונלאנד“ האָט דער זשורנאל ביז איצט געדרוקט א רייהע אידישע דיכטער, צווישן וועלכע עס געפינען זיך בלתי־ספק גרויסע טאלאנטען, ווי אונזער שלמה י. בעלסקי, משה אייזענשטאט, אלטער עסעלין, און אנדערע.

מיר ווילן ניט צוזאָגן דעם לעזער קיין הרים־וגבהות, אָבער „זונלאנד“ האָט אלע שאנסען, מיט דער מיטווירקונג פון אונזערע חשוב'ע קאָלעגן צו אנטוויקלען זיך און צו ווערן מיט דער צייט, א בויענדיקער פאקטאָר אין דעם אידיש־קולטורעלן לעבן בא דעם פאסיפישן ברעג.

מיר ווילן פארענדיקן מיט נאָך איין באמערקונג; כאָטש „זונלאנד“ ווערט אויך געליינט אין דעם „מזרח“ זוכט ער אָבער לחלוטין ניט צו באפרידיקן די מזרח־לעזער, ווייל מער פאר אלץ איז פאר אונז וויכטיק דער לעזער דאָ אפן אָרט. דעריבער קימערט עס אונז ניט, וואָס טאָמער וועט דאָרט עמיצער מאכן א באמערקונג, אז די „קאונטרי“ מישט אוים קונסט מיט וואָכעדיקייט. אין דעם לעבן פון אידישן לעזער דארף ארייננעטראָגן ווערן, כאָטש אף וויפיל עס איז יום־טוב, און אויב דאָס וועט זיך אונז איינגיבן, וועלן מיר זיין צופרידן. — רעד.

# באקאנטע אידישע דיכטער אין לאָס אנגעלעס



## ל. שאפירא — בעלעטריסט.

געבוירן אין 1878 אין דזשיטשעוו, קיווער גובערניע. אָנגעהויבן שרייבן אין 1903 אין רייזינס יאָר־בוך, „פראָגרעס“. דערנאָך זיך געדרוקט אין „יודישער ביבליאָטעק“, „יודישע צו־קונפט“. אין רייזינס „יודישען וואָרט“ געשריבן פּאלעמישען ארטיקל וועגן דער שפּראך פראגע. דעם ערשטן מאָל קיין אמעריקע איז דער דיכטער געקו־מען אין 1906 און אין פארשיידענע צייט־שריפטען פארעפענטליכט א סעריע בילדער „אויפן ים“ (די דערמאָנטע בילדער זענען אין 1910 דערשינען אין פארלאג „פּראגרעס“.

אין 1905 האָט שאפּירא פארעפענטלאכט א גרעסערע דערציילונג „די פאמיליע גערער“. און א סעריע קלענערע זאכן, ווי „אין דער טויטער שטאָט“, „שפוך חמתך“, און „דער קוש“. האָט אויך אייניקע לידער, און קריטישע ארטיקלען, געדרוקט אין „ארבייטער“.

א גרויסן נאָמן האָט ל. שאפּיראָ זיך באזונדערס געשאפן מיט זיין דערציילונג „דער צלם“. (געדרוקט אין דר. זשיטלאָווסקי'ס „דאָס נייע לעבן“ אין 1909.) דר. זשיטלאָווסקי ווידמעט דעמאָלט שאפּירא'ן א סעריע ארטיקלען, וואָס האָבן געצויגען אלעמענס אויפמערקזאמקייט.

אין 1910 איז ער צוריקגעפאָרען קיין אייראָפּא, געארבעט אין „פריינד“, וואו ער האָט איבערזעצט וויקטאָר הוגאָ'ס „דער גבור אין קייטען“, וואלטער סקאטס „אייוועןהאָ“ און טשארלז דיקענסעס „שרפה אין לאָנדאָנער טורמע“, און דערצו נאָך אן אייגענעם באנד „נאָוועלען“.

וועגן שאפּיראן האָבן חוץ זשיטלאָווסקין געשריבען ש. ניגער, בעל מחשבות, ז. רייזין, און כמעט, יעדער אידישער ליטעראט קריטיקער. אלע זענען מסכים, אז ער איז דער אייגענארטיקסטער און שטארקסטער דערציילער צווישן אידישע שרייבער. ער צייכנט זיך אוים מיט זיין געשליפענער שפּראך, וואָס איז קורץ און ווי פון מארמאר אויסגעהאקט.

ל. שאפּיראָ וואוינט אין קאליפאָרניע, שוין באלד פיר יאָר, און ווייל ער האָט לעצטענס גאָר ניט פארעפענטלאכט, הערט איר אָפט, ווי פון איין זייט זענען זיך זיינע פריינט שטארק מצער, וואָס ער „שווייגט“, ווי זיי רופן דאָס אָן — און פון דער אנדערער זייט, קענען דאָס אנדערע ניט באגרייפן, ווי אזא טאלאנט שאפט מער ניט.

די ביאָגראפיע זיינע געבן מיר דאָ, צוליב צוויי טעמים: ראשית, איז

ל. שאפירא בא אונז דאָ דער חשוב'סטער דיכטער, און חשוב איז ער בא אונז, ווייל דאָס וואָס ער האָט געשאפן אייגענס, האָט אונדזער ליטעראטור רייכער און חשוב'ער געמאכט. דאָס פרעמדע, וואָס ער האָט אריינגעטראָגן איז קלאסיש, און האָט געהאָלפן דעם אידישן לעזער זיך באקאָנען מיט די גרעסע־רע ווערק פון דער וועלט־ליטעראטור.

צווייטענס, וועט די דאָזיקע ביאָגראפיע פארמאכן דאָס מויל פון יענע אידן, וואָס האָבן טענות צו אים פאר זיין איצטיקער ניט־פּראָדוקטיוויטעט. דער סך־הכל פון שאפירא'ס ליטעראַרישער שאפונג איז פונקט אזוי גרויס אין כמות ווי רייך אין איכות.

די בעסערע פון אונזערע קאָלעגן דאָ ווייסן ווי אָפּצושעצן דאָס, וואָס זיי קומט אויס צו וואוינען אין איין שטאָט מיט ל. שאפיראָן. אונדזערע קינסטלער, ווי הירשביין, ענטין, ניגער, און אנדערע, וואָס באזוכן קאליפאָרניע פארפעלען קיינמאָל ניט צו געדיינקען, אז שאפירא איז אין קאליפאָרניע, און האָבן הנאה פון זיין שיחות חולין, וואָס צייכענט זיך אויס מיט פקחות און קלאָרקייט. שאפיראָ איז אונדזער גרעסטע, אידישע פערזענלאכקייט וואָס מיר פארמאָגן דאָ אין דער גרויסער משפחה פון אידישע שריפטשטעלער, און אף א אידישער פייערונג בא א פאָלקסשול־קאָנצערט אָדער אן אָוונט, פילן זיך די בעסערע מענטשן מעהר געהויבן, ווען ער איז דאָ אין זאָל אָדער באם טיש. זיין נאָמען אליין רופט בא אונדז ארויס דרך־ארץ צו אים און צו אלץ וואָס שאפט זיך אין אידיש. זיין קרייז דאָ איז אן ענגער, דערפאר, אָבער אן אויפריכטיקער און איבערגעבענער, וואָס ווייסן זיין אמת'ן ווערט פאר דעם אידישן פאָלק און זיינע פארדינסטען אין אונדזער נייער אידישער ליטעראטור.

## יונה ראָזענפעלד



בעלעטריסט. געבוירן אין 1882 אין דאָרף ראפאלאָפקא, בא טשאַרטאָריסק וואָלינער גוב. פאָטער: א לערער. אין חדר האָט ראָזענוועלד געלערנט ביז 12 יאָר. געבליבן א יתום, איז ער אוועק צו זיינע ברידער אין אדעס, וועלכע האָבן אים באלד אָפּגעגעבן צו א טאָ־קער, צען יאָר איז געבליבן בא דער פאך. דורך דער פעריאָד האָט ער גאָר ניט געשריבן און אפילו ניט געלעזן. ערשט אפן דריי־און צוואנציקסטן יאָר פון זיין לעבן האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אונטער דעם איינפלוס פון דער אויפלעבונג אין דער נייער אידי־שער ליטעראטור.

„דאָס לערנ־אינגל“, זיין ערשטע זאַך איז דערשינען אין „פריינט“,
אין 1904. דאָס איז טאַקע געווען א בילד פון טאַקער־לעבן. זינט דאן האָט
ער אָנגעהויבן שרייבן אין „פריינד“ און אין „וועג“, און אנדערע צייטונגען
און זשורנאַלן. אין 1905 האָט ער זיך גענומען אינגאנצן אָפּגעבן מיט ליטע־
ראטור, זיך באַטייליקט אין פאַרשיידענע אידישע אויסגאַבן. פון זיינע גע־
זאַמלטע שריפטן זענען ארויס צוויי בענד אין פארלאַג „פּראָגרעס“ (1909
און 1912) און איינער אין פארלאַג „שימין“ („אין די שמאָלע געסלאַך“) אין
שימינס „וועלט־ביבליאָטעק. (איצט זענען ערשינען אלע געזאמעלטע ווערק.)

ראָזענפעלד האָט זיך גלייך בא דעם אָנהויב ארויסגעוויזן פאר אן איי־
גענאַרטיקן טאַלאַנט. ער האָט דער ערשטער אריינגעפירט אין דער נייער
אידישער ליטעראַטור די שילדערונג פון דער קראַנקער, פּאַטאָלאָגישער ער־
שיינונג פון דער פסיכיק, אם בעסטן איז ראָזענפעלד, ווען ער גיט זיך אָפּ
מיט דער שרעק פון דער מענטשלאַכער נשמה, און אויך יעמאָלט, ווען ער
שאפט אָף עראָטישע טעמעס. (ביבליאָגראַפיע : ש. ניגער, „פריינט“, וואַנ־
ווילד „אידישע יוגענט“, פרילוצקי „יונגער גייסט“ זרבבל, „אין דער שטי־
לער פינסטערניש“, „יוגענט“ גאַליציע.

די לעצטע זעקס חדשים איז ראָזענפעלד אין קאַליפאָרניע, פון וואַנען
ער שרייבט רעגולמעסיק אין „פאָרווערטס“ און „צוקונפט“.

לאָס אַנגעלעס האָט בא דעם דיכטערס אָנקומען געפייערט זיין
צוואַנציק־יאָריקן יובל אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט אלע קולטור־
אנשטאַלטן.



## מנחם מענדל דאָליצקי

געבוירן אין 1858 אין ביאַליסטאָק,
אין 1892, נאָך דעם בארימטען גירוש
מאָסקווא האָט ער אויסגעוואַנדערט
קיין אמעריקא.

דאָליצקי איז איינער פון די בא־
דייטענדסטע העברעאישע דיכטער,
וועלכער האָט פיל בייגעטראָגן צו דער
העברעאישער ליטעראַטור. גרויס
אויפמערקזאַמקייט האָט ער געצויגן
פון דעם בארימטען העברעאישן משורר
י. ל. גאָרדאָן, וועלכער האָט אים אָף די
עלטערע יאָרן געווידמעט א שיר, אין
וועלכן גאָרדאָן פאַרענדיקט : „הא לך עטי, עלה רש מקומי.“

אין די אינגערע יאָרן איז ער אויך געווען דער ארויסגעבער פון א אי־
דישער מאָנאַט־שריפט „די נייע צייט“. די לעצטע יאָרן איז ער א מיט־

באווירקט פון דעם ארבעטער־אידעאליזם פון יענער צייט און טרעט ארויס מיט זיינע ערשטע ארבעטער־לידער. ער לייענט אלץ, וואָס די אידישע שריפטשטע־לער פון יענער צייט שאפן, ווערנדיק באאיינפלוסט ספעציעל פון יהואש און מאָריס ראָזענפעלד.

אין יאנואר, 1900, מאכט ער זיין ערשטן דעביוט מיט א ליד אין „פאָרווערטס“. מ. קאַץ, דער דאמאָלטדיקער רעדאקטאָר פון „פאָרווערטס“, דערמוטיקט און העלפט דעם יונגן רויזענבלאט אין זיינע ערשטעע שריט. די דערמוטיקונג פון זיין ערשטן רעדאקטאָר ווירקט אף דעם יונגן דיכטער און ער ווערט זייער פראָדוקטיוו. ער שרייבט און דרוקט זייער פיל. פון אָנפאנג מערקט זיך אן איינפלוס פון דרויסנדיקע כחות, ווי שעלי, בוירנס און בייראָן, נאָר ביסלאכווייז ווערט רויזענבלאט'ס טאָן אן אייגענער, ער באהערשט די פאָרם און זיינע לידער קריגן אן אריגינעלען און ליריש בריימן שוואונג.

אָבער ניט גרינג קומט אָן אונזער דיכטער צו קריגן אן אָרט פאר זיין ליד, בפרט, אין יענער צייט, ווען א ליד „דארף“ אָדער שעלטן גאָט, אָדער בא־קלאָגן דעם ארבעטער שיקזאל. רויזענבלאט'ן איז אָט דער דאָזיקער צושטאנד אין דער פרעסע דערווידער, און צוזאמען מיט די מערסטע אידיש־אמעריקאני־שע דיכטער פון יענער צייט, דערפילט ער אז די צייטונג איז ניט דער אָרט פאר דיכטערישער שאפונגען. די „צוקונפט“, דער איינציקער עקזיסטירענדער זשורנאל, האָט אָבער פלאַץ, נאָר פאר די אויסדערוויילטע פון אמעריקע און אויסלאנד. דאָס פירט, אין 1905, צו דער גרינדונג פון דער גרופע „אידישע יוגנט“, וואָס באשטייט פון א צאָל יונגע דיכטער וועלכע שטרעבן אויסצוקעמפן פאר זיך אן אייגן ווינקל אין דער אידישער ליטעראטור. רויזענבלאט ארבעט אקטיוו אין דער דאָזיקער גרופע וועלכע גיט ארויס דעם זשורנאל „יוגנט“. דער זשורנאל לעבט אָבער ניט לאנג. נאָך דעם אונרעגלמעסיקער דערשיינונג פון עטלאכע נומערן גייט ער אונטער.

אין 1910 דערשיינט רויזענבלאטס א קליינע לידער זאמלונג. דאָס ביכל ווערט ווארעם אויפגענומען פון דער קריטיק. פינף יאָר שפעטער, טרעט רויזענבלאט ארויס מיט א גרויס בוך לידער, „לידער און גערייכטע“ (420 זייטן, פארלאג מייזל) דאָס מאָל דערזען די קריטיקער פאר זיך א דיכטער מיט אן אייגנארטיקן שוואונג און א צארטן לירישן טאָן. דאָס בוך ווערט פיל געלויבט און רויזענבלאט קריגט א באשטימטן אָרט אין דער אידישער ליטעראטור.

אין 1916 פארלאָזט רויזענבלאט ניו יאָרק און באזעצט זיך אין דע־טראָיט. ער ווערט דאָרט באליבט בא דער אידישער אינטעליגענץ, און א יאָר שפעטער רעדאקטירט שוין רויזענבלאט די „דעטראיטער אידישע וואָכנבלאט“. דעם דיכטערס פּאָפּולאריטעט ברייננגט אים אזעלכע מיטארבעטער ווי פּרץ הירשביין, י. אָפּאַטאשו, דוד איגנאטאָוו, מאני לייב, מנחם, א. וואָלינער, דר. ק. פאָרנבערג, דר. נ. סירקין, ראבאָי, דר. י. וואָרטסמאן און אנדערע. די צייטונג ווערט א וויכטיקער פאקטאָר אין שטאָט, און סטימולירט דאָס אידיש־

געזעלשאפטליך לעבן פון דעטראָיט.

אין 1920 דערשיינט רויזענבלאַטס צווייטער באנד לידער „ אונטער גאָטס הימלען", ארויסגעגעבן פון א ברענטש פון „אידיש־נאַציאָנאַלן ארבעטער פארבאנד", וואָס מאכט גרויס אויפזען אין דער אידישער ביכער־וועלט. שפּעטער דערשיינט דאָס בוך אין א צווייטער אויפלאַגע אין דעם מייזל פארלאַג. אין א יאָר ארום פארלאָזט רויזענבלאַט דעטראָיט, און מאכט א טור איבער די פאראייניגטע שטאַטן און קאנאדע, אין די אינטערעסן פון דעם ניו יאָרקער אידישן לערער סעמינאַר. ער ווערט אויפגענומען, וואו נאָר ער קומט, מיט ליבע און פארערונג, זאמלענדיק א היבשע סומע פאר דער אינסטיטוציע.

סוף 1921 באַזעצט זיך רויזענבלאַט אין לאָס אנגעלעס וואו ער האָט תמיד געשטרעבט צו זיין. די רחבות'דיקע קאליפאָרניע באַלעבט דעם דיכ־טערס אינספּיראַציע, און ער שאַפט דאָ פילע פון זיינע גרעסטע ארבעטען, כאָטש די מאַטעריעלע אומשטענדן דערלויבן אים נים קיין סך צייט זיך אָפּ־צוגעבן מיט זיין שאפערישער ארבעט.

לאָס אנגעלעס איז דעם דיכטערס היים. זיין גוטמוטיקע און פריינט־לאַכע באַציאונג צו אַלעמען, די הארציקייט און איינפאַכקייט אין זיין באַנע־מונג, געווינט פאר אים פילע פריינט און פארערער. די היגע אידישע אינטעליגענץ שטאַלצירט מיט איר תושב. בא די גאָר נאָענטע פריינט, נעמט וואקסן דער ווּאונטש ארויסצוגעבן א בוך פון די לידער וואָס רויזענבלאַט האָט געשאפן וואוינענדיק אין קאליפאָרניע. עס גרינדעט זיך א ספּעציעלער „רויזענבלאַט פארלאַג" און נאָך א קורצער צייט פון ענערגישער ארבעט מאכן זיי מעגלאַך די דערשיינונג פון רויזענבלאַטס דריטן באנד לידער „בלויע פלאַמען".

די גוטע ארבעט פון דעם „רויזענבלאַט פארלאַג" האָט סטימולירט די כונה פון דער אידישער לאָס אנגעלעס צו פייערן רויזענבלאַטס פינף און צוואַנ־ציק יאָר ליטעראַרישע טעטיקייט. א קאָנפערענץ פון פארטרעטער פון קול־טורעלע, געזעלשאפטלאַכע און ארבעטער אָרגאַניזאַציעס האָבן אראַנזשירט א הערליכן אָוונט, וואו דורך באַגייסטערטע איינקייט איז געפייערט געוואָרן דער גרויסער ליטעראַרישער פאָלקס־יום־טוב: ה. רויזענבלאַטס פינף און צוואַנציק יאָריגער יובילײ.

שלמה י. בעלסקי

(אויסצוג פון „סאָוועניר פאר רויזענבלאַטס 25 יאָריקן יובילײ)



## דר. לעאָ בלאם

געבאָרן אין 1883 אין ראסטאָוו, אין די קינדער יאָרן האָט ער באקומען א רעליגיעזע אידישע דערציאונג, וועלכע האָט אף אים איבערגעלאָזן א טיפן רושם, און ווען ער איז עלטער געוואָרן האָט ער א סך געדייזט. איז געווען אין דער שווייץ, איטאליען און פראנקרייך. זיין מעדיצינישן שטודיום האָט ער פריער פארענדיקט אין דייטשלאנד. קומענדיק קיין אמעריקע, האָט ער אין סט. לואיס ווידער גענומען א פּאָסט־גראדואייט קורס. דאָס אייגענע האָט ער געטון אין סאן פראנציסקאָ.

געלערנט באם פּאָטער פון 5 ביז 15 יאָר און דערנאָך אליין אונטערן פּאָטערס השגחה ביז 18 יאָר. פּאָטער, א מתנגד, אָבער א מענטש מיט א פּאָעטישער נשמה, האָט געקענט שניצן, מאָלן, און אויך געשריבן שירים (המליץ) אונטער דעם נאָמען „האש“. דער פּאָטער איז אויך געווען א בעל־יחוס

פון זיין מוטערס צד איז ער געווען אין דריטן דור אן אייניקל פון ווילנער גאונס ברודער, ברוך ווייגמאכער קרעמער (דער נאָמען בלעס) איז אן איבערגעמאכטער פון ברוך (געבענטשט).

אין קאליפאָרניע איז ער זינט 1908 און דאָס מיינט, אז ער איז איינער פון יענע אידן, וועלכער האָט ניט נאָר צוגעזען דעם געבורט פון דער נייער אידישער קאליפאָרניע, נאָר זי טאקע אליין געהאָלפן פאָרמירן, מחמת דר. בלאם איז דאָ געווען איינער פון די בויער. כמעט אלע אידישע אנשטאלטן, וועלכע מיר פארמאָגן היינט — ווי דער סאנאטאָריום, עקס פּיישענטס, פאָלקשול, א. ד. ג. זענען געגרינדעט געוואָרן מיט זיין הילף. די ערשטע אידישע פאָלקשול האָט ער געגרינדעט, און א שטיק צייט כמעט אויסגעהאלטן. דעם אידישן אינסטיטוט האָט דער אייגענער אָנגעפירט יאָרנלאנג, און ער האָט פארמאָגט יענע גרויסע ענטוזיאזם און באגייסטערונג פאר זאכן, אָן וועלכע עס איז ניט מעגלאך עפּעס אויפצוטון.

דער ערשטער „רעליף“ דרייוו, דער ערשטער „קרן־היסוד“ דרייוו איז אָנגעפירט געוואָרן פון דר. בלאם. ער האָט בא יענער צייט מער ווי איינמאָל פארנאכלעסיקט זיין מעדיצינישע פראקטיק און אָפט רואינירט זיין געזונט, צוליב דער קהל'שער ארבעט.

דר. בלאם איז איינער פון די אידישע געלערנטע, וועלכע פאָלגן נאָך מיט גרויס אינטערעס אלץ וואָס עס ווערט געדרוקט אין דער פרעס, אין צייטשריפטן. זיין בליק איז א נאציאָנאל־פּראָגרעסיווער, און ער האָט א באציאונג

צו דער אידישער נייע ליטעראַטור און קולטור.

ער שרייבט אליין פון צייט־צו צייט, האָט עטלאכע מאָל פּרובירט שטיצן די היגע אידישע פּרעס, נאָך אין דער צייט, ווען דער באָדן איז ניט רייף געווען פאר קיין לאָקאַלע פּרעס. ער האָט אַ שטיק צייט געשריבן עדיטאָריעלע נאָטיצן, און געדרוקט אַ פּאָר גרעסערע דערציילונגען אין דעם חודש־זשורנאַל, די „צוקונפט“.

ער רעכנט זיך אויך פאר איינעם פון די בעסטע רעדנער און לעקטשו־רער אין קאָל. און איז זייער באליבט בא די היגע פּאָלקסמאסן,



## דוד גיסנעט

געבוירן 1881 אין בריטשאן, בעסאַראַ־ביע, בא אינטעליגענטע, פארמעגלאכע עלטערן. ער האָט באקומען אַ גוטע דערציאונג בא פּריוואטע לערער. צו זעכצען יאָר האָט ער פארלאָזן רוס־לאנד, געוואנדערט איבער דער וועלט, זיך אָפּגעשטעלט אין בעלגיען, פראנק־רייך, איטאליען און ענגלאנד. אָנדער־האלבן יאָר פארבראכט אין פארשיידע־נע טיילן אין צפון־אפריקע. ער האָט אויך באזוכט פּאלעסטינע, אינדיע, כינא, זיד־אפריקע, און אויסטראַליע.

אין אמעריקע זינט 1904, און אויך דאָ האָט ער פיל געוואנדערט אי־בער די אטלאַנטישע, זידלאכע און מיטל־מערב'דיקע שטאטן. אין 1908 צוריק־געקומען אין נויאָרק ביז 1910. אין הארבסט אָפּגעפאָרן אין קאליפאָרניע, פארבראכט פינף יאָר, געהאָלפן גרינדן דאָ די ערשטע אידישע נאציאָנאַל־ראַדיקאַלע שול, געשריבן פאר דער „פרייער ארבעטער שטימע“ און „קאלי־פאָרניער אידישע שטימע“. דערנאָך געצויגן פון סאן פראנציסקאָ קיין לאָס אנגעלעס און צוריק, און ווידער געוואנדערט איבער די שטאטן אָרעגאָן, וואַ־שינגטאָן, און בריטיש־קאָלומביא, און פון 1915 ביז1920 זיך צוריק באזעצט אין נויאָרק, מיטגעארבעט אין די מערסטע אידישע צייטשריפטן און צײַ־טונגען, „פ. א. ש.“, „ווארהייט“, „טאָג“, ארבייטער“, „מילערס וואָכנבלאט“.

פון 1980 ביז איצט, איז ער ווידער אין קאליפאָרניע, ביז אַ האלב יאָר צוריק איז ער געווען אין סאן פראנציסקאָ. איצט איז ער אין לאָס אנגעלעס דער פערוואלטער פון דער אידישער פאָלקשול. י. ל. מ.



## יצחה האראָוויץ

געבוירן אין יעפוריען, א דאָרף אין רו־
מעניען, לעבן יאסי, אין 1893 בא
פריידיינקערישע עלטערן. פאָטער האָט
אליין מדריך געווען די קינדער, און זיי
געהאָלפן אין זייער אנטוויקלונג. ביז
זיבן יאָר געלערנט מיט מלמד, דערנאָך
געלערנט באם פאָטער, און שפּעטער
באזוכט א פרימאר־שול, געלערנט
דייטש, געמאכט א יאָר און א האלב
גימנאזיע, און צו דרייצען יאָר אָנגע־
הויבן ארבעטן. געקומען קיין אמעריקא אין 1909, געארבעט א קורצע צייט
אין א פאבריק, אָנגעהויבן שרייבן נאָך אין דער היים, אָבער ניט אף אידיש.
אין „פאָרווערטס" האָט ער אָפּגעדרוקט די ערשטע צוויי לידער, אף וועלכע
מאָרים ראָזנפעלד האָט געצויגן אויפמערקזאמקייט (1913), דערנאָך גע־
דרוקט לידער אין „פ. א. ש." און אויך פּראָזא, געשריבן אין דער „וואָך",
„קונדס", און אנדערע צייטשריפטען.

געווען רעדאקטאָר פון דער „בערג־שטימע" און אויך אָנגעשריבן א
וועגעטארישע פּיעסע: „דאָס קול פון די שטומע". פארעפנטלאכט אן אָפּ־
האנדלונג וועגג משה נאדיר, און אויך א סעריע איינאקטערס אין „קינדער־
וועלט", און אין „סינדער־זשורנאל".

ער איז געווען א מיטארבעטער אין „היינט" און אויך אין „די צייט".
אין קאליפאָרניע, גלייך נאָך זיין אָנקומען האָט ער רעדאקטירט דאָס העפט
„מערב".



## י. ל. מאלאמוט

געבוירן אין סניטקאָוו, פּאָדאָליער גוב.
אין 1885. דער פאָטער דניאל מלמד, א
בארימטער חסיד און ראש־הקהל אין
גאנץ פּאָדאָל אין יענער צייט. גרינדער
פון חברות, ש"ס, משניות, קדישא,
לינת הצדק, צדקה לעניים, און כל
ימיו גבאי אין חסידישן בית המדרש.

פאָטער האָט אליין געלערנט מיט
זיינע קינדער, און זיי אויך געשיקט
אין ישיבות, געמאכט פון זיי רבנים
און שוחטים. צו פערצען פארלוירןביידע עלטערן און געוואָרן א לערער אין
די דערפער ארום סניטקאָוו.

אין 1903 געקומען אין אמעריקע, און גלייך אָנגעהויבן באאיינפלוסט צו ווערן פון רעוואָלוציאָנערן אידישן גייסט אין יענער צייט. גענומען ליינען א סך און אונטער דעם איינפלוס אָנגעהויבן שרייבן. געדרוקט אין 1905 זיינע ערשטע מעשיות אין לאָנדאָנער „ארבעטער פריינט".

אין 1906 אָפּגעפאָרן אין אייראָפּא, געוואָרן א מיטארבעטער פון „לאָנדאָנער דזשואיש וואָרלד" אין דער אידישער, ליטעראַרישער ביילאגע. גלייכצייטיק געשריבן פאר „ארבעטער פריינט" עקספרעס" און „זשורנאל", ביז 1908.

צוריקגעקומען קיין נויאָרק, און מיטגעארבעט פון צייט צו צייט, אין „פאָרווערטס", „צייטגייסט" און „טאגעבלאט", „קיבעצער", „קונדס" און רעדאקטירט אין 1910 „די בייטש", א הומאָריסטישע פּאָסט־קארד, און דער „שפּיגל" אן אכטל־בויגענדיקע הומאָריסטישע וואָכנשריפט מיט דער הילף פון בר־יוסי און ב. דובאָווסקי.

אין 1911 אויסגעוואנדערט אין קאנאדע, געוואָרן א מיטארבעטער אין „קענעדער אדלער", אונטער דער רעדאקציע פון דר. יחזקאל וואָרטסמאַן, און ז. קאָרנבליט. אין קאנאדע איז מאלאמוט געבליבן ביז 1916. דורך דער צייט געארבעט אין „קענעדער אָדלער"" א שטיק צייט, אונטער ראובן בריינינס רעדאקציע. אין „טאָראָנטאר אידישן זשורנאל" און אין „קענעדער איד" וויניפּעג.

מאלאמוט האָט אויך געמאכט א פארזוך ארויסצוגעבן א ליטעראַרי־שע וואָכנשריפט, פריער אין מאָנטרעאל, „די קענעדער אידישע פּרעס" (1913) און „קענעדער אידישער וועלט" אין וויניפּעג (1914) פאר דער צייט, וואָס ער איז געווען אין קאנאדא האָט ער אויך אָנגעשריבן צוויי פיר־אקטיגע פּיעסן, וועלכע זענען אויפגעפירט געוואָרן אין 1914, 1915 און1916 אין מאָנטרעאל, וויניפּעג, מינעאפּאָליס און אין שיקאגאָ, ווען ער איז אָנגעקומען אהין אין 1916. אין שיקאגא האָט ער מיטגעארבעט אין דער „אידישער ארב. וועלט" אונטער דער רעדאקציע פון דר. ק. פאָרנבערג, שפּעטער בא א. ש. זאַקס און ווען ער האָט זיך שפּעטער באזעצט דאָרט, בא ק. מרמר. אין דער „וועלט" און אין „רעקאָרד". האָט אויך געמאכט יענעם יאָר „דעם שיקאגאר פאָר־ווערטס" וועלכער האָט זיך נאָך געדרוקט אין נויאָרק. געווען סעקרעטאר פּיפּלס רעליף, סט. לואיס אין 1917. און 1918 געצויגן אין דעטראָיט, רע־דאקטירט דעם „וועג" פריער וועכנטלאך, שפּעטער טעגלאך. געוואוינט אין דעטראָיט ביז 1920, ווען ער איז אָפּגעפאָרן אין קאליפאָרניע, וואו ער גע־פינט זיך זינט די לעצטע פינף יאָר. געווען דאָ רעדאקטאָר פון „צייט", שפּע־טער פון „שטערן" און פאר די לעצטע זעקס חדשים איינער פון די גרינדער און רעדאקטאָר פון „זונלאנד".

חוץ די דערמאָנטע צייטונגען האָט ער אויך מיטגעארבעט אין ק. מרמר'ס „קונסטפריינד", 1915, דאָס „נייע לעבן" אין 1913, „דער נייער

דור“ 1914. אין 1915 זענען ערשינען אין א קינדער־ביכל, „דריי מעשה׳לאך פאר אידישע קינדער“, פארלאג „מעשה׳לאך סט. לואיס“, און אין 1925, צווי ביכעלאך „מעשה׳לאך פאר אידישע קינדער“, פארלאג „זונלאנד“, לאָס אנגעלעס קאליפאָרניע.

ביבליאָגראפיע ראובן בריינין, „קענעדער אָדלער“, 1913; ב. גאָלדשטיין „קענעדער איד“ 1914. א. גלאנץ, „דער טאָג“ 1915. ה. הירש, יובילעאום־אויסגאבע „קענעדער אָדלער“. („אידישע שריפטשטעלער אין קאנאדע“.) 1915. אברהם רייגנווין, „געשיכטע פון די אידן אין קענעדע“ 1925. ב. גאָלדשטיין, „וועג“ דעטראיט 1920. ק. מרמר „רעקאָרד“, שיקאגא 1916. ש. זאמד, קוריער“ שיקאגא 1916. ק. מרמר, „פרייהייט“ 1925.



# בערנארד לואיס

מיט ווייטאָק האָב איך געלייענט די טרויעריקע ידיעה וועגן בערנארד לואיסעס טויט. ערגעץ אין אן אנשטאלט פון דער טיפּאָגראפישער יוניאָן האָט דער קראנקער פארבראכט זיינע לעצטע טעג. ווייט פון זיינע קאָלעגן, פריינט און נאָענטע איז דער פארוואָגלטער געשטאָרבן אף א פרעמדער בעט, צעווישן פרעמדע מענטשן.

בערנארד לואיס, דער שטאָלצער, מיט בליק פון אָדלער און ספינקס אין די אויגן; דער קאָמפּלעקס פון קינדערשער נאיוויטעט פון קינסטלערישער סענסיוויטעט; דער וואָס האָט געזעאסט געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס מיט דעם סם פון טרעמפּישער נשמה האָט אליין געדארפט אָנקומען צו שטארבן אין אן אנשטאלט.

לואיס האָט נאָך מער געהאסט דעם פיליסטער, דער וואָס האלט אויף די דאָזיקע אנשטאלטן — די לאטעם אף דעם צעריסענעם געזעלשאפטליכן קערפּער. ער האָט געהאסט יענעם צופרידענעם מענטשעלע פון דעם אָנגע־ווארעמטן נעסט וואָס האָט זיך איינגעשאפט א ווייב מיט ווייכע מעבל און שלאָפט מיט דעם חלום פון זיין געשעפטעלע צוקאָפּנס. לואיס האָט מיט ביטערער סאטירע גערעט פון דאָס וואָס מען רופט אָן א היים. צעריסן פון

ראנגלעניש, אינערליכן צווייפל און מרידה, האָט בערנארד לואיס זיך קיינ־מאָל קיין אָרט ניט געפונען. אין ווי דער באָרד אין מיטל־אלטער וואָס האָט געוואנדערט איבער מערב־אייראָפּאַ, אזוי האָט לואיס, מיט דעם אומרו פון א ניט אנערקאנטן נביא, געוואָגלט איבער די אמעריקאנער שטעט.

לואיס איז אָבער אלע מאָל צוריקגעקומען אין נויאָרק, די שטאָט פון גלאָריע און פארצווייפלונג. זיין היים איז געווען די ליטעראַרישע קאפע וואו ער פלעגט נעכט אָפּזיצן, מערסטנס אליין, בא א טישל. עס איז פאלש די מיינונג אז לואיס איז געווען א מיזאנטראָפּ. ער האָט ליב געהאט מענטשן, זיי געשטודירט און ווי א קינד זיך אָפט געוואָלט ארויסווייזן פאר זיי מיט זיין קענטשאפט. עס איז געווען איינע פון לואיסעס כאראקטעריסטישע ווידער־שפּרעכונגען — ער האָט ליב געהאט צו זיין אין געזעלשאפט וואו ער זאָל קענען זיין אליין.

בערנארד לואיס האָט ליב געהאט ארום צו וואנדערן, שפּעט בא נאכט, איבער די האלב־טויטע גאסן און פילן דעם ציטער, וואָס איז פארבליבן צע־ווישן די שטיינערנע ווענט, פון פאבריקן און געשעפטן; זען דעם טייפלשן גיהנום וואָס רוט פון באטאָניקער מענטשלאכער אָנשטריינגונג. און אין פרימאָרגן ווען די טראָטוארן ווערן באלעבט פון דעם איילנדיקן מעשלאכן בלאָס, פלעגט ער טענה'ן אין אָפּגעהאקטע פראזן: וואָס לויפן זיי? — — — ווער יאָגט זיי? — — מען קאָן דאָך א גאס ניט דורכגיין!

לואיס האָט געהאסט די סאַנאלע און שרייענדיקע רעקלאמע פון דער געלט פארזונקענע נויאָרק. מיט געמאכטן פאטאָס פלעגט ער דערציילן: אין דעם פינף טויזנט ניין הונדערט און צוואנציקסטן יאָר האָט דער בארימטער פּראָפעסאָר פון ארכיאָלאָגיע, האָמאָסטראטא, אָנגעשריבן א בוך וועגן זיינע אויסגראָבונגען ארום א פארלאָזענעם אינזל ביים אטלאנטיק. דער בוך האָט געמאכט א רושם צוליב דער טעאָריע וואָס ווערט דאָרט אויפגעבויט וועגן די שפּורן פון א לאנג פארגעסענער ציוויליזאציע. די מענטשן פון יענעם אינזל, שרייבט דער געלערנטער, זיינען געשטאַנען אויף א הויכער קולטורעלער מדרגה. זיי זיינען געווען אזוי איבערגעבן זייער קונסט אז זיי האָבן אויס־געבויט אונטער־אירדישע ווענט פון אייזן און שטיין, כדי ארומצופאָרן און באקוקן די קונסט ווערק פון סאפּאָליאָ און עקס־לאקס . . .

לואיס האָט אָבער ליב געהאט די גראנדיעזע נויאָרק — דעם אומ־רו פון זיין נשמה האָט געפונען הארמאָניע אין דעם שנעלן טעמפּ פון ניו־יאָרקער לעבן.

* * *

די „אינזיכיסטן" האָבן אָנגעצייכנט א נייעם וועג אין דער פּאָעזיע. זיי האָבן אָפּגעפרישט דאָס אידישע ליד אין אמעריקע מיט זייער אָריגינאליטעט פון טעמאטישן מאטעריאל, פרייען פערז און געשליפענער שורה. זיי האָבן געוואָרפן זיין ליכטיקן וואָרט און דער נויאָרקער געמויזאכץ האָט זיך דע־מאָלט א טרייסל געטאָן.

אין דער אינזיכיסטישער פּלעיאַדע האָט בערנארד לואיס פארנומען א בכבוד'יקן אָרט.

איז געקומען דער פיל באקרוינטער און באַלאָרבערטער ש. ניגער און מיט עטלאכע טראָפּן טינט אָפּגעלייקנט דעם אויפּטו פון די אינזיכיסטן, אונטער דעם אפּלאָז פון די שרייב־קנעכט אין די פארשיידענע רעדאקציעס. אראָפּרייסנדיק אלע דיכטער פון דער אינזיכיסטישער גרופּע האָט ער א ספּעציעלן פליק געטאָן בערנארד לואיסן. האָט עס אים ווי געטאָן? לואיס האָט עס קאטעגאָריש געלייקנט. נאָר איך האָב אין לואיסעם — מיך ארט נית — געהערט דעם ביי־קלאנג פון אן אָנגעווייטאָקטן אָרט אין זיין הארצן.

מיט א פּאָר יאָר שפּעטער איז באשטעטיקט געוואָרן מיין איינדרוק. דאָס איז געוועזן אין לאָס אנגעלעס. אין א געשפּרעך וועגן די אינזיכיסטן גיט לואיס א שנייד אָפּ: ניגער איז גערעכט געוועזן — כאפּט זיך אז ער האָט עפּעס פאראטן — נאָר ווער, מיינסטו, איז ניגער? וואָס פאר א ווערט האָט די אידישע ליטעראטור אין פארגלייך מיט די נביאים!

לואיס האָט קיינמאָל ניט אנערקענט אן אנדערנס מיינונג בנוגע ליטערארישע ווערטן. נאָר וועגן זיין אייגענער ארבעט איז ער אלע מאָל געוועזן סקעפּטיש. ש. ניגערס נעגאטיווע קריטיק האָט פיל ביינעשטייערט אז לואיס זאָל אנטשווייגן ווערן און זיך דערווייטערן פון דער אידישער פּאָעזיע.

עס טליעט אין מיר א האָפענונג אז לואיס האָט איבערגעלאָזן פילע אומפארעפנטליכטע שריפטן — זאָל ש. ניגער זיך דארפן שלאָגן חטאתי בא דעם ליכט פון זייער דערשיינונג.

אין לואיסעם פריצייטיקן שווייגן און פּלוצימדיקן טויט האָט אונזער ליטעראטור פארלאָרן אן אויפגייענדיקן טאלאנט — א דיכטער.

דיין אומרואיקער לעבן איז פארענדיקט, נאָר אין דער גערעכעניש פון פריינט און קאָלעגן וועט פארבלייבן דיין אנדיינק.

שלמה י. בעלסקי.

# קולטור־ארבעט אין פארגאנגענעם יאָר אין קאַליפאָרניע

מיט די אויפטואכצען אין לאנד און אין דער וועלט, וועט זיך באַ־שעפטיקן די לאנד און וועלט פרעס. פאר אונדז דאָ בלייבט צו טאָן דאָס, וואָס עס וועט ערגעץ אנדערש ניט באמערקט ווערן.

אונדז איז אינטערעסאנט און טאַקע וויכטיק צו וויסן, וואָס האָבן מיר דאָ בא דעם פאסיפיק אויפגעטון.

אפֿ דעם קולטורעלן געביט האָבן מיר שוין איייניקע מאָל אָנגעוויזן, אז קיין וויכטיקערע ארבעט ווי דערציאונג איז פאר אונדז ניטאָ. דער קיום פון אונזער אידישער קולטור הייגנט זייער פיל אָפּ פון דעם, וואָס מיר ווען איינפלאנצען אין די הערצער און מוחות פון אונדזערע קינדער.

עס קען דעריבער מיט פרייד פארצייכענט ווערן, אז אין דעם פארגאנ־גענעם יאָר האָבן בא אונדז רעגלמעסיק עקזיסטירט דריי אידישע שולן: די פאָלקסשול אלס א טעגלאכע אינסטיטוציע, און די צוויי ארבעטער־רינג שולן, אלס וועכענטלאכע, און דריי מאָל וועכענטלאך.

עס קען זיין, אז בעסערע רעזולטאן וואָלטען דערגרייכט געוואָרן, ווען מען וואָלט די שולן פאראייניקט. אָבער כל־זמן עס זענען דאָ פארטייען און עס הערשען מיינונגס־פארשיידנהייטען בנוגע אונדזער קולטור, איז כאָטש א דערפרייענדיקע דערשיינונג, וואָס אויך די אידישע סאָציאליסטען האָבן ענד־לאך איינגעזען, די וויכטיקייט פון אָנפירן קינדער־שולן אפֿ אידיש.

די פאָלקשול איז אויך געבליבן אָפן איבער די זומער־חדשים, און עס איז זיכער, אז צו דעם נייעם יאָר, ווען דער זומער וועט זיין אריבער, וועט זיך ווידער עפנען די ארבעטער־רינג שול.

איינס דארף באמערקט ווערן: ברוקלין הייטס איז לע״ע דער איינ־ציקער, אידישער געגנט, וואו עס געפינען זיך שולן (אלע דריי שולן) דאָס וואונדער איז, וואָס קיינעם פאלט ניט איין א טראכט צו טון מכח שולן אין די אנדערע טיילן פון שטאָט. איין שול וואָלט זיכער געקענט געעפענט ווערן אין דעם „צענטראל עווניו" געגנט, און פאר וואָס טאקע ניט עפנען א שול אין דעם „טעמפל" געגנט. ווי די זאך שטייט איצט, וועט אויסקומען, אז די קינדער פון יענע געגנטען וועלן בלייבן געקריוודעט. עס איז צייט, אז אלע שול־טוער זאָלן זיך פארטראכטען וועגען דעם ענין.

---

אפֿ וויפיל טעאטער איז א לעבנסנויטוועדיקייט און איז א טייל פון אונדזער קולטור, דארפן מיר מיט פרייד פארצייכנען דעם פאקט, אז אין דעם פארגאנגענעם יאָר האָבן מיר זיך אָנגעגעסן מיט אידיש טעאטער, און טאקע מיט ליטערארישע פיעסן. „די ווילנער טרופע" וועט פארבלייבן אין דער קולטור־געשיכטע פון קאליפאָרניע אלס די פיאָנערן פון דעם בעסערן אידישן טעאטער, פון דעם קונסט־טעאטער.

פיר און פערציק

הירשביין, שלום עליכם, פינסקי, קאָברין, אַש, נאָמבערג, הייערמאַנס און אַנסקי זענען פון די ווילנער באַ אונדז אויפגעפירט געוואָרן אין פארלויף פון טעאַטער־סעזאָן, און דער אידישער טעאַטער־עולם האָט פון די קינסטלער זיך אויסגעלערנט צו האָבן אַ שענערע באַציאונג צו דעם אידישן טעאַטער.

נח נאַכבוש, פאולא וואַלטער, און לאה נעמי האָבן זיך דערוואָרבן באַ אונדז הונדערטער פארערער, און זיי וועלן אפילו איצט נאָכגעפאָלגט מיט טיפן אינטערעס אין אנדערע שטעט, די אידישע אינעליגענץ דאָ, האָפט צו הערן פון זייערע ערפאָלגען אין דעם קומנדיקען סעזאָן אין שיקאַגאָ. אויך אזרא און עלמית, ווײַדאַ, וועגדראף, זשעליאַזאַ, קאַוואַלסקי און טאַנין האָבן אין אַ סך ראָלן זיך אויסגעצייכנט און מענטשן האָבן זיך פאַר זיי באַגייס־טערט. די קאַריסאָנס פון זייער זייט האָבן זיך אויך ניט צו באַקלאָגן אויף זייער קרייז, און איצט, אויב אידיש טעאַטער וועט זיין אַן ערפאָלג, וועלן מיר אַלע פילן, אַז דעם באָדן צעאַקערט, און די קערנער פארזעעט האָבן די ווילנער אין דעם פארגאַנגענעם יאָר. מאַטעריעל האָפן מיר, אַז די נייע טרופּע אין „קאַפּיטאַל“ וועט זיין אַ גרעסערער ערפאָלג. מאָראַליש, — הלואי ניט ערגער.

עס איז באַ אונדז געוואָרן אַ תושב דער העברעאיש־אידישער דיכטער מ. מ. דאָליצקי, וועלכער האָט זיינע פארדינסטען אין דער אידישער און באַ־זונדערס אין דער העברעאישער פּאָעזיע. צווישן אזוי פיל אינגע דיכטער, קענען מיר האָפן, אַז דער אַלטער משורר זאָל נאָך אויף דער עלטער ווערן אַ אינ־גער זינגער.

דאָס פארגאַנגענע יאָר האָט פאַר אונדז אויך אַנטפּלעקט, אַז מיר האָבן זיך גאָר ניט צו שעמען לגבי די אידישע דיכטער פון „מזרח“. דריי פון פיר פרייזען, וואָס זענען געגעבן געוואָרן אין נויאָרק צו אידישע דיכטער האָט קאַליפאָרניע באַקומען: אַלטער עסעלין, דעם ערשטן פרייז, שלמה י. בעלסקי, דעם צווייטן, און איידאַ טיליס, דעם פערטן פרייז.

---

אפשר וואָלט זיך געפאָדערט פון אונדזער זייט צו זיין צו זיין מער באַשיידען, און ניט צו פארנעמען קיין פּלאַץ אין „זונלאַנד“ טאַקע וועגן דעם „זונלאַנד“. עס איז אָבער פּאַרט אַ יערליכער חשבון, און מיר פילן, אַז די אָפּטיילונג וועט ניט זיין פולקאָם, ווען מיר וואָלטן ניט אָנגעוויזן, אַז דאָס איז דעם ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון קאַליפאָרניע, וואָס אַ חודש־שריפט דערשיינט רעגלמעסיק, זייט די לעצטע זעקס חדשים. אין דער פּראָווינץ, וואו אפילו די דיכטער אליין קוקען מיט יאוש און ביטול, אין קאַליפאָרניע, נאָך דערצו, וואו מיר זענען אזוי רייך אין אינטעליגענץ מכל המינים, וואו יעדער איינער האָט שוין אַלץ געזען, אַלץ געהערט, און וואו מען באַציט זיך צו אַלץ אזוי אַפּאַטיש, גלייכגילטיק, און דער עיקר, טאַקע נאָכדעם, ווי עס איז אַרויס דאָס זאַמל־בוך „מערב“, דאָ האָט זיך געפאָדערט אזוי פיל געוואַגקייט, עקשנות און גלויבן, און נאָר אַ דאַנק די איבערגעבענע געצײלטע קאָלעגן, שלמה י.

פינק און פערציק

בעלסקי, משה אייזענשטאט, און י. פרידלאנדער. א דאנק זייער ליבע צו אידיש, א דאנק זייער ניט מיד ווערן, איז דורכגעבראכן גע־ווארן א וועג פאר דעם „זונלאנד“.

איצט, ווען דער זשורנאל האט באוויזן ניט צו האבן קיין דעפיציטען, און האט נאך ביז איצט ניט אנגערירט ניט די קעשענע פון דעם מעצענאט און אויך ניט געבעטן קיין נדבות, איצט, האפן מיר, אז צו דעם קומענדיקן יאר וועט „זונלאנד“ ערשט ריכטיק פארדינען דעם נאמען „זשורנאל פאר לי־טעראטור און קולטור“.

מיט פרייד באגריסן מיר די דערשיינונג פון דעם זאמל־בוך „מערב“. דאס איז באמת געווען געווען אנ׳ערנסטער פארזוך צו שאפן בא דעם פאסי־פיק א ליטעראַרישע שריפט. ליידער איז דאס געבליבן א פארזוך. מער ווי איין העפט איז צו אונדזער גרויס באדויערן ניט דערשינען. עס איז אפשר ניט אזוי פיל די שולד פון דעם רעדאקטאר, יצחק האראוויץ, ווי פון די מיטארבעטער אליין. מיר האפן, אבער, אז דער נייער יאר, וועט אריינ־ברייגען מער הארמאנישע שטרעבונגען צווישן די היגע שריפטשטעלער, פון צייט צו צייט ארויסצוקומען מיט א פרישען, מער קרעפטיקען „מערב“.

„מערב“ האט זיכער צו פארדאנקען פאר זיין דערשיינונג יצחק האראוויץ׳ן, וועלכער האט היינטיקס יאר באלד בא זיין אנקומען באוויזן צו פאראייניקען ארום זיך, כמעט די עלצסטע און די אינגסטע, די רייפסטע און די אנפאנגער, כאטש אף א ווייל, כל־זמן ער איז נאך געווען אן אורח.

---

בנוגע דער פרעס איז, שיינט אונדז דאס פארגאנגענע יאר דאס פרוכטבארסטע וואס קאליפארניע האט זיך ווען פארגעשטעלט:

די „קאל. איד. שטימע“ ציילט איר צווייטן יאר־גאנג, און פאר אזא שטאט ווי לאס אנגעלעס, וואס איז פון נויארק כרחוק מזרח ממערב, איז א אידישע צייטונג אפן ארט א קולטורעלער פאקטאר, ווילן מיר צום נייעם יאר פארגעסן די אלע אטאקעס, אף רעכטס און לינקס, און ווילן האפן, אז צום נייעם יאר וועט די לאקאלע אידישע פרעס לערנען פון אירע אייגענע טעות׳ן, און, אז זי וועט באמת ווערן א בויענדער פאקטאר אף דער אידישער גאס. עס איז גאר ניט אזא מעלה, ווען א צייטונג רייסט זיך מיט דער גאנ־צער וועלט פונקט ווי עס וואלט ניט געווען קיין קאמפלימענט צו לעבן בשלום מיט אלעמען. קאליפארניע פארמאגט א באדייטענדיקע צאל טאלאנטען, און זיי האבן ניט געדארפט פארשווייגן און פארשטויסן ווערן.

---

דאס אידיש לעבן בא דעם פאסיפיק איז היינטיקס יאר באמת לי־טעראריש רייכער געווארן, א דאנק דער גרויסער צאל אידישע שרייבער, וואס

האָבן זיך באַזעצט אין לאָס אַנגעלעס.

צום סוף יאָר זענען מיר רייכער געוואָרן אין אַ צאָל ליטעראַרישע געסט, און מיר האָפן, אַז זיי וועלן זיך דאָ איינאָרדנען. דוד גיסנעט, האָט זיך צו אונדז אַריבערגעקליבן פון סאַן פראַנציסקאָ, און שוין דאָ געמאַכט זיין הייב.

דער אידישער דיכטער י. אלקאָן, אַ מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס" מאַכט איצט זיין היים אין לאָס אַנגעלעס. חוץ דעם איז די לעצטע צייט אָנגעקומען צו אונדז ראובן לודוויג, און ב. אַלקוויט, ביידע אָנערקענטע דיכ־טער פון דער „אינזיכיסטישער" שול. קאַליפאָרניע מעג האָפן, אַז זיי וועלן דאָ לעבן, שאַפן און ווירקן.

---

עס איז היינטיקס יאָר דאָ אויך געמאַכט געוואָרן אַ פּאַרזוך צו עטאַב־לירן אַ אידישן פאַרלאַג: „קוויטלאַך" און „שלום־עליכם'ס טייטשווערטלאַך" זענען דערשינען אין פאַרלאַג „קעשענע ביבליאָטעק", און „מעשה'לאַך פאַר אי־דישע קינדער" אין פאַרלאַג „זונלאַנד". סוף כל סוף וועט דאָ ווערן אַ אידי־שער פאַרלאַג, וואָס וועט זיך געבן די מי צו זאַמלען דאָס וואָס פאַרדינט גע־זאַמעלט צו ווערן.

---

די אידישע פּאָעזיע איז אָן ספק היינטיקס יאָר רייכער געוואָרן מיט אַ באַנד לידער, פון איינעם פון אונדזערע חשוב'ע דיכטער, וואָס איז שוין באַ אונדז כמעט אַ תושב. „בלויע פלאַמען" פון ה. רויזענבלאַט, איז דאָ געזעצט, געדרוקט און אַרויסגעגעבן געוואָרן. דאָס אַלץ באַווייזט, אַז עס איז געווען באַ אונדז אַ פּרוכטבאַר יאָר פון קולטור־אַרבעט. עפּעס האָט זיך געטון. אָן התחלה איז געמאַכט געוואָרן. דער יסוד פאַר אַ אידישן קולטור־צענטער איז אַוועקגעלעגט געוואָרן. דער באָדן הויבט אָן ווערן רייף. דער פּאַסיפיק באַקומט אַ אידיש פּרצוף. און איז דער יסוד אַוועקגעלעגט געוואָרן, און זענען מיר אידישע שריפטשטעלער, שוין דאָ אין אַזאַ צאָל, וועלן מיר ניט קענען בלייבן שטיין אויף איין אָרט. אונדזער שפּראַך וועט דאָ פאַרקלינגען די הויכע בערג, די ים־כוואַליעס פון דעם פּאַסיפיק וועלן אויפכאַפּן דעם אי־דישן קלאַנג, און זיי וועלן טראָגן צו אַנדערע ברעגעס די בשורה, אַז אַ גרויסער אידישער צענטער בליעט דאָ. אונדזער געשיכטע וועט זיך דאָ איינוועבן, אונדזער קולטור האָט זיך דאָ באַפעסטיקט, אונדזער ליטעראַטור וועט דאָ סוף כל סוף אָנשלאָגן אַ נייעם טאָן.

# א מוסטער פון שאלות־ותשובות ליטעראטור *)

פון דר. חיים ספיוואק

## רבי גרשון אשכנזי

פאר די לעצטע פינף און צוואנציק יאָר האָב איך אין די ליידיקע שטונדען פון בין־השמשות אריינגעקוקט אין די הייליקע ספרים — תנ"ך, תלמודים (בבלי און ירושלמי) און די פארשיידענע מדרשים (מדרש רבא, מדרש תנחומא, ילקוטים א. א. וו.) מיט דעם גערדאנק אויסצוגעפינען וואָס האָבן אונזערע אלטע געלערנטע געוואוסט פון דעם בוי פון דעם נאָרמאלן מענטשלאכן קערפער, די קראנקייטן וועלכע האָבן עקזעסטירט אין יענע צייטן, און די מיטלען וועלכע מע האָט געברויכט צו היילן. איך, צוגלייך מיט פילע אנדערע, וואָס האָבן געארבעט אף דעם געביט, האָבן אויסגעפונען זייער פיל אינטערעסאנטע און נוצלאכע זאכן, איבערהויפט בנוגע צו דער געשיכטע פון דער אנטוויקלונג פון די מעדיצינישע וויסנשאפטן.

די לעצטע צייט האָב איך זיך פאראינטערעסירט מיט דער גרויסער ליטעראטור פון שאלות ותשובות. איך געפין אז דאָס איז א רייכער געביט וועלכער איז נאָך גאנץ רוי און ניט אויסגעפאָרשט. די צאָל פון די ספרים איז אזוי גרויס, און דער אינהאלט איז אזוי פילזייטיג און פילפארביג, אז עס וועט סטייען פאר הונדערטער פאָרשער. אלץ איז דאָרט דאָ. געשיכטע פון אידן און די פעלקער צווישן וועלכע זיי האָבן געלעבט. האנדל מיט אלע זיינע פארצווייגונגען. די אינטעלעקטועלע און פיזישע ערציאונג פון קינדער. די באציאונג צווישן פרוי און מאַן. מאטעמאטיק, אסטראָנאָמיע, פילאָלאָגיע, עטהיק, זייער פיל מעדיצין, און נאָך מער וועטערינארע מעדיצין (ספעציעל אנאטאָמיע פון בהמות און עופות).

---

*) רבי גרשון אשכנזי, געבוירן אין קראקוי. זיין פאמיליע נאָמען איז געוועזן „אוליף" און ער האָט זיך אויך גערופן נאָך זיין רייכן שווערס נאָמען „פאס". ער האָט געלערנט בא רבי יואל סערקעס און יהושע חריף. פון 1649 ביז 1660 אין האנאו, און פון 1661 ביז 1664 אין ניקאלסבורג (ניקולשבורג). דערנאָך איז ער געוועזן פינף יאָר רב אין וויען ביז מען האָט ארויסגעטריבן דאָרט די אידן, און פון 1670 איז ער געוועזן רב אין מעץ ביז זיין טויט אין 1693, חאָטש ער איז געוועזן א זייער פארנומענער מענטש מיט זיין רבנות און מיט זיין ישיבה, דאָך האָט ער א סך אויפגעטון אפן ליטעראַרישן פעלד. אויסער „עבודות הגרשוני" פון וועלכן מיר ציטירן אייניגע שאלות האָט ער געשריבן „תפארת הגרשוני" אויף קבלה, און „חידושי הגרשוני" אף חומש. ער האָט זיך גערעכנט אלס דער גרעסטער תלמודיסט פון זיין צייט.

קום נעהענטער !

איך בין ווי דו פארשאָלטן צו קריכן אויף דער ערד,
כאָטש אין הימלען זיך צו רייסן
איז פאר מיר באשערט.

שפּאָט פון גורל —

דיין נצחון האָסטו שוין גע'יום־טוב'ט בא מיין וויג.
ווי א חופה־שפּרייט
האָבן איבער מיר געוואכט דיינע מוטערליכע אויגן,
און פון דיינע בריסט האָב איך שוין לאנג
דיין ליבע און דיין גיפט געזויגן.

קום נעהענטער !

עפן דיינע טויערן
באהאנגענע מיט מארטירער־קרוין און לאָרבער־קראנץ.
בינד מיר מיט די זיבן שלייערן
אראָפּגעפאלענע אין דיין סאלאָמעא־טאנץ.

דיין קאָפּ אויף מיין הארצן —
וויג אים ארום מיר,
געטליכער עליקסיר
פון פארגעסן.

דיין לייב איז גלאט און קיל
און דיין באוועגונג אזוי שטיל.

עס ריזלט רויט מיין זיין
אין ים פון זיסען פיין,
אין תהום פון אור־פראַצעסן
דורך דיר,
געטליכער עליקסיר
פון פארגעסן.

דיין לייב איז גלאט און קיל
און דיין באוועגונג אזוי שטיל.

די ווילנער טרופּע אין לאָס אנגעלעס אין 1924-25











לאה נעמי, סאניא עלמית, פּאלא וואלטער, מרים ווײדא, חנה מאגען.











נח נאכבוש, אלעקסאנדער אזרא, מתתיהו קאוואלסקי, אליעזר זשעליאזא,
ל. קאדיסאָן











יעקב פעדער, ראובן ווענדראָף, שלום טאנין, יעקב לובאצקי.
א. ריינין, סעקר.

# די נייע אידישע טרופע אין קאפיטאל טעאטער



דאמען: פעני ריינהארט, סילוויא בראון, לינא לאסקאווסקי, העלענא היימאן, סאלי וויי־זענפריינד.

הערן: אלעקסאנדער אקימאוו, יעקב גאלדשטיין,, דוד שיינהאלץ, אלבערט טרייסי לואיס אראנאוויץ, מארטין בארא‌ין, ה. היימאן, ה. ראזענטאל.



דודאלף שילדקראוט, אין א ראָל „מיין פאָלק״ געפילמט פאַבריקן הודש בא די „אוניווערסאַל״



קארל לאמלע
(דירעקטאָר פון „אוניווערסאל")



סיד גראומאן, דער פיאָנער פון מיליאָן דאלארדיקע טעאטערן אין ל. א.



כרמל מייערס, די שוישפילערין, טאָכטער פון ראבי איזידאָר מייערס.

## ווערא גאָרדאָן

געבוירן אין מעלאטאָפּאָל, אין 1886 בא זייער רעליגיעזע עלטערן. איר פּאָטער, דובער פּאַגאָרעלסקי, איז געווען דער ראש הקהל, און בארימט אין דער גאנצער געגנט. ווען ווערא איז אלט געווען זעקס יאָר האָבן אירע על־טערן ארויסגעצויגן קיין יעקאטערינאָסלאוו, און דאָרטן זענען שוין געווען דראמאטישע געזעלשאפטן, און פון קינדווייס אָן האָט זי שוין געהאט א נויי־גונג צו דער בינע, און צו דרייצען יאָר האָט זי שוין אריינגעטראָטן אין א פאריין, און די ערשטע ראָל, האָט ז יגעשפּילט א מוטער. (א בענעפיט פאר די נשרפים אין יענעם יאָר אין יעקאטאָרינאָסלאוו.( דער עולם איז גלייך גע־וואָרן באגייסטערט פאר איר שפּילן, נאָר דער פּאָטער איז תמיד געווען דא־געגנען דעם אז זי זאָל שפּילן טעאטער.

זי פלעג זיך דעריבער ארויס'גנב'נען און שפּילן אונטער א פרעמדען נאָמען (אלעקסאנדראָווא,) דער פּאָטער זאָל ניט וויסן.

א כאראקטעריסטיק פון איר יוגענט איז דאָס, וואָס זי האָט פאר קיין זאך ניט מורא געהאט, נאָר פאר גאָט, און ווען איר פלעגט זיין ניט צום מוט, פלעג זי קויפען ליכט, און טראָגן אין שול אריין . דאָס זעלבע רעליגיעזע גע־פיל איז בא איר נאָך פארבליבן ביז היינטיקן טאָג.

אף דער פּראָפעסיאָנעל בינע איז ווערא ערשט געקומען אין אמע־ריקע, בעסער געזאָגט אין קאנאדע, וואוהין זי איז אָנגעקומען פון איירָאָפּא, אין 1906. בא איר אין הויז האָט מען געמאכט פּראָבע, און זי האָט געזונגען און ווען די אקטיאָרען האָבען דערהערט אז זי קען זינגען, האָבען זיי איר אָנ־געהויבן צורעדן, זי זאָל נעמען א ראָל.

איז טאָראָנטאָ איז דאמאָלס געווען ווייסמאן, מרס. ראטנער, די קליינס, זילבערט און אב. הארט. מיט זיי האָט זי אָנגעהויבן און די אלע זענען פארבליבן אירע פריינט. מען דאַרף געדיינקען, אז ווערא איז געקו־מען מיט א קינד פון עטליכע וואָכן אף די הענט, און דאָך האָט עס זי געצויגן צו דער בינע, נאָר ווען אירע קינדער זענען א קליין ביסל אונטערגעוואקסען, האָט זי ענדליך געפאָלגט אירע פריינט און איז געפאָרן אין נויאָרק, און גע־מאכט א פארזוך אריינצוקומען אין דער יוניאָן. פון לאָקאל איינס האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין. מענעדזשערס האָבן איר געוואָלט אנגאזשירן, נאָר די יוניאָן־פראגע איז געהאנגען איבער איר קאָפּ ווי דער דאַמאקלעס שווערד, ביז א צופאל האָט געבראכט דערצו, אז ווערא זאָל קריגן א שטעלע. אָט ווי אזוי: יום כפור איז עני מעלצער קראנק געוואָרן, און מוצאי יום כפור האָט מען געמוזט שפּילן, האָט מען גענומען ווערא גאָרדאָן פאר א „סובסטיטוט“. און ווערא דערציילט, „עני מעלצער איז געלעגן קראנק עטלאכע וואָכן, און איך מיט מיין פאמיליע האָבן דאָס ערשטע מאָל אין אמעריקע געגעסן א שטיקל ברויט צו זאט . . .“

עני איז געזונט געוואָרן, און ווערא האָט ווייטער געמוזט הונגערן, „ביז בערטא גערסטין איז קראַנק געוואָרן, און בערטא אליין האָט געשיקט נאָך מיר, און געהייסן גיין שפּילן אַף איר פּלאַץ אין אַטלאַנטיק גאַרדען, אין ברוקלין, און בערטא אליין האָט מיר אָנגעטון אירע קליידער, מיר צוגע־געבן מוט, און מיר געהאָלפן זיין ערפאָלגרייך.“

חוץ בערטאַן דערמאָנט זי מיט דאַנקבאַרקייט באָקשיצקין, וועלכער האָט שטאַרק געהאָלפן איר, און זיך באַמיט, אַז מען זאָל זי אריינגעמען כּאָטש אין לאָקאַל פינף. אגב איז פון דעם אייגענע סלאָקאַל פינף אויך ארויסגע־קומען די בארימטע אידישע אקטריסע בעל בייקער. זי איז אריין אין לאָקאַל פינף אָן פּראָבע. דער חילוק איז געווען וואָס בערטא גערסטין האָט גע־שפּילט די ראָל אין „צוויי יתומים“ אָן געזאַנג, און האָט באַקומען 50 דאָלאַר א וואָך, און ווען ווערא האָט געשפּילט די אייגענע ראָל מיט געזאַנג האָט מען איר געצאָלט פערצען דאָלאַר א וואָך . . .

„מער פאַר אַלעמען האָב איך צו פאַרדאַנקען קיידי קאַפּלאַן, וועלכע האָט פאַרזעצט איר פינגערל און מיר געגעבן אַף א קלייד, כדי איך זאָל קענען גיין זוכן א שטעלע, אַף דער ענגלישער בינע.“ דערמאָנט ווערא בא יע־דער געלעגנהייט.

אין 1906 איז זי אויפגעטראָטן אין אן ענגלישען איינאַקטער פון עדיסאָן ביורקהאַרט, און דער איינאַקטער האָט געזאָלט גיין איין וואָך, נאָר זי האָט געהאַט אַזא גרויסן ערפאָלג, אַז דער אַקט איז געגאַנגען צוויי יאָר. (אגב איז בוירקהאַרט אויך א קאַליפאָרניער.)

דערנאָך האָט זי וואוד אוועקגענומען, און מיט איר געשלאָסן א קאָנטראַקט אַף א יאָר, און נאָכדעם האָט וויליאם בריידי זי אנגאַזשירט אין פעני הווירסטס א פּיעסע: „דאָס לאַנד פון די פרייע“ און דאָ האָט שוין ווערא געצווינגן אויפמערקזאַמקייט פון דער ענגלישער קריטיק, און אָנגעהויבן צו קריגן א גרויסן נאָמען. נאָכדעם איז געקומען א דריטער סוקסעס, אַרטור האָפּקינס פּיעסע: „די דזשענטייל ווייף“ איר גרעסטער סוקסעס, מיט וועלכען וואודס האָט זי געשיקט אין אייראָפּא, וואו זי איז אויפגעטראָטן אין סאַוואוי טעאַטער און אין אלעקזאַנדריע, אין לאָנדאָן, אכט חדשים צייט, ביז עס איז געקומען דער קייבעל אז זי ווערט אנגאַזשירט צו שפּילען „הומאָרעסק“.

א כאַראַקטעריסטיק דערציילט ווערא, אז זי האָט אַזוי ליב די אידישע בינע, אַז זייענדיק אין לאָנדאָן האָבן דאָרט גאַסטאָלירט יעקב און סאַרא אדלער, און אַזוי ווי זי האָט זונטיק ניט געשפּילט אַף דער ענגלישער בינע, איז זי אַלע זונטיק געלאָפן ארויסהעלפן די אדלערס אין פּאַוויליאָן טעאַטער, אומזיסט, א־בי זיין אַף דער אידישער בינע. מאָרים מייער אין דער לאָנ־דאָנער „צייט“ האָט איר געווידמעט שיינע קריטיקען.

אין 1920 האָט זי זיך אומגעקערט צו שפּילן די „הומאָרעסק“ און דעם ערשטען מאַטינעע וואָס זי איז געקומען אין טעאַטער האָט די „רעגולער“

ראָליסטין אָפּגעגעבן צו פּרובירן די ראָל און אזוי גרויס איז געווען ווערא'ס ערפאָלג, אז יענע איז שוין נעביך מער אין דער ראָל ניט אויפגעטראָטן. הומאָרעסק האָט מען פארגעסן, נאָר ווערא ווערט נאָך אַלץ באוואונדערט אין דער ראָל.

איר געהאַלט איז באשטימט געוואָרן אַף צוויי הונדערט דאָלאַר א וואָך. נאָכדעם ווי ז י איז פארטיק געוואָרן מיט „הומאָרעסק" האָט מען זי אנגאזשירט אין „דער גרעסטער ליבע" און דאָס געהאַלט איז געווען זיבן הונדערט און פופציק דאָלאַר א וואָך, און ווען זי האָט דערנאָך געשפּילט „די גוט פּראָווײַדער" האָט זי שוין באקומען טויזנט דאָלאַר א וואָך, און פאַר דעם „בעסטען פריינט" צוועלף הונדערט און פופציק דאלאר א וואָך, און איצט אין דער אוניווערסאַל סטודיאָ בא קארל לאַמלע האָט זי א קאָנטראקט אַף פופצען הונדערט דאָלאַר א וואָך, גאראנטירט אַף צוועלף וואָכן. אנדערש שליסט זי ניט קיין קאָנטראקט.

אין א געשפּרעך מיט איר דירעקטאָר, האָט דער דירעקטאָר זיך אויס־געדריקט, אז ער ווייסט גאָר ניט וואו ווערא קען אמאָל אָפּשטעלן זיך. מען קען אָן איר אין אזעלכע ראָלן ניט אויסקומען, און מען מוז איר געבן איר פּרייז, אָבער זי שפּילט אירע ראָלן אזוי נאטירליך, אז מען קען זיך קוים פאַר־שטעלן, אז אנאנדערער אַף איר פּלאַץ זאָל מאכן די ראָל.

דאָס שענסטע אין ווערא'ן איז דער אידישער שטריך. זי איז דורכאויס אידיש, איר ארט לעבן ווי אַף דער בינע. איר הויז איז אידיש, און אזוי אַלץ ארום איר. ראש השנה גייט זי אין שול, און אז זי בענטשט ליכט איז שוין לאַנג קיין סוד ניט. מיט איר קומען אהער אין קאַליפאָרניע קען נען דער־ווארטן, אז עס זאָל אריינגעבראכט ווערן א סך אידישע אטמאָספערע צווישן די אידישע קינסטלער אַף דער ענגלישער בינע.

מיט איר שפּילט איצט א קליינער אינגעל, באָבי גאָרדאָן, (ניט קיין איינענער) אָבער ווי ווערא גיט איבער וואקסט דאָס אינגעל א גרויסער קינסטלער. א אידישער קינסטלער, כאָטש ער איז אן אמעריקאנער געבוירע־נער האָט ער אָבער אזא שיין געפיל פאַר אַלץ וואָס עס איז אידיש אז ער ציט שוין באצייטענס אויפמערקזאמקייט, פון אַלע וועלכע זייען אים מאכן די ראָל.

ווערא איז געבליבן אין קאַליפאָרניע, און די אידישע אנשטאַלטן ווע'רן זיכער פון איר ציען גרויס נוצען. זי קלייבט זיך צו קומען שפּילן פאַר ז'י פּאציענטן אין דעם סאנאטאָריום, און אויך פאַר די עקס פּיישענטס. דערצו פארזיכערט זי טאקע, אז ווען זי וועט זיך איינאָרדנען, וועט זי זען צו האָבן א אידישן אָוונט בא זיך אין הויז איינמאָל א וואָך. מיט ווערא'ן געפינט זיך דאָ אויך די פאמיליע, אזוי אז עס זעט אויס, אז קאַליפאָרניע איז היינטיקע יאָר טאקע ווערא'ס היים.

דאָ אין דענוועער איז דאָ זייער ווייניק ספרים איבער שאלות ותשובות, אויסער די וויינינגע מיט וועלכע דער דורכשניטלאכער רב באנוצט דער נודע ביהודה, חת"ם סופר א. א. וו. איך האָב א זייער זעלטענעם בוך שאלות ותשובות, „עבודות הגרשוני" פון הרב גרשון אשכנזי, געדרוקט אין פראנקפורט דמיין, (שנת המשפט) אריבער צוויי הונדערט און פינף און צוואנ־ציק יאָר אלט. איך וועל דאָ געבן דעם אינהאלט פון איינינע פון די שאלות וועלכע וועלן געבן א באגריף וואָס פאר א פראגן האָבן געקוועלט די מוחות פון די אידן פון יענער צייט. איך וועל דאָ ניט באַרירן די תשובות.

מיר וועלן ברייננן צוויי שאלות איבער שבת. די ערשטע איז אויב פרויען מעגן טראָגן אום שבת „רעגין טיכר". דאָס וואָרט „רעגין־טיכר" איז בא מיר א נייעס. א רעגען־טוך איז פארטייטשט: „אשר דרכן של נשים לשאת אותן על ראשיהן בשעת הגשמים כדי שלא יטנפו הגשמים את צעיפיהן היקרים וגם לא יזלו על גופן דרך ערפיהן" (ווי דער שטיינגער איז פון פרויען צו טראָגן זיי (רענין טיכר) אויף זייערע קעפ ווען עס רעגנט כדי דער רעגן זאָל ניט איינשמוצען זייערע טייערע צעפּקעס, און די וואסער זאָל ניט אריינ־רינען אין לייב אריין דורכן אקען). אפנים אז פון קיין רעגען־שירמס האָט מען נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט. וואָס איז „רעגין־טיכר"? פון וואָס פאר א שטאָף זענען זיי געמאכט? איז דאָס געווען א מין שאל?

די צווייטע שאלה איז, אויב מען מעג פאָרן אויף א פאראם אום שבת. דאָס וואָרט פאראם איז נעגעבן אין העברעאיש „גשר פורחת" א פליענדע בריק. פון דער תשובה נעפין איך אז דאָס איז נעווען א בריק וואָס איז גע־גאנגען פון זיך (שהגשר מתגלגלת מעצמה).

פון די שאלות איבער תפילה, ספר תורה, שולן א. א. וו. וועל איך ברייננען נאָר אייניקע. דריי בעלי־בתים ווילן צווישן זיך צוטיילען דעם כיבוד פון גבאות, יעדערער זאָל זיין גבאי איין חודש, און דער דריטער חודש איז תשרי. זאָגן צוויי בעלי־בתים אז די חדשים זאָלן גיין נאָך עלטער נאָך — דאָס הייסט, אז דער עלטערער זאָל נעמען דעם ערשטן חודש און דער איננס־טער דעם דריטן חודש. תשרי ווערט אָבער פאררעכנט פאר א זייער וויכטיקן מאָנאט פון יאָר, און עס איז א גרויסער כבוד צו זיין גבאי אין דעם מאָנאט, דערפאר האָט דער זקן גע'טענה'ט, אז ער וויל מען זאָל ווארפן גורל — וואָס טוט מען אין אזא פאל?

עס זענען געווען צוויי צדדים אין שול — די ראובנ'ס און די שמעונ'ס. די ראובנ'ס האָבן נעוואָלט ארויסשטופן די שמעונ'ס פון נעמען אנטייל אין שול־אנגעלעגענהייטן, ערשטענס מחמת די שמעונ'ס האָבן געהאט א „פגם" אין זייער משפחה. און צווייטנס האָבן די ראובנ'ס מורא געהאט אז די שמעונ'ס וועלן חלילה האָבן א שלעכטע ווירקונג אף די ראובנ'ס — וואָס טוט מען?

נאָך פסח און נאָך סוכות פאסט מען בה"ב, מאָנטיק, דאָנערשטיק און מאָנטיק, צו מעג מען זאָגן סליחות און לייענען ויחל אויב עס איז ניטאָ א

מנין פאסטער? דער ענין פון פאסטען בא אידן איז זייער א וויכטיקער, און איך האָב געזאמלט מאטעריאל וועלכן איך האָף אמאָל צו פארעפענטלאכן.

ראובן האָט געליען געלט שמעונ'ען, און שמעון האָט ראובנ'ען פאר־זעצט זיין „שטאָט" אין שול, אָבער ער (שמעון) האָט ניט געזאָגט אז ער זאָל זיצן אף זיין „שטאָט" אומזיסט. ראובן איז געזעסן אפן „שטאָט" איינינגע מאָל, און דערנאָך איז שמעון געשטאָרבן, און ראובן איז ווייטער געבליבן זיצן אף שמעונס „שטאָט". קומען איצט די יורשים און טענה'ן און ווילן אז ראובן זאָל זיך אָפּטראָגן פון „שטאָט" און מאָנען נאָך שכירות פאר דער צייט וואָס ראובן איז געזעסן אף שמעונ'ס „שטאָט". ווי פסק'עט מען די שאלה?

א אידענע דארף ציילען אכט ריינע טעג איידער זי קען גיין אין מקוה אריין. דער מנהג איז אז פרויען גייען אין מקוה אריין ווען עס ווערט פינסטער־לאָך. אין שטעט וואו די מקות זענען אויסרן שטאָט און מען פארשליסט דעם טויער ווי עס ווערט נאָר נאכט, זענען זיך די ווייבער נוהג אז זיי גייען אין מקוה אריין פארפרי דעם אכטן טאָג. האָט א אידענע געפרעגט א שאלה, צו זי מעג גיין אין מקוה אריין דעם זיבעטן טאָג איידער מען שליסט צו די טויערן אזוי אז זי זאָל קומען אהיים ווען עס ווערט פינסטערלאָך, און ניט וואַרטען אפן אכטן טאָג און גיין אין מקוה אריין ווען אזוי פיל מענטשן דרייען זיך ארום.

דאָס שרייבן פון א גט איז זייער דעליקאטנע זאך. אָט איז אן אילוסטראציע. א גט מוז אונטערגעשריבן ווערן פון עדות. איינער האָט גע־הייסן יוסף, ער האָט אָנגעשריבן דעם ערשטן אות, דעם יוד, האָט פארגעסן צו שרייבן דעם צווייטן אות דעם וואָוו, און האָט געמאכט א האלב קייקעלע פון דעם סמך. האָט מען אים געגעבן אן עצה אז ער זאָל אָנשרייבן א יוד פאר דעם יוד וואָס ער האָט שוין געווען אָנגעשריבן, ער זאָל דערנאָך פון דעם צווייטן יוד מאכן א וואָוו, און זאָל דערנאָך פארענדיקן דעם אנדערן האלב פון סמך און אויסלאָזן מיט א פיא. האָבן זיך געפונען אייניקע וואָס האָבן געוואָרפן א חשד אף דעם גט. וואָס טוט מען דאָ?

דאָס אויסלייגן פון נעמען אין גט'ן האָט באשאפן א גרויסע ליטערא־טור. עס זענען דאָ הונדערטער ווערטער־ביכער פון אזעלכע נעמען — פון מאנסבילן און פרויען. אין דעם „עבודות הגרשוני" געפינען מיר שאלות און תשובות איבער אזעלכע פראגן: אויב „מרקיל" דארף מען שרייבן אָן אן עין, מרקיל, אָדער מיט אן עין מערקיל? וואָס טוט מען ווען מען האָט געשריבן „יהודא" מיט אן אלף צום סוף, או ניט מיט א היא?

עס זענען דאָרט דאָ א האלב טוץ שאלות איבער עגונות וואָס זייערע מענער האָט מען דער'הרג'ט. אלע שאלות ותשבות וועלכע איך האָב געהאט די געלעגנהייט דורכקוקן האָבן הונדערטער אזעלכע עגונות וואָס מען האָט זייערע מענער גע'הרג'ט.

אין א באוואוסטער קהילה האָט מען באשלאָסן און ארויפגעלעגט א חרם אז מען זאָל קיינמאָל ניט נעמען פאר א רב א אידן וואָס האָט קרובים צווישן די בעלי־בתים אין שול. מיט דער צייט האָבן זיי אויפגענומען פאר א רב א גדול בישראל, און דערנאָך האָט ער חתונה געהאט פאר א טאָכטער פון איינעם פון די מיטגלידער פון שול. וואָס טוט מען מיט דעם חרם ?

יעקב'ס ווייב איז געווען געפערלאך קראנק און האָט געהאלטן באם שטארבן, האָט זי א נדר געטון צו געבן טויזנט גילדען אויף מאיר בעל הנס פושקע אויב זי וועט געזונט ווערן. איר מאן יעקב האָט מסכים געווען. ווען די פרוי איז געזונט געוואָרן האָט ר' יעקב ניט געוואָלט נתנ'ען, און האָט גע־טענה'ט, אז ווען ער האָט מסכים געווען האָט ער דאָס געטון צוליב זיין פרוי, ער האָט ניט געוואָלט איר אָנטאָן יסורים, אָבער „פיו ולבו לא היו שווין בדבר" זיין הארץ און זיין מויל האָבן ניט געשטימט — ווי איז דער דין?

א שדכן האָט צונויפגעפירט א שידוך צווישן אן אלמנה און א אידן. אלץ וואָס זי האָט, האָט זי געגעבן אין נדן איר מאן. איצט קומט דער שדכן און מאָנט פון איר שדכנות־געלט. דאָס ווייבל „פשטה לו את הרגל", אָדער ווי מען קען דאָס איבערזעצן ווואלגאר — זי האָט אים אויסגעשטעלט א פייג, און דער מאן זאָגט „לאו ב"ד דידי את", איך וויל פון דיר ניט וויסן. נו, אדרבא, פסק'עט די שאלה ?

א מיידל איז ניט־דאָ־געדאכט פארגאנגען אין שווייגערן. בעת זי איז איז געגאנגען צו קינד האָט זי געזאָגט אז זי האָט די עבירה געטון מיט א כשר'ן מענטשן, און דערפאר איז זי און איר ניי־געבוירענע טאָכטער כשרע, און מעגן חתונה האָבן מיט א אידן. ווען די טאָכטער איז אויסגעוואקסן און איז געשטאנען אין שידוכים, האָט די מוטער געזאָגט אז די עבירה איז געטון געוואָרן מיט אזעלכען וואָס מען שטראָפט מיט כרת, און איר טאָכטער איז א ממזר און טאָר ניט חתונה האָבן מיט א אידן. די טאָכטער ווידער זאָגט אז די מאמע איז א ליגנערין. — א שווערע שאלה !

איך האָב פון די הונדערט און פיר און צוואנציק שאלות וואָס געפינען זיך אין „עבודות הגרשוני" ארויסגענומען נאָר פערצען שאלות אלס א מוסטער. אלע איבעריגע זענען פונקט אזוי אינטערעסאנט באלערענד און פיקאנט. פון אלע קען מען עפעס לערנען איבער דעם פיזישען און גייסטיקען צושטאנד פון די אידן פון יענער צייט. די שאלות איבער שחיטה און כשרות זענען זייער טיפזינג, און ברויכן א באזונדער באהאנדלונג, מחמת מען קען זיי נאָר פארשטיין ווען מען איז באקאנט מיט דער אנאטאָמיע פון בהמות און עופות.

איך האָף אז עס וועלן זיך געפינען אנדערע וואָס וועלן שרייבן איבער דעם ענין. דערווייל, אַף וויפיל איך בין באקאנט, איז דאָס דער ערשטער ארטיקל אין אידיש איבער שאלות ותשובות. אויב מען האָט שוין געשריבן איבער דעם ענין, וואָלט איך דאנקבאר געווען פאר אָנצייגן די ליטעראטור.

דענווער קאָלאָ., מנחם־אָב, תרפ"ה.

קולטור-ביילאגע

דריטער טייל

75 יאריקער יובל, פון דעם אנקומען פון די ערשטע אידן אין קאליפארניא

# זונלאנד



י. ל. מאלאמוט.

# די ערשטע אידן אין קאליפאָרניע

## (מאטעריאלן צו דער געשיכטע פון די אידן אין קאליפאָרניע)

די ערשטע קאפּיטלען פון קאליפאָרניעס געשיכטע זענען דורכגעמישט מיט בלוט און מאָרד, גנבה און גזלה, אף דעם שטיצן זיך די מערסטע שרייבער פון אונדזער צייט, און ווען עס קומט זיי נאָר אויס צו שרייבן וועגן די ערשטע אידישע איינוואנדערער אין קאליפאָרניע, באנוצן זיי דעם פּזמון:

„די ערשטע אידן זענען געווען אנגעלאָפענע, אנטלאָפענע, גנבים, הפקר־לייט. א. ד. ג.“

מיט די מאטעריאלן צו דער געשיכטע פון די אידן אין קאליפאָרניע, האָפן מיר צו באווייזן ווי פאלש עס זענען די אלע, וועלכע האָבן אזא מיינונג וועגן די אידן. דוד גיסנעט, אין זיין ארטיקל „שלמה העידענפעלדט“ אין העפט דריי פון „זונלאנד“ האָט שוין ארויסגעפירט איינעם פון די מערקווירדיקסטע סימפּאטישסטע טיפּן פון יענער צייט. עס וועט אבער זיין אינטערעסאנט פאר די היינטיקע אידן אין קאליפאָרניע צו וויסן, ווער עס זענען בכלל געווען די ערשע אידן דאָ, פון וואנען זענען זיי אהער געקומען, מיט וואָס האָבן זיי זיך באשעפטיקט, ווען האָט זיך דאָ אנגעהויבן א אידישער יישוב, וואָס פאר א שטרעבונגען האָבן יענע אידן געהאט, און וואָס האָבן זיי אריבערגעלאָזט פאר די קומענדיקע דורות.

איינער פון די ערשטע אידן אין לאָס אנגעלעס, הערים ניומארק, וועלכער האָט צוגעזען די אנטוויקלונג פון קאליפאָרניע פון אכצען הונדערט דריי פופציק ביז ניינצען הונדערט און זעכצען האָט פאר די איצטיקע און קומענדיקע דורות איבערגעלאָזן א בוך „זעכציק יאָר אין קאליפאָרניע“. די אידישע מאטעריאלן פון זיין בוך ווערן באנוצט פאר אונדזערע ארטיקלען וועגן דעם ענין. — רעד.

### א

### די ניומארקס

די פאמיליע ניומארק געפינט זיך אין קאליפאָרניע שוין פון 1850. דער ערשטער איז געוועןדזשאָזעף, אן עלטערער ברודער פון הערים ניומארק דער פערפאסער פון „זעכציק יאָר אין קאליפאָרניע“. זייערע עלטערן זענען געבאָרן אין לאָביו, מערב־פּרוסיע, דער פאָטער, פיליפ ניומארק איז גע־ווען א סוחר פון לעדערוואַרג, פלעג ארומפאָרן אין דער סביבה, און אויך אף די ירידים קיין רוסלאַנד, שוועדען און אנדערע שכנישע לענדער. ער איז אויך געווען אין אמעריקא אין 1837, נאָר האָט זיך אין נויאָרק ניט געקענט צופאסן צו קיין זאך, איז ער באלד צוריקגעפאָרן, און איז שוין מער ניט צור־ריקגעקומען. אין 1849 איז דזשאָזעף פ. ניומארק אָפגעפאָרן קיין ענגלאַנד,

און פון דאָרטן איז ער אינגיכן אוועק קיין אמעריקא, וואו עס האָט זיך אין יענער צייט געדעשט מיט דער אנטדעקונגען פון גאָלד אין קאַליפאָרניע, און אין 1850 געפינען מיר אים שוין אין סאן פראנציסקאָ.

א פנים, אז קיין אידישע געמיינדע איז ביז יענער צייט אין קאַלי־פאָרניע נאָך ניט געווען, מחמת, אין די דערמאָנטע מעמוארן פון הערים ניומארק איז וועגן דעם קיין איין וואָרט דערמאָנט, איין איד ווערט דערמאָנט אין סאן פראנציסקאָ אין יענער צייט, און דאָס איז דזשייקאָב רייך, א שותף צו דזשאָזעף ניומארק.

ניומארק און רייך האָבן געהאט א געשעפט אין לאָס אנגעלעס, וואָס האָט אויך געטון געשעפטן מיט סאן פראנציסקאָ, איז דזשאָזעף ניומארק גע־זעסן אין לאָס אנגעלעס, און זיין שותף, דזשייקאָב רייך אין סאן פראנציסקא. ווען הערים ניומארק איז אין 1853 אָנגעקומען קיין סאן פראנציסקאָ, האָט אים זיין ברודערס שותף באגעגנט, און אים ארויסבאגלייט קיין לאָס אנגעלעס

ניומארק און רייך האָבן געהאט א שניטקראָם און קליידער־געשעפט, און ווען הערים איז אָנגעקומען אהער האָט ער זיך געשטעלט ארבעטן בא זיי, פאר דרייסיק דאָלאר א חודש, חוץ וואָס זיי האָבן פאר אים אויך געצאָלט פאר דירה און עסן. אין דעם אייגענעם יאָר זענען צוגעקומען נאָך אידן; די ברידער עליאש, און צו זיי זענען אריבערגעקומען באלד פון דזשאָרדזשיא צוויי קוזינען, סאָלאָמאָן לאזארד און מאָריס קרעמער. צו לאזארדן איז גלייך ארויסגעקומען א ברודער, אברהם לאזארד, דער שפּעטערדיקער דר. י. מ. לאזארד איז סאָלאָמאנס א זון.

נאָך זיי זענען געקומען אהער דזשייקאָב דזשייקאָבס, י. גרינבאום, מאָ־ריץ מאָרים, הערמאן מאָרים, איזראעל פליישמאן, דזשייקאָב סיגעל, סעם מייער, לאָענשטיין, לאָענטאל, שלעזינגער, טשערווינסקי, און נייטן טוך.

וועגן אים האָט הערים פארצייכנט אן אינטערעסאנטע זאך: טוך איז געקומען אהער פון קליוולאנד. ער איז געווען אן אלמן. דאָ האָט ער ארויסגעצווינגען אין סאן גאבריעל, געעפענט א קראָם, און חתונה געהאט מיט אן אינדיאנערין. הערים באמערקט אז טוך האָט די אינדיאנערין זייער פיין באהאנדעלט, ווי זיין גלייכן. אף דער עלטער, דערציילט הערים, האָט ער זיי באזוכט, און ער האָט אין דרויסן איבער דער טיר פון דער קראָם באמערקט די שילד, וואָס האָט זיך געליינט: „די קראָם געהערט צו נייטן טוך, איצט דריי און זיבעציק יאָר אלט". ווי אלט די שילד איז געווען, דערציילט ניט דער שרייבער. דערפאר אָבער איז די צווייטע זאך נאָך אינטערעסאנטער: ווען טוך איז אין א צייט ארום געשטאָרבן, זענען צו דער אינדיאנערין געקו־מען אייניקע אידן נאָך אן ערלויבעניש, אז מען זאָל איר מאן באגראָבן אף א אידישן בית־עלמין, האָט די אינדיאנערין איינגעשטימט.

מען דאַרף אָבער דערפון ניט דרינגען, אז די אידן אין יענער צייט האָבן זיך געזוכט צו אסימילירן. הערים האָט אין זיין בוך פארצייכענט אלע

מינדעסטע פאסירונגען און מען זעט, אז דאָס איז דער איינציקער פאַל, וואָס עס איז אים באַקאַנט.

## „היברו בענעוואָלענט"

א יאָר שפּעטער נאָך העריסעס אָנקומען אהער געפינט מען שוין שפּורן פון אידישע אָרגאַניזאַציעס: „די לאָס אנגעלעס היברו בענעוואָלענט" איז געגרינדעט געוואָרן אין 1854, — א דאַנק דעם, וואָס אין יענעם יאָר איז אָנגעקומען אהער העריסעס א פעטער, דזשאָזעף ניומארק, א שטרענג רע־ליגיעזער איד, וועלכער איז אויך געווען אייניקער יאָר אין נויאָרק. דזשאָזעף ניומארק (אָריגינאַל איז דער נאָמען געווען ניימארק,) איז געווען אין נויאָרק זינט 1824. פון נויאָרק האָט ער ארויסגעצויגן אין סאָמערסעט קאָנעטיקוט, אין נויאָרק האָט דער אייגענער געגרינדעט די עלם סטריט שול, איינע פון די עלצטע שולן אין אמעריקע.

אין 1840 האָט ער זיך אריבערגעצויגן קיין סט. לואיס, געווען דאָרטן פינף יאָר, דערנאָך איז ער ווידער צוריקגעקומען אין נויאָרק, וואו ער האָט געגרינדעט די וואוסטער סטריטער שול. ער האָט געהאַט סמיכה אף רבנות, נאָר ער האָט ניט געוואָלט אין אמעריקע מאכן א לעבן פון רבנות, איז ער גע־בליבן א סוחר, נאָר ווען ער איז אין 54טען יאָר געקומען קיין לאָס אנגעלעס, און ניט געטראָפן קיין ברעקל אידיש לעבן, האָט ער ווידער זיך גענומען פאר דער ארבעט צו גרינדען א שול. לייגענדיק ווענן אים מאכט עס דעם איינ־דרוק, ווי ער וואָלט ניט געהאַט קיין אנדער אויפגאבע אין זיין לעבן, ווי גרינדען אידישע שולן.

## ערשטער מנין

עס זענען אָבער אין יענעם יאָר דאָ נאָך ניט געווען גענוג אידן מיט וועמען צו גרינדען א שול, האָט ער דערווייל געגרינדעט די אויבענדערמאָנטע „סאָסייעטי" און די זיצונגען זענען פאָרגעקומען א שטיק צייט טאקע בא אים אין הויז, יעדן זונטיק אָוונט. די אויפגאבע פון דער „בענעוואָלענט" זענען געווען אויפצופאַסן אף קראַנקע, און פרעמדע. אגב איז דאָס ניט נאָר געווען די ערשטע אידישע „סאָסייעטי" נאָר די ערשטע פילאַנטראָפּישע אין אלגעמיין. די ניט־אידן האָבן נאָך אויך קיין איינציקע אָרגאַניזאַציע ניט פאַרמאָגט. דער פרעזידענט פון דער „בענעוואָלענט" איז געווען דזשייקאָב רייך, וועלכער האָט באלד אויך אריבערגעצויגן אהער פון סאַן פראַנציסקאָ. אין קאַליפאָרניע האָט דער פריער־דערמאָנטער דזשאָזעף ניומארק איינגעווי־ליקט צו זיין דער גייסטיקער פירער, אָבער אף א תנאי, מען זאָל אים ניט צאָלן קיין שכירות, און מען זאָל אויך זען נאָכזוכן א רב.

דעם אייגענעם יאָר האָט די „בענעוואָלענט" געמאַכט א מנין אף ימים־נוראים, דער ערשטער מנין איז געווען אין דער דירה וואָס האָט געהערט צו



שרה ניומארק, 24 יאר אלט.



הערים ניומארק, 34 יאר אלט.



ניומארק, דזשאזעף פיליפ.



מ. א. ניומארק. פלימעניק פון ה. נ.



הרב אברהם וואלף אידלמאן



קאספאר קאהן (גרינדער פון אידישן שפיטאל



ישעיה וו. העלמאן.



הערמאן וו. העלמאן.





הערים און שרה ניומארק (צו דער גאלדענער חתונה)



הערים ניומארק גראבט אויף די ערשטע לאפעטע ערד פאר דעם בנין פון א אידישן בית־יתומים אין ל. א.

בילדער וואָס זענען אריינגעקומען צו שפּעט פאר ביאָגראַפיעס



מ. ה. ניומארק



דזשאָזעף לעווין דזשאנאס



מארקאָ ניומארק



דזשאָרדזש הערי האָלצער

דזשאָן טעמפּל, דער אייגענער טעמפּל, נאָך װעמען עס הייסט היינט די עלצטע אידישע געמאָ אין אונזער שטאָט, — טעמפּל גאס . . . די גאס, װעלכע פאַרמאָגט היינט מער אידן װי פיל מענטשן אין יענער צייט אין גאַנץ לאָס אנגעלעס . . .

יענעם יאָר האָט דזשאָזעף ניומארק געװירקט אַף די עטלאכע אידן צו קויפן קרקע פאַר אַ אידישן בית־עלמין, און דערנאָך האָט ער געזען אַז מען זאָל אויך אראָפּברייננגען אַ רב. װאָס עס איז שייך דער ערשטער „סאָסייעטי" האָט זי קיין נית־אידן פאַר מיטגלידער ניט אריינגענומען, אָבער צדקה האָט זי געטיילט אויך צװישן ניט־אידן. טאָמער איז אַ קריסט קראַנק געװאָרן, אָדער זיך גענוטיקט אין שטיצע האָט מען אים געשטיצט מיט דער פולער האנט.

מענטשען שטעלן זיך פאָר, אַז אין יענער צייט האָבן דאָ אלע געמאַכט מיליאָנען . . . אין דער אמת'ן איז עס ניט אזוי; הערים ניומארק אליין דער־ציילט װעגן זיך, אַז נאָך דעם װי ער האָט אָפּגעאַרבעט אַ גאַנץ יאָר שװער בא זיין אייגענעם ברודער, און כאָטש ער האָט געהאט חוץ דעם שכירות פריי דירה און עסן, האָט ער נאָכדעם װי זיין ברודער האָט פארקויפט זיין חלק אין דעם געשעפט און זיך איבערגעצױגן קיין סאַן פראַנציסקאָ, און הערים האָט דעריבער לעמוזט זען עפּעס צו טון פאַר זיך אליין. האָט ער צונויפגע־נומען אַלע זיינע קאַפּיטאַלן, װעלכע האָבן באטראָפן צװיי הונדערט און פופ־ציק דאָלאַר, און מיט דעם האָט ער געעפנט אַ געשעפט. אין דעם געשעפט איז ער געשלאָפן, געאַרבעט פון אין דער פרי ביז אַכט באַנאַכט. צושליסן אין מיטן טאָג האָט ער ניט געקענט. איבערלאָזן און אװעקגיין איז אין יענער צייט געװען אַ געפאַר. נאָך אַ יאָר שװערער אַרבעט האָט ער אויסגעפונען, אַז דאָס געשעפט איז װערט מיט פופצען הונדערט דאָלאַר מער. װי איר זעט האָט מען אויך דענצמאָל דאָ געאַרבעט שװער די ערשטע פּאָר יאָר, און אויך צװישן די אידן זענען געװען אַזעלכע, װאָס האָבן זיך ניט געקימערט, װאָס אנדערע שװינדלען, ספּעקולירן, ראַבעװען, און װילן רייך װערן איבער נאַכט. אידן זענען געקומען און האָבן לאַנגזאַם זיך דורכגעבראָכן אַ װעג. זיי האָבן געגרינדעט די ערשטע „בענעװאָלענט", און אזױ גיך װי עס איז געװען אַ מנין, האָבן זיי אָנגעהויבן צו פאַרהאַנדלען װעגן אַ רב.

1855

אין 1855 זענען געקומען די ברידער שמואל און הערמאַן (דעם לעצטן טאָר מען ניט פאַרבייטן אַף הערמאַן װ.) העלמאַן. די שפּעטערדיקע ברידער העלמאַן, די דערנאָך געװאָרענע באַנקירן, זענען אַ גאַנץ אנדערע משפחה. אַ יאָר שפּעטער איז הערים געװאָרן אַ שותף צו אַ ניי־אָרגאַניזירטער אידישער פירמע: רייך, ניומארק, לאָענטאל און קאָ. אַ צװייג פון דער נייער פירמע איז באלד געעפענט געװאָרן אין סאַן פראַנציסקאָ, און פון יענער קליינער אָרימער פירמע האָט זיך דערנאָך אנטװיקלט דאָס היינטיקע גרויסע ניומאַרקס „האָלסייל" הויז.

די ניומארקס זענען אין יענער צייט געווען פארערכנט ניט נאָר פאר פעאיקע סוחרים, נאָר אויך פאר ערווירדיקע בירגער, מחמת שוין אין 1855 ווען דזשאָזעף פ. ניומארק איז געפאָרן קיין אייראפא, האָט ער אויסגעפירט א שליחות פאר דער אמעריקאנער רעגירונג. אָט ווי אזוי עס האָט פאסירט: דזשאָזעף קומענדיק פון אמעריקע קיין לאָנדאָן האָט ער באזוכט דעם אמערי־קאנעם פארטרעטער, דזשיימס בוקאנאן, וועלכער איז געווען דער פלעניפּאָטענ־שיערי פון דער אמעריקאנער רעגירונג אין דעם סט. דזשיימס קאָורט אין יענער צייט. אגב איז דאָס דער אייגענער דזשיימס בוקאנאן, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער פּרעזידענט פון די פאריייניקטע שטאטן. בוקאנאן האָט זיך באנוצט מיט דזשאָזעף ניומארקן און אים מיטגעגעבן געוויסע רעגירונגס־פּאפּירן צו דעם אמעריקאנער פארטרעטער אין דענמארק. מיר גיבן דאָ די איבערזעצונג פון דעם דאָקומענט, וועלכער געפינט זיך אין הערים ניומארקס „זעכציק יאָר אין קאליפאָרניע" אף זייט דריי און זעכציק.

„נומער 282

„לעגאציע פון די פאריייניקטע שטאטן פון אמעריקע אין לאָנדאָן.

„צו אלע, וועמען דאָס איז שייך, גערוס;

„זיי עס באקאנט, אז דער שליח, דזשאָזעף פ. ניומארק, זעצט פאָר א רייזע קיין האמבורג און דענמארק, און טראָגט מיט זיך דאָקו־מענטן פון דער דאָזיקער לעגאציע אין לאָנדאָן צו דער אמעריקאנער לעגאציע אין קאָפּענהאגן.

„דעריבער זענען אלע אויפגעפאָדערט אים צו געבן שוץ און פריינטלאכקייט, צו וואָס עס איז בארעכטיקט א בירגער און א שליח פון אן אויסלענדישער מדינה.

„אלס באשטעטיקונג אף דעם, צייכן איך, דזשיימס בוקאנאן, דער אמעריקאנער מיניסטער צו ענגלאנד, מיט מיין האנט, און לייג צו דעם חותם פון דער לעגאציע, דעם צענטן טאָג פון יולי, 1855 און אין דעם אכציקטען יאָר פון דער אמעריקאנער זעלבסשטענדיקייט.

„(געצייכנט) דזשיימס בוקאנאן."

(דאָ קומט דער זיגל פון דער לעגאציע פון אמעריקע צו גרויס בריטאניע.)

ב

## די ברידער העלמאן

אין 1859 זענען אָנגעקומען די ברידער ישעיה און הערמאן העלמאן. געקומען זענען זיי צו א קרוב, י. מ. העלמאן, וועלכער איז שוין דאָ געווען אין 54טען יאָר. י. מ. העלמאן האָט געהאַט א קלייטל פון „סטיישאָנערי". ישעיה האָט זיך גלייך געשטעלט ארבעטן בא דעם קרוב, און האָט גרינערהייט שוין ארויסגעוויזן אויסערגעוויינטלאכע געשעפטספעיקייטן, מחמת דאָס געשעפט האָט א דאנק זיין קומען אָנגעהויבן אלץ מער וואקסן, האָט געבראכט

גוטע רווחים. בא דעם קרוב האָט ישעיה אָפּגעארבעט זעקס יאָר. אין 1865 האָט ישעיה געעפנט א געשעפט פאר זיך, אויסקויפענדיק א קליינע שניט־קראָם בא א. פּאָרטוגאל, אַף מעין און קאָמערשאל.

זיין ברודער הערמאן, האָט באקומען ארבעט אין ווילמינגטאָן, א פּאָר־שטאָט פון לאָס אנגעלעס, געטריבן דעם „סטיידזש קאוטש" (די בויד, וואָס פלעג פירן פאסאזשירן אין יענע צייטן, ווען קיין באנען און אוטאָמאָבילן זע־נען נאָך ניט געווען.)

אין עטלאכע יאָר ארום איז הערמאן צוריקגעקומען קיין לאָס אנגעלעס, און, ווי הערים דערציילט, איז ער געוואָרן זיינער א קאָנקורענט, ד. ה. ער האָט געעפנט אן „האָלסייל" פון „גראָסעריס".

## דער ערשטער רב

אין 1859 איז געקומען קיין קאליפאָרניע דער ערשטער רב, אברהם וואָלף אידלמאן. אידלמאן איז געבאָרן געוואָרן אין ווארשא, פּוילן, אין 1832. קיין אמעריקע איז ער געקומען אין 1851, איז געווען רב אין נויאָרק, פּעטערסאָן און אין באָפאָלאָ, און פון 59טען ביז 61טען איז ער געווען אין סאן פראנציסקאָ, פון וואנען מען האָט אים ארונטערגעבראכט קיין לאָס אנגעלעס, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרן אלס רב, בא דער אָרטאָקאָסישער געמיינדע „בני־ברית".

דער ערשטער רב, ווי הערים גיט איבער, איז געווען א גרויסער תלמודיסט, א שיינער רעדנער, און א ירא ושלם. א באווייז דערויף איז דאָס, וואָס שפּעטער, ווען די אידן האָט זיך פארגלוסט צו וועלן זיין רעפאָרמער, האָט דער רב צוליב זיינע איבערצייגונגען זיך אָפּגעזאָגט פון דער כסא הרבנות. דאָס איז אָבער א שפּעטערדיקער ענין. ווי מיר זייען, איז אין 1859, בלויז אייניקע יאָר, נאָכדעם ווי עטלאכע אידן זענען צוגעשוואומען צו דעם פּאסיפיק, האָט שוין דאָ אָנגעהויבן זיך וועבן א אידישער פּאָדעם, פריער א „בענעוואָ־לענט" דערנאָך א „בני־ברית" געמיינדע, כאָטש די אידן זענען נאָך געווען גאנץ אָרים, מחמת קיין שול האָבן זיי נאָך ניט געקענט בויען; מען האָט געהאָט מנין אין טעמפּעלס הויז, ביז דער רב איז ארויסגעבראכט געוואָרן. ווען זיי האָבן שון געהאָט א רב, האָבן זיי אויך ניט געבויעט גלייך קיין שול, נאָר געדונגען „סטערנס זאל", „ארקאדיא זאל" און דערנאָך „לעקס זאל" אַף מעין, צווישן צווייטע און דריטע. ענדלאָך, דורך דער העפליכקייט פון א שפּאנישען ריכטער, איגנאציוס סעפּולווידא, האָבן זיי באקומען די ערלויבע־ניש צו דאווענען ימים־נוראים אין זיין געריכט־צימער.

## די ערשטע שול

צוואנציק יאָר שפּעטער; ערשט אין 1873 האָבן די אידן אויסגעבויעט די ערשטע שול. א ציגל־געביידע, אַף פאָרט סטריט (היינטיקע בראָדוויי)

צווישן צווייטע און דריטע, וואו עס שטייט היינט די „קאַפּ‟ געביידע, די צווייטע טיר פון „סיטי האָל‟. אין 1886 ווען די היגע אידן האָבן איינגע־פירט רעפאָרמען‟ האָט זיך הרב אידלמאַן אָפּגעזאָגט פון רבנות. גראָד האָט ער דערנאָך מצליח געווען; קויפנדיק זיך א הויז, אַף זעקסטע און מעין, האָט ער געמאכט אין יענער קניה געגנוג רווח אז ער האָט שוין געקענט זיצן אַלע זיינע יאָרן על התורה ועל העבודה, גיבענדיק מיט דער פרייער האנט פאר אַלע קהל׳שע אנשטאַלטען, ווייזענדיק א גוטען ביישפּיל פאר אַלע גבירים.

אין זיינע מעמוארן ווענן דעם רב, פארצייכנט הערים א מאָדנעם קאָ־אינצידענט: דעם ערשטן איד, וועמען דער רב האָט געגעבן חופּה־וקידושין אין לאָס אנגעלעס, איז געווען סעמיועל פרעגער, און דער לעצטער, וועמען דער איינגנער רב האָט מספּיד געווען, איז אויך געווען סעמיועל פרעגער. דער רב איז געשטאָרבען אין 1907. א. מ. אידלמאַן, דער ארכיטעקט, און דר. ד. וו. אידלמאַן זענען הרב אברהם וואָלף אידלמאַנס זין. דער רבס קינדער אליין זענען שוין לאַנג רעפאָרמער . . .

## ערשטער קלוב

אז די אידן אין קאַליפאָרניע, אין יענער צייט זענען געשטאַנען אַף א העכערער שטופע פון גייסטיקער אנטוויקלונג — און אז זיי האָבן גע־שטרעבט צו א גייסטיק לעבן, איז אויך צו זען פון דעם פאַקט, וואָס דער ערשטער „סאָשעל קלוב‟ איז געגרינדעט געוואָרן פון אידן, אין 1869. די גרינדער זענען געווען: הערמאַן און ישעיה העלמאַן, י. מייער, סעם און טשאַרלס פרעגער, ס. לאַזארד, קאַספּאַר קאָהן, מ. און דזשיי מאָרים, ל. לאָעב, סעם מייער, ב. קאָהן און הערים ניומאַרק. דער קלוב האָט זיך אָבער שפּעטער אויפגעלייזט, מחמת אין דער ערשטער צייט, כל־זמן די באפעלקערונג איז געווען קליין האָבן מענטשען זיך געפילט דאָ ווי איין משפּחה, דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן צו אנטוויקלען מיינונגס־פארשיידענהייטען, עס זענען געוואָרן שפּאַלטונגען און רייסערייען, נייע קלובס און אלערליי אָרגאַניזאַציעס זענען געבאָרן געוואָרן, אָבער דער ערשטער קלוב איז אונטערגעגאנגען.

דער ערשטער קלוב האָט געהאט זיינע זיצונגען אין דער ערשטער גע־ביידע, וואָס ישעיה העלמאַן האָט אויסגעבויעט אַף לאָס אנגעלעס און קאָ־מערדשל גאַס. העלמאַן איז פּאָפּולאַר געוואָרן אין א קריזיס יאָר, אין 1857, ווען שפּעקולאַנטען האָבן ארייגעטריבן די באַנק־געשעפטן אין א באַנקראָט. דאָס איז געווען אין דער צייט, וואָס ישעיה העלמאַן איז געווען אין אייראָפּא אַף באַזוך. צום גליק פון לאָס אנגעלעס האָט זיך ישעיה אומגעקערט אין צייט, און באַלד צוריקגעעפנט א באַנקראָטירטע באַנק: „די פארמענס און מערטשאַנטס נעשאָנעל באַנק‟. העלמאַן האָט געהאַט אַלעמענס צוטרויען, עס האָט אים אָפּגעגליקט ארויסצושלעפּן די באַנק פון איר קריזיס, און אים געגעבן דעם נאָמען אלס גאון׳ישער פינאַנסירער.

## אַנטיסעמיטיזם

שפּורן פון אַנטיסעמיטיזם קען מען שוין געפינען אין דער געשיכטע פון לאָס אנדזשעלעס נאָך זעכציק יאָר צוריק, און עס פארשטייט זיך, אז דער מאָטיוו פאר אנטיסעמיטיזם איז געווען א ריין עקאָנאָמישער, ווייל, ווי מען זעט, האָבן די ערשטע אידן גענומען זיך צו מסחור, בעת די ניט־אידן האָבן געזוכט רייך צו ווערן אף אלערליי אופנים. טאָמער האָט זיך שוין יאָ געפונען א קריסט, וואָס האָט זיך גענומען צו מסחור, האָט ער אין דעם אידן געזען א גוואלטיקן קאָנקורענט, און אזוי ווי די גאנצע „וועסט" אין יענער צייט, איז אויך קאליפאָרניע געווען א גזעצלאָזער געגענט, און געהערשט האָט די ברוטאלע האנט, דער שטארקער פויסט, דער רעוואָלווער און די ביקס, האָט זיך טאקע געפונען מער ווי איין קריסט, וואָס האָט זיך געשארפט די ציין אף די אידן, וואָס „פארכאפּן קאליפאָרניע", און איינמאָל, פרייטיק, דעם אכצענטען יוני, 1865, דערציילט ניומארק, איז צו אים אין געשעפט אריינגעלאָפן זיינער א באקאנטער איד, דוד סאָלאָמאָן, און אין איין שרעק האָט סאָלאָמאָן דערציילט, אז אף דער שיף פון סאן פראנציסקאָ איז געפאָרן א קריסט, פּרודענס באָדרי, און ער האָט זיך בארימט, אז ער וועט ארויסטרייבן אלע אידן פון לאָס אנגעלעס, ווייל זיי פארכאפּן אלע געשעפטן . . . ער וועט שוין זען ארויסטרייבן די אידן פון זייערע געשעפטן, עס זאָל פאר זיי ניט בלייבן קיין פּלאַץ אין קאליפאָרניע . . .

הערים האָט אויסגעהערט, בארואיקט דעם צעשראָקענעם אידן, און ער האָט א טראכט געטון, אז באָדרי מוז טון זייער שלעכטע געשעפטן, און די שנאה צו אידן נעמט זיך פון דעם, וואָס ער טוט שלעכטע געשעפטן. הערים האָט דערנאָכדעם פארטראכט אויסצוקויפן בא באָדרין דאָס געשעפט, און איידער באָדרי האָט נאָך צייט געהאט מאכן פּלענער וועגן ארויסטרייבן די אידן, איז באָדרים געשעפט שוין געווען פארקויפט צו הערימען, און אף באָדרים געוועזענעם געשעפט איז אין עטלאכע וואָכן ארום אויפגעהאנגען געוואָרן א קליינער שילד: „הערים ניומארק". דאָס געשעפט בא הערימען האָט זיך צעבליט, און פון דעם איז שפּעטער געוואָרן דאָס ריזיקע געשעפט פון „ה. ניומארק און קאָ." *)

---

*) פופציק יאָר שפּעטער, אין 1915 האָט די פירמע „ניומארק און קאָ." געפייערט דעם יובל פון יענער פאסירונג, און אף דעם יובל איז איבערדערציילט געוואָרן די מעשה מיט פּרודענס באָדרי, צווישן אלע אנדערע זכרונות פון יענער צייט, וואָס זענען נאָך עד היום פריש אין דער ניומארק פאמיליע, וועלכע האָבן צו פארדאנקען הערים ניומארק פאר דעם גוטן נאָמען, און פאר דאָס גרויסע עשירות, וואָס ער האָט געמאכט, אָנהויבענדיק גיין מיט א לאנגזאמען, שווערן וועג, ארבעטענדיק טאָג און נאכט, מיט פלייס און שפּאָרזאמקייט. (פון א פּוס־נאָט אין „60 יאָר אין קאליפאָרניע").

## קאַספּאַר קאַהן

הערים ניומארק האָט שפּעטער אין זיינע געשעפטן אריינגענומען א פּלימעניק, סעמיועל קאַהן, און אין 1859, ווען סעמויעלס ברודער, קאַספּאַר קאַהן איז געקומען, האָט הערים אים אויך אריינגענומען צו זיך אין געשעפט אריין. די קאַהנס זענען אויך געווען פלייסיקע ארבעטער, און הערים פלעג זיי ארויסשיקן מיט סחורה קיין אריזאָנא, אויך פלעגן זיי פאָרן איינקאסירן חובות, א דאנק זיי, זענען העריסעס געשעפטן זיך צעוואקסן, און אין 1867 האָט הערים איינגאנצען ארויסגעצויגן קיין נויאָרק, און בדעה געהאָט צו בלייבן וואוינען, פארלאָזענדיק זיך אַף די ברידער קאַהן, זיי זאָלן פארוואלטן די מסחרים אין קאליפאָרניע. נאָר אזוי גיך ווי הערים האָט דערגרייכט נויאָרק, איז סעמויעל קאַהן קראנק געוואָרן, און עס איז געוואָרן שווער פאר קאַספּארן צו פירן די געשעפטן, האָט הערים געמוזט זיך אומקערן, לאָזענדיק דערווייל די פאמיליע אין נויאָרק. הערים האָט זיך אָבער ניט געקענט אומקערן אזוי גיך, האָט ער צוריקגענומען די פאמיליע קיין לאָס אנגעלעס, און זינט יענער צייט איז ער געבליבן א קאליפאָרניער תושב.

צווישן די מעמוארן פון הערים ניומארק איז אינטערעסאנט די כראָניקע פון דעם אידישן לעבן אין לאָס אנגעלעס, דהיינו, עס איז בא אים פארצייכנט, אז די ערשטע אידישע פרוי אין ל. א. איז געווען די פרוי פון יעקב רייך. דאָס ערשטע קינד בא אידן איז געבאָרן געוואָרן בא י. גרינבוים. פון זיינע באמערקונגען איז אויך צו זען, אז עס זענען כמעט ניט געווען קיין אידישע מיידלאך פון דעם הייראט־עלטער אין לאָס אנגעלעס, מחמת דאָס קומען קיין קאליפאָרניע איז געווען פארבונדען מיט גרויסע שוועריקייטן, און ווער עס האָט אפילו געהאָט דערוואקסענע קינדער, האָט ער זיי געלאָזן אין דער „איסט" ביז ער האָט זיך פריער צו עפּעס צוגעשלאָגן. געקומען איז מערסטענס צו משפּחה, און שוין דערפאר אליין זענען א סך שידוכים טאקע געשלאָסן געוואָרן אין דעם משפּחה־קרייז: ניומארקס מיט ניומארקס, פעטערס, שוועסטער־קינדער, קאַהנס מיט ניומארקס, שוועסטער־קינדער, אזוי, אז דאָס משפּחה־פארמעגן, די הייזער זענען אויך ניט פארפרעמדט געווארן. עס איז אַלץ איבערגעגאנגען פון דור־צו דור אין דער אייגענער משפּחה, כמעט נאָך אַף היינטיקן טאָג.

## ערשטע פרויען־פאריין

אָבער ווי ווינציק פרויען עס זענען געווען, האָבן פונדעסטוועגן אויך די עטלאכע פרויען דאָ שוין געגרינדעט א אידישן פאריין „די פרויען הילפס־געזעלשאפט". די גרינדערין איז געווען ראָזא ניומארק, די פרוי פון דזשאָזעף ניומארק. די ערשטע פרעזידענטין, פרוי הערים ניומארק, קאסירערין— פרוי דזשאָנס, סעקרעטארין — פרוי ב. קאַץ, קאָלעקטערשע — פרוי בער, דערצו האָבן די פרויען געהאָט אין זייער פאריין אויך דריי מענער פאר ראַט־

ניבער: העריס ניומארק, י. מ. העלמאן, און הענרי וואַרטענבערג. די פּרויען האָבן זיך אָפּגעגיבן מיט צוזען קראַנקע, זענען געווען באַרעמהאַרציקע שוועס־טער, און האָבן געזען, אַז אַ קראַנקער און אַן עלענדער זאָל ניט פאַרנאַכלע־סיקט ווערן און ניט דאַרפן פאַרצווייפלען.

פאַרשטייט זיך, אַז פּונקט ווי די אידישע טעטיקייט האָט זיך בלויז אויסגעדריקט אין אַרבעטן פאַר אַ שול, אַ בית־עלמין, א. ד. ג. אַזוי האָט די פרויען־טעטיקייט ווייטער ניט דערגרייכט. די מענער האָבן געאַרבעט פאַר אַן אייגענעם בית־עלמין, האָבן די פרויען געזען, אַז דער בית־עלמין זאָל געהאַלטן ווערן אין דער בעסטער אָרדנונג, ריין, מיט גראָז און בלומען באַ־זעצט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ הייליק אָרט.

אין 1871, ווען די נייעס וועגן דעם גרויסן היסטאָרישן פייער אין שיקאַגאָ האָט דערגרייכט לאָס אַנגעלעס, האָבן ביידע אידישע געזעלשאַפטן, די פרויען ווי די מענער, גענומען שאַפן מיטלען, און עס זענען פאַרצייכנט צוויי באַזונדערע סומען: צוויי הונדערט און פופציק דאָלאַר געשאַפן פון דער „היברו בענעוואָלענט" און הונדערט דאָלאַר געשאַפן פון פרויען פאַריין. דאָס באַווייזט, אַז שוין אין יענער צייט, זענען אידן אין קאַליפאָרניע געווען גרייט צו קומען צו הילף זייערע ברידער און שוועסטער אין אַ נויט, און אַז עס איז ניט אמת די באַהויפּטונג, וואָס מען מאַכט נאָך ביז היינטיקן טאָג, אַז דער קאַליפאָרניער איד, דער איינגעזעסענער, וויל ניט וויסן פון קיין אידישע נויטן, און אַז ער לעבט נאָר פאַר זיך.

עס איז שוין אויך געווען צווישן די אידישע פרויען אין יענער צייט אַ שטרעבונג צו בילדונג, און די ערשטע אידישע מיידעל, גראַדואירט פון ל. א. היי־סקול און וועלכע איז אויך דערנאָך געגאַנגען אין אוניווערסיטעט, איז געווען פעני בערנשטיין די צווייטע, עלאַ ניומאַרק, די טאָכטער פון העריס ניומארק.

## ערשטע רעפאָרמער

ביז אַכצען פיר און ניינציק האָבן די רעפאָרמער ניט געהאַט קיין טעמפּל, ערשט אין דעם יאָר האָבן זיי אויסגעבויעט דאָס „בני־ברית" טעמפּל אויף דער צענטער און האופּ, און אויף הרב אידלמאַנס פּלאַץ איז אָנגעקומען דר. עמנואל שרייבער, ער איז צוויי יאָר געווען ראַביי, און נאָך אים איז אָנגעקו־מען רעווערענד א. בלום פון גאַלוועסטאָן. פון 1895 ביז 1899 איז געווען ראַביי מ. נ. סאָלאָמאָן. אונטער זיין אַדמיניסטראַציע, בעת הערמאַן וו. העלמאן איז געווען פּרעזידענט איז פאַרטיק געוואָרן דאָס טעמפּל.

אין דער ניומארק פאַמיליע האָט זיך אין שטודיום אויסגעצייכנט מאַרקאָ ר. וועלכער האָט גראַדואירט די קאַליפאָרניער אוניווערסיטעט, און אין אייראָפּאַ אויך געענדיקט אַן אוניווערזיטעט אין בערלין. מאַרקאָ איז אַ זון פון העריס ניומארק.

א ברודער, מאָרים ניומארק, האָט געהאָלפן גרינדען און אינקאָרפּאָרירן דעם „סאוט־וועסט מוזעום“.

מ. י. ניומארק, א זון פון דזשאָזעף ניומארק, האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן די ערשטע שטאָטישע ביבליאָטעק.

אין דער אקאדעמיע פאר וויסענשאפט האָבן אויך די אידן געהאַט די איניציאטיווע: דר. דייווידזאָן איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט, און פרוי ט. הארט די ערשטע סעקרעטארין. דאָס איז געווען אין 1891.

1906

אין דער צייט פון דער גרויסער ערד־ציטערניש אין סאן פראנציסקאָ האָט זיך מ. ה. ניומארק אויסגעצייכנט אלס פאָרזיצענדער פון דער קאָמיסיע צו זאמלן און ליפערן שפּייז פאר די ליידענדע פון דער ערד־ציטערניש.

לאָס אנגעלעסער אידן האָבן דענצמאָל דאָ אויפגענומען הונדערטער אידישע פאמיליעס און געטון אלץ וואָס עס האָט זיך געפאָדערט פאר די קרבנות.

צום אנדענקונג פון איינעם פון די אידישע פּיאָנערן פון יענער צייט געפינט זיך איצט א אידישער האָספּיטאל; „קאספּאר קאָהן“.

דער דערמאָנטער פּיאָנער איז א שטיק צייט געווען העריסעס א שותף, האָט זיך ערוואָרבען א גרויסען נאָמען בא די פארמער, מיט וועמען ער האָט געהאנדעלט, אזוי אז די פארמער פלעגן בא אים קויפן סחורה און טוישן און ווען זיי פלעגן אים פארקויפן סחורה, האָבן זיי דערנאָך בא אים געלאָזן ליגן זייער געלט, האָבן זיי די ביכלאך אויך געגיבן אים צו האלטן. שפּעטער האָבן זיי אים אליין צוגערעט, אז ער זאָל שוין בעסער עפנען א באנק, און זיי וועלן מיט דער באנק טוען זייערע מסחרים. די היינטיקע „יוניאָן באנק“, איז די געוועזענע קאספּער קאָהן באנק.

## קאספּאר קאָהן

געבוירן אין לאבוי, פּרייסן, 1839. געקומען אין 1859. געארבעט פאר העריס ניומארק, געווען א שטיק צייט אין קאונטרי, דערנאָך צוריקגעקומען און געוואָרן א שותף פון העריס ניומארק, ביז 1885, ווען ער האָט אָרגאַניזירט די פירמע: „קאספּאר קאָהן און קאָ.“ פון וועלכער ער איז געווען פּרעזידענט. אין יולי 1914 האָט ער אָרגאַניזירט די קאספּאר קאָהן קאָמערשעל סייווינגס באנק. דאָס קאספּאר קאָהן האָספּיטאל טראָגט זיין נאָמען. געווען יאָרנלאנג פּרעזידענט פון קאָנג. בני־ברית, אויך אין די הינגע וואויל־טעטיקע אנשטאלטן.



י. א. ראָזענקראַנץ,
געוועזענע רפּרעזידענט
פון סאנאטאָריום.



דר. י. סוויזי, איצטיגער סופּ. פון
אידישן סאנאטאָריום אין ל. א.



מרס. ס. מארקאָוויץ, פרוי פון
טשערמאַן פון קרן־היסוד



א. דזשייקאָבס, פּרעזידענט פון
עקס פּיישענטס



מרס. דר. לעא בלאס (געהילפס
סעקרעטאר אין ערשטן ק. ה. דרייוו)



דר. מרים שאפירא
(טעטיק אין קרן־היסוד)



קלמן ליובאָוויצקי



ד. קאפלאן



## אברהם שוגערמאן

סאן פראנציסקאָ. געבוירן אין לעבעדאָווא, ווילנא, אין 1862, א זון פון אייזיק און פעני (געטע) שוגערמאן. געהייראט אין ווילנא מיט שרה ביילא אין 1883. האָבן זעקס קינדער, בעני, אייזיק, הירש, פעני, מלכה ראָזא און ריווא. דערצויגן אין פוילן אף דעם תלמוד, צו ניינצען געווען א העברעאישער לערער. צוויי יאָר נאָך דער חתונה געקומען אין אמעריקע. זיך באזעצט אין פיטסבורג, או זא יאָר דאָרטן אויך געלערנט העברעאיש. צוליב זיין געזונט געקומען אין קענזעס און געוואָרן א פארמער. שפעטער געווען א סוחר צוויי יאָר. דורך דער צייט ווען ער איז געווען אין קענעזעס איז ער געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געהאלטן אָרטאָדאָקסישע סערוויסעס דאָרטן מיט א מנין. אין 1889 געקומען אין סאן פראנציסקאָ און זיך עטאבלירט אין אייזן און מעטאל געשעפט, און זינט דאן איז די פירמע „שוגערמאן אייראָן און מעטאל קאָ.“ א שם־דבר.

שוגערמאן איז איינער פון די אָרגאניזאטאָרן פון דער „היברו פרי לאָן סאָסייעטי“, געוועזענער פרעזידענט פון „חברה קדישא“, איינער פון די גרינדער פון קאָנג. „בני־דוד“, א טעטיקער ארבעטער פון „מושב־זקנים“, א מיטגליד אין די ב. ב. און י. א. פ. פ.



דר. מארטין א. מייער



סיימאן קאשלאנד



## מאָרים שפּיגעלמאַן

געבוירן 4טער יולי, אין 1872 אין וואַרשאָ, פּוילן, א זון פון אליעזר און מרים (וואָלף) שפּיגלמאַן. אין 1895 האָט ער געהייראַט מיט העלענא שאפּיר פון וואַרשא. דערצויגן אין פּריוואַט שולן אין וואַרשא, רעכנט זיך פאַר א פיינעם תּלמודיסט און העברעער. אויך געבילדעט אין דייטש, רוסיש, פּויליש און ענגליש. גראַדואירט פון וואַרשאַ־ווער שטאַאָטישן ביזנעס קאלעדזש אין 1889. אָנגעקומען אין נ. י. אין 1899 און א יאָר שפּעטער געפאָרן אין מאָנטגאָמרי אלא. און געוועזן אין שניטקראָם דאָרט ביז 1906, ווען ער איז געקומען אין סאַן פראַנציסקאָ, וואו מיט זייער ווינציק קאַפּיטאַל האָט ער אָנגעהויבן פאַבריצירן מאַטראַצן, און מיט סיג. סימאָן האָט ער אָרגאַניזירט די „קאָנטינענטאַל בעדדינג מאַנופעקטשורינג קאָ.“ אין וועלכע ער איז נאָך אויך איצט אקטיוו, ער האַלט דעם גרעסטן טייל קעפּיטאַל סטאָק, או זחוץ דע סאויך אייניקע אנדערע געשעפטן: ריעל עסטייט און אָיל אינטערעסן.

שפּיגלמאַן נעמט א טיכטיקן אינטערעס אין אלע אידישע אנגעלעגענ־הייטן. ער האָט ארונטערגעבראַכט זיין גאַנצע משפּחה, זיבעציק נפשות פון פּוילן און זיי אלעמען באַזאָרגט זיי האָבן באַקומען א נאָנטען צוטריט טאַקע צו דער פירמע מ. שפּיגלמאַן און קאָ. עס איז ניטאָ קיין איין וויכטיקער אי־דישער אנשטאַלט אין סאַן פראַנציסקאָ, אז ער זאָל ניט זיין טעטיק, און ניט אויסאיבן זיין איינפלוס צום וואוילזיין פון אנשטאַלט.

שפּיגלמאַן איז א בויער און קעמפער פאַר אידישקייט, און דאָס גאַנ־צע אידישע לעבן אין סאַן פראַנציסקאָ האָט באַקומען אנאַנדער פּנים, א דאַנק זיין אינטעסיווער טעטיקייט: די טשאַריטיס, דער סענטער, די תּלמוד־תּורות א. ד. ג.



דר. וום. וואָורזענגער



־עוו. דר. דזשייקאָב וואָורזענגער



דזשעק רוסאָ



אלעקסאנדער בריק




הערי לייאָנס. זע ביאָגראפיע

## וויליאם וו' ביערמאן

דער פרעזידענט פון טעמפל עמנואל איז געבוירן אָקט 21, אין 1886 אין פראָווידענס, ראָד איילאנד. נאָכדעם ווי ער האָט אין זיין געבורט שטאָט באקומען זיין עלעמענטארע בילדונג האָט ער געמאכט די באָסטאָנער אוני־ווערסיטי און די לאָאָ סקול. איןביידע סקולס האָט ער גראדואירט מיט עהרע.

אין לאָס אנגעלעס זינט 1911. א קורצע צייט נאָכדעם ווי מר. ביער־מאן איז געקומען אהער איז ער געוואָרען אן אסיסטענט דיסטריקט אטוירני.

פארלאָזענדיק דעם דיסטריקט אטוירנים אָפיס איז ער געגאנגען אין לאָאָ ביזנעס פאר זיך אליין, און איז היינט איינער פון די אָנגעזעענסטע אדוואָקאטען אין שטאָט.

זייענדיק א שטארק באשעפטיקטער מענטש האָט ער פונדעסטוועגען געפונען צייט פאר געזעלשאפטלאכער ארבעט. ער איז געוועזן פרעזידענט פון ב. ב. לאָדזש, און אויך דיסטריקט דעפיוטי פון קאליפאָרניע. ער איז אויך פאָפולאר אין ניט־סעקטערישע אינסטיטוציעס, ווי די „קידי־קופ“. ער איז בא זיי דירעקטאָר. ער איז אויך דער קאונסעלאר פון קאָמיוניטי טשעסט.

נאָר זיינע גרעסטע פארדינסטען האָט ער בא דער אויפבויאונג פון טעמפל עמנואל, פון ווילשייער בולווארד. ער איז איינער פון די גרינדער, און געוועזענער וויים פרעז. ביז ער איז אין 1923 געוואָרן אלס פרעזידענט.

## אידישער מאלער אין ל. א.

דער באקאנטער אידישער מאלער, אלבערט אבראמאָוויץ, א מיטגליד פון דעם פאריזער „סאלאָן־דא אטאמן“ (הערבסטסאלאָן) געפינט זיך איצט צו גאסט אין אונזער שטאָט.

ווי עס הערט זיך וועט ער ווארשיינליך האָבן אן אויסשטעלונג פון זיינע בילדער אין דעם אמבאסאדאָר האָטעל ארום נאָוועמבער.

אין קומענדיקן העפט וועלען די לעזער פון „זונלאנד“ געפינען אייניקע צייכנונגען פון דעם מאלער אבראמאָוויץ און אויך אן ארטיקעל וועגן זיינע שאפונגען.

די אידישע קינסטלער אין ל. א. ווינטשען דעם גאסט א הארציקן ברוך הבא, און ערפאָלג אין זיינע אונטערנעמונגען.

## שלמה מיידענבערג



געבוירן אין שערמעוועקע, א דאָרף לעבן באַרדיטשעוו, אין תר"ח 1878. דער פאָטער, ר' מיכל שערמעוועקער, אן ארענדאר, א גרויסער מכנים אורח, און א למדן, וואָס האָט גע־שמ'ט אין דעם געגנט. א סקווירער חסיד, א מקורב באם רבין, און טאקע א בעל יחוס.

צו שלמה'ן האָט מען געהאלטן אין קרעטשמע א מלמד, וועלכער האָט גלייכצייטיק אויך נאָך גע־לערנט מיט ר' מיכעלס איידעם... וועלכער האָט געגעסן קעסט. ווען שלמה איז עלטער געוואָרן, האָט מען אים אוועקגעשיקט קיין וויניצע אין דער ראבינער שול. דאָרטן האָט ער געלערנט א קורצע צייט, און דערנאָך איז ער א חתן געוואָרן פון טשודנאָוו, וואָלין, חתונה געהאט און געוואָרן א פּאדראטשיק פון געהילץ, שטיינער, און שפּעטער געוואָרן אן אופּראווליייעשטשע בא באַ־ראָן טאובער פון פּעטערסבורג, וועלכער האָט אָפּגעקויפט די גיטער לעבן טשידנאָוו.

קיין אמעריקע איז שלמה מיידענבערג געקומען מיט צוויי און דריי־סיק יאָר צוריק (אין 1893) און זיין ערשטע שטאָט איז געווען וויניפּעג, קאנאדע, און אזוי ווי קעלטען האָבן אים ניט געשמעקט, איז ער אין זעקס וואָכן ארום אָפּגעפאָרן קיין לאָס אנגעלעס, און איז שוין דאָ פארבליבן עד היום.

עס זענען דאָ נאטורן, וואָס זענען ווי דינע ווייכע בוימעלאך, וואָס באם מינדעסטען ריר און בא דער קלענסטער באוועגונג, פון א ווינטעל בויגן זיי זיך, ברעכן זיי זיך. פּונקט אזוי זענען אויך דאָ מענטשן, וועמענס נאַ־טורן זענען פעסט און אייזן־שטארק, ווי א טויזנט יאָריקער דעמב, וועמענס וואורצלען זענען טיף איינגעזעסן אין דער מוטער ערדס בויך, און קיין שטורם ווינט וועט זיי ניט בויגן און ניט רירן. אזוי פעסט אין זיין אידישן גלויבן, און אזוי איז איבערצייגט איז דער אלטער שלמה מיידענבערג, נאָכ־דעם, ווי ער איז אָפּגעוועזן צוויי און דרייסיק יאָר אין לאָס אנגעלעס, מיטן מויל ארויסצורײדען: צוויי און דרייסיק יאָר אָפּלעבן אין דער אידישער לאָס אנגעלעס, וואָס האָט זיך דאָ ניט איבערגעגעבן אויף דער אידישער גאס?

מיידענבערג אָבער, מיט זיין גלויבן, מיט זיין קוק אפן לעבן, איז גע־בליבן דער אייגענער, פּונקט ווי מיט יאָרן צוריק, ווען ער איז געקומען אהער פון טשידנאָוו, פון בערדיטשעוו.

ווען ער איז געקומען איז נאָך קיין אָליוו סט. שול אויף דער וועלט ניט געווען קיין הכנסת אורחים, קיין חסד של אמת, קיין אידישער האָספּי־טאל, און היינט, נאָכדעם ווי ער האָט דאָ אָפּגעלעבט עטלאכע און דרייסיק

יאָר, ווען מיר האָבן אים געטראָפן און אים דערציילט, אז מיר ווילן פאַר־צייכנען וואָס ער האָט צו דערציילען וועגן יענער צייט, האָט ער זיך אויס־געלאכט.

„איך וועל אליין דערציילן אמאָל... דערווייל שרייב איך א בוך וועגן יענער צייט, יאָ א בוך,“ און ער האָט באוויזן א פּאַק מיט כתבים, געשריבן אין אידיש אין דעם לשון פון קיעוו און וואָלין, וואָס קען אמאָל זיין א צוויי־טער „זעכציק“, ווען מען גיט א קוק אף דעם זקנ׳ס ווייסע צעקאמטע, לאנגע באָרד, מיט דער יאַרמעלקע און אין טלית קטן, און מען האָט אין זין, אז דאָס איז אין ווענים קאַליפאָרניע, זעט מען ערשט, אז אויך דאָ איז נאָך איינגאנצען דאָס אלטע אידישקייט ניט פארשוואונדען. עס לעבט נאָך איינער פון אן אלטען דור, כאָטש די קינדער און קינדס־קינדער, זענען שוין איינגאנצען אנדערש . . .

מיידענבערג דערציילט, אז ער האָט זיינע קינדער מדריך געווען ווי אין דער היים, געהאלטן צו זיי מלמדים בא זיך אין הויז, ער האָט א טאָכ־טער און צוויי זין: מרס. אסתר מלכה מעדוועי, און יחיאל מיכל יוסף און אפרים מיידענבערג.

ביז מיט צען יאָר צוריק איז דער זקן געווען מיט די קינדער אין גע־שעפט. דער עמפּאָריום און די קאָלומביא (250 און 264 מעין סטריט) זע־נען געווען זיינע געשעפטן. מיט צען יאָר צוריק האָט דער אלטער זיך צוריק־געצויגן, איבערגעגעבן דעם איידעם די קאָלומביא און דעם עמפּאָריום, און זיך אליין אוועקגעזעצט אָפּגעבן חשבון הנפש און אויך שרייבן דעם תולדות מיידענבערג.

יחיאל מיכל יוסף (דזשאָזעף) מיידענבערג, דער עלטסטער זון איז היינט דער איינגענטימער פון דער מאָדעל בוט שאָפּ ,(אף בראָדוויי) און הערי פּרענק, דער אינגערער זון איז אין ריעל עסטייט.

דער אלטער איז בכלל א יושב אוהל, לערנט און דאוונט, און עס גייט אים ניט אָן, וואָס אין דרויסן איז ווענים, דער קוני־איילענד פון קאַליפאָרניע.

זיינע קינדער און קינדס קינדער זענען אין שכנות מיט אים, און ער האָט שוין זוכה געווען צו זען בא זיך דריי דורות. בלייבענדיק דער איינענער איד ווי אין באַרדיטשעוו . . .

---

חברים האחוזה, קאַליפאָרניע :

1) דר. לעא בלאס, פּרעזידענט, 2) הערי פּראם, וויים פּרעז., 3) מאָרים קאופמאן, סעק., 4) טש. אייזנשטיין, טרעזש., 5) דזשייקאָב וויינער, נעהילפס סעק., 6) הרב יהודה ליב דאווידזאָן, 7) ג. בלום, 8) ל. ווידרין, 9) דזש. וויסבארט, 10) ל. בערמאן, 11) ל. בעלקין, 12) ל. בערגמאן, 13) נ. וויינער, 14) פ. וויינער, 15) אל. האראוויץ, 16) דזשאָזעף הירש, 17) ס. נאָטפּריער, 18) בערנארד שירעזאָן, 19) מ. טאָבייעס, 20) ז. פינקלשטיין, 21) ה. פעדער, 22) מ. קאַץ, 23) א. נאפּאָלין, 24) מ. ראבינאָף, 25) דר. ה. קודלי, 26) ד. ראָזנטאל, 27) ב. נאפּאָלין, 28) י. פּארבשטיין, 29) מ. וויינער, 30) ל. ליבערמאן 31) נעצל וויינער, 32) א. קודלי.



## מאַרקאָ העלמאַן

געבאָרן אין ל. א. אין 1878. האָב באַ־
קומען זיין דערציאונג אין די הינע
פּאָבליק סקולס, און דערנאָך באזוכט
דעם לילאנד סטענפאָרד אוניווערסי־
טעט אין פּאלאָ אלטאָ. גראַדואירט
אין 1898 און האָט אָנגעהויבן מאַכן
זיין קאַריערע מיט דער פאַרמערס און
מערטשאַנטס נעשאָנאַל באַנק אַלס
בוכהאַלטער. די שטעלע האָט מאַרקאָ
יענעם יאָר, פאַרמאָגט זי איצט ניט ווינציקער פון 75 מיליאָן דאָלאַר „רע־
סאָרסעס“. די באַנק האָט דרייסיק „ברענטשעס“ און רעכנט זיך פאַר איינע
פון די רייכסטע באַנק־הייזער אין אמעריקע. (א צווייטע העלמאַן באַנק האָט
ער איצט, 7־טע און ספּרינג.)

דער איינענער האָט אויך א חלק אין דער מארין־באַנק אין סאַן
פּעדראָ, און אין לאָנג ביטש. חוץ דעם איז ער דער פאַרוואַלטער פון העלמאַן
אין 1912, און פון די זעקס מיליאָן דאָלאַר, וואָס די באַנק האָט געהאָט אין
אָנגעהאַלטן זעקס יאָר צייט, ביז ער
איז געוואָרן געהילפס קאַסירער.

דערנאָך איזער ער געווען געהילפס קאַסירער אין דער מערטשאַנטס
נעשאָנאַל באַנק, שפּעטער איז ער דאָרט געוואָרן קאַסירער, און צום סוף איז
ער דערווײלט געוואָרן וויים־פּרעזידענט. ער איז אויך דער פּרעזידענט פון
דער העלמאַן קאָמערשאַל באַנק אַף זעקסטע און מעין, וועלכע איז ביז ניט
לאַנג געווען א טאָג־און נאַכט באַנק, די באַנק האָט העלמאַן רעאָרגאַניזירט
וו. (דעם פאָטערס) העלמאַנס פאַרמעגן, פון וועלכע פאָנדען ער גיט אָפּט
מיט דער פולער האַנט, חוץ פון זיינע אייגענע קאַפּיטאַלן, אַף וואוילטעטיקע
צוועקן.

מאַרקאָ האָט דאָ געגרינדעט די „טראַוועלערס אייד“ און איז א
דירעקטאָר אין אייניקע שפּיטאָל־הייזער און בית־יתומים, פּרא וועמען ער
איז פאַקטיש איבערגעגעבן ווי אן אייגענער פאָטער. ער איז דער טרעזשורער
פון דער ל. א. מוזיק פעדעראַציע, און אים צו פאַרדאַנקען האָט לאָס אַנגעלעס
געקענט דאָ פּרעזענטירט ווערן מיט גרענד אָפּעראַ.

זיין איינפלוס אַף דער שטאָטיקער פּאָליטיק גרייכט גאַנץ ווייט, און
ער איז פון תמיד אָן געווען און איז נאָך היינט פאַראינטערעסירט אין א ריי־
נער שטאָטישער אַדמיניסטראַציע. ער איז געווען פאַ־ייראַט זינט 1908 צו
רימאַ לעוויט פון ווײסאַליא קאַליפאָרניע, נאָר די פרוי איז אינגערהייט גע־
שטאָרבן, לאָזענדיק אים צוויי קינדער, הערמאַן וואָלאָס און מאַרקאָרעטאַ
העלמאַן.



## אווירווינג העלמאן

געבאָרן אין לאָס אנגעלעס, בא הערמאן וו. העלמאן, אין 1883 אין דער צייט ווען די עלטערן האָבן נאָך געוואוינט אף דער פירטער און ספרינג, וואו עס שטייט איצט די ה. וו. העלמאן בילדינג. גראדואירט די היגע פּאָבליק און „היי־סקול" און דערנאָך געמאכט די ארמאָר טעכנאָלאָגישע שול אין שיקאגא. ער איז גענענדיגטער אינזשעניר, און איז געווען אָנגעשטעלט בא דער שטאָט אלס אזעלכער אין 1906. אין 1908 האָט ער רעזיגנירט פון זיין שטעלע בא דער שטאָט, און איבערגענומען די פארוואלטונג פון זיין פאָטערס געשעפטן. אין 1912 איז ער געוואָרן א דירעקטאָר אין דער העלמאן קאָמערשל באנק, און דערנאָך אויך וויים־פרעזידענט. אווירווינג איז דירעקטאָר אין די באנק־הייזער אין סאן פעדראָ און לאָנג ביטש, האָט א חלק אין די קאליפאָרניע מידוויי אָיל קאָ. און א סך אנדערע גרויסע געשעפט־הייזער. ער נעמט א טיכטיקן אנטייל אין דער אנטוויקלונג פון דעם היגן „טשאמבער אָוו קאָ־מערס" און ער האָט א ביל ביינעטראָגן צו דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסט־ריע און אגריקולטור אין „סאוטערן" קאליפאָרניע.

אווירווינג האָט געהייראט פלאָרענס מארקס, און זיי האָבן דריי קינ־דער ,אידא, עוועלין,, און אווירווינג העלמאן דזשוניאָר.

ער איז א באזונדער גרויסער אונטערשטיצער פון דעם סאנאטאריום, און פונקט ווי זיין ברודער, מארקאָ איז ער תמיד גרייט צו שטעלן זיך אף דער שפיצע פון א נייעם ווירדיקן אנשטאלט, צו שטיצן מיט ראט און טאט.

זייענדיק דאָ געבאָרענע איז געווען נאטירלאך פאר די ברידער העלמאן צו זיין שוין אזוי אמעריקאניזירט, אז זיי זאָלן זיין ניט שטארק פאראינטע־רעסירט אין די שטרעבונגען פון יעדע אידן, וועלכע זענען אריבערגעקומען אהער אין דער לעצטער צייט. ד ילעצטע וועלט־מחמה, איניינעם מיט די אטאקעס פון הענרי פאָרד אף די רייכע אידן, ווי אויך דאָס, וואָס אלס באנקירן, קומען די ברידער העלמאן אין טאָג־טעגלאכע בארירונג מיט הונ־דערטער רוסישע אידן אין לאָס אנגעלעס, דאָס אלס צוזאמענגענומען האָט געפירט דערצו, וואָס די היגע געבאָרענע העלמאנס האָבן די לעצטע פאָר יאָר מודה געווען, אז פון צייט צו צייט פילן זיי אליין אויך אן אנטיסעמיטישן שטאָך פון זייערע ניט־אידישע „פריינט". דאָס מיינט, אז זיי זענעןביידע געקומען נענטער צו אידן.



## ראבי זיגמונד העכט

געבוירן אין אונגארן, אין 1849 דער־
צויגן אין ווינער לערערס סעמינאר
סאקומען טיטול ד. ד. אין אלאבאמא.
דאָ זינט 1888 בא די בני־ברית קאָנג.
דר. העכט האָט באעזסן א טיפן ערנסט
און א סימפאטיע מיט די רוסישע אידן
און געזוכט זיי פאראייניקן מיט די
דייטשע בא יעדער געלעגנהייט. ער
איז געווען א מיטגליד פון דער היגער
לייברערע באָרד, און דער איניציאטאָר
פון די „פעדערייישאָן אָוו דזשואיש
טשאריטיס. ער איז געווען דער אדמיניסטראטאָר פון די געלטן פון דער
„פרייער ליי־קאסע" אין די טשאריטיס, טרעזשורער פון דער רעליף פאר
מלחמה־קרבנות, ער האָט פארפאסט אייניקע אינטערעסאנטע עסייען וועגן
ביבלישער געשיכטע.



## דר. דייוויד וו. אידלמאַן

געבוירן אין ל. א. 1869. א זון פון
ערשטן רב, אברהם וואָלף און חנה
אידלמאַן. באקומען ב. א. דעגרי אין
אוניווער. אָוו קאל. אין 1889 און מ.
ד. אין נויאָרק אוניוו. אין 1891. פאָרט־
געזעצט א יאָר דערנאָך אין מאונט סיני
האָספיטאל דיספ. און אויך אין וואנ־
דערבילט קליניק נ. י. געקומען צוריק
אין ל. א. אין 1892, און פראקטיצירט
ביז היינט. ספעציאליסט אין סער־
דזשערי, און דזשינעקאָלאָגיע, טעטיק
אין קאספאר קאָהן האָספיטאל אויף דער הויפט דאָקטאָר אין „דזשואיש"
אָרפאנס האום". פרעזידענט בני־ברית קאָנגרעגיישאָן זינט 1910, מיטגליד
פון ל. א. קאונטי און קאל. סטייט מעדיקאל סאָסייעטי. טראָסטי פון דער
פעדערייישאָן אָוו דזשואיש טשאריטיס אין ל. א., געוועזענער פרעזידענט פון
אָרדן „בני ברית", מיטגליד פון אוניוו. פראָפ. מענס קאָנקאָרדיא קלובס, אויך
אין מאסאניק אָרדן. מיטגליד פון ערשטן סיוויל סערוויס קאָמישאָן און פרעז.
א צאָל יאָרן. געוועזענער מיטגליד אין דער היגער ביבליאָטעק פארוואלטונג,
און לעצטענס טעטיק אין דער קרן־היסוד באוועגונג.

## אייזיק נאָרטאָן



געבוירן אין ווארשא, פוילן, 1844. א זון פון מאָזעס נאָרטאָן. געקומען אין נ. י. ווען פינף יאָר אלט. דערצויגן געוואָרן דאָרט, דערנאָך געלערנט דאָס יובילער פאך, דערנאָך געווען א קלערק אין א סטאק און באָנד הויז, שפּעטער געוואָרן א דזשאבער. אין 1869 געקומען אין ל. א. וואו זיינע ברידער זענען געווען אין די מערקענטייל ביזנעס. אין 1881 האָט ער עטאבלירט א ריטייל סטאָר אין א מיינינג דיסטריקט און דאָס אָנגעהאלטן פינף יאָר. אין 86טען צוריקגעקומען אין ל. א. און אריין אין ריעל עסטייט און אינשורענס און געווען איינער פון די אָרגאנייזער פון דער מעטראָפּאליטאן בילדינג און לאָן אסאָסיעישאָן, און געבליבן סעקרעטאר א שטיק צייט. געווען דער איניציאטאָר פון דער „פּרייער ליי־קאסע“ א שטיק צייט, א שטיק צייט דירעקטאָר פון „בני־ברית“ קאָנג., דער פּרעזידענט פון דער „היברו בענ. סאָסייעטי“, א דירעקטאָר פון דער „פעדעריישאָן“, געווען פּרעזידענט פון ב. ב. מיטגליד ריעלטי באָרד און טשאַמבער אָוו קאָמערס.

## דייוויד האמבורגער



געבוירן אין סאקראמענטא, 1857, א זון פון אשר האמבורגער. גראדואירט אין הארווארד אוניווערסיטעט אין 1878 . דערלויבט צו פראקטיצירן אדוואָקאטור אין קאליפאָרניע אין 1879. ביז דריי און אכציק פראקטיצירט אין סאקראמענטא. געצויגן קיין ל. א. און געוואָרן א מיטגליד פון א. האמבורגער און זון. און געוואָרן וויים פרעז. אויך פרעזידענט פון האמבורגער ריעלטי קאָ., קאָנסאלידייטעד ריעלטי, דירעקטאָר פון פארמערס און מערטשאנטס נעשאָנאל באנק, פרעז, ל. א. אינוועסטמענט קאָ. מיט גליד פעדער. אויך געווען א דירעקטאָר אין „בית־יתומים“, געווען פרעזידענט אין ל. א. אָרדן „בני ברית“, א מיטגליד פון אלע פראָמינענטע קלובן; ווי קאָנקאָריא און דאָס גלייכן.

# שול-פנקס פון לאס אנגעלעס

## 1904-5 — אַליוו סטריט

ערשטע שול נאָך דער „בני־ברית“. ערשטער רב, איזידאָר מייערס. (זע די „דזשואיש ענציקלאָפּעדיע“ מעלבורן און אוסטראַליע) געקומען אהער פון אוסטראַליען, אין 1900. געווען רב דריי יאָר אין סאן פראנציסקאָ. מייערס האָט פיינט געהאט חניפה און עם־הארצות, און דעריבער ניט געקענט לאנג שטיין מיט קיין קהלה. געוואָלט רעפאָרמירן אביסל דאָס אלטמאָדיש־קייט אין דער אָרטאָדאָקסיע פון אָליוו סט. די קהלה האָט ניט דערלויבט. מייערס האָט זימ אָפּגעזאָגט.

נאָך אים, דוד קאָהען, אלטמאָדישער רב. אן אמת'ן גדול־בישראל האָט אליוו סט. געהאט אין הרב א. ווערנאָ. (היינט אין דאלאס, טעקסעס) דר. ווערנאָ האָט געשריבן זעלבסטשטענדיקע ווערק אין פארשיידענע שפּראכן, געפירט א גוטע ת"ת, נאָר ניט געקענט אויסקומען מיט דער קהלה, און די קהלה איז א צייט אויסגעקומען אָן א רב. די לעצטע דריי יאָר איז געווען בא זיי ראבי נעכעס. אויך ער האָט די טעג רעזיגנירט. (זע ביאגראפיע)

די פּרעזידענטען פון אָליוו: ערשטער, ליכטענשטיין, פּעדער און צו־קערמאן, גאָלדבערג, ס. לינדענבוים, הערי לייאָנס, מ. י. גראָסמאן, ראב, און איצט ווידער ס. לינדענבוים.

אָליוו האָט א ת"ת, די לעצטע דריי־פיר יאָר אונטער דער פירער־שאפט פון אהרן טאנים, אמאָל א טוער אין דער נאצ. ראדיקאלער באוועגונג היינט א צוריקגעצויגענער. לעבט אין דעם קרייז פון די העבראַאישע לערער.



ראבי איזידאָר מייערס

מיט דריי יאָר צוריק איז אין אונדזער לאָס אנגעלעס אוועקגע־שטאָרבן איזידאָר מייערס, א רב, וועלכן מען קען אזוי גיך ניט צוריק־קריגן. א בריליאנטענער אָראטאָר, סיי ער האָט אדרעסירט די מאסע, וועגן א געוויינטלאכער טאָג־פראגע און סיי ער האָט געמאכט אָ די־רעקטן אפּיל צו מענטשן, וועמען ער האָט באצוועקט צו געווינען פאר א באשטימטן ציל.

ראבי איזידאָר מייערס האָט גע־האָט די מעלה, וואָס כאָטש ער איז ניין און זעבציק

געוועזן מער ווי אמעריקאניזרט, האָט דער גאון אין אים אויפגע־פאסט אויך אויף דעם אידישן געגנוס, און אפילו ווען ער האָט גערעדט אין מאמע־לשון (אידיש) האָט ער ווי אן עכטער מייסטער באזעסן די אידישע שפראך און די אידיש־ליבענדיקע מאסע איז געוואָרן איבערצייגט אין דעם, וואס ראבי מייערס האָט גערעדט, און זי האָט געגלויבט אין יעדן וואָרט וואָס ראבי מייערס האָט געזאָגט, פונקט ווי ער וואָלט געווען א ביבלישער פראָפעט.

אין דעם טאָג ווען עס איז באקאנט געוואָרן די טרויעריקע נאכריכט, אז ראבי איזידאָר מייערס איז געטויטעט געוואָרן פון אן אוטאָ, האָט זיך די גאנצע אידישע לאָס אנגעלעס אנגעקליידעט אין טרויער, און צו זיין לויה זענען ארויסגעקומען הונדערטע טויזענטער אידן, זיינע פארערער, וועל־כע האָבן אים געהערט אדרעסירן די פראָטעסט־פארזאמלונגען אין די טעג פון די היסטאָרישע קישינעווער פאָגראָמען, ווען דע רראבי האָט אויפגע־שטורמט ניט נאָר גאנץ לאָס אנגעלעס נאָר גאנץ אמעריקע מיט זיינע שאר־שארפע פאטריאָטישע פראָטעסטען, וועלכע זענען געוואָרן איבערגעדרוקט אין גאנצן לאנד.

אין דער צייט פון דער באלפור־דעקלעראציע, ווען עס איז גערופן געוואָרן די היסטאָרישע באלפור־דעקלעראציע פארזאמלונג אין עקספאָזישאָן פארק, איז דער דערמאָנטער ראבי איזידאָר מייערס געווען דער הויפט רעדנער און ער האָט געשטורמט דעם גרויסן זאל מיט זיין יובל וועגן דעם אידישן זיג אין סאן רעמאָ, וועגן דער אידישער צוקונפט, און ווער ווייסט וואָס פאר א גליקליכע צייטן אידן וואָלטן געווען דערלעבט אין לאָס אנגעלעס, ווען ראבי איזידאָר מייערס וואָלט געווען דערלעבט ביז היינט. אלע אידן (הונדערט־טויזנט אין צאָל אין גרייטער לאָס אנגעלעס) פייערן א דיי־מאָנד דזשובעליע אין קאליפאָרניע.

ראבי מייערס וואָלט היינט געווען פאררופן א דעמאָנסטראציע פון צענדליקע־און הונדערט און טויזנטע פון אונזערע אידן, און וואָלט זיי געווען דערציילט וועגן קאליפאָרניע און די אידן אין קאליפאָרניע אין דער צייט, ווען ער איז אהער אָנגעקומען, וואָס ער האָט דאָ געפונען, און וואָס ער האָט דאָ ניט געפונען, און איצט, ווען ראבי איזידאָר מייערס איז ניט מיט אונדז, ווילן מיר אז אלע אידן אין לאָס אנגעלעס זאָלן געדיינקען, אז דעם יסוד פאר אידישקייט האָט אוועקגעלייגט ראבי איזידאָר מייערס, דער געניוס, דער זעלטענער מענטש, וועלכער האָט פון קיין זאך ניט געוואָלט שלאָגן קיין קאפי־טאל, וועלכער האָט זיינע קינדער אָנגערופן מיט אידישע נעמען: זיין איינצי־קע טאָכטער, כרמל, דאָס קינד פון ישראלס בארג, דער בארג כרמל, אין ארץ ישראל, און זיין איינציקן זון, האָט ראבי איזידאָר מייערס אָנגערופן: זייאָן; דאָס מיינט ציון. ער האָט געוואָלט אז זיינע קינדער זאָלן געדיינקען אז זיי זענען אידישע קינדער, און דערצו טאקע קינדער פון א אידישן רב, די קינדער פון ראבי איזידאָר מייערס, וועלכער האָט געבראכט מיט זיך א גרויסן יחוס, און האָט געזוכט מיט אלע מעגלאכקייטן אויפצוהאלטן זיין אידישן שטאָלץ, זיין אידישן נאָמען.

זיבעציק

און איצט נאָך ראבי מייערס טויט, איצט לאָמיר געדיינקען, אז עס איז געבליבן פון ראבי איזידאָר מייערס אן אלמנה, מרס. חנה מייערס, וועל־כע זוכט אויפצעהאלטן דעם נאָמען פון איר מאן, ראבי איזידאָר מייערס, און דעם גוטען נאָמען פון אירע קינדער, די שיינע טאלאנטפולע טאָכטער: כרמל מייערס, וועלכע האָט זיך ערוואָרבען אזא שיינעם און גרויסן נאָמען אין קאלי־פאָרנע און גאנץ אמעריקע און אייראָפע, און טאקע אויך איר זון: זייאָן (ציון) מייערס; דער בן־יחיד פון ראבי איזידאָר און פרוי חנה מייערס. ביי־דע קינדער רעכנען זיך פאר וועלט־בארימטע אידישע טאלאנטען, וועלכע זענען גאנץ שטאָלץ אף דעם אידישן נאָמען און שעצן דעם פאקט, וואָס זייער טאטע איז געווען דער עלצטער פון די אידישע רבנים אין קאליפאָרניע.

ראבי מייערס האָט זיין גאנצן לעבן געהאט א שטארקן שונא אין דער קריסטליכער וועלט, פאר זיין ענערגישן קאמף מיט די מיסיאָנערן אין ענג־לאנד און איבעראל. אין ענגלאנד האָט ער אָפיציעל אָנגעקלאָגט די קירכע און טאקע אויך געוואונען.

אוי דאָ אין ל. א. ווען ער פלעגט די לעצטע יאָרן האלטן זיינע סער־וויסעס אין טריניטי אוידיטאָריום, פלעגט ער אויפגעציטערט ווערן פון דעם בארג „מיסיע־ליטעראטור“ מיט וועלכען די ביבל־אינסטיטוטן און אלערליי קירכעס פלעגן פארפלייצען דעם אוידיטאָריום.

ראבי מייער איז אויך דער פארפאסער פון א ווערק, וועלכעס הייסט: „פערל פון תלמוד“, ווי עס איז באקאנט איז דער ווירדיקער ראבי געווען א גרויסער תלמודיסט, און אלע וועלכע האָבן אים געהערט ריידען וועגן תלמוד זענען געווען איבערציינגט, אז ער איז דער ווירדיקסטער, וועלכער איז אומשטאנד צו רעדען וועגן דעם תלמוד.

דאָס דאָזיקע ווערק געפינט זיך אין באזיץ פון זיין ליבלינגס־קינד; זיין איינציקע טאָכטער: כרמל מייערס, די בארימטע אידישע אקטריסע, וועל־כע האָט א גרויסן נאָמען פון איין קאָנטינענט ביז דעם אנדערן, פון דעם אטלאנטיק ביז דעם פאסיפיק.

מרס. איזידאָר מייערס, און אירע צוויי ליבע קינדער, די יורשים, כרמל מייערס און זייאָן (ציון) מייערס זענען היינט די איינענע אידישע קינדער, ווי ווען זייער פאָטער, דער רב, ראבי איזידאָר מייערס וואָלט נאָך היינט געלעבט.

לאָס אנגעלעסער אידן ווייסן, אז ווען זיי ווילן אונטענעמען א גרויסע זאך, און זיי ווילן באקומען א גרויסן פובליקום, דארפן זיי נאָר אדוועטייזן, אז כרמל מייערס וועט אויפטרעטן, און דער סוקסעס איז פארזיכערט.

אין אינטערוויאו מיט א פארטרעטער פון „זונלאנד“ האָט דעם רבס טאָכטער אונדז פארזיכערט, אז זי איז געבליבן די איינענע אידישע טאָכטער, ווי זי איז געווען אין דער צייט, ווען איר גאָטזעליקער פאָטער האָט נאָך געלעבט.

„זיין גייסט שוועבט נאָך איצט אין מיין צימער וואו איך קלייד זיך

איבעראיבער פאַר די מואַווים..." האָט דעם ווירדיקן רבס טאָכטער געזאָגט צו אַ פאַרטרעטער פון „זונלאַנד" איך בין די אייגענע, ווי איך בין געווען, ווען מיין פאָטער, עליו השלום האָט געלעבט, און איצט ווען די אידן אין קאַליפאָרניע פייערן דעם פינף און זיבעציק יאָריקן יובעל. פרייט עס מיך זייער, וואָס מיינע ברידער, וואָס מיינע ברידער און שוועסטער האָבן ניט פאַרגעסן— אַז זיי האָבן אַמאָל געהאַט אַ רב,, וועלכער האָט ניט געוואָלט זיין פאַרקויפט צו קיינעם.

זאָל זיין נאָמען אונז שיינען אין דעם ליכט פון דער אידישער געשיכטע, און זאָלן זיינע קינדער זיין געטרייסט מיט דעם, אַז ער האָט ניט געלעבט אומזיסט. ער האָט געטאָן זיין חוב צו זיינע מיטמענשען. ער האָט קיינמאָל ניט געשמייכלט די רייכע, ער האָט קיינמאָל ניט באַפלעקט זיין פּראָפעסיע, ער האָט געגעבן זיינע קינדער אַן אמת'ע אידישע דערציאונג, אויך נעמען אידישע האָט ער זיי געגעבן, און זיינע קינדער ווייסן און געדיינקען, ווער זייער פאָטער איז געווען". האָט די טאַלאַנטפולע טאָכטער, כרמל געענטפערט. איך בין געזעסן, און באַטראַכט, כרמל מייערס און אין מיין געדאַנק האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך זע, ווי דער אַלטער, קלוגער, פילאָזאָפישער דר. איזידאָר מייערס שטייט אַנטקעגן אונדז און הערט זיך צו צו דעם געשפּרעך, וואָס מיר פירן, און ער לאַכט אונז אריין אין פנים, און ער זאָגט נאַרישע מענטשן, וואָס איר זענט! ווייסט איר דען ניט, אַז איך הער און זע אַלצדינג וואָס איר טוט, היינט צוואָוואָס מאַכט איר זיך נאַריש ?

כרמל האָט זיך פאַרנאַנדערגעוויינט, און געזאָגט: „זיי מיינען, אַז איך לעבן בין איך אויך אַ וועמפּ... דאָס איז דאָך ניט ריכטיק. מיין קונסט פאָדערט עס פון מיר, איך זאָל שפּילן אַ „וועמפּ"... אין דער אמתן בין איך עס ניט... איך בין אַן איינפאַכע אידישע טאָכטער, און דער עיקר, איך פאַרגעס קיינמאָל ניט, אַז מיין פאָטער איז געווען ראַבי איזידאָר מייערס."



### סיני־קאָנגרעגיישאָן

די שול וואָס רופט ארויס דרך־ארץ פאַר דעם אָרטאָדאָקסישן אידענטום. געגרינדעט און געעפנט פון ראַבי איזידאָר מייערס, וועלכער האָט געוואָלט מערער ערנסטע באַציאונג, מער בילדונג, און אויפקלערונג אָנגעפירט אַף דעם אָרטאָדאָקסישן שטייגער. שול חנוכת־הבית; ניינצען הונדערט און ניין. פּרעזידענט י. ל. דזשאָנאַס,, וויים פּרעזידענט ס. קאָרנבלום, טרעזשורער, דוד הירש, סעקרעטאַר, דוד גאָלדבערג, קאַנטאָר, רעוו. ב. אַלטער. מייערס איז באַ זיי געווען רב נאָך צוויי יאָר.

געלעגט דעם יסוד פאר א סאָלידן אידנטום. נאָך אים, לעכניץ, פארבער, ראָזענטאַל, א געלערנטער, סימפאטישער, שטילער מענש, און פאר די לעצ־טע דריי יאָר, ראבי ווינקלער.

די סיני האָט געהאט צווישן אירע פרעזידענטן, מ. טענעבוימען און דר. ל. ג. ריינאָלדס, א באקאנטער ציוניסטישער טוער, א אידישער געלערנטער מיט א תלמודישער בילדונג אין די ישיבות. דר. ריינאָלדס איז געווען רב אין יוטאָ, דערנאָך אין סאקראמענטאָ, און איז דאָ זינט 1916. ער האָט א סך געהאָלפן דער אנטוויקלונג פון ציוניזם, די מלחמה־קרבנות־זאמלונגן, דעם קרן־היסוד, און לעצטענס, א מיטגליד אין סאנאטאָריום־באָרד.

# דער אנהויב פון ציוניזם אין קאליפארניע

ס. ראָזען *)

געבוירן אין לאָמזע, אין 1873. פאָטער א גרויסער למדן. א תלמיד פון הרב יהושע ליב דיסקין, א מוסמך. געלערנט בא רב אליעזרן ביז אכצען יאָר געקומען אין אמעריקע, אין 1893. אין לאָס אנגעלעס, פון 1900. רעכנט זיך פאר איינעם פון די שענסטע ציוניסטישע מטיפים, און פאָלקסרעדנער, באזיצט א רייכע פאנטאזיע צו שילדערן בילדער און צו פאראינטערעסירן זיינע צוהערער. ער האָט געהאָלפן דער ציוניסטישער באוועגונג אין קאלי־פאָרניע דורך דער גאנצער צייט, ביז איצט, איינשליסענדיק אין זיך דעם נאציאָנאל־פאָנד, דעם רעסטאָריישן פאָנד, די באלפור דעקלעראציע, די לעגיאָנערן באוועגונג, דעם קרן היסוד, און וואו עס איז נאָר דאָ ציוניסטישע ארבעט, איז ער תמיד גרייט צו דינען דער באוועגונג.

עס וועט דעריבער זיין אינטערעסאנט צו דערציילן איצט כאָטש א קיצור פון דעם, וואָס דער אויבנדערמאָנטער האָט צו זאָגן וועגן ציוניזם אין לאָס אנגעלעס :

1900

„צו מעסטן דעם ציוניזם דאָ לויט דאלארס און סענטן, וועט מען דאָס ריכטיג בילד ניט דערזען. דער אָנהויב פאר'ן ציוניזם אין ל. א. האָבן גע־מאכט די אָרעמע לייט. עס זענען אין 1900 דאָ געווען ארום פינף און זיבע־ציק אידישע פאמיליעס, (ניט רעכנדיק די יאהודים) דעם לעצטן סענט, דעם ביסן פון מויל האָבן זיי אָפגעגעבן. די ערשטע ציונ. אָרגאניזאציע איז געווען „אהבת ציון" און זייער פרעזידענט, וויקטאָר הערים ,דער ערשטער רעדאקטאָר

*) פאר דעם מאטעריאל וועגן ציוניזם אין אונדזער שטאָט האָבן מיר צו פארדאנקען ס. ראָזען, וועלכער איז שוין אין ל. א. איבער א פערטל יאָר־הונדערט, און דאָס איז כמעט די גאנצע פעריאָדע וואָס נעמט אריין דעם מאָדערנעם ציוניזם.

פון „ב. ב. מעסענדזשער" א ווילנער איד, אָבער געקוקט אפן ציוניזם האָט ער ווי א פילאנטראָפּ. באַ אים איז אויסגעקומען, אז עס איז כדאי צו האָבן ארץ־ישראל, כדי אידן זאָלן בעסער פאָרן אהין, אנשטאט קיין אמעריקע. וואו זיי זענען א גרויסע לאסט אף די דייטשע יאהודים... אָבער דער ערשטער ווייס פּרעזידענט, ל. הילמאן, (א שוחט, חזן,) איז געווען דער היפוך פון העריסן: אן אמתער אידעאליסט, א ציוניסט, בא וועמען ארץ־ישראל איז דאָס הייליק־סטע אין לעבן. הילמאן איז דאן געווען שוחט בא דער אָליוו סט. שול קאָנג. בית־ישראל. דער ערשטער טרעזשורער איז געווען דער אלטער פינקענשטיין, און זיין טאָכטער (געשטאָרבן זייער אינג) די ערשטע סעקרעטערן.

שטייער איז געווען פופצען סענט א חודש, און בא יענער צייט איז דאָס אויך געווען שווער צו צאָלן. אָבער זייער באגייסטערונג איז געווען א סך גרעסער ווי זי איז היינט . . .

עס איז יעמאָלט באקאנט געוואָרן פּראָפּ. שאפּיראָס פּלאן צו שאפן צוואנציק מיליאָן אום אָפּצוקויפן ארץ־ישראל באם סולטאן, און שאפּיראָ האָט באוויזן, אז ווען אידן זאָלן די זאמלונגען געווען אָנהויבן מאכן ווען זיי זענען אוועק אין גלות, וואָלטן זיי שוין לאנג געווען אויסגעלייזט, האָט מען אָנגעהויבן זאמלן פאר דעם נ. פ. דאָס כאראקטעריסטיש פון יענער צייט איז געווען דאָס, וואָס עס זענען דאָ געווען דייטשע אידן, וועלכע האָבן אלע יאָר געשיקט געלט קיין א"י אף מאיד־בעל נס נאָר אף דעם נאָצ. פאָנד האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט צו געבן. פונדעסטוועגן זענען אין יענער צייט שוין דאָ געווען אייניקע דייטשע אידן, וועמען מען האָט געזוכט צוצוציען צום ציוניזם: עס זענען אָנגעקומען די שערס פון דער קאָלאָניאל באנק, און צווי אינג ציוניסטן: הערי פראָם, און זיין שוואָגער, ה. בלאָך,ביידע אקטיווע טוער זענען געזעסן א גאנצע נאכט, געשריבן בריף און אדרעסן צו יעדן דייטשן איד אין ל. א. און האָבן אים פאָרגעשלאָגן צו מאכן אן „אינוועסטמענט" פון פינף דאָלאר אין דער קאָלאָניאל באנק. ראָזן דערציילט, אז דער ציונסיטישער פאריין האָט אויסגעגעבן פינף און דרייסיק דאָלער הוצאות אף א הכנסה פון דרייסיק דאָלער.



פיר און זיבעציק

א טעטיקער ציוניסט, אלע יאָרן איז אברהם יונה שאפּיראָ, דער פאָ־טער פון דזשאָו שאפּיראָ, באקאנט אין אלע קרייזן.

מען האָט אָבער ווייטער געאר־בעט. ווען מען האָט געזען, אז ל. א.'ער אידן קענען ניט געבן קיין פינף דאָלאר מיט אמאָל, האָט מען זיך גענומען צו די נ. פ. ביכלאך און נ. פ. פושקעס. א דאלאר איז גע־ווען א סך , (נאָר איין באקס תמיד די גרעסטע: צען דאָל. . . דר. ל.

בלאס . . .( מען האָט גענגרינדעט „סטיישאָנס“, קורץ מען האָט געהאלטן אין איין זוכן תחבולות ווי אזוי אריינצעבריינגען דעם ציוניסטישן געדאנק אין יעדן אידישן הויז. עס איז שפּעטער אָנגעקומען פון פראנקרייך דער באקאנ־טער ציוניסט, ג. בלום, ער האָט שוין געהאט א באגריף אין דעם אייראָפּע־אישן ציוניזם ,און ער האָט דאָ פּאָפּולאר געמאכט די אדייע פון פלאנצן בוי־מער, פריער אין גן שמואל (רב שמואל מאָליוועד( און שפּעטער אין יער הערצל. די רעקאָרדן ווייזן, אז שוין דאן האָט לאָס אנגעלעס געגעבן פאַר דעם ציוניזם זעקס הונדערט דאָלאר א יאָר, און ווען א"י וואָלט געקענט גע־בויט ווערן מיט התלהבות און מסירת נפש, וואָלטן לאָס אנגעלעסער אינגעלייט און אינגע פרויען שוין לאנג געזוען אויפגעבויעט א"י אין יענער צייט.

## אינצידענט

מרס. מוירפי: פארהייראט צו א גוי, רייך. א קאָמיטע, דר. בלאס, בערנ. שירעסאָן: ביידע רוסישע אידן, שיין אָנגעטאָן זיך, נאָר מורא געהאט צו קלאַפּן אין טיר: זיי אויפגענומען, אויסגעהערט: 10 דאלאר. ווען מארקאָ העלמאן זאָל ״יינט געבן 10 טויזנט וואָלט עס ניט געווען אזא סענזאציע . . .

מיט רעכט באמערקט ס. ראָזן — היינטיקע רייכע לייט קענען זיך אפשר באַרימען מיט גרעסערע סומען פאַר דעם ציוניזם, אָבער א נשמה דעם ציוניזם, און אמתע גרויסע קרבנות האָבן געבראכט די הערי פראָמס, די בלאָכס, בלומס און די צענדליקע אנדערע, וועמנס נעמען, עס זענען שוין היינט פארגעסן געוואָרן.

פונקט ווי די אמאָליקע אידן, וועלכע זענען געפאָרן שטארבן אין א"י האָבן פונדעסטוועגן אויפגעהאלטן א יישוב, ביז עס זענען אָנגעקומען די בי"לוצעס, אזוי זענען די ערשטע אידישע סענגן געווען דער צעמענט מיט וועלכן עס איז געפלאסטערט געוואָרן דער וועג פאר דעם לעגיאָנער, פאר דעם החלוץ. דער סענט איז געווען דער קרבן פון די פשוט'ע פאָלקסמאסן, און יענער קרבן איז זיכער געווען לרצון !

## 1905

מיט דער דער עמיגראציע פון 1905 קיין ל. א. זענען געקומען א סך אינגע קינדער, און עס איז געגרינדעט געוואָרן די צווייט ציוניסטישע אָרגאני־זאציע „יאָנג־זייאָניסט“. אפשר ווייל די אידישע אמעריקאנער יוגנט האָט זיך ניט געהאָט וואוהין אהינצוטון, אָבער אין א משך פון א קורצע צייט זענען געווען צוויי הונדערט און פופציק אָרגאניזירטע יונגע ציוניסטן, דאָ דאַרף דערמאָנט ווערן בערנארד שירעזאָן, און אל. האראָוויץ, (אין יענער צייט דער רייכסטער . . . געמאכט $25 א וואָך), און מער פאר אלע קומט קרעדיט צו בען דייווידזאָן, א שיינער און טאקע א באגאבטער אינגער־מאן, מיט אויסערגעוויינטלאכער רעדנערס־קראפט און מאגנעטיזם. דייוויד־זאָן האָט די אינגע באגייסטערט און זיי זענען אים נאָכגעגאנגען ווי אן אמתן

פירער.

א רעאקציע אין ציוניזם האָט געבראכט הערצלס טויט, אַף דריי יאָר, נאָר אין גאנצן איז דער ציוניזם מער ניט איינגעשלאָפן דאָ. ראבי מייערס האָט באאיינפלוסט זיין קרייז, עס זענען אויך אָנגעקומען אנדערע אידן, ציוניסטן, אברהם יונה שאפּירא האָט געלייסטעט א סך ארבעט פאר דעם ציוניזם. די ארבעט איז באשטאנען אין אריינשמוגלן ציוניזם אין דער „פעדערייישאָן" און אנדערע קרייזן. ל. לעוויט, א משיח־ציוניסט, אָבער אַן ערנסטער טוער, דער אלטער פינקענשטיין, ל. דייווידזאָן, און ווען עס איז געקומען די צייט פון דעם לעגיאָן, האָט אויך לאָס אנגעלעס געגעבן איר חלק, זיבן לעגיאָנערן.

1915

וואָס האָט דאָ דער ציוניזם אויפגעטון ?

ער האָט דורכגעבראָכן א וואנט צווישן די רעפאָרמער און אָרטאָדאָקסן... עס איז געקומען דער מאָמענט, און צו דער ארבעט זענען גערופן געוואָרן גרויס אידן, און זיי האָבן דער רוף דערהערט. פריער דער רעסטאָריישן פאָנד, דורך דעם באזוך פון ראבי סטעפן ס. ווייס אין 1916, און דערנאָך דער קרן היסוד.

1921

אין יולי, 1921 האָט דער קרן־היסוד דאָ ארומגעכאפּט די גאנצע אינטעליגענץ, אלע דאָקטוירים, צווישן זיי בלאס, דזשייקאָבסאָן, ריינאָלדס, וויסאָצקי, און מיט זיי כמעט אלע כלל־טוער, און אַן אמת לעבעדיקער קאמפּיין איז אָנגעפירט געוואָרן, אפשר נאָך מיט מער טאָלק ווי אפילו אין נויאָרק, און די גאנצע אידישע באפעלקערונג איז אריינגעצויגן געוואָרן. דר. בלאס איז געווען דער סעקרעטאר, וויסאָצקי פּאָרזיצענדער, דר. דזשייקאָבסאָן, דער דירעקטאָר פון ענגלישער „פּובליסיטי, און אַן אמתע פּאָלקס דעמאָנסטראציע איז דורכגעפירט געוואָרן אין דער וואָך, ווען סאָקאָלאָוו, ווארבורג און פּעטערסאָן זענען דאָ געווען, און דער באנקעט אין אלעקסאנדריא האָטעל און דער מאססמיטינג אין פילהארמאָניק האָט געבראכט הונדערט טויזנט דאלאר מזומן און פארפליכטונגן. געארבעט האָבן פיליפּ שטיין, דר. ריינאָלדס, דר. גאָטליב, אברהם יונה שאפּירא, ב. קאָהן, מ. טענענבוים, דר. מרים שאפּירא, מרס. דר. בלאס מרס. דר. דזשייקאָבסאָן, און מיט זיי פארטרעטער פון כמעט אלע שולן, אלע לאָדזשן, קורץ אלע אידישע אָרגאניזאציעס, דורך זייערע פארטרעטער. פון יענער צייט אָן איז דער ציוניזם אין ל. א. איינע פון די שטארקסטע פעסטונגען פאר ארץ־ישראל.

1923 אין 2־טען קאמפיין מיט ווייצמאנען קומט א סך קרעדיט צו דר. סיילין און דר. דזשייקאָבסאָן.

א גרויסער קאמפיין אזוי דורכגעפירט געוואָרן מיט דר. חיים ווייצמאַן, אין 1924. דר. סיילין, דזשייקאָבסאָן, אין יענער צייט די ארויסגעבער פון „דזשואיש רעוויאו" האָבן פארשטאנען די ערנסטקייט פון מאָמענט, און האָבן געווידמעט זייער גאנצע צייטונג דעם קרן־היסוד דרייוו, אלע שטאָטישע פירער, דער מאיאָר, דער קאונסיל און די פראָפעסאָרן פון די אוניווערסיטעטן זענען געקומען באגריסן ווייצמאנען. דער ציוניזם אין קאליפאָרניע האָט יעדנפאלס געשלאָגן טיפע װאורצלען, און גוטע רעזולטאטן זענען שוין איצט דערגרייכט געוואָרן.

דער קרן־היסוד האלט אָן אן אָפיס זינט ווילי 1921 און כאָטש די אָפיס־ארבעט איז אין איין האנט, ראָוז פאָן, אן ענערגישע אינטעליגענטע מיידל, קען מען אָבער פאָרט ניט לייקענען, אז די ארבעט גייט אָן אף דעם בעסטן אופן. די ארבעט האלט פריילין פאָן פאר איר לעבנס אויפגאבע, און קיין זאך איז פאר איר ניט צו שווער, און קיין שטונדן ניט צולאנג.

אויך היינטיקס יאָר איז דורכגעפירט געוואָרן א גרויסע פארזאמלונג מיט דר. סטעפן ס. וויס, גרויסע סומען זענען אריינגעקומען, און די קרן־היסוד ארבעט ווערט אָנגעפירט די גאנצע צייט.

דזשאָרדזש האָלצער, איז דער איצטיקער טשערמאן פון דרייוו, און ס. מארקאָוויץ איז דער טשערמאן פון קרן־היסוד, מיט זיי ארבעטען אין דער עקזעקוטיוו: בערנארד שירעזאָן, אב לוץ און אנדערע. זייער אויפגאבע איז צו זען, דורך פארשיידענע מיטלען צו שאפן גרויסע סומען פאר דעם ק. ה. אזוי האָבן זיי דורכגעפירט מיט דעם בארימטן אידיש־ענגלישן שרייבער, מאָרים סעמיועל א באנקעט, או זיי זעצען איצט פאָרט זייערע פלענער פאר ווייטערדיקע טעטיקייט.

## אברהם יונה שאפיראָ

געבוירן אין קאָוונאָ, 1859, זיין פאָטער איז געווען א גרויסער למדן. אברהם יונה האָט געלערנט אין די ישיבות בא רב אליעזרן, בא רב משה, אין ווילנא בא רב יחזקאל איווער, און בא שמואל איסרן. געלערנט ביזן פריזיוו, האָט אויך געמאכט פינף קלאסן גימנאזיע, חתונה געהאט קיין סובאלק, געֿנומען א פלימעניצע פון דעם בארימטען אדוואָקאט, שלמה טאבלאָווסקי, (דער מחותן פון הרב יצחק אלחנן).

אברהם יונה שאפיראָ איז געווען אן אדוואָקאט, פופצעהן יאָר, נאָר ווען עס זענען אָנגעקומען די שווערע צייטן אין רוסלאנד (1900) איז ער איניינעם מיט זיינע עלטרע צוויי זין (דזשאָ און דזשאָרדזש) געקומען אהער. די זין האָבן מיטן פאָטער בשותפות געעפענט א שפייז־געוועלבעל, אף פיקאָ הייטס, און איידער עס זענען אוועק זעקס חדשים האָבן זיי שוין געבראכט

דאָס גאַנצע ב"ב. דערנאָך האָבן זיי אויספּאַרקויפט און געעפנט א ליקער־געשעפט אף נאָרט מעין (אין שכנות צו די שירעגזאָנס).

אינטערעסאַנט איז דאָס וואָס אברהם יונה שאַפּירא האָט ניט געוואַרט, אז אנדערע זאָלן טון די קהלשע ארבעט, נאָר ער איז שוין דעמאָלט געלאָפן און געזוכט אידישע „סאָסייעטיס" און וואו נאָר ער האָט געזען, אז עס איז דאָ א אידישע אָרגאַניזאַציע האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין איר, און גענומען אף זיך א חלק פון דער ארבעט. אזוי האָט ער אויפגעזוכט די „אָליוו סטריט" שול, אהבת ציון און די פּאָר איבעריקע אידישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן עקזיסטירט. אין דער „היברו בענעוואָלענט" (ערשטע אידישע אָרג. אין ל. א. (איז ער גלייך געוואָרן טעטיק, געטון דאָרט חוץ די טשאַריטי־ארבעט אויך פיִנאַנער־ארבעט פאַר דעם ציוניזם... ער האָט אויך געגרינדעט די ת"ת בא דער „בית ישראל" (אָליוו סט.) און געפּלאַנעוועט, אז שטאָטישע ת"ת זאָלן געעפנט ווערן אין אלע טיילן פון שטאָט. (דער פּלאַן איז נאָך היינט אויך גוט, און סוף כל סוף וועט ער מוזן אָנהויבן ארבעטן אין ל. א.)

ער איז אויך געוואָרן פּרעזידענט בא די ציוניסטן, און זיבן מאָל דערוויילט געוואָרן און טאַקע געטון די ארבעט; האָט אליין אריינגעבראַכט פינף הונדערט מיטגלידער אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אין יעדער ציון־ארבעט האָט אברהם יונה שאַפּירא געהאַט א האַנט, שפּעטער, אין די צייטן פון לעגיאָן, און אין דער פייערונג פון דער באַלפור דעקלעראַציע, בא דעם גרויסן מיטינג אין עקספּאָזישאָן פּאַרק, האָט ער דורכגעפירט א גראַנד־יעזע היסטאָרישע פאַרזאַמלונג, און נאָך שפּעטער, אין דער צייט, ווען דאָ זענען געוועזן סאָקאָלאָוו און וואַרבורג פאַר דעם קרן־היסוד, איז ער געוועזן איינער פון די אקטיוועסטע אין דער עקזעקוטיווע. ניט ווינציקער ארבעט האָט ער געלייסטעט פאַר דער דר. ווייצמאַן פאַרזאַמלונג — און וויפיל זיינע פּיזישע כחות דערלויבן א אידן אין זיינע יאָרן, טוט ער עד־היום די ציוניסטישע ארבעט.

מען דאַרף אָבער נעדיינקען, אז ער האָט געהאַט א שווער שטיק ארבעט בא די „טשאַריטיס" מיט יאָרן צוריק, ווייל ער האָט געדאַרפט ארבעטן מיט די עלעמנטן, וועלכע האָבן אין יענער צייט ניט פאַרשטאַנען די פּסיכאָלאָגיע פון דעם אידישן אימיגראַנט . . . אפילו וויקטאָר הערים האָט דאָס ניט באַגריפן, כאָטש ער איז געוועזן א ווילנער . . .

ער איז אויך געוועזן פּרעזידענט צוויי יאָר אין „ועד־הכשרות", און וואָס עס איז שייך אנדערע אינסטיטושאָנס האָט ער אין אלץ א חלק.

זיין פרוי, שיינע פריידע שאַפּירא שטיצט איר מאַן אין אלע זיינע אונטערנעמונגען, און איז אליין איבערגעבען, באַזונדערס דער „היברו שעלטערינג" און מר. און מרס. שאַפּירא קענען אויך זיין שטאָלץ אף זייערע קינדער דזשאָ און דזשאָרדזש, וועלכע זענען געקומען גלייך מיט זיי, נאָר גלייכער וועט זיין צו דערציילן ווער דזשאָ שאַפּירא איז אין א באַזונדער קאַפּיטעל.

## דר. דזשאָרדזש סיילין



געבאָרן אין ריגא, 1876. ערשטע דער־ציאונג באקומען אין א אידישן חדר, געלערנט תנ"ך, און צו דרייצען יאָר געקומען קיין אמעריקע. געענדיגט „היי סקול" און דערנאָך אוניווערסי־טעט אין באָפאָלאָ, אין דער אייגענער צייט געווען פארמאצעפט זיבעצען יאָר. געפראקטיצירט מעדיצין אין באפאלאָ, און זיך אויך פאראינטערע־סירט אין דער יוגנט מיט דער מאָ־דערנער ציוניסטישער באוועגונג. גע־וועז דאָרט פאָרזיצענדער פון דעם ערשטען קרן־היסוד „דרייוו".

אין 1922 געקומען קיין לאָס אנגעלעס. זיך באזעצט פריער אין האליוואוד, דערנאָך אין וועניס.

סיילין איז פאררעכנט פאר א באגאבטען זשורנאליסט. ער האָט מיטגעארבעט א שטיק צייט אין דעם באָפאלאָ „דזשואיש רעוויאו" האָט אויך געשריבן פאר דעם „פיטסבורג קראָניקל" און געדרוקט אן אינטערעסאנטען ארטיקל אין דער „ניישאָן".

זיינע זשורנאליסטישע פעאיקייטען האָט דר. סיילין אויך באוויזן אין לאָס אנגעלעס, און באלד, נאָך זיין אָנקומען האָט ער בשותפות מיט דר. ה. פּ. דזשייקאָבסאָן אָפּגעקויפט א קליינע לאָקאלע ענגליש־אידישע וואָכנשריפט, „דזשואיש רעוויאו", וועלכע האָט ניט געהאָט אין יענער צייט קיין ברעקל איינפלוס, אַף דעם אידישן לעבן, און אין פארלויף פון איין יאָר צייט, האָט סיילין, זייענדיק ליטערארישער רעדאקטאָר פון דער „רעוויאו" זי ארויפגעאר־בעט, אז די צייטונג האָט געלאָזט פילן איר איינפלוס אין גאנץ „סאוטערן קאליפאָרניע". אין 1923 האָבן די שותפים די צייטונג פארקויפט צו דזשאָזעף י. קאָמינס, און זינט דאן איז די „רעוויאו" געבליבן אן איינפלוסרייכע צייטונג אין קאליפאָרניע. דר. סיילין איז נאָך עד־היום א מיטארבעטער פון דער צייטונג, און שרייבט א באשטענדיקע „פיטשור" „בעטווין די ליינס".

די לעצטע עטלאכע וואָכן איז באקאנט געוואָרן, אז דר. סיילין ארבעט אַף צוויי ביכער, וואָס וועלן מאכן א רושם אין דער ענגלישער ליטעראטור, איין בוך שרייבט ער וועגן „פילאָזאָפיע און וויסנשאפט" און דאָס בוך וועט באווייזן, אז נאָר יענע פילאָזאָפיע איז באגרינדעט, וועלכע איז באזירט אַף וויסנשאפט.

דאָס צווייטע בוך איז איבער א אידיש־נאציאָנאלן ענין, און הייסט „דער איד און זיין ראָל אין דער ציוויליזאציע".

דאָס בוך איז באזירט אַף דר. ארטור רופינס „דער היינטיקער איד"

ווי אויך אף מאָרים סעמויעלס „יו דזשענטיילס" און אלישע מ. פרידמאנס „סוירווייוול ענד עקסטינקשאָן".

חוץ זיין ליטעראַרישער ארבעט איז דער דר. אויך א „סאָשעל וואָרקער" און וואוינענדיק אין „באָיל־הייטס" האָט ער געגרינדעט דעם „סאָשעל סענטער" פאר דער אמעריקאניזירטער אידישער יוגנט. איצט אין ער פאראינטערעסירט, אין דער אנטוויקלונג פון א „יאָנג מענס היברו אסס'ן", בכדי אָפּצעציען די יוגנט פון דער „יאָנג מענס קריסטשען אסס'ן".

ער איז א מיטגליד אין אלע וואָלטעטיקע אנשטאלטן, און רעכנט זיך פאר א גאנץ ליבעראלן מענטשן, ווען עס האנדעלט זיך אין פראגרעסיווע אידייען.



## סעמיועל מארקאָוויץ

דער איצטיקער טשערמאַן פון קרן־היסוד אין ל. א. איז געבוירן אין רוסלאנד און געקומען קיין אמעריקע, ווען ער איז אלט געווען פינף יאָר. דערצויגן געוואָרן אין סאן פראנציסקאָ, און דאָרט געענדיקט און פּראקטיצירט אדוואָקאטור. קראנק געוואָרן און ניט געקענט פּראקטיצירן, און געוואָרן א שותף מיט דער זאקס ריעל עסטייט קאָ. אין פּיטסבורג פּא. האָט אויך גע־האָט א טייל אין דעם סקאָט דעפּארטמענט סטאָר פון ווהילינג וו. ווא. ווען סקאָט האָט דאָרט אויספארקויפט און געקומען אין ל. א. און נאָכדעם ווי מארקאָוויצעס פאָטער אין פּיטסבורג איז געשטאָרבן, האָט מארקאָוויץ געקויפט א העלפט פון סקאָטס דעפּארטמענט סטאָר און זינט דעמאָלט וואוינט מאר־קאָוויץ דאָ פאר די לעצטע פיר יאָר.

זיין פאָטער משה אהרן מארקאָוויץ, ע"הש, איז געווען פאררעכנט פאר איינעם פון די גרעסטע תלמודיסטן, וואָס אמעריקע האָט ווען פארמאָגט. דער אינגער מארקאָוויץ איז אויך א ציוניסט נאָך פון די גאָר אינגע יאָרן, און איז תמיד געווען מער אָדער ווייניקער אקטיוו אָבער תמיד א גרויסער נדבן פאר ציוניסטישע צוועקן. פאר א יאָרן איז ער דאָ דערוועלט געוואָרן פאר דעם פאָרזיצענדען פון קרן היסוד. איז אויך דעלעגאט צו די ציוניס־טישע קאָנווענשאָנס פאר די לעצטע צוויי יאָר. ער איז אויך א נאצ. דירעקטאָר פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע פון אמעריקע. איז א מיטגליד בא די ב. ב. א מיטגליד און אף דער באָרד אין סיני טעמפּל, איז א פּראָמינענטער קלוב מיטגליד, מייסאָן א. ד. ג.

זיין פרוי ס. ס. מארקאָוויץ, איז געבוירן און דערצויגן אין באלטימאָר,



קאספאר קאָהן האָספיטאל

(צו דער געשיכטע פון דער נ. ר. שול)

ם. ח. לונער

# קינדערלאך טייערע

## אַ מתנה ווייאַלעטען

יעקב נינזבורג:

# דער גוטער אינגעלע

סעמי איז געווען אַ קליין גוט אינגע־
לע.

(צו דער געשיכטע פון סאנאטאָריום)

12 קראנקע ווערען שוין אויפגע־
האלטען אין לייוועגטענע ביידלעך,
און א פראכטפאלע הויז וועט אין
ניכען געענדיגט ווערען. ווערט מיט־
גלידער פון דער "דזשואיש קאנסאמ־
פטיוו רעליעף סאסייעטי," און העלפט
די הייליגע אַרבייט. דער פרעזידענט
פון פאראיין ה׳ ב. קאהן האט איצט
געמאכט אַ טור איבער׳ן לאנד צו
זאמלען געלד פאר דעם סאניטאריום,

האָט געהאַט די זכיה צו זיין די ערשטע סעקרעטאַרין פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין באַלטימאָר. איינע פון די ערשטע שילערינס פון הענריעטאַ סזאָלד. אויך איינע פון דעם ערשטן טוצן וועלכע האָבן אָרגאַניזירט די „הדסה".

זי איז איצט דער פּרעזידענט פון דער „סיני" שוועסטערשאַפט, אויך טעטיק אין דער „הדסה", איז געווען אַ דעלעגאַט צו דער „הדסה" קאָנווענ־שאָן אין וואַשינגטאָן.



## דר. מ. י. וויסאָצקי ע"הש

דער טויט פון דר. מ. י. וויסאָצקי איז אַ קלאַפּ פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג אין קאַליפאָרניע. קיין סך אַזעלכע ערנסטע ציוניסטישע טוער האָבן מיר דאָ ניט פאַרמאָגט. מ. י. וויסאָצקי איז געבוירן געוואָרן אין רוסלאַנד אין 1875, און אין אמעריקע איז ער געקומען אין 1905. אין לאָס אַנגעלעס איז ער געקומען 1918 און דורך די זיבן יאָר איז ער געווען איבערגעגעבן דער ציוניסטי־שער נשמה מיט דעם גאַנצן ברען פון זיין הארצן. ער איז געווען אַ שטיק צייט דער פּרעז. פון ציוניסטישען דיסטריקט און אין דער צייט פון די קרן־היסוד דרייוופן האָט ער ניט גערוט און מיט די דאָקטוירים בלאָם, דזשייקאָב־סאָן, סיילין, ריינאָלדס האָט דער פאַרשטאָרבענער דורכגעזעצט גרויסע אַר־בעטען, וועלכע האָבן געבראַכט דער ציוניסטישע באַוועגונג ממשות'דיקע רעזולטאַטן.

חוץ דער ציוניסטישער באַוועגונג האָט ער אויך געשטיצט אַלע היגע אַנשטאַלטן, און געהאָלפן דעם אידישן האָספּיטאַל, די עקס פּיישענטס א. ד. ג.

מיט דריי יאָר צוריק איז ער מיט זיין פרוי געפאָרן צו באַזוך אין פּאַ־לעסטינא, און געווען דאָרט אַן ערך פון אַ יאָר צייט, צוריקגעקומען, און בדעה געהאַט צו ליקווידירן זיינע געשעפטן, און פאָרן זיך באַזעצן אין פּאַלעסטינא. עס איז אים אָבער ניט באַשערט געווען.

אין לאָס אַנגעלעס וועט דער נאָמען זיינער פאַרבלייבן אין דער גע־שיכטע פון ציוניזם איינגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות.

## דר. אברהם גאָטליב



געב. ריגא, 1880. רעליגיעזע דער־ציאונג. געענדיקט פּאָבליק און הויכשול, גראַדואירט קאָמערץ־שול, איבערגעגאנגען אין פּאָליטעכניקום, געמאכט פיר יאָר קורס אינזשעני־רונג. אינגערהייט פאראינטערע־סירט געוואָרן אין דער פּועלי־ציון באוועגונג און גענומען אנטייל אין דער ריגאר פּוע"צ זעלבסטשוץ. באַ־זוכט פּאלעסטינא אין 1904, אין דער צייט, ווען דר. מאָסענזאָן און באָגראַטשאָוו זענען נאָך געווען סטודענטן. אין 1905 געווען בא דעם באַ־זעלער קאָנגרעס אלס קאָרעספּאנדענט פון ריגאר דייטשער „רונדשוי“. אויך געשריבן איינדריקע פון פּאלעסטינא. אין אמעריקע זינט 1906. אין נ. י. געגרינדעט דעם הארלעמער ברענטש פּוע"צ. שטודירט מעדיצין אין קאָלומ־ביא אוניוו. אין 1910 געקומען אין סאן פראנציסקא. געווען א יאָר אין דייטשען האָספּיטאל, אָנגעהויבן פּראקטיצירן אָרטאָפּעדי אין „מאונט זייאָן“ האָספּיטאל, דריי יאָר געהילף אין אָרטאָפּעדיק דעפּארטמענט, דערנאָך אריין אין „מאונט זייאָן“ און געווען דאָרט פינף יאָר. אין 1914 האָט ער גענומען אַזי אייראָפּא א פּאָסט־גראַדואייט, צוריקגעקומען אין סאן פראנציסקאָ און דאָרט פארבליבן ביז 1921, ווען איז געקומען אין לאָס אנגעלעס, וואו ער גע־פינט זיך זינט דעמאָלט.

דר. גאָטליב איז אין די לעצטע יאָרן מער ציוניסטיש געזאָנען, און אין דעם ערשטן קרן־היסוד דרייוו אין אונדזער שטאָט איז ער געווען זייער טע־טיק, האָט געלייסטעט א סך צייט און ענערגיע. אלס מעדיצינער איז ער פאַר־בונדן מיט דעם קאספּאר קאָהן האָספּיטאל, עקספּיישענטס, און רעכנט זיך פאר איינעם פון די אָנגעזעענסטע אָרטאָפּעדיסטן אין לאָס אנגעלעס.

# דער אַנהויב פון דער אידיש־ראדיקאלע באוועגונג אין קליפאָרניע

ווי אומעטום הויבט זיך די געשיכטע פון דער אידישער ראדיקאלער באוועגונג אָן מיט דעם ארבעטער־רינג. פריער גרינדעט מען אן ארב. רינג ברענטש, דערנאָך קומט פאַר א שפּאלטונג, ווערט געבוירן א נייער ברענטש, דערנאָך ווערט א ליטעראַרישער פאריין, אָדער א „סאָשעל ליטעראַרי“ פאריין, שפּעטער קומט צו א טעטיקער איד, ווערט ווידער א ברענטש, דערנאָך קומען

אָן א פּאָר בונדיסטן, גרינדען אן אָרגאניזאציע פאַרן בונד, דערנאָך גרינדעט מען א ברענטש פון דער סאָציאליסטישער פּארטיי, און איידער מען קוקט זיך ארום, איז דאָ א ראדיקאלע באוועגונג.



דזשולים לעוויט

די ראדיקאלע באוועגונג אין לאָס אנגעלעס איז נאָך בכלל זייער א יונגע. אינגאנצען נאָך ניט קיין צוויי־צענדליק יאָר אלט. אין דער צייט, ווען אין ניו יאָרק האָט שוין געבליעט א ראדיקאלע באוועגונג, און עס זענען שוין געווען ארבעטער צייטונגען און פּארטייען, שפּאלטונגען, און פרישע צייטונגען, און מען האָט שוין געשריבן און גע־רעט וועגן סאָציאלע רעוואָלוציעס, איז נאָך דאָ אין קאליפאָרניע לחלוטין נים געווען קיין זכר פון אידישער ארבעטער באוועגונג. טאקע דעריבער איז אינ־טערעסאנט צו זען, מיט וואָס פאר א ריזיקע טריט די ראדיקאלע באוועגונג איז דאָ אויסגעוואקסן.

דער ערשטער ארבעטער רינג אין קאליפאָרניע איז געגרינדעט גע־וואָרן אין סאן פראנציסקאָ, ברענטש 114. מען קען שוין פארשטיין פון דעם נומער, אז דאָס איז געווען אין 1908. לאָס אנגעלעס האָט זיך פארקוקט אף סאן פראנציסקאָ ערשט א יאָר שפּעטער, און אין 1909 איז דאָ געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער ארב. רינג ברענטש 248. די גרינדער: דוד לובין, סעם ראסקין און אהרן שאפּיראָ *) וועלכער איז אגב געווען דער ערשטער סעקרע־טאר פון ארב. רינג. די זיצונגען פלעג דער ברענטש האלטן אין 105 נ. מעין. שפּעטער זענען זיי אריבערגעטראָגן געוואָרן אין בורבענק האָל, נאָך שפּעטער אין לייבאָר־טעמפּל. נאָך שאפּיראָן איז דוד לובין געווען סעקרעטאר און נאָך אים י. לעוויט (היינטיקער פּארוואלטער פון „פאָרווערטס").

אָבער ווי געזאָגט; עס קומט א שפּאלטונג און זי געבערט נאָך א ברענטש.

אין 1911 זענען אָנגעקומען א מאסע אידן פון דער „איסט" און איידער זיי האָבן צייט געהאט עפּעס אויפצוטון אין קאליפאָרניע, האָבן זיי לע"ע געבראכט צו א שפּאלטונג. עס האָבן ניט געפעלט שוין אין יענער צייט קיין פּערזענלאכע פארלוימדונגען און באשודיקונגען. ב. קאָהן איז געווען דער פאָרזיצענדער אף יענער היסטאָרישער זיצונג, און אף א ספּעציעלער פאר־זאמלונג איז געבליבן אָפּצורייסן זיך פון ברענטש 348 און צו גרינדען א נייעם ברענטש.

*) זע אהרן און חיים שאפּירא, ביאָגראפיע.

זיבעציק מיטגלידער זענען ארויס און האָבן געגרינדעט ברענטש 443. די עקזעקוטיווע אין יענער צייט איז באשטאנען פון טוער, וועלכע זענען נאָך היינט גוט באקאנט: ב. קאָהן, י. לעוויט, ס. פישער, דוד לובין, ס. ראסקין, ה. מאגיד אהרן שאפּיראָ און ה. ניושטיין.

חוץ דעם ארב. רינג האָט דאן עקזיסטירט א „סאָשל ליטערארי" קלוב. וועמענס אויפגאבע איז געווען צענויפצוקומען זיך, פארברייינגען, פאָרליינען, דיסקוטירן, און אינגעלייט האָבן טאקע אין איינוועגס זיך באקאנט מיט דעם שענערן געשלעכט, און אזוי ארום געשלאָסן באקאנטשאפט, זיך פארליבט און חתונה געהאט. פון דעם „סאָשל ליטערארי" קלוב איז שפּעטער אין 1911 ארויסגעוואקסן דער אידישער סאָציאליסטישער ברענטש.

נאָר צוריק צו דעם ארב. רינג אין יענער צייט. נאָך דער ערשטער שפּאלטונג איז, ווי דער שטיינער איז, איז, געקומען א צווייטע שפּאלטונג, טאקע דורך די אייגענע פאראורזאכער, וועלכע האָבן אזוי שנעל, ווי די זיבעציק מיטגלידער האָבן זיי פארלאָזן, און עס איז געוואָרן אומעטיק, ניט גע־ווען מיט וועמען צו האמפּערן זיך, האָבן זיי געגרינדעט דעם ברענטש 559 נאָר שפּעטער האָט ער זיך דערנאָך ווידער פאראייניקט מיט 248.

עס איז כדאי צו פארצייכנען, אז די ערשטע אידישע לעקציע האָט דאָ געהאט די זכיה צו האלטן ב. וולאדעק, אין 1911. ער האָט געצויגן צוויי הונדערט צוהערער און דאָ געמאכט דעם גרעסטן ערפאָלג. אין דעם זעלבן יאָר האָבן די אידישע סאָציאליסטן שוין אָנגעהויבן ווערן טעטיק אויף דעם פּאָליטישן פעלד, און האָבן אפילו שוין געוואנט צו עפענען „קאמפּיין־הערדקוואָטערס" און האָבן אגיטירט פאר דזשאָב הערימאן פאר שטאָטישן מעיאָר.

נאָך דעם קומט אריין דער דאָס קאפּיטאל „אידישער סאנאטאָריום". דאָס איז א מערקווירדיקער ביישפּיל פון איבערגעבענהייט, ענטוזיאזם, און וועט זיכער בלייבן דאָס שענסטע בלאט אין דער געשיכטע פון די אידן אין קאליפאָרניע. *)

אמת, דער געדאנק וועגן א סאנאטאָריום איז נאָך געבוירן געוואָרן בא דעם ערשטן ברענטש ארב. רינג, 214. אָבער כסדר'דיקע מחלוקת און שפּאל־טונגען האָבן די היציקע ראדיקאלן געהאלטן באשעפטיקט א היפּשע פּאָר יאָר, און ערשט אין 1913 אויף דער איניציאטיווע פון ב.פלאטאָ, אין אָנגעשטעלטער אין האמבורגערס „דעפּארטמענט סטאָר" איז געגרינדעט געוואָרן דער סאנא־טאָריום. מיט פלאטאָן דארף מען דערמאָנען אהרן שאפּיראָ, דר. סילווער־בערג, ב. קאָהן, י. לעוויט, ה. סיטרין, דר. ליווי, סעם ראָבינסאָן, און אלעקס. ליוויי (א פּלימעניק פון ב. קאָהן.) אלעקס איז אויך געווען דער ערשטער סעקרעטאר. די ערשטע זיצונג איז געהאלטן געווען אין דעם קליינעם מוזיק־

*) זע: דער אידישער סאנאטאָריום. —

ארבעטער פון דער בעלי־בתי׳שער פרעס, ווי דאָס „טאגעבלאט“, מאָרגען זשורנאל“ און „דער אמעריקאנער“. חוץ לידער האָט ער אויך יאָרנלאנג געשריבן שפאנענדיקע ראָמאנען. דאָליצקי שאפט איצט א גרויסע סעריע פאבלן, וועלכע ווערן נאָכגעפאָלגט מיט גרויס אינטערעס פון אלע אידישע לעזער.

צוליב זיינע קיזרער האָט ער היינטיקס יאָר איבערגעצויגן קיין קאליפאָרניע.

## ה. רויזענבלאט

ה. רויזענבלאט (חיים רויזנבליט) איז געבוירן געוואָרן אין 1878, אין ריסאָ־שע, פאָדאָליער גובערניע, ניט ווייט פון קיעווער גרענעץ. די אוקראַינישע סטעפּעס, דאָס פרימיטיוו־האָרעפאשנע לעבן שאפט א געזונטן אידיש־פויערישן טיפּ. אין אָט־דער סביבה פארברייננט חיים׳ל רויזנבליט זיינע קינדער־יאָרן, לערנענדיק בא דאָרפס־מלמדים ביז אין דער עלטער פון אכט יאָר. שפּעטער פירט מען אים אוועק אין לאדיזשען, לערנען בא גמרא־מלמדים, דאָרט לערנט ער די העכערע לימודים און תנ״ך.

אין 1891, האָט ער צוזאמען מיט זיין פאמיליע אויסגעוואנדערט קיין אמעריקע.

אין דעם נייעם לאנד טרעפט די רויזענבלאט־פאמיליע א שווערן קריזיס. חיים נאָך א קינד, ווערט אויך א בעל־מפרנס און פארזוכט צום ערשטן מאָל דעם טעם פון א סוועט־שאפּ. די פיר דאָלער, וואָס טאטע און זון פאר־דינען, און א דאנק דער בריה׳שאפט פון דיכטער׳ס מוטער, דאָבע, געלינגט דער גרינער רויזענבלאט־פאמיליע דורכצולעבן דעם קריזיס פון יענער צייט.

ווען די עקאָנאָמישע לאגע פארבעסערט זיך, נעמען די רויזענבלאט׳ס א פּריוואטן לערער, וועלכער גרייט צו זייער זון חיים פאר דער „דזשעמייקא נאָרמאל קאלעדזש“. די סיסטעמאטישע בילדונג און די אלגעמיינע שול־סביבה עפענען פאר דעם יונגען חיים נייע וועלטן. עס עפנט זיך פאר אים א קוואל פון וויסן, פון וועלכן ער שעפט מיט דעם גאנצן ברען פון זיין יוגנט.

אָבער לאנג האלט ניט אָן דאָס שול־לעבן פאר דעם יונגן רויזענבלאט. די צרה׳דיקע אומשטענדן פון זיינע עלטערן דערלויבן עס ניט און נאָך דעם דריטן טערמין מוז ער פארלאָזן דעם קאלעדזש. דאָך, שטודירט ער אליין די ענגלישע שפּראך און ליטעראטור. ער באקענט זיך מיט די גרויסע דיכטער פון דער ענגלישער ליטעראטור און אזוי ארום קריגט ער זיין ערשטן שטויס צו שרייבן.

מיט דער צייט באקענט ער זיך נענטער מיט דער אידישער גאס, ווערט

האָל פון בלענטשארד־האָל, אף הילל סט. דער ערשטער פרעזידענט פון סאנאַ־טאָריום איז געווען ב. קאָהן, וועלכער איז אין יענער צייט געווען א סוחר, גע־האט א „דזשאָבינג" געשעפט אין ביומילער בילדינג. דער ערשטער וויים־פרעזידענט איז געווען דר. סילווערבערג. דער סאנאטאָריום האָט איינגע־פירט אין דעם ערשטן יאָר צו האָבן א ראש־השנה וואָך. דער ראש־השנה מיטינג איז נאָך דערנאָך אָפגעהאלטן געוואָרן יעדן יאָר פאר די קומענדע צען יאָר אין האמבורגער טעאטער. אין דער וואָך פון ראש־השנה־יום כפור, פלעגן געהאלטן ווערן זאמלונגען פאר דעם סאנאטאָריום. דער סאנאטאָריום איז באמת געווען דער איינציקער אנשטאלט, וועלכער האָט צוגעצויגן צו זיך יעדע אידישע אָרגאניזאציע אין שטאָט, און עס איז געווען דאָס גרעסטע גליק, פון די ערשטע אריבערגעקומענע אידישע ראדיקאלן, (די מערסטע פון זיי אליין קרבנות אָדער קרובים פון קרבנות פון דער ווייסער פלאג,) צו זען ווי אף דעם אָרט, וואו עס איז ערשט געשטאַנען א קליין שטיבל, אָרעם, קיי־נער פון די גרינדער איז ניט געווען רייך גענוג צו געבן פאר דעם סאנאַ־טאָריום די סומע פון א בעטל, און דאָך גייט אריבער א יאָר און נאָך א יאָר, און עס ווערט געמאכט פלאץ פאר א צענדליק אידישע קראנקע, און אָט ווערט איינער בעסער און קומט ארויס,



פיטער מ. קאהן

און אנאנדערער ווערט קראנק, און דער סאנאטאָריום מאכט פאר אים פלאץ, און יעדער סאנאטאָריום־יום־טוב איז געוואָרן דער יום־טוב פון דער אידישער באפעלקערונג אין לאָס אנגעלעס, און מיט דעם וואוקס פון דער אי־דישער באפעלקערונג אין לאָס אנגעלעס איז אויסגעוואקסן איינער פון די גלאָרייכסטע אנשטאלטן, וואָס ניט קוקענדיק אף דער היינטיקער צעריסנהייט, קען מען דאָך אָנווייזן מיט שטאָלץ אף דעם ריזיקן בנין, וואָס די אידישע לאָס אנגעלעס האָט אויפגעשטעלט אין א משך פון אזא קורצע צייט. פון דער קליינער געביידע זענען זיך צעוואקסן גאנצע גאסן מיט אריבער דרייסיק גע־ביידעס, און פון יענע פאָר געציילטע מיטגלידער, וועלכע האָבן געגרינדעט דעם סאנאטאָריום איז אויסגעוואקסן די היינטיקע „אידישע קאָנסאמפּטיוו רעליף אסס'ן". א נאציאָנאלע געזעלשאפט, וועלכע האלט אויף א נאציאָנאלן אנשטאלט, וואָס קען פארגליכן ווערן מיט די גרעסטע און שענסטע אנשטאלטן אין לאנד.

אויסצורעכנען די היינטיקע טוער ארום סאנאטאָריום איז שוין פּשוט ניט מעגלאך. דאָס האָט מען געקנט טון אמאָל, ווען דער אנשטאלט איז געווען קליין און די טוער געציילטע פערזאָנען.

פינף און אכציק

היינט אָבער, ווען דער אנשטאַלט איז זיך ריזיק צעוואַקסן, טרעפט איר אין דער „באָרד" חוץ די אַלטע טוער, ווי די שאַפּיראָס, סילווערבערג, פּיטער קאהן, שוין אויךדר. ריינאָלדס, דר. גאָלדוואַסער און פון דעם אליין איז צו זען, אז ארום דעם אנשטאַלט האָבן זיך גרופּירט מענטשן פון אַלע שיכטן אין לאָס אנגעלעס.



## ה. סיטרין

איינער פון די סאַמע ערשטע, וועלכער איז געשטאַנען בא דעם וויגעלע פון אידישן סאַנאַטאָריום, און טאַקע איינער, וועלכער האָט בא זיך אין הויז פאַררופן די היסטאָרישע זיצונג, וואו עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופן א גרינדונגס פאַרזאַמלונג. איין בייטראַג פון פופציק דאָלער איז דעמאָלט געפאַלן; דאָס איז געווען דער בייטראַג פון ה. סיטרין. און דערנאָך, אכט יאָר געשטאַנען בא דער ארבעט, ניט קוקענדיק אף דעם, וואָס ער איז זייער א פאַרנומענער מענטש.

סיטרין איז נאָך היינט א מיטגליד פון ברענטש איינס א. ר. און אויך אין קאַליפאָרניע איז ער ניט פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם שיין פון געלט וואָס ער האָט געמאַכט. ער איז געבליבן דער זעלבער גוטמוטיקער איינפאַכער, אויפריכטיקער מענטש, וואָס אפילו ווען זיין בעסטער פריינט איז ניט ריכטיק, וועט ער אים דאָס זאָגן אין די אויגן. אין דער גרויסער ריזיקער געביידע, וואָס לאָס אנגעלעסער אידן האָבן אויפגעשטעלט, — אין דעם סאַנאַטאָריום, אף וועלכן מיר אַלע זענען אזוי שטאָלץ, האָט סיטרין זיכער געהאָלפן טראָגן ליים און ציגל. ער האָט מיט דער פרייער האַנט געשטיצט מיט געלט, און וואָס איז פונקט אזוי וויכטיק; ער האָט געגעבן אכט יאָר ארבעט!

## אהרן און חיים שאַפּיראָ



חיים שאַפּיראָ

אדוואָקאטן; געבאָרן אין רוסלאַנד. זענען אריבערגעקומען אהער מיט זיבעצן יאָר צוריק. (קיין פּינקטלאכע דאטע האָבן די אדוואָקאטן ניט געגעבן, האַלטענדיק, אז די צייט איז נאָך צו פרי, צו שרייבן וועגן זיי.) זיי זענען געווען די גרינדער פון דעם אידישען סאַנאַטאָריום, זענען געשטאַנען בא דער ארבעט פון דעם ערשטן־טאָג אָן, ביז היינטיקן טאָג. האָבן דאָ געגרינדעט די ארבעטער־רינג ברענטשעס, און זיך שטארק אָפּגעגעבן מיט דער ארבעט פאר די מלחמה־קרבנות, די גאנצע צייט.

ביידע ברידער זענען נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטן, און זענען אויך פאר־אינטערעסירט אין דער אנטוויקלונג פון קונסט און קולטור אין קאַליפאָרניע.

אהרן שאַפּיראָ איז באקאַנט פאר זיין ערלאכקייט, גוטמוטיקייט, און דער עיקר פאר זיין אונערמידלאכער ארבעט בא דעם סאַנאַטאָריום. חיים, ווידער איז איינער פון די ערנסטע אידן אין לאָס אנגעלעס — וועלכער האָט א טיפע ליבע פאר אלץ וואָס עס איז שיין, און רעכנט זיך פאר א שיינעם רעדנער, איבער פארשיידענע טעמען. יאָרנלאַנג, ווען די אידישע געזעלשאַפט איז נאָך דאָ געווען קליין, און נייע געזעלשאַפטן האָבן זיך געגרינדעט, איז חיים געווען איינער פון די פעסטרעדנער, און אפּיל־מאַכער.

פאר א יאָרן, ווען די ווילנער טרופּע האָט געזוכט בא אונדז זיך איינצובירגערן, האָבן די ברידער אהרן און חיים שאַפּיראָ געהאָלפן גרינדען און אָנפירן די קונסט־געזעלשאַפט, און בכלל האָבן זיי ביידע געהאָלפן זייער א סך צו דער אנטוויקלונג פון דער היינטיקער אידישער לאָס אנגעלעס, און פאר די וואוילטעטיקע און קולטור־אנשטאַלטן אין קאַליפאָרניע. (בילד פון אהרן שאַפּיראָ, זע ערשטע סאַנאַטאָריום עקזעקוטיווע.)

### דזשאָ שאַפּיראָ

געבוירן אין 1882 אין ווישטינעץ, סובאלקער גוב. עלטערן—אברהם יונה און שיינע פריידע שאַפּיראָ, האָבן אים געגעבן אן אמתע אידישע בילדונג, דער אינגער יוסף האָט געהאָט א נאָמען פאר אן עילוי, און צו בר־מצוה האָט מיט אים גע־שמ'ט... געקומען מיט זיין פאָטער אין קאַליפאָרניע, מיט צוואַנציק יאָר צוריק, געעפנט פאר דעם פאָטער א געשעפט, אים איינגעאָרדענט, און אליין מיטן ברודער, דזשאָרדזש אָפּגעפאָרן אין פּאָרטלאַנד און דאָרטן אריין אין דעם מסחור פון ליקער, און אין זעקס יאָר צייט געמאכט איבער הונדערט טויזנט דאָלער, און אויספּארקויפט, ווען אין פּאָרטלאַנד איז

ארײַן אין קראַפט דאָס פּראָהיבישאַן־געזעץ.

צוריקגעקומען אין 1907, און צוגעזען דאָ די געבורט פון דער נײַער אידישער ל. א. דזשאַ שאַפּיראָ באַזיצט די מעלה פון ענטוזיאזם, און פאַר דעם סאַנאַטאָריום, און אַנדערע אַנשטאַלטן איז דאָס געװען פּונקט אַזױ נױטיק װי דאָס געלט מיט װעלכן ער האָט אָנגעהױבן שטיצן אַלע אַנשטאַלטן. װי־פיל אַרבעט, װיפיל מי, ענערגיע, און װיפיל שטיצע דזשאַ שאַפּיראָ האָט געגעבן דעם סאַנאַטאָריום, װײסן די ערשטע טוער, באַ מער װי אײן קריזיס איז ער געשטאַנען, און געהאָלפן דורכברעכן אַ װאַנט, און כּמעט ער איז זײַער אַ פּראָגרעסיװער מענטש, פאַרשטײט ער אָבער גוט, װי נױטיק עס איז צו אַרבעטן געמײנשאַפטליך פאַר אַן אַנשטאַלט, װעלכער נױטיקט זיך אין אַלעמענס שטיצע. אין די שפּעטערדיקע אונטערנעמונגען, װי אין די קאָאָפּעראַטיװע פּרעס, האָט דזשאַ שאַפּיראָ װידער געשטיצט, און װאָס דען ניט, ליטעראַטור, קונסט, ענדיקענדיק מיט דער װילנער טרופּע, װעלכע האָט אים אָפּגעקאָסט אַ ריזיקע סומע געלט, און עס איז געװען זײַן גרעסטער חלום אַז עס װעט זיך אײַנגעבן צו שאַפן אַ בילדונגס פאָנד, און די װילנער װעלן דאָ האָבן אַן אײגענעם הײם.



דזשאַ שאַפּיראָ האָט די לעצטע צײַט אױך אױפגעטון אַ װאונדערבאַר שטיק אַרבעט אין װילשײַער־געגענט, מיר מײנען דעם טעמפּל „עמנואל“. דאָס איז דאָס לעצטע װאָרט, סײַ אין סטרוקטור, סײַ אין אָרגאַניזאַציע, סײַ אין סאָלידאַריטעט. אַ דאַנק אים האָט ל. א. אײנע פון די מוסטער טעמפּלען, װעגן װעלכן עס װעט גערעט װערן אין אַ באַזונדער אַרטיקל.

דזשאַ שאַפּיראָ האָט געהאָלפן „עמנואל“ זײַן װאָס עס איז. דזשאַ האָט אַ האַנט אין דעם „קאָנקאָרדיאַ קלוב“ װעלכער װעט אינגיכן אױפבױען פאַר די פּראָגרעסיװע אידן אַ הײם, אַ קלוב, װאָס װעט זײַן אַ צירונג פאַר ל. א. אױך װעגן „קאָנקאָרדיאַ“ װעט קומען אַ באַזונדער אַרטיקל. דזשאַ איז אַ טוער, און זוכט ניט קײן כּבוד. עס רעדן זײַנע טאַטן, עס רעדן זײַנע גרױסע סומען, װעלכע ער איז מנדב אף אַן עכט אידישן שטײגער, װי עס פּאַסט פאַר אַ זון פון אַברהם יונה שאַפּיראָ.

פּונקט װי דער פאָטער אין די אינגע יאָרן האָט געהאָלפן בױען די אידישע ל. א. מיט אירע טשאַריטיס, א. ד. ג. אַזױ זעצט פאָר זײַן זון, דזשאַ שאַפּיראָ די אַרבעט און העלפט בױען אַנשטאַלטן פאַר די קומנדיקע דורות, און כּמעט ער איז אומעטום דאָ, שטופּט ער זיך ניט צום אױבנאַן, דערלאָזט אַפילו ניט זײַן בילד געדרוקט צו װערן, מיט דער שול אַרבעט, מיט דער



די ערשטע נאצ. ראד. שול אין 1914.



ארב. רינג פיקניק אין וואלהאלא פארק, אלאבאמא.



די לײדיס עקזיליערי פון סאנאטאריום אף אן ארויספאר אין האקענבעק פּאַרק




דריי דורות אידן אין קאַליפאָרניע—אידל ברוינשטיין, זיין פרוי און קינדער

קאָנקאָרדיא, און אנדערע טעטיקייטן.

דער שרייבער פון דיזע שורות האָט געהאָט א שווער שטיקל ארבעט, ביז ער האָט געפועלט בא זיין פאמיליע, צו דרוקן זיינע א בילד...)

מרס. דזשאָ שאפּיראָ איז אן אינטעליגענטע פרוי, שטיצט איר מאן אין זיינע קהל'שע טעטיקייטן, און גיט זיך אָפּ פיל מיט דער דערציאונג פון די קינדער עדנא, צוועלף, מרים, צען, און רודאָלף, אכט יאָר.

אין דער געשיכטע פון די אידן אין ל. א. מעג זיכער דזשאָ שאפּיראָ ווערן פאררעכנט פאר א שטיצער און א בויער.

# די נאציאָנאל־ראדיקאלע באוועגונג



פערל לאַסמאַן

די ערשטע, וועלכע האָבן אהער גע־בראכט דעם נאציאָנאל־ראדיקאלן גע־דאנק, זענען געווען ש. י. נאאומאָוו, נח מישקאָווסקי, דוד גיסנעט, העניך קאָרנבלום, הערי פראָזין, אב. מאָס, דר. לעאָ בלאס, און ה. שטיינבערג.

די דאָזיקע אידן האָבן געגרינדעט א נאציאָנאל־ראדיקאלן קלוב, מיט הערי פראָזין אלס זייער סעקרעטאר. די אויפגאבע פון דעם קלוב איז געווען צו גרינדען א נאציאָנאל־ראדיקאלע שול,, צו דערציען דעם אינגען דור אין דעם נאציאָנאל־ראדיקאלן גייסט. דער קלוב האָט שפּעטער אין 1913־12 געגרינדעט א נאציאָנאל־ראדיקאלע שול.

די לערער זענען געווען דוד גיסנעט, שטיינבערג, ל. וואקס, און דר. ל. בלאס. דער ערשטער פּרינציפּאל איז געווען חיים שאפּיראָ. די באפעל־קערונג איז אָבער נאָך געווען צו קליין אין יענער צייט, און די שול האָט לאנג ניט געקענט אויפגעהאלטן ווערן. גיסנעט איז אוועקגעפאָרן פון לאָס אנגע־לעס, וואקס איז אָפּגעפאָרן קיין רוסלאנד, מישקאָווסקי איז אויך שפּעטער אוועקגעפאָר פון דאנעט, און עס האָט אויסגעזען, אז דער פאסיפיק איז נאָך ניט מסוגל פאר קיין אידישער קולטור.

דער איינציקער, וועלכער האָט זיך אָבער ניט אונטערגעגעבן איז גע־ווען דר. לעאָ בלאס, אין יענער צייט, א אינגער מענטש מיט אן אומבאגרענצ־טער מאָס פון ענערגיע, און ברייטער ליבע צו אידישער קולטור. דר. בלאס האָט שפּעטער ווידער געמאכט א פארזוך אויפצולעבן די ראדיקאלע שול, ער האָט אליין געלערנט און אויך אָנגעשטעלט מרס. דר. ה. פ. דזשייקאָבסאָן, איר געצאָלט שכר־לימוד פון זיין אייגענער קעשענע, און אויך דעם צווייטן

מאָל האָט זיך די שול געמוזט צושליסן.

די איצטיקע אידישע פאָלקשול איז דער דריטער גלגול פון דער ערש־טער נאצ.־ראדיקאלער שול, און די שול עקזיסטירט שוין פינף יאָר. אין יע־נער צייט זענען שוין דאָ אָנקומען נאציאָנאל־באוואוסטזיניקע אידן, א סך פון זיי זענען שוין אפילו איצט ניט טעטיק אין דער שול, נאָר מיט פינף יאָר צוריק האָבן זיי מיטגעהאָלפן ווידער צו עפנען די שול.





י. גארין

לואיס האמבורגער

אין 1920 האָט די שול זיך געעפנט אין דער דריטער און ספרינג (דאָגאל בילדינג). די לערער זענען געווען: ל. סקאס, אהרן טאנים, חנה בער־מאן, און די טוער: דר. ל. בלאס, פערל לאָסמאן, נ. ריידער, חיים מארגאלין, צדוק עניסמאן, און ב. בלעכמאן.

מיט דריי יאָר צוריק האָט די שול געקויפט אן אייגענע הויז אויף נאָרט סאָטאָ, איצטיקע היים פון דער שול. עס זענען צוגעקומען פרישע טוער, לואיס האמבורגער, י. גארין, י. ל. מאלאמוט, און וואס עס איז שייך האמ־בורגן האָט ער באמת געטון פאר דער שול איבער די כחות. א פעאיקן לערער און טוער האָט די שול אויך געהאָט אין דעם אידישן שריפטשטעלער, ש. מי־לער. ער האָט איבערגענומען די פארוואלטונג און איז אויך געווען דער הויפט לערער. מיט אים האָט אויך געלערענט רחל שוואב און ר. שולמאן, ה. גור־מאן, יעטא גאָרדאָן, און פ. פאלב.

אזוי לאנג ווי מילער איז געשטאנען בא דער שול איז אלץ געגאנגען כשורה. נאָך מילערס אָפּפאָרן האָט זיך געפילט, אז די שול נויטיקט זיך אין א טיכטיקן טוער אויף זיין אָרט. איז אָנגעשטעלט געוואָרן דער דיכטער ה. רויזענבלאט, און ער האָט די שול פארוואלטעט א יאָר צייט. די שול האָט אָבער אונטער רויזענבלאטס אדמיניסטראציע ניט געהאָט קיין מזל צו די לערער. גורמאן און פאלב זענען אוועק פון דער שול, און אויף זייער פלאץ

איז אָנגעקומען שרה צוקער, ח. שמערלער און יוסף קיץ. דער לעצטער ניט קיין לערער, נאָר באַין ברירה האָט ער געלערנט. איצט איז ווידער די שול אַף א בעסערן מצב. א נייער לערער, ה. גאָלד איז אראָפּגעבראַכט געוואָרן פון סיו סיטי, און אויך א נייער פּאַרוואַלטער, דוד גיסנעט איז היינטיקן חודש אָנגעשטעלט געוואָרן. ווענן גיסנעטס ערפאָלגן איז נאָך צו פרי צו ריידן. עס וועט אים נעמען צייט, ביז ער וועט זיך אריינלעבן אין דער ארבעט און אריינברייננגען מער טאָלק.

דעם אכטן סעפּט. וועט זיך אָנהויבן דער נייער סעזאָן אין דער פאָלק שול. עס ווערט געפּלאַנעוועט א ברייטע קולטור-טעטיקייט פאר דעם קומענ-דיקען ווינטער. די הכנסה פון דער פאָלקשול באשטייט פון שכר-לימוד, פון די עלטערן, וועלכע קענען צאָלן. שטייער פון מיטגלידער צו דעם שול-פאריין. אונטערנעמונגען (צוויי) א באזאר און א יערלאכער חסידים-באָל. די איצ-טיקע טוער ארום דער שול זענען: ש. מילער, י. גאָרין, ח. שמערלער, שלום זוויינער, פּ. לאסמאן, בלעכמאן,, נ. ריידער, און חיים מארגאָלין. מען האָפט אז דער נייער פּארוואַלטער זאָל פאראינטערעסירן אין דער ארבעט די אמאָליקע טוער און אויך פרישע פערזאָנען.

אברהם ברוך מגיד

געב. סוביץ, קורלאנד, 1884. פאָ-טער און עלטער-פאָטער מגידים. (דעריבער באקומען דעם נאָמען „מגיד".) עלטערן האָבן אין 1889 אויסגעוואנדערט אין ליטא, (ווילנא) פאָטער האָט ניט ליב געהאַט דאָס מגידות, געשטרעבט צו מאכן פון אברהם ברוך'ן א בעל-מלאכה, אים געלערנט שניידעריי, (ער האָט עס באגרינדעט אַף דער מסכת „לעולם אדם ילמוד את בנו מלאכה נקייה וקלה". די גמרא דרינגט, אז דאָס איז שניידעריי...)

אריינגעצויגן געוואָרן אינגערהייט אין דער ארבעטער-באוועגונג, אנ-טייל גענומען אין דער ערשטער 1טער-מאי דעמאָנסטראציע אין דווינסק, וועלכע האָט זיך געענדיקט מיט אן ארעסט אַף פינף און זיבציק באטייליקטע.

געקומען אין לאָנדאָן, און באלד אין 1904 געקומען אין אמעריקע, באָסטאָן, געווען טעטיק אין ארב. רינג, דורכגעמאכט די שפּאלטונג, וועלכע האָט געפירט צו דער גרינדונג פון „אינדעפּענדענט". אין קאליפאָרניע זינט 1909, געהאָלפן גרינדען די ערשטע שניידער יוניאָן אין ל. א. אויך איז ער איינער פון די זיבן, דערוויילט געוואָרן אין בר. 248 צו רופן א קאָנפערענץ פאר דער גרינדונג פון דעם סאנאטאָריום. פון די גרינדער פון דער ערשטער

נאצ. ראד. קלוב אין ל. א. שפעטער אויך געהאָלפן דער אויפלעבונג פון דער אידישער פאָלקשול, געווען סעקרעטאר פון דר קלאָקמאכער יוניאָן, און אין דער ראדיקאלער באוועגונג באקאנט אלס אויפריכטיקער פאָלקסמענטש, פאר־אינטערעסירט אין אידישער קולטור אין אלע פאזן.

היינט דער נאָרדליכער פארטרעטער פון „פאָרווערטס“.

## דער אָנהויב פון אידישע טרייד יוניאָנס אין ל. א.

די ערשטע יוניאָן איז געווען פון דאמענשניידער, וועלכע פלעגן אר־בעטן פאר דעם טרייד, קאָסטום שניידער, מחמת פאבריקאנטן זענען לחלוטין דאָ ניט געווען. דאָס איז געווען אין 1908. די גרינדער ב. פיינבערג, מ. ריסקין, (היינט שוין טויט) עס זענען געווען אן ערך פון דרייסיק ביז פערציק שניידער, געמיטעט אין 105 נאָרט מעין. איין קלאָק מאנופעקטשורער איז דאמאָלס געווען, זאלצמאן, אינטערעסאנט איז דאָס, וואָס דר. לעאָ בלאס האָט שוין דאָ יעמאָלט געלעקטשורט פאר דעם לאָקאל וועגן עקאָנאָמישע פראגן. די גרינדער זענען חוץ גוטע טרייד־יוניאָניסטן אויך געווען אמתע אידע־אליסטן, האָבן זיך אָפגעגעבן מיט קולטור־ארבעט. א זוי האָבן זיי עקזיסטירט ביז 1910, און אין יענעם יאָר זיך צוגעשלאָסן צו דער אינטערנייישאָנאל יוניאָן. מיט דעם וואוקס פון דער אינדוסטריע איז פון יענעם קאָסטום־טיי־לאָר לאָקאל אויסגעוואקסן די איצטיקע קלאָקמאכער יוניאָן. דער ליידיס טרייד (קאָסטום טיילאָרינג) איז מער ניט אָרגאניזירט.

# די אידישע פּרעס אין קאליפאָרניע

דער ערשטער פארזוך איז געמאכט געוואָרן אין סאן פראנציסקאָ, ארויסצוגעבן א אידישע וואָכנשריפט אין 1909. עס איז אָבער נאָר געבליבן א פארזוך.

אין 1912, ווען דר. י. וואָרטסמאן איז געקומען קיין קאליפאָרניע, האָט ער דאָרט לחלוטין ניט געטראָפן קיין זכר פון קיין אידישער פרעס, ער האָט נאָכאמאָל געדארפט אָנהויבן פּיאָנערווען, און אָרגאניזירן א „קאָרפּאָ־ריישאָן“. ווי גרויס די אידישע לאָס אנגעלעס איז דענצמאָל געווען באווייזט דער פאקט, וואָס די צייטונג האָט ער ארויסגעגעבן אין סאן פראנציסקאָ, אָבער ער איז אויך געקומען צו די לאָס אנגעלעסער אידן, זיי באקאנט מיט



מ. ח. לונער

זיין פּלאַן, און זיי פאַרקויפט „שערס“. בלעס, קודלי, פּיטער קאַהן, מאַס, די ברידער שאַפּיראַ, קאַרנבלום, נאַ־אומאַוו, ריסקין און צענדליק אנדערע ראַדיקאַלע נאַציאָנאַליסטן האָבן וואָרטסמאַנען געשטיצט, און געהאָלפן אים אריסצוגעבן די צייטונג. אין הערבסט 1913 האָט אָנגעהויבן ארויס־צוגיין אין סאַן פראַנציסקאָ „די קאַלי־פאָרניע אידישע שטימע“, רעדאַקטירט פון דעם דערמאָנטן דר. וואָרטסמאַן.

מיטאַרבעטער זענען בא אים געווען א. מ. מאַנדעלבוים, (היינט אין דער „פרייהייט“), דוד גיסנעט, ריסיע קאַרטקעוויטש, פּיליפּ ריסקין, ש. י. נאַאומאָוו. און פון צייט צו צייט פּלעג די צייטונג דרוקן אן ארטיקל פון א נויאָרקער שרייבער, ווי יצחק אייזיק, פּאָרנבערג, א. ד. ג.

די צייטונג איז אָפּגעגאַנגען צוויי יאָר צייט, און האָט אפילו שוין גע־רעט וועגן ווערן א טעגלאַכע, נאָר עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה, און מיט איר אויסברוך האָט זי געבראַכט דעם אונטערגאַנג פון דער אידישער פּרעס אין קאַליפאָרניע.

אָבער דאָרט וואו אידן באַזעצן זיך אין א גרויסער צאָל, און עס נעמט זיך שאַפן און פאָרמירן א געזעלשאַפטלאַך לעבן, דאָרטן מוז סוף־כל סוף ווערן א אידישע צייטונג. אין סאַן פראַנציסקאָ איז טאַקע קיין באָדן ניט געווען פאַר א אידישער צייטונג, אָבער אין לאָס אנגעלעס האָט זיך גלייכ־צייטיק אָנגעהויבן רודערן אף דער אידישער גאַס. כמעט אין דער אייגענער צייט, האָט מען דאָ אָנגעהויבן גרינדען א ראַדיקאַלע שול, דעם סאַנאַטאָריום, דעם בית יתומים — די אַלע אנשטאַלטן האָבן דענצמאָל געהאַלטן אין געבוירן ווערן אין לאָס אנגעלעס, און עס קען זיין, אז ווען דער דאָזיקער רעדאַקטאָר בלייבט אין קאַליפאָרניע, קלייבט זיך אריבער אין לאָס אנגעלעס, ווען ער האָט געדולד, און גרייט צו דעם באָדן פאַר א צייטונג, וואָלט ער לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן. אין לאָס אנגעלעס האָט מען אין יענער צייט זיך ארומגעזען, אז עס פעלט א אידישע צייטונג. ב. קאָהן, מיט אים ס. ראַסקין, און מיט זיי די שאַפּיראָס, בלאַס און צענדליקע אנדערע האָבן גע־שאַפן א וואָכנבלאַט: „דער פּראָגרעס“.

די צייטונג, פאַרשטייט זיך, איז ניט געווען קיין ציוניסטישע, ווי די „קאַליפאָרניע אידישע שטימע“ און זי האָט גאַנץ לעבעדיק אָפּגעשפּיגלט דאָס דענצמאָלטיקע אידיש ראַדיקאַלע לעבן אין קאַליפאָרניע, קיין פּראָפעס־יאָנעלע אידישע שרייבער, זענען אין יענער פּריאָדע לחלוטין ניט געווען,

אָבער אזוי ווי די אַלע דערמאָנטע פּערזאָנען האָבן געהאַט א שווערן עקאָנאָ־
מישן קאמפּ אָנצופירן פאר זייער עקזיסטענץ, פון איין זייט, און פון דער
אנדערער זייט, זענען אַלע געווען באוועגונגס־מענטשן, און די עטלאכע גע־
ציילטע פּרזאָנען זענען געווען די טוער אין די אַלע נייע אנשטאַלטן, און
אָרגאניזאציעס, וועלכע האָבן אָנגעהויבן געבוירן צו ווערן, איז אויך דער
„פּראָגרעס" אוועק אַף דעם עולם־האמת, אוים מאנגל אין קרעפטן, נאָך איי־
דער ער האָט צייט געהאַט צו באגיין עולות, אין דער געשיכטע פון
קאַליפאָרניע.

נאָך דעם „פּראָגרעס" קומט א טרויעריק בלעטל אין דער געשיכטע
פון דער אידישער פּרעס בא דעם פּאסיפיק.

אין 1918 איז אָנגעקומען אהער פון טאָראָנטאָ אב. ראבינאָוויטש,
איינער פון ד' גרינדער פון דעם טאָראָנטאָר „אידישן זשורנאל" און אליין א
זעצער, און אין יענער צייט א ראדיקאַלער מענטש, האָט מען ווידער גענומען
גרינדען א צייטונג, און גראָד זענען די ראדיקאַלן אים געקומען צו הילף מיט
ראַט און טאַט, און עס איז געגרינדעט געוואָרן „די צייט".

מיט ראבינאָוויטשן האָט זיך אויך פארבונדן ס. ראסקין, אין יענער
צייט זייער טעטיק אין סאנאטאָריום, און מיט ראסקינען איז מיטגעגאנגען!
ב. קאָהן, די שאפּיראָס, דר. לעאָ בלאס, מאקס ריינהארט, און א צענדליק
אנדערע ראדיקאַלן פון יענער צייט. גלייכצייטיק האָט זיך צעוויקעלט א
קאמפּ ארום דער סאנאטאָריום אדמיניסטראציע, און ניט די ארויסגעבער
(קיין שרייבער וואָס זאָלן פארשטיין די צייטונג ניט אריינצושלעפּן אין דעם
קאמפּ זענען דאָ ניט געווען) האָבן פארשטאנען די צייטונג ניט אריינצו־
שלעפּן אין דעם קאמפּ זענען דאָ ניט געווען) האָבן פארשטאנען זייער אויפ־
גאבע, און אויך ניט די קעגנער פון דער סאנאטאָריום־אדמיניסטראציע, עס
איז דערגאנגען צו מיאוסע אטאקעס, מצד דער „צייט" און וואָס האָט געזוכט
חטאים, געמאכט באשולדיגונגען, און אזוי ווייט איז דאָס אוועק, אז עס האָט
די צייטונג פארמיאוסט בא יעדן ראדיקאַלן פּערזאָן אין קאַליפאָרניע. ראבי־
נאָוויטש איז היינט ווייט אוועק פו זיעדן ראדיקאַלן געדאנק, האָט מער ניט
צו טאָן מיט דער גאנצער ראדיקאַלער באוועגונג פון וועלכער ער איז אליין
אמאָל אין קאנאדע געווען א הייסער אָנהענגער, און עד־היום, קען זיך די
„צייט" ניט שטעלן אַף אירע פים. זי לעבט ניט און שטארבט ניט. עס העלפט
ניט וואָס זי האָט געביטן די רעדאקטאָרן, געשלאָגן זיך „על־חטא" . . . געביטן
דעם נאָמן, און איז א שטיקל צייט ארוים אלס „דער שטערן", פריהער וועכנט־
לאך, דערנאָך טעגלאך און ראבינאָוויש איז ניט דער ארויסגעבער, דער אמת
איז, אז ניט י"ער נאָמען און ניט די נייע רעדאקטאָרן קענען „ראטעווען „די
צייט", כל־זמן אב. ראבינאָוויטש וועט האָבן מיט איר מגע־ומשא... די געשיכ־
טע האָט אים פאראורטיילט. עס זענען דאָ אין אנדערע שטעט קאָנסערוואַ־
טיווע צייטונגען, דער „זשורנאל", דער „אָדלער", „די וועלט" „דאָס אידישע
וואָרט" אָבער די אַלע צייטונגען האָבן א באציאונג צו אנשטאַלטן, צו דער
עפנטלאכער מיינונג, בא אב. ראבינאָוויטש קען מען דאָס ניט דערוואַרטן.

## יחזקאל וואַרטסמאַן — זשורנאַליסט

געבוירן אין 1878 אין זוואַניץ, פּאָדאָלסק, פּאָטער, א פאַרמעגלאַכער איד. דערצויגן געוואָרן — היימיש. שפּעטער געלערנט אין דער שווייץ, (א קורצע צייט אין שטראַסבורגער אוניווערסיטעט) טעכניק, פילאָזאָפיע און סאָציאָלאָגיע. געענדיקט אין באזעלער אוניווערסיטעט מיטן טיטול — דר. כעמיע. אָנגעהויבן שרייבן אין „יוד" ארום 1900. געשריבן אין רוסלאנד, גאליציע און רומעניע פאר אידישע צייטונגען. ארויסגעגעבן אין לאָנדאָן „די יודישע צוקונפט"; דערנאָך צוריקגעקומען אין ווארשא מיטן „זשורנאַל", נאָר צוליב א פרעס-פּראָצעס פארלאָזן רוסלאנד. אין אמעריקע פון 1907. ארויסגעגעבן א זאמל-בוך „אמעריקע"; אויך רעדאקטירט „דאָס אידישע פאָלק", מיטגעארבעט אין „קעמפּער".

געמאכט א פארזוך צו שאפן א פרעס אין אטלאנטא, דזשאָרדזשיא, „דער טעגליכער שטערן"; דער נאָך געווען איינער פון די רעדאקטאָרן אין „קענעדער אָדלער", און פון דאָרטן געפאָרן אין קאליפאָרניע, און ארויסגע-געבן „די קאליפאָרניע אידישע שטימע" צוויי יאָר צייט, אויפגעגעבן צוליב דער מלחמה, אין 1914 און צוריקגעפאָרן „איסט", געשריבן פארן „טאָג" א שטיקל צייט, און אין 1924 האָט אים „די צייט" געשיקט אף הוצאות, ער זאָל ווערן איר רעדאקטאָר. נאָר וואָרטסמאן האָט זיך מיט די בעלי-בתים ניט געקענט פארשטענדיקן, איז ער אנשטאט צו ווערן זייער רעדאקטאָר גע-וואָרן אליין דער ארויסגעבער און רעדאקטאָר פון דער „קאליפאָרניער אידישע שטימע צום צווייטן מאָל. די צייטונג איז ציוניסטיש, ווי איר רעדאקטאָר. די לאָקאלע מיטארבעטער זענען געווען דאָליצקי, ניסנעט, און ח. שמערלער, דער לעצטער איז היינט „סיטי עדיטאָר".



יעקב גינזבורג

### די קאָאפּעראַטיווע פרעס

די פאסיפישע קאָאפעראטיווע פרעס איז איינע פון די איננסטע אָרגאַני-זאציעס אין דער ארבעטער באוועגונג. אינגאנצען ציילט די דאָזיקע אינסטי-טוציע ערשט פינף יאָר, און דאָך האָט זי אונטער זיך שוין א פארגאנגענהייט, און איצט, בא דער געלעגנהייט, ווען עס ווערט געשריבן וועגן די פארשיי-ענע אידישע אינסטיטוציעס אין ל. א. איז זיכער אויך אינטערעסאנט צו דערציילן, ווי אזוי עס איז אנטשטאנען די קאָאפעראטיווע פרעס.

לאָס אנגעלעס האָט זיך אין די לעצטע עטלאכע יאָר אזוי צעבליט און צעוואקסן, די אידישע באפעלקערונג האָט זיך יעדן יאָר מער ווי פארטאָפּלט,

און מיט דער אידישער באפעלקערונג זענען דאָ אויסגעוואקסן פארשיידענע אנשטאלטן, ווי דער אידישער סאנאטאָריום, ד י „עקס פּיישעטנס“, ארבעטער רינג ברענטשעס, א סאָציאַליסטישער פארבאנד, א. ד. ג. די אַלע אָרגאני־ זאציעס דארפן אָפט קאָמוניקירן איינע מיט די אנדערע, אַלע דארפן אָן אָרגאַן, אַלע טוען נט־עלשאפטלאכע ארבעט, דארפן קאָאָפּערירן, ווילן לאָזן הערן פון זיך„ און דאָ איז נויאָרק אזוי ווייט, און צייטונגען גיט נויאָרק ארויס קודם פאר זיך אליין, און אז מען שרייבט אמאָל עפּעס וועגן לאָס אנגעלעס, נעמט א וואָך ביז מען דערלעבט עס צו זען פון דרוק.

דאָס האָט געפירט די היגע ראדיקאלן דאָ צו דעם געדאנק, אז עס וואָלט זיכער געווען א גוטע זאך, ווען מען זאָל דאָ קענען אויפבויען א לאָקאַלע ראדיקאַלע אידישע פּרעס. כדי צו האָבן א פּרעס דארף מען דאָך האָבן א אי־ דישע דרוקעריי, און די ראדיקאלן, פּיטער קאהן, י. לעוויט, יעקב גינזבורג, דר. ה. לעוויטאָן, ב. קאָהן, אהרן און חיים שאפּיראָ, ל. האָפמאן, מייערס, סעם טאָק, י. הערמאן, י. יאפע, י. פרידלאנד, אינייניעם מיט א סך אנדערע, האָבן געגרינדעט די פּאסיפישע קאָ־אָפּעראטיווע פּרעס און עס האָט אויס־ געוויזן, אז אלץ וועט זיין אין אָרדנונג.

די פּרעס איז געגרינדעט געוואָרן אף א קאָאָפּעראטיוון אופן, עס זע־ נען ארויסגעלאָזן געוואָרן „שערס“, מען האָט געעפענט א דרוקעריי, און מען איז צוגעטראָטן צו דער ארבעט ארויסצוגעבן פריער א פלוג־בלאט און דער־ נאָך טאקע א וואָכנבלאט, „די פּאסיפישע פאָלקס־צייטונג“.

דער פארוואלטער פון דער צייטונג, ווי פון דער דרוקעריי איז געווען דער ניט־לאנג־צוריק פארשטאָרבענער ראדיקאלער שריפטשטעלער יעקב גינזבורג, אן ערלאכער, אינטעליגענטער מענטש, און ער איז אגב אויך געווען דער ערשטער רעדאקטאָר. אָבער צום באדוירן זענען מיר נאָך ניט דערוואקסן צו דער שטופע, אז מיר זאָלן קענען אָפּשאצן איינעמס ארבעט, מעג ער זיין פּעאיק. היינט ווייסט מען, אז ווען מען לאָזט י. גינזבורג רעדאקטירן די צײ־ טונג — וואָלט ער סוף־כל סוף זי געווען ארויפגעארבעט.

אָבער אזוי ווי אין לאָס אנגעלעס זענען דאָ מער אינטעליגענטן ווי לעזער . . . און יעדער אינטעליגענט האָט שוין בא זיך אין יענער צייט געפּועל'ט, אז שרייבן? לאָזט אים! ער קען בעסער . . . האָט די קאָ־אָפּערא־ טיווע צייטונג געהאָט אין איין האלב יאָר, מער רעדאקטערע ווי לעזער, דזשאן קליין, ראדזשערס, יוסף קוצענאָגי, א. ראָגינסקי, אלע האָבן זיך געלערנט מאכן א צייטונג, און דער פּועל־יוצא איז געווען, מען האָט די צייטונג איינגער־ הייט דער'הרג'ט און די קאָ־אָפּעראטיווע איז אריין אין פינף טויזנט דאָלאר חובות, און ווען ניט יעקב גינזבורג, וועלכער האָט זיך ארומגעטראָגן מיט א שטילן חלום, אז עס וועט נאָך אמאָל קומען א צייט, די חובות וועלן אָפּגע־ באָלט ווערן, און די קאָ־אפּעראטיווע פּרעס וועט ווידער ארויסגעבן א צײ־ טונג, אָבער אָן אזוי פיל דעליטאנטישע רעדאקטאָרן, ווען ניט גינזבורג, וואָלט די קאָ־אָפּעראטיווע פּרעס שוין לאנג געווען זיך צוגעמאכט. דער פארשטאָר־

זעקס און ניינציק

צו די מאטעריאלען פון קרן־היסוד

ROBT. DOMINGUEZ
CITY CLERK

**City Clerk**
City of Los Angeles

Los Angeles, Cal.

Feb. 10, 1922.

Palestine Foundation Fund,
223 Consolidated Realty Bldg.
City.

601 (1922)
Gentlemen:-
At a meeting of the Council held this day, your invitation to the members of the Council to be present at a banquet to be given in honor of the International Commission at the Alexandria Hotel ball room, February 14, 1922, at 8 P.M. was accepted.

Respectfully, Robt Dominguez

City Clerk.

DMC

GEORGE E. CRYER
MAYOR

**CITY OF LOS ANGELES**
**CALIFORNIA**

EXECUTIVE
OFFICE

February 10, 1922.

Dr. H.P. Jacobson,
Keren Hayesod,
223 Consolidated Realty Bldg.,
Sixth and Hill Streets,
Los Angeles, California.

Dear Dr. Jacobson:

Mayor Cryer has requested me to acknowledge your communication, and also your very kind invitation delivered in person, and to say to you that he expects to be present and participate in the banquet to be given at the Alexandria Hotel on Tuesday evening, February 14th. It will not be possible for him to participate in the mass meeting on Wednesday evening following.

Yours sincerely,

H. H. Kinney

HHK/BP
Secretary to the Mayor.

# פראגרעס

די איינציגע אידישע צייטונג אויף דעם פאסיפישען ב

ngeles, San Francisco, July 16—1915—16 לאס אנדזשעלעס, סאן פראנציסקא, דזשולייי 16

## פאליטי

### איטאַליענס דורכ

פאר יעדען ניט פערבלענדע
אכטער . פון די מלחמה־פאסיר
היינטיגע וואך געבראכט נייע א
בעשטעטיגונגען דאס דער א
קריענס צוג איז געווען א מיאוסע
מ׳שטיקט נאך אין זיך דעם ב
מען טרייסט זיך נאך מיט קאל
אבער דער פאקט בלייבט א פא
האט זיך שוין אנגעהויבען צו איהב
נען אין רוהיג בעאורטיילען. צ
אונזער בעהויפטונג וועלען מיר ב
איטאליענס איינטריט אין קריג.

אין מיטען מאי ווען עס האט
געשטעלט דאס רוסלאנד האט
אלס רעטערין פון די פערבינדע
פילט, און די סכנה דאס די

## שליסט זיך אָן אין דער מחנה!

קומט און ווערט מיטגלידער פון דעם. נייעם געגרינדעטען פעראיין צו שטיצען די מלחמה קרבנות!

ניט פון קיין בעזונדער פארטיי און ניט פון קיין בעזונדער קלייזעל איז דיזער פעראיין געגרינדעט, נאר אלע אידען צוזאמען פון אלע קלא־סען און פארטייען האבען זיך צוזאמען פעראייניגט, כדי מיט אלגעמיינע כחות זעהן צו לינדערען די שרעקליכע יסורים פון אונזערע קרובים אין די מלחמה לענדער.

לייגט ניט אפ מעהר אויף א טאג, שליסט זיך גלייך אן אין אונזער גרויסער מחנה און העלפט ברייגנען שטיצע די אומגליקליכע.

קולות פון אלטע און קראנקע, קולות פון פערוואונדעטע און פער־הונגערטע, קולות פון יונגע און בליהענדע עופ׳עלעך דערטראגען זיך צו אונז:

**העלפט! העלפט! העלפט!**

מיט אויסקינפטע זיך ווענדען צום „פראָגרעס״. צום טרעזשורער דר. בלעס און צו די סעקרעטערע ה. ל. סעקס און חיים שפירא.

רישער אר
און לייגט
ערכטיגונג

## אידען

ער צייטונג
אידען פון
לאנד פער
רעגירונג.
שנט אוים
ועלבע די
ן אונטער
נדיג אויף
פירקולאר
צו שיקען

(צו דער געשיכטע פון דער אידישער פרעס אין קאליפארניע)

# OUR WORD
# אונזער וואָרט

| אידישע יוגענד פאר׳ן אידישען פאלק. | א פריי אידישע פאלק פאר א בפרייעטע מענשהייט. |
|---|---|

| אידישע קינדער פאר אידישע עלטערען. | אידישע אינטע־ליגענץ, פאר אידישע מאסען. |
|---|---|

{שול — אויסגאבע}

VOLUME 1. No. 1. JUNE 1st 1914 ISSUED EVERY MONTH LOS ANGELES, CAL.

(צו דער געשיכטע פון די נאצ. ראדיקאלע שולן אין קאליפארניע)



טעגליכע אידישע פאלקשול, אין 1922. אין איר אייגענע היים.



א. ר. שול אין צעלט, פאר דער שפאלטונג

בענער גינזבורג האָט ניט געצווינגן קיין שכירות, און נאָך צוגעטראָגן געלט פון קעשענע, ער אליין האָט ניט דערלעבט צו זען די קאָ־אָפּעראַטיווע אויף קיין דרך, אָבער די קריזיסן האָט ער זי אריבערגעפירט, און היינט-צו טאָג איז די קאָ־אָפּעראַטיווע פרעס אויף איר וועג צו ערפאָלג. די גאַנצע ראַדיקאַלע ארבעט פון סאַנאַטאָריום פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פון דער פאָלקשול, פון דימערסטע ארב. רינג ברענטשעס, צייטשריפטן, זשורנאַלן און ספּעציעלע אויסגאַבן ווערן געמאַכט אין דער קאָ־אָפּעראַטיווע פרעס. דער איצטיקער פאַרוואַלטער מ. פרענקל, איז א פאַכמאַן, דערצו טאַקע א פעאיקער געשעפטס־מאַן, און ער האָט די קאָ־אָפּעראַטיווע ארויסגעפירט פון אירע שולדן, און עס איז זיכער, אַז אין די קומענדיקע פינף יאָר, וועט די קאָ־אָפּעראַטיווע ניט נאָר זיין א גוט־גייענדיקעס געשעפט, נאָר זי וועט זיכער זיין בכח צו פאַר־ווירקלאַכן איר אריגינאַלן פּלאַן, צו שאַפן א לאָקאַלע שריפט פאַר אַלע אידיש־ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס אין ל. א. ערשט די טעג האָט די קאָ־אָפּערטיווע פאַרגערסערט איר פּלאַץ, צוגעבויעט נאָך אַן אפּטיילונג, און וועט איצט בכח זיין ארויסצוגעבן דרוק־ארבעט נאָך פּינקטלאַכער און ביליקער ווי ביז איצט.

דערצו דאַרף מען גערדיינקען, אַז די קאָ־אָפּעראַטיווע איז פאָרט ניט קיין פּריוואַטע געשעפט, נאָר אַז די פירער פון דער אידישער ראַדיקאַלער באַוועגונג זענען פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר דער דרוקעריי. אַלץ ווערט געמאַכט אונטער שטרייִנגע יוניאָן באַדינגונגען, און זאָל די קאָ־אָפּעראַטיווע גע־קרוינט ווערן מיט ערפאָלג, וועט דאָס זיין דער ערפאָלג פון דער ראַדיקאַלער אידישער באַוועגונג אין קאַליפאָרניע.

## די קאַל. אידישע שטימע

די „קאַליפאָרניע אידישע שטימע“, איז אַלט א יאָר מיט פיר חדשים. דר. וואַרטסמאַן איז מיט אַכט יאָר שפּעטער צוריקגעקומען קיין קאַליפאַרניע, און זיך ארומגעזען, אַז ער האָט פאַרנאַכלעסיקט א גוטע געלעגנהייט פאַר עטאַבלירן א גוט געשעפט. ער האָט פאַראינטערעסירט (ניט מיט געלט. מען האָט צוגעזאָגט, אָבער ניט געגעבן...) עטלאַכע אידן מיט נעמען, ווי פּיטער מ. קאַהן, לואיס האַמבורגער, און אַנדערע, ארויפגעשטעלט זייערע נעמען אַלס הסכמה אויף ז ין צווייטער אויפלאַגע פון „קאַליפאָרניער אידישער שטימע“ און ער האָט אין מאַי, 1924 ווידער אָנגעהויבן ארויסגעבן די צייטונג אַלס וועכנטלאַכע. ער איז א שטיק צייט אַליין געווען דער ארויסגעבער, (די נעמען מיינען גאָרניט.) דער רעדאַקטאָר, נייעס־שרייבער, פאַרוואַלטער, אַנאָנסן־זאַמלער, קאָלעקטאָר, און געהאַט צו קעמפן מיט דער „צייט“, און צו רייסן זיך מיט די „אינגע“, צו זידלען די רעכטע, די לינקע, אָבער קרעדיט קומט אים. ער האַלט שטאַט. ער שטייט, און גיט ניט אויף. זיינע באַשטענדיקע מיט־ארבעטער זענען, א. קליין, א וואַשינגטאָנער קאָרעספּאָנדענט, י. ל. קאַלושינער, פּיין טווערסקי, און לעצטענס איז ח. שמערלער זיין געהילפס רעדאַקטאָר. שמערלער מאַכט די נייעס, און האָט אויך א שטיק צייט געשריבן יעדע

וואָך אַן אַרטיקל. פון צייט צו צייט האָט אויך געשריבן דוד גיסנעט, און אייניקע אַנדערע. חוץ גיסנעטן איז אָבער מיט דער „שטימע" קיינער פון די הינע שרייבער ניט פאַרבונדן. דער רעדאַקטאָר פון דער „שטימע" באַ־ציעט זיך צו זיי אַלעמען ווי צו אָנפאַנגער, כאָטש אין דער אמת'ן פאַרמאָגט קאַליפאָרניע אַ באַדייטענדיקע צאָל טאַלאַנטען, ווי שין מילער, יאָרנלאַנג געווען אַ מיטאַרבעטער אין „קליוולאַנדער אידישע וועלט"", און וועלכער האָט אויך מיט עטלאַכע יאָר צוריק אַרויסגעלאָזן אַ בוך דערציילונגען. יצחק האָראָוויץ, דער רעדאַקטאָר פון „מערב", (זע ביאָגראַפיע פון יצחק האָראָוויץ) און אַ סך אַנדערע.

בנוגע פרעס האַלט קאַליפאָרניע נאָך אַלץ באַ דעם אָנהויב, און ווער ווייסט וויפיל נאָך אָנהויבן עס וועלן דאָ געמאַכט ווערן אַף דעם דאָזיקן פעלד באַ דעם פּאַסיפיס.

## גרופּע „אַרבעטער פריינט"

אַרויסגערופן האָט צום לעבן די גרופּע „אַרבייטער פריינט" דאָס וואָס כאָטש עס זענען דאָ געווען פאַרשיידענע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס, האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז עס פעלט אַ געוויסע באַשטימטע קערפּער־שאַפט, וועלכע זאָל זיך אָפּגעבן מאַט פּאַרטייידיקונגס אַרבעט, אַזוי צום ביי־שפּיל האָט דאָ אין יענער צייט פּאַסירט די קאַפּלאַן שמיט אַפערע, און עס האָט זיך נעפאָדערט, אַז עס זאָל אָרגאַניזירט ווערן אַ שטאַרקע פּאַרטייידיקונג, וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט אַלע יעניקע, וואָס וועלן געכאַפּט ווערן אין נעץ, און וועלן מוזן פּאַרטייידיקט ווערן.

געגרינדעט אין 1916־17, יאַפּע, לעווין, לערנער, פרוי לערנער, איזי־נאָר, סאַמעט, מאַקאָווסקי, און י. פאַרבער. זיצונגען פלעגן געהאַלטן ווערן אַף מעין סט. אויפגאַבע: צו פאַרשרייטן אַנאַרכיסטישע ליטעראַטור, און אָנ־פירן ראַדיקאַלע טעטיקייטן. שפּעטער זענען צוגעקומען אַנדערע, מייערס, גרישאַ טאָקער און זיין פרוי, און עס איז געגרינדעט געוואָרן בר. 512 א. ר. ערשטער סעקרעטאַר י. פאַרבער. ווען דער באָלשעוויזם האָט דורכגעדרונגען דעם דערמאָנטן ברענטש, האָבן זיך די מערסטע פון די גרינדער אָפּגעטיילט אין אַ באַזונדערן ברענטש, (413) און זיי זענען דער קראָפּאָטקין ברענטש, וועלכער גיט זיך אויך איצט אָפּ מיט פאַרשפּרייטן די אַנאַרכיסטישע צייט־שריפטן און ליטעראַטור אין ל. א.

די שפּאַלטונג איז געווען אונפאַרמיידלאַך, מחמת אַלס אַנאַרכיסטן, גלויבן דאָך די אַלע אין פרייהייט פון געדאַנק און וואָרט, א. ד. ג. אַזוי ווי אָבער די קאָמוניסטן האָבן דורכאויס געזוכט צו באַצווינגן די אַלע וועלכע זענען ניט מסכים געווען מיט זיי, האָבן די גרינדער געפילט, אַז פאַר זיי איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג, ווי זיך אָפּצוטיילן, און זינט דעמאָלט עקזיס־טירט טאַקע דער איצטיקער „קראָפּאָטקין ליטעראַטור געזעלשאַפט ברענטש 413" אַף די אייגענע יסודות, אַף וועלכע מען האָט זיך געגרינדעט.

## שובערט מאנדאלין קלוב

איינער פון די ווינציקע אָרגאניזאציעס, וועלכע לאָזן זיך ניט באַאיינפלוסן פון קיינע איזמוסן, נאָר א ריין מוזיקאלישע אָרגאניזאציע, גיט זיך אָפּ מיט איינשטודירן און שפילן די בעסטע מוזיקאלישע קאָמפּאָזיציעס, פון שובערט, מאָצארט א. ד. ג.

דער פירער פון מאנדאָלין אָרקעסטער איז דוד העיז, רעפעטיציעס ווערן געמאכט יעדן מאָנטיק אָוונט אין דער י. מ. ה. א., מישיגאן און סאָטאָ. וועגן אויסקינפטע קען מען זיך ווענדן צו ראָז קושנער, 229 נ. סאָטאָ. דורך טעלעפאָן: אנגעלוס 2680.

דוד העיז.

## די שנאָרער

אין 1919 האָט ל. א. פארמאָגט א אידישע געזעלשאפט פאר קולטור־טעטיקייט: „די שנאָרער“. די גרינדער זענען געווען: ווילענטשיק, מייערסע, פרידלאנד און דזשאָנסאָן. דער לעצטער איז געווען א מערקווירדיקער מענטש, וועלכער קאָן נאָך עד היום ניט פארגעסן ווערן פאר זיין ערנסטקייט און אויפריכטיקייט.

די „שנאָרער“ זענען געווען א געזינדל, וועלכע האָבן געזוכט אויפצוהאלטן א קינסטלעריש ווינקל, ריין פון פארטייאלאכקייט, יעדער איינער האָט געקענט זיין א פארטיי מענטש ערגעץ, נאָר ווען ער איז געקומען צו דער „שנאָרער“ געזעלשאפט, האָט ער געדארפט לאָזן זיין פארטייאלאכקייט פון דרויסן. . . זיי האָבן אין דער מלחמה־צייט געשאפן גרויסע סומען פאר די אידישע שרייבער אין רוסלאנד, האָבן אויך אָנגעפירט לעקציעס וועגן ליטעראטור, און געגעבן דעם אידישן עולם מער ווי איין אינטערעסאנטן אָוונט.

מיט דעם אונטערגאנג פון „אידישן אינסטיטוט“ זענען אויך אָפּגעשטאָרבן די „שנאָרער“.

## „דער שרייבער קלוב“

דער ערשטער שרייבער קלוב איז דאָ געגרינדעט געוואָרן מיט פיר יאָר צוריק. עס זענען שוין דענצמאָל דאָ געווען א גרויסע צאָל אידישע שרייבער, וועלכע האָבן געזוכט צו שאפן א לאָקאלע פּעריאָדישע שריפט, און מען האָט געפילט, אז פאר אלעמען דארף מען פאראייניקן אלע היגע שרייבער. דער ערשטער פּאָרזיצענדער איז געווען יעקב גינזבורג. די הויפט טוער, מאַלאמוט, פרידלאנד, בערמאן, און רויזנבלאט. דער לעצטער האָט אָבער באלד, צוליב פערזענלאכע סבות ניט געקענט זיך באטייליקן.

### „גרינער פראַש“

נאָך א יאָר פּלאַנעווען איז דער „שרייבער־קלוב רעאָרגאַניזירט גע־וואָרן און עס איז געוואָרן פון אים א „גרינער פראַש“. דער נייער נאָמען האָט אין אָנהויב צוגעצויגן נייע פּנים'ער, אָבער נאָך א פּאָר קליינע אונטערנע־מונגען, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אויך דער נייער נאָמען האָט די אידישע שרייבער ניט פאראייניקט.

### „גרופּע מערב“

אין יאנואר, 1924 האָבן זיך די אינגע דיכטער אָפּגעטיילט, און אין א פּריוואַט הויז, בא א זיצונג געגרינדעט די גרופּע „מערב“. דער הויפּט טוער זייערער איז געווען דער היינט־פּאָפּולארער דיכטער שלמה י. בעלסקי. די מיט־גלידער: עסעלין, פרידלאַנד, קודלי, שפרה וויים, ברמאַן, ראשעל, ס. סעמיאַק, ז. בונין איידא טילים און אנדערע.

בעת זיי האָבן אָנגעהויבן רעדן פון א זאמל־בוך, איז אויך צוגעשטאַנען דער דיכטער ה. רויזנבלאַט און נאָך אייניקע.

צו זייער גליק איז אָנגעקומען דער דיכטער פּרץ הירשביין, און נאָכ־דעם, ווי די גרופּע האָט דורכגעפירט מיט אים א שיינעם אָוונט, איז געבליבן א היפּשע סומע אין קאַסע פון „מערב“, פאר אן אָנהויב צוצוטרעטן צו דער ארויסגעבונג פון א זאמלבוך מיט דעם אייגענעם נאָמען.

„מערב“ האָט באוויזן אז עס איז דאָ א חשק בא די היגע טאַלאַנט־פולע דיכטער צו שאַפן א ליטעראַרישע שריפט ארום דעם פּאַסיפישן ברעג. דער זשורנאַל האָט געזאָלט ארויסגיין אַלע דריי חדשים. אין דעם ערשטן העפט האָט מען שוין געמוזט מאכן קאָמפּראָמיסן און אויך דרוקן זאכן פון קנאַפּ ליטעראַרישן ווערט איניינעם מיט רויזנבלאַט, עסעלין, בעלסקי און אנדערע. מער ווי איין העפט איז ניט דערשינען, און דערמיט האָט זיך לע"ע געענדיקט דער ערשטער יאָר „מערב“.

### „זונלאַנד“

גרינדער י. ל. מאלאמוט, י. קוצענאָגי, און י. פרידלאַנד, אין מערץ 1925 מיט דעם ציל, צו שאַפן דאָ א קליינע חודש־שריפט. אין אָנהויב האָבן די קאַלעגן ניט געוואָלט שלום מאכן מיטן געדאַנק, אז „מערב“ וועט מען ניט דערשיינען היינטיקס יאָר, און אז זיין אָרט מוז פארנעמען אן אנדער שריפט. צוגעשטאַנען זענען נאָר עסעלין, בעלסקי, ריינין און איניינעם מיט די דער־מאָנטע גרינדער איז אין אַפּריל גלייך ארוים דאָס העפט איינס. זער ניט געראָטן, ניט דער פאָרמאַט, ניט דער אינהאַלט. „שונאים“ (אַלע אידישע שרייבער, צום באדויערן, ווערן זיך דאָ שונאים, אויס קנאה און אָפּט טאקע איז דאָס שנאת חנם...) האָבן זיך געפרייט: ניט געראָטן... וועט ניט אָנגיין... געבוירן געוואָרן טויט... אָבער מען האָט געקויפט און געליינט.

מען איז צוגעטראָטן צום צווייטן העפט, אָבער מען האָט זיך גערעכנט מיט די אלע מיינונגען, וועגן דעם פאָרמאט, וועגן אינהאלט, און עס איז אויך געבליבן פון העפט איינס געננוג געלט, צו פארגרעסערן דאָס צווייטע העפט. נאָך איידער דאָס ערשטע העפט איז רעצענזירט געוואָרן אין דער פרעס, איז שוין געווען א מאי־נומער.

א סך גראָטענער, שענער, לייטישער, אָבער . . . מיט איין חסרון :
א קאָלעגע פון רעדאקציע האָט זיך „אָפּגערעכנט" מיטן רעדאקטאָר פון „מערב" און אויך מיטן רעדאקטאָר פון ק. א. ש. און דאָס האָט עטלאכע מעטשן באפרידיקט, אָבער די מערסטע קאָלעגען וויי־געטון. דאָס ערשטע העפט איז געווען רעדאקטירט פון די דערמאָנטע גרינדער. דאָס צווייטע העפט פון י. ל. מאלאמוט און י. קיץ. דער לעצטער האָט אָבער פלוצלונג אָנ־געהויבן זען, אז די שריפט איז מער ניט נויטיק. (קיין אורזאכן זענען ניט געווען) און געפאָדערט, מען זאָל אויפהערן ארויסגעבן די שריפט, אָדער מען זאָל אים ארויסצאָלן פאר זיין טרחה . . .

מען האָט אים ארויסגעצאָלט, און ער באטייליקט זיך מער ניט.

פרידלאנד און מאלאמוט האָבן דערנאָך פאָרטגעזעצט די שריפט רעגלמעסיק, ביז פרידלאנד האָט איינגעזען, אז אויב „זונלאנד" ווערט ארויס־געגעבן רעגלמעסיק, פאָדערט זיך פון אים מער צייט, וויפיל ער קען אוועק־געבן, און ער האָט רעזיגנירט, בלייבענדיק דער אייגענער מיטארבעטער און פריינט, נאָר מאטעריאל ניט פאראינטערעסירט.

ניט קוקנדיק אף דעם, וואָס „זונלאנד" פאָדערט אזוי פיל ענערגיע און אויך קוראזש ארויסגעגעבן צו ווערן רעגלמעסיק, איז דער ערשטער פון די דריי גרינדער נאָך אלץ ניט מיד, און דאָס העפט ברייטערט זיך אויס, און מאכט פלאַץ פאר מער און מער מיטארבעטער, און מען דארף ניט לייקענען: „זונלאנד" באצאָלט שוין היינט מער ווי די ארויסגעבער האָבן ווען געחלומט. דאָס עקזיסטענץ פון „זשורנאל" איז פארזיכערט, ניט קוקנדיק אף דעם, וואָס מען האָט נאָך היינט בא קיינעם ניט גענומען קיין איינציקן דאָלער, חוץ דאָס געלט וואָס קומט אריין פון אנאָנסן, און צירקולאציע.

אין די ערשטע זעקס חדשים זענען ניט נאָר ארויס זעקס רעגלמעסיקע העפטן, נאָר אויך צוויי קינדער־ביכלאך, און אויך דער פארלאג האָט גוטע שאנסן צו וואקסן.



הערי שער

## די ארבעטער רינג שול

די שול איז געעפנט געוואָרן אין דער מאָדערן סקול געביידע, מיט צוויי טוצענד קינדער. ערשטער לערער, ה. גורמאן. די שול איז אָרגאניזירט געוואָרן נאָכדעם ווי עס איז געהאלטן געוואָרן א דיסטריקט קאָנפערענץ און דאָרטן איז באשלאָסן געוואָרן צו עפנען אן ארב. רינג שול. דער ערשטער קאָמיטעט איז באשטאנען פון ה. ניישטיין, הערי שער און י. פארבער. זיי זענען נאָך היינט אויך די אקטיוווסטע ארום דער שול. ניט אזוי גיך האָבן אלע מיטגלידער איינגעזען די וויכטיקייט פון דער שול. עס האָט גענומען חדשים לאנג, ביז אלע מיטגלידער האָבן צוגעשטימט.

דער באָדן פון דער שול איז געווען זייער גינסטיק, און גורמאן האָט אין דעם ערשטן יאָר אויפגעטון זייער פיל. דער געזאנג-לערער פון דער שול איז דער באקאנטער מוזיקער, יעקב וויינשטאָק, וועלכער האָט גרויסע פארדינסטן אַף דעם אידיש-מוזיקאלישן געביט אין ל. א. און וועלכער שטייט מיט דער שול-באוועגונג זינט דער ערשטער צייט פון איר געבוירן ווערן.

די ארב. רינג שול איז געוואקסן באלד פון אָנהויב. א חודש נאָך דער עפנונג האָט די שול שוין געהאָט פופציק קינדער, און אזוי ווי די שול איז ניט געווען אין אידישן צענטער, האָט מען אריבערגעצויגן אַף ברוקלין און דאָס האָט די שול נאָך מער פארגרעסערט.

דאָס שול-יאָר 1922-21 האָט זיך געעפנט מיט לעאָ ברזלי, און דורך די דריי יאָר וואָס די שול איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון ברזלי'ן האָט די שול זיך באפעסטיקט, און איז געוואָרן א פּערמאנענטע אינסטיטוציע. מיט א פּאָר חדשים צוריק האָט ברזלי רעזיגנירט, צוליב זיין אָפּפאָרן קיין נויאָרק. די גאנצע צייט וואָס ברזלי האָט געפירט די שול האָט געהערשט הארמאָניע און צופרידענהייט, ניט קוקענדיק אַף דעם, וואָס דער קאמף אין ארב. רינג צווישן די לינקע און רעכטע איז דאָ מער פארשארפט ווי אין אלע אנדערע שטעט.

אין הארבסט פון 1923 איז פאָרגעקומען די שפּאלטונג צווישן די לינקע מיטגלידער פון ארב. רינג מיט די רעכטע. די לינקע האָבן געעפנט א שול פאר זיך. עס מוז צוגעגעבן ווערן, אז דער שול-באוועגונג האָט דאָס קיין גוטס ניט געטון, אָבער פארפאלן. די לערער און די פארוואלטער לאָזן זיך קיינמאָל ניט פארפירן פון קיין פארטייליכקייט. זייער אויפגאבע איז צו דערציען די קינדער אפן בעסטן אופן, לויט דער אָנגעצייכנטער פּראָגראם פון די ארב. רינג שולן.

אין דער שול האָבן פארגאנגענעם יאָר געלערנט הונדערט פינף און צוואנציק קינדער, איינגעטיילט אין פינף קלאסן: ערשטער קלאס — אָנפאנ־גער, און לעצטער קלאס — קינדער, וועלכע זענען אין דער אמת'ן שוין יונגע בחורים און מיידלאך, וועלכע זענען דורכגעגאנגען א קורס אין ליטעראטור אין אלע אירע פאזן.

א סך איז אויפגעטון געוואָרן אף דעם געביט פון אידישער געשיכטע, און באזונדערס אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג. דער מוזיקער קלאס איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דעם ניט־לאנג פאר־שטאָרבענעם יעקב גינזבורג, איינער פון די טוער אין דער שול.

די פארוואלטונג פון דער שול זענען: העררי שער, פּרעזידענדער, ס. טאַק, פינאנס סעקרעטאר, אסתר אפטעקאר רעקאָרדינג סעקרעטאר. די שול־קאָמיסיע באשטייט פון פארטרעטער פון ארב. רינג־ברענטשעס, און פון דע־לעגאטן פון „סיטי און דיסטריקט" קאָמיטעט. ווי אלע א. ר. שולן שטייט אויך די היגע שול אין נאָנטער פארבינדונג מיט דער „עדיוקיישאָנעל קאָמיטע" פון ארב. רינג אין נויאָרק, וועלכער אנערקענט די היגע שול אלס איינע פון די בעסטע א. ר. שולן אין לאנד.

א יאָר האָט די שול געלערנט אין סינסינאַטי גאַס אין די קלוב צימרן פון דער סאָצ. פּארטיי, און היינטיקס יאָר, זינט עס איז פאר־טיק געוואָרן דער אידיש־סאָציאליסטישער צענטער, איז דאָס אויך געוואָרן די היים פון דער שול.

איצט איז די שול געשלאָסן פאר דעם זומער־סעזאָן, און צוליב ברזלים אָפּפאָרן איז לע"ע ניט באקאנט, ווער עס וועט זיין דער פירער פון דער ארבעטער־רינג שול אין דעם קומענדיקן יאָר. דער „בילדונגס קאָמיטעט" אין נויאָרק וועט געוויס באזאָרגן די היגע שול מיט א פאסיקן און פעאיקן לערער.

## די ארבעטער רינג שול פון די לינקע ברענטשעס

דאָס איז די אינגסטע שול אין אונ־זער שטאָט, געגרינדעט נאָך דער שפּאַלטונג אין 1923, 15טען סעפּט. די ברענטשעס, וועלכע האלטן אויס די שול זענען: 248 (ערשטער ברענטש אין ל. א.) 512, 643, און 655. די טוער זענען אין 248: ס. גלאָבערמאן, וו. ס. סיימאָנס, עלען, ראבינאָוויטש און סטריער. אין 512: ל. וויים, קאָמינ־קער (שול סעקרעטאר) פּאָרמאן, ווארשא און דזשאן קליין. אין 643 (לאָנג ביטש) פּאָדאָלסקי און פּאָל. אין 655 ־ ראָזנשטיין, בעטץ, קלאָפּערמאן, ברייער און בעקער. ערשטע לערערין: שרה צוקער. קלאסן זענען געפירט געוואָרן דריי מאָל א וואָך אין „ברוקלין־האָל", דעם ערשטן יאָר האָבן זיך

געלערנט נײַנציק קינדער אין פיר קלאסן. עס איז אויך אין יענער צייט גע־עפנט געוואָרן א שול אין האליוואוד, מיט דער איינגענע שרה צוקער, וועלכע האָט דאָרט געלערנט צוויי מאָל א וואָך, נאָר נאָך א יאָר לערנען האָט מען די שול אויפגעגעבן.

די שול־טוער: היטלמאן, דינסין, זאקהיים, דאנילאוו, קאמינקער און קלאפערמאן. אין ערשטן יאָר האָט די שול געהאט צוויי ארויסטריטן: חנוכה און פרילינג. צווייטער יאָר: לערער ווס. באום, און פריילין הענדלער. עס לערנען נאָנט צו הונדערט קינדער אין זעקס קלאסן. היינטיקס יאָר געפינט זיך די שול אין קאָ־אָפעראטיוון צענטער, די היים פון אלע לינקע אָרגאני־זאציעס אין לאָס אנגעלעס.

אויך היינטיגס יאָר זענען דורכגעפירט געוואָרן צוויי אונטערנעמונגען: א פרילינג־פעסט און א באַל געגעבן פון די עלטערן. עס גייען אויך אָן קלאסן דורך די זומער־חדשים. דער געזאנגס לערער איז ארקאדיא קויפמאן, א גע־ענדיקטער מוזיקער פון פעטערבורגער קאָנסערוואטאָריע. די שול האָט א „עלטערן פארזיין“ וועמענס אויפגאבע עס איז צו שטיצן די שול בא יעדער געלעגנהייט.

### קאָאָפעראטיווער צענטער

דער צענטער איז די אינגסטע אינ־סטיטוציע אין דער לינקער באוועגונג. איז געעפענט געוואָרן, יאנואר, 1925. די איינגענטימער זענען די מיטגלידער פון דער „קאָנסומערס ליג“. דער צענ־טער איז א דריי־שטאָקיגע געביידע, ווערט א זיבעציק טויזנט דאָלאר, און האָט אויך צוויי סטאָרס פארנומען איינע מיט דער קאָ־אָפעראטיווער בעקעריי. א צווייטע א בוכהאנדלונג. א גרויסער אָדיטאָריום, וואָס נעמט אריין טויזנט מענטשן, א קלענערע זאל, פלאץ פאר פינף הונדערט פערזאָן, קלאסן פאר דער לינקער שול, לאָקאלן פאר זיצונגען א. ד. ג. דאָרטן פארזאמלן זיך די קארפענטער, פיינטער. די „אינדעפענדענט אר. רינג ברענטשעס, (צוויי) און איינינקע לאַדזשען.

פארשטייט זיך, אז דאָס איז דער צענטער פון דער גאנצער לינקער באוועגונג. די שול, געזאנג־פאריין, די קאָנסומערס ליג, לינקע ארבעטער רינג ברענטשעס, מאנדאָלין־אָרקעסטאר, „יאָנג וואָרקערס ליג“, די „דזשונ־יאָרס“, און דער איד. לאָקאל „וואָרקערס־פארטי“.

## די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי

די קאָנסומערס קאָאָפּעראַטיווע ליג איז געגרינדעט געוואָרן אין 1918. גרינ־דער: ראַבינאָוויטש, קאָטלער, אַפּטיי־קאַר, מייקאָווסקי און קוק. א דאנק דעם יקרות אף ברויט אין יענער צייט איז געעפּענט געוואָרן א קאָאָפּעראַטי־ווע בעקעריי אף טעמפּל סט. און מען האָט דאַן פּארקויפט ביליגער ברויט. ערשטער פּאַרוואַלטער, קאָטלער (א יאָר צייט). צווייטער ס. פּאָרטער, דער דריטער: ס. פישער. די לעצטע דריי און האַלב יאָר איז זייער פּאַר־וואַלטער געווען ה. ל. סיימאָנס, וועמענס פּלאַץ עס האָט ניט לאַנג צוריק פאַר־נומען ה. דייוויס, פון פּיטסבורג. דער איצטיקער פּאַרוואַלטער איז אליין א בעקער, און פארשטייט גוט די עקנאָמיק אין דער פּראָדוצירונג פון ברויט. די בעקערי איז אונטער דעם איינפלוס און באַקומט מערסטענס די שטיצע פון דער גאַנצער לינקער באַוועגונג, און לעצטענס האָט זי אריינגעצויגן אין קאָאָפּעראַטיוון צענטער. אין דער בעקעריי איז אויך דאָ א קאָפּע־הויז, וואָס דינט פאַר א צענטער בא גלעזל קאָפּע נאָך אונטערנעמונגען און זיצונגען.

## אַרבעטער רינג „פרייהייט־געזאַנג פּאַריין".

עס זענען דאָ געווען אַלערליי גע־זאַנג־פאַריינען, און פּונקט ווי זיי קו־מען אַזוי גייען זיי. דער איצטיקער איז אַלט א יאָר און א האַלב. ער איז געגרינדעט געוואָרן אף דער איניצי־אַטיווע פון לינקען אקציאָנס־קאָמיטעט. הויפּט טוער: מרס. דר. קאָוועגאָקי, רו־בין, מרס. קאַמינקער (פין. סעק.) מרס קאָהן, (רעק. סעק.) אַליאָ בראַון, מרס. רובינשטיין, מרס. קלאַפּערמאַן. ערשטער סעקרעטאַר איז געווען מרס. פריי־דין. פּראָגראַם: אַרבעטער, רעוואָלוציאָנערע און פאָלקסלידער ווערן געשטו־דירט אין כאָר. ערשטער געזאַנגס־לערער: ברייער. איצטיקער לערער איז אַרקאַדיא קאופמאַן.

דער געזאַנג פאַריין טרעט אויף בא אַלע אונטערנעמונגען פון די לינ־קע אָרג. האָט זיך אויך באַטייליקט אין דעם ה. רויזנבלאַט־יובל, און געגעבן א קאָנצערט פאַר'ן סאַנאַטאָריום אין דוּאַרטי.

זיי האָבן אויך געגעבן איין קאָנצערט פאַר דעם געזאַנג־פאַריין און גע־צויגן איבער טויזנט צוהערער. די טעטיקייט פאַר דעם נייעם סעזאָן וועט זיך עפענען מאָנטיק אָוונט, סעפּט. 14טען מיט א קאָנצערט און ליטעראַרישן אָוונט אין קאָאָפּעראַטיוון צענטער. וועכנטלאַכע געזאַנג־פּראָבן וועלן זיין אָפענע, פאַר אַלעמען יעדן מאָנטיק.

## „פרייהייט־מאנדאָלין־אָרקעסטאַר"

עס ווערט די טעג א יאָר זינט די אָרגאנאניזאציע איז געגרינדעט גע־וואָרן. איניציאטיווע: לינקער אקציאָנס קאָמיטעט. טוער: בערנארד, הענד־לער, בערג און גערצל. עס ווערן געפירט צוויי קלאסן: אָנפאנגער־קלאס און א קלאס פאר אדוואנסירטע שילער. די טעג וועט דער מאנדאָלין־אָרקעסטאַר האָבן זיין ערשטן עפנטלאכן ארויסטריט.

## דר. נ. קאווינאָקי



נחום קאווינאָקי, געב. 1875 אין גראָדנאָ, באקומען א שטרענג רע־ליגיעזע דערציאונג. דער עלטער־זיידע איז געווען דער מחבר פון „קב ונקי" אף משניות, (פון דעם באקומען דעם נאָמען קאוו־ווינאָקי.) באַ־זוכט גראָדנער גימנאַזיום 1888 ביז 93. מעדיצין שטודירט אין קיעוו, געענדיקט אין 1898.

אין דער באוועגונג זינט 1892, געגרינדעט דעם ערשטן קרוזשאָק אין זיין שטאָט, און געהאָלפן פירן דעם סטרייק בא הירשל שערעשעווסקי אין טאבאק־פאבריק. שטודירט אקורצע צייט אין וויען גענומען א פּאָסט־גראדואייט קורס, אין 99טען אָפּגעפאָרען אין סמילאָוויטש, געארבעט דאָרט א יאָר און א האלב. צוריקגעפאָרן אין אויסלאנד, שטודירט אין בערלין און מינכען.

פון 1901 ביז 1905 געטון פּיאָנער־ארבעט אין סיביר, געווען דער מע־דיצינער אין דער ארמיי, און גלייכצייטיק געטון רעוואָלוציאָנערע ארבעט. געמוזט פארלאָזן און געקומען אין דייטשלאנד, און פון דאָרטן אין אמעריקע. ערשטע שטאָט — באָפאלאָ. דאָרט פראקטיצירט פון 1906 ביז 1919. טע־טיק געווען אין דער ס. ל. פּ. דאָרטן געהייראַט א טאָכטער פון באקאנטן גע־נאָסע ריינשטיין.

קיין שטרייינגער פּארטיי־מאַן איז ער קיינמאָל ניט געווען, ער איז אָבער תמיד פאר דער רעוואָלוציאָנערער און פּראָלעטארישער פראקציע אין דער סאָצ. באוועגונג. באלד נאָך דעליאָנס טויט, בא דער שפּאלטונג איז ער אריבער אין דער סאָצ. דעמ. באוועגונג, מיט דעם לינקן פליגל.

אלס מעדיצינער האָט ער אין באָפאלאָ אָרגאניזירט א אידיש־מעדיצי־נישן קלוב, „מיימאָנידוס", געזוכט צו שאַפן דאָרט א אידישן שפּיטאָל, (באָ־פאלאָ האָט נאָך עד־היום ניט קיין איד. שפּיטאָל.) אָרגאניזירט דאָרט פּאָפּו־לארע לעקציעס וועגן היגיענע א. ד. ג.

אין קאַליפאָרניע, זינט מאי 1919. באלד צוגעשטאנען צו דער סאנא־
טאָריום באוועגונג, געוואָרן דער א. ר. דאָקטאָר (אויך אין באָפאָלאָ געווען
דער א. ר. דר.) איז א סאנאטאָריום דירעקטאָר די גאנצע צייט, זינט דעם
קליניק אין קאספאר קאָהן האָספיטאַל איז ער אויך דאָרט טעטיק. אין 1922
געווען אין רוסלאנד אלס דעלעגאט פון דער אמעריקאנער רעליף, די גרעסטע
ארבעט האָט ער דורכגעפירט מיט זיין דרייוו פאר דעם „ראָשען פעמין רעליף“
און אכט חדשים צייט געשאפן איניינעם מיט די „פריינט פון סאָוועט רוס־
לאנד“ און מיט די „מאָלאָקאנצעם“ די סומע פון פופציק טויזנט דאָלער.

דר. קאוואנאָקי אלס פרעזידענט פון סאנאטאָריום זוכט צו פאראינ־
טערעסירן דעם רייכערן עלעמנט אין אונזער שטאָט פאר דעם סאנאטאָריום.

זיין שטיצע האלט ער קיינמאָל ניט אָפּ פון דער באוועגונג,
ווי די קאָאפעראטיווע בעקעריי, קאָאפעראטיווער צענטער, ארבעטער־רינג־
שול, און אויך די קאָאפעראטיווע פרעס האָט ער געשטיצט מיט דער פולער
האנט.



מאדאם קאָווינאָקי איז איינע
פון די פּאָפּולארסטע אידישע פרויען
אין ל. א. זי איז כסדר איבערגעגע־
בען מיט געזעלשאפטליכע ארבעט
אף פארשידענע געביטן.

נאדינא קאווינאָקי, שטיצט
תמיד אלע זיינע געזעלשאפטלא־
כע אונטערנעמונגען, געווען די סעקרע־
טארין אין דער „ראָשען פעמין רעליף“,
און איצט איז זי די מענעדזשער פון
דעם מעדיקאל דעפארטמענט בא דעם
„קאונסיל אָוו דזשואיש וואומען“, זי ה
אלט אויך פון צייט צו צייט פאָרטראגן
וועגן היגיענע, און ענלאכע פראגן.

## דער אָנהויב פון ליטעראַרישע געזעלשאַפטן אין ל. א.

אין 1911 איז דאָ געמאכט געוואָרן דער ערשטער פּאַרזוך צו גרינדען א אידישן געזאנגס־פאריין, עס איז שוין דאָ געווען מר. רובין און זיין פרוי, אניוטא אייבל, פרוי אפּטייקער, סיווער, דעוואָרקין, פיטלער, און די פרוי פון יהושע פּארבער, א שוועסטער פון דעם דיכטער מאָטיע חיים לונער, דער ערשטער רעדאקטאָר פון פּראָגרעס, א אידישע צייטונג אין לאָס אנגעלעס. (זע מ. ה. לונער, צו דער געשיכטע פון דער אידישער פרעס אין קאליפאָרניע.) און א קאָמיטעט פון דער דערמאָנטער גרופּע האָט זיך איינמאָל געווענדעט צו וויינשטאָק'ן און אים פאָרגעשלאָגן, אז ער זאָל מיט זיי גרינדען א געזאנגס־פאריין. פון דער גרופּע איז ארויסגעוואקסן דער „פּראָגרעסיווער מוזיקאלישער און דראמאטישער פאריין, וועלכער וויינשטאָק האָט אָנגעפירט פאר א לייננגערע צייט, און אלע זענען מודה, אז דער פאריין האָט געטון גוטע ארבעט. וואו נאָר עס איז געווען אן אונטנעמונג, האָט דער פאריין זיך באַ־טייליקט. אלע זיגגער האָבן פלייסיק געשטודירט נאָטן, און כאָטש מען איז געווען לויטער פּראָלעטריער און שווער געארבעט א גאנצן טאָג, איז מען גע־לאָפן צו פּראָבע, און מען האָט טאקע אויפגעטון א סך.

אביסל שפּעטער האָבן זיך איניקע געכאפּט, אז מיט לידער אליין קען מען ניט אלעמאָל אויספילן קיין אָוונט, איז געבליבן, אז מען דארף אויך אָנ־הויבן צו שטעלן קליינע פּיעסן. אניוטא אייבל, רובין, זענען געווען די פרי־מאַדאָנאַס פון יענער גאָלדענער צייט און מען האָט טאקע אזוי לאנג געשטעלט איין און צוויי־אקטערס, ביז עס זענען אויסגעוואקסן אנשטאלטן, און די אנ־שטאלטן האָבן זיך געגוויטיקט אין געלט, און כדי צו שאפן פאָנדן פאר דעם סאנאטאָריום, פאר דעם קאָנסומערס קאָ־אָפּעראטיווע ליג, פאר דער קאָ־אָפּעראטיווער פרעס האָט מען שוין אויך געשפּילט גאנצע פּיעסן פון דעם אי־דישן טעאטער רעפּערטואר. מען האָט געשפּילט, פארשטייט זיך, גאָרדין, אמאָל אויך פּינסקי, און אשן.

קרעדיט דארף דאָ געגעבן ווערן צו חיים שפּיראָ, וועלכער האָט זיך משתדל געווען בא דער „באָרד אָוו עדיוקיישאָן", און געפּועלט, אז מען זאָל ערלויבן אָנצופירן די דאָזיקע ארבעט פאר אידישער קולטור אין פּאָבליק שול. ער האָט דאָס אויך געפּועלט. אין דער קאָנרוועל סט. סקול האָט מען גע־לערנט, און געזונגען. די ראדיקאלע שול, פונקט ווי די מוזיקאלישע גרופּע האָט גע'בעלי־בתי'וועט א שטיק צייט אין סקול, ביז עס איז געקומען די מלחמה, און מען האָט אונטעדרגעטראָגן א מסירה'לע צו די „באָרד" אז די אויסלענדער זענען ניט נאָר ניט קיין פּאטריאָטן, נאָר טאקע רחמנא לצלן... און מען האָט געמוזט זיך ארויסציען פון דאָרטן.

מיט דער צייט זענען אָבער צוגעקומען נאָך מענטשן:



י. לעוואָוו

אין דעם צווייטן יאָר פון דער מלחמה איז אָנגעקומען א הער י. לעוואָוו, און טרעפענדיק דעם פּראָגרעסיוון קלוב, האָט ער זיך צוגעשלאָסן צו זיי, צו דער דראַמאַטישער סעקציע. פרוי לעוואָוו, וועלכע שפּילט נאָך איצט אויך בא א געלעגענהייט. פאַרשטייט זיך, האָט זיך אויך צוגעשלאָסן, און לעוואָוו האָט געוואָלט רעפאָרמען; ד. ה. אים איז ניט געפעלן וואָס מען שפּילט רק גאָרדין, און ער האָט אָנגעהויבן דערציילן דער גרופּע, אז ערגעץ אנדערש שפּילט מען הירשביין, מער ליטעראַטור ווי טעאַטער.

עס איז שוין דער שיקזאַל פון א פירער אזוי אין אַלע צייטן. ער טוט זיין ארבעט א שטיק צייט, ביז עס קומט א נייער מענטש, און ער געווינט אויך אָנהייגער... ממילא זענען אים נאָכגעגאַנגען עטלאַכע ליטעראַרישע מענטשן, און אניוטא אייבעל, פרוי לעוואָוו, סאָניא טאָקער, גרישא טאָקער, מאָריס בערשאדסקי, דניאל סיגאל, פרוי ראַדזשערס, (די היינטיקע אדעלא ראָדזשערס), שפרה ווייס, (די ערשטע סעקרעטארין פון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט) זיי האָבן זיך אָפּגעטיילט, און געגרינדעט א דראַמאַטישע געזעלשאַפט, א מין אָפּאָזיציע צו וויינשטאָקן.

מען האָט געשטעלט „די נבלה" פון פרץ הירשביין, (אין יענער צייט האָט מען מער ניט געשטעלט ווי „די נבלה") אין גאַמוט קלוב, און נאָך דער פאָרשטעלונג זענען צוזאַמענגעקומען א סך מיטגלידער.



עס איז צוגעקומען דער אידישער אקטיאָר מאָריס געפנער, היינט אין סאַן דיעגאָ, און מען האָט געשטעלט דוד פינסקים „יעקל דער שמיד", און אויך יעקב גינזבורגס א איין אקטער, און נאָך דעם ווי לעוואָוו האָט אָפּגעוועלטיקט א קורצע צייט, איז געפנער געוואָרן דער רעזשיסאָר. מען האָט געשפּילט בענעפיטן, ווידער פאַר דעם סאַנאַטאָריום, פאַר דער קאָנסומערס ליג, בעקריי און אויך פאַר דער פרעס.

אין א קורצער צייט ארום איז צוגעקומען יוסף שטיינבערג, דער איד, וועלכער האָט אויך א היפּשען חלק אין די אונטערנעמונגען פון אלע פּראָגרע־סיווע אָרגאניזאציעס. שטיינבערג, וועלכער לייענט אזוי שיין שלום עליכם, און ווענדראָף, ער האָט אויך צוגעטראָגן זיין חלק ארבעט, או ןנאָך עד־היום, איז גענוג צו בריינגען שטיינבערגן, אום אויפצוועקען דעם לאָס אנגעלעסער עולם. מען האָט געשטעלט אָסיפ דימאָוס „שמע ישראל“, און ווידער א בענעפיט, דאָס מאָל פאר דער „מאָדערן סקול“


י. לאוני ברזלי

דאָך האָט מען געפילט, אז אָן וויינשטאָקן איז די זאך ניט גאנץ, ווייל א כאָר פירן פארשטייט ווינ־שטאָק, און אין בינען טעכניק פאר־שטייט ער זיך אויך.

און נאָך פארשיידענע זיצונגען איז עס ווידער געקומען צו א פאר־אייניקונג. עס איז געגרינדעט גע־וואָרן א ליטעראריש־דראמאטישער פאריין, און ער איז איינגעטיילט געוואָרן אין סעקציעס.

ביז איצט האָט מען געדאַרפט צאָלן צווייערליי דירה־געלטן. די דראמאטישע גרופּע האָט געהאָט א זאַל אף ערשטע גאַס, דאָרטן האָבן זיי אויך געהאָט א קליינע בינע, און האָבן זיך געפילט גאנץ היימיש, נאָר מיט דעם גרויסן „בום“ האָט מען זיי מיטאמאָל געהעכערט די דירה־געלט אף אזוי פיל, אז זיי האָבן געמוזט אויפגעבן זייער עקשנות'דיקע אמביציע, און זיך ווי־דער פאראייניקען. עס האָט שוין אָבער ניט געאַרבעט. עס איז שוין געווען די צייט, ווען מען איז געגאנגען לינקס און רעכטס, און דער סוף איז געווען, אז געפנער איז אוועק מיט אקטיאָרן שפּילן טעאטער, און וויינשטאָק האָט געהאָט גענוג ארבעט ארום די פאָלק שולן, און ארבעטער רינג שולן, וואָס האָבן זיך געעפנט. לעוואָוו, און שטיינבערג — מיט זיי נאָך עטלאָכע ליטע־ראַרישע מענטשן האָבן זיך ווידער פארזאמעלט בא לעוואָוון אין הויז, און מען האָט באשלאָסן ארונטער צובריינגען א רעזשיסאָר פון נויאָרק.

אזוי באגייסטערט זענען אלע גע־ווען פאר דעם פּלאַן, אז מען האָט געזאמלט א פאָנד צווישן עטלאָכע פּערזאָן, און מען האָט געבראכט י. לאוני ברזלי. א פּערזאָן מיט אינ־טעליגענץ, א היפּש ביסל בינע קענ־טניש, און טאקע דערפארונג ארום דער בינע, און א שטיק צייט איז געווען א גרויסע שמחה בא דער גרופּע. מען האָט דערוואַרט דעם רעזשיסאָר. דער רעזשיסאָר איז געקומען, און מען האָט זיך טאקע פאַרמאָסטן מיט ערנסט, מיט כח; מען האָט געשטודירט וואָכן לאנג, און מען איז ארויסגעטראָטן מיט א ליטעראַרישער פּיעסע: עס איז געשטעלט גע־

וואָרן שלום אש׳ס „אונדזער גלויבן“ מיט ברזלין אין דער טיטול ראָל. אָבער די פיעסע איז פאַרט געווען צו שווער פאַר אמאטאָרן.

עס איז נאָך דערנאָך געמאכט געוואָרן א צווייטער פארזוך פון ברזלין, און ער האָט געשטעלט סטרינבערגס „פאָטער“, אָבער נאָך דער פאַר־שטעלונג, איז די דראמאטישע סעקציע אינגאנצען צעבראָכן געוואָרן.

די אונטערשטע שורה: היינט צו טאָג האָבן מיר ווידער ניט קיין דראמאטישן פאראיין אין אונדזער שטאָט.



## פיליפ שטיין

מען וועט ניט קענען שרייבן די גע־שיכטע פון די אידן אין לאָס אנגעלעס פון אָנהויב פון צוואנציקסטן יאָרהונ־דערט, און מען זאָל זיך ניט אָנטרעפן אלעמאָל אף דעם נאָמען „פיליפ שטיין“. געבוירן אין ווישקאָוו, ווארשאווער גו־בערני אין 1870 אין א חסידיש הויז. געלערנט ביז עלף, דערנאָך אין מאקאָ־ווער ישיבה, ביז פופצען. געוואָרן דערנאָך א העברעאישער לערער, אין אָנגעקומען אין אמאהא נעב. געפעדלט א שטיקל צייט, באלד געוואָרן אן אינשורענס־אגענט, זיך ארייננגעוואָרפן אין געזעלשאפטלאכער ארבעט, גע־ווען פרעז. „ביה“מד הגדול“, בארד אָוו דירעקטאָר פון דער פעדערייישאָן, אין 1908 איז ער שוין טעטיק אין ל. א. דאָס גאנצע אידישע לעבן האָט דאן פארמאָגט דאָ: אָליוו סט. שול, ראָז סט. ת"ת, א גמ"ח און א ברית־אברהם לאָדזש. פיליפ שטיין האָט אָבער צוגעזען, ווי אזוי מען איז זיך באגאנגען מיט אידישע מתים, ווי מען האָט זיי מקבר געווען אף ניט־אידישע בית־עלמין׳ס ווי די גופים פלעגן ניט ווערן אין די מאָרגס, מען האָט זיי גענומען צו עקספערמענטירן מיט זיי אין די שפיטאָלן, דאָס אלעס האָט שטיין געהאָלפן אָפשאפן. אין דעם אייגענעם יאָר האָט ער געגרינדעט די „אגודת־אחים“ שול, אף סענטראל עוו. און אויך די חסד־של אמת. אזוי ווייט זענען מענטשן גע־ווען פאראינטערעסירט אז מען זאָל אָרעמע לייט געבן א אידישע לויה, אז ווען אין א קורצער צייט ארום איז געשטאָרבן א געוויסער קאָהן, איז צו דער לויה בא דער חסד של אמת געקומען א האלבע שטאָט. אף דער לויה האָט שטיין געשאפן עטלאכע הונדערט דאָלער.

אף ימים־נוראים האָט ער געדונגען א האָל, וואשינגטאָן און סענטראל, געדאוונט א „בענעפיט“ פאַר דעם חסד־של אמת און אויך פאַר דער נייער אגודת־אחים שול. חו"המ סוכות איז געווען א מאסנפארזאמלונג און מען האָט געוועלט בעאמטע: פרעזידענט, נ. זאקס; וויים פרעז. הערי וויינער;

סעקרעטאר, בראנדמאן; טרעזשורער ה. קאהן. טראסטיעס: צדוק רייכלין, ל. שניידער, מ. שווארץ, און סופעראינטענדענט איז געווארן פיליפ שטיין. דערנאך איז ארגאניזירט געווארן א ליידים עקזילערי פאר דער חסד של אמת, מרס. קאפלאן, פרעז., מרס. קאוואלסקי, סעק., מרס. דזשייקאבסאן, טרעזשורער, און אין א קורצער צייט ארום האט די עקזילערי געהאט איבער פינף הונדערט מיטגלידער.

דעם אייגענעם ווינטער איז געווען א לויה פון א טעטיקע מיטגלידערין און עס איז יענעם טאג געקויפט געווארן אן אייגנער טויטן-וואגן, דערציילט פיליפ שטיין, אז נאכט פריער איז דער שילדנמאלער לחלוטין ניט געשלאפן, א גאנצע נאכט האט ער געארבעט, מאכנדיק דעם אויפשריפט אז דעם וואגן, און די לויה איז דעמאנסטראטיוו געגאנגען דורך מעין סטריט, צו ווייזן, אז לאס אנגעלעסער אידישע טויטע זענען מער שוין ניט הפקר, און אויב די יאהודים פון די צוויי קאנגרעגיישאנס האבן ניט געפונען פאר נויטיק זיך אפצוגעבן מיט ארעמע טויטע, זענען שוין איצט דא נייע, רוסישע אידן אין ל. א. און זיי באגראבן אידישע ארעמע לייט בכבודיק און לויט דער אידישער טראדיציע. אף יענער לויה איז געשאפן געווארן א גרויסע סומע, און עס איז דערנאך געקויפט געווארן פון די מייסאנס פינף אקער ערד אף קרקע. סופעראינטענדענט איז געווען ל. שניידער, נאר אזוי ווי עס האט זיך געפאדערט א אינגער מענטש, און לואיס גלאזבאנד איז טוין געווען טעטיק אין דער אידישער גאס, האט שטיין אים געשיקט רופן צו זיך, און אים איבערגעגעבן די פירערשאפט, שטיין האט זיך צוריקגעצויגן צוליב פערזענלאכע געשעפטן, וואס האבן געפאדערט זיין גאנצע צייט, און זינט דאן, דערקלערט פ. שטיין, האט גלאזבאנד געטון מער ווי זיין פליכט, און געבראכט די חסד-של אמתצו דער העכסטער שטופע, וואס א אידישע געזעלשאפט פון דעם מין קען קען געבראכט ווערן.

זאגן אבער, אז מיט דעם האט זיך געענדיקט שטיינס טעטיקייט איז גארניט געזאגט. אין ציוניזם, אין קרן היסוד, אין הכנסת-אורחים, אין דער פעדערייישאן, קורץ אין אלע אידישע ענינים האט שטיין א גרויסן חלק, און אף דער עלטער האט ער זיך פארגענומען איינע פון די שענסטע זאכן, און דאס איז צו פאראייניקן אלע ת"ת אין ל. א. און וועט זיך אים דאס איינגעבן, וועט דאס זיין איינע פון די גרעסטע נסים אין לאס אנגעלעס.

### טשארלס ביווער

דער איצטיקער פרעזידענט פון הכנסת-אורחים, געבוירן אין סינסינאטי אין 1866. דער פאטער איז געווען א פארמער. טשארלס האט באקומען א אידישע דערציאונג, א סוחר זינט 22 יאר אלט. אין קאליפארניע פאר די לעצטע 28 יאר. געווען דריי יאר אין סאנפראנציסקא, נאר גלייך נאך דער ערד-ציטערניש און דעם פייער, וואו ערהאט פארלוירן דאס פארמעגן, איז ער

געקומען אין ל. א. געפעדעלט, דערנאָך געעפנט א שניידער־שאָפּ, און אין 1913, ווען א. לוץ איז געקומען אהער פון דענוועד, האָבן זיי ביידע געעפנט „די וועסטערן אייראָן ענד מעטאל קאָ." און זענען אָפּגעשטאַנען אין 1625 נ. מעין, ביז הײנטיקס יאָר, ווען זיי האָבן די „ביזנעס" פארצענפאַכט, און שטייען איצט אף 26טע און סאנטע פע.

בא די הכנסת־אורחים איז ביוועד איינער פון די ערשטע מיטגלידער, אָבער ער גיט דעם גאנצן קרעדיט צו סיימאָן לואיס, וועלכער האָט דעם אנ־שטאלט אוועקגעשטעלט אף א זיכערן יסוד, אז אלע פרעזידענטן קענן איצט אָנפירן דעם אנשטאלט ערפאָלגרייך.

ביוועד גיט אויך קרעדיט צו א. האָראָוויץ, דער פרעזידענט פאר אים, אין וועמענס צייט עס איז פארענדיקט געוואָרן די גרויסע, נייע בילדינג.

ביוועד איז א מיטגליד אין אלע היגע אנשטאלטן, און ווען מען זאָל צו אים ניט קומען אין געשעפט אריין, נעמט ער אויף יעדען כלל־טוער גאנץ ווארם און רופט זיך אָפּ שיין, ווען עס האנדעלט זיך אום א וויכטיקן ענין.



## סיימאָן לואיס

געבוירן אין רוסיש־פוילן, לעבן וואָלקאָ־וויסק, אין 1880. דער פאָטער איז געווע א סוחר. געלערנט ביז 14 יאָר אין א חדר, דערנאָך אויך אין א ישיבה. אָנגעהויבן ארבעטן גאנץ אינג, בא א דעקאָראַטאָר, און 1895 אָנגעקומען אין נויאָרק. דערווייל האָט ער אין דער היים פארלוירן די מוטער, געמוזט זען אריבערברענגען די אינגערע קינ־דער קיין אמעריקע.

אין 1902 אָנגעקומען אין לאָס אנגעלעס.

לואיסעס ביאָגראפיע זינט יענער צייט, איז ענג פארבונדען מיט דער אנטוויקלונג פון דער אידישער לאָס אנגעלעס. אין יענער צייט איז ער גע־ווען א ראדיקאלער מענטש. א מיטגליד פון דעם ערשטן ברענטש (248) נאָר דאָס וואָס די ראדיקאלן אין יענער צייט זענען געגאנגען ביז צו דעם עקסטרעם, האָט לואיסן ביסלאכווייז אָפּגעטיילט אין אנאנדער לאגער. ער איז געוואָרן דער סעקרעטאַר פון דער ערשטער ציוניסטישער אָרגאניזאציע: צעירי־ציון, (דער ערשטער בוך מיט אדרעסן פון יענער צייט געפינט זיך נאָך בא אים איצט אויך.) לואיס באזיצט אן אויסערגעוויינטלאכע מאָס פון ענער־גיע, און איינפלוס, און א דאנק דעם האָט ער זיך גלייך אין אָנהויב פאראינ־טערעסירט מיט דעם שיקזאל פון די עלענדע און פרעמדע, וואָס דאָס האָט געפירט צו דער גרינדונג פון דעם „הכנסת־אורחים ובית־מושב זקנים, פון

וועלכן עס איז שפּעטער ארויסגעוואקסן די איצטיקע שיינע „היברו־שעלטערינג ענד האום פאר טהי אייגדזש". איינס איז זיכער, אז לואיס האָט אין דעם א גרויסן חלק.

אין 1912 איז די „היים" געווען אף ראָז סט. אזוי קליין איז געווען דאָס הויז, אז ווען מען האָט געדארפט האלטן א זיצונג, האָט מען די אורחים געמוזט בעטן זיי זאָלן דערווייל גיין אפן גאַס. צו גרינדען א ריכטיקע „היים" האָבן געפירט די צוויי סבות; געוויסע אידן, וועמענס נאָמען עס איז ניט כדאי צו דערמאָנען האָבן געזוכט צו פארקויפן „לאטס" צו עטלאכע מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט עפּעס טון פאר אן „הכנסת־אורחים" — מען האָט זיי גע־האלטן אין באשווינדלען, האָבן זיי זיך געווענדעט צו לואיסן, ער זאָל זיי פארהיטן פון א שווינדל . . . גלייכצייטיק זענען אָנגעקומען פון סאן פראנ־ציסקאָ אידישע אינגעלייט, אָרעם, קראנק, און האָבן געמוזט האָבן שטיצע א קורצע צייט און דערנאָך אָפּגעשיקט ווערן צו זייערע עלטערן קיין נויאָרק. דאָס איז געווען ערב־פּסח. לואיס האָט איינגעאָרדענט א סדר פאר אלע פרעמדע, און ווען פּסח איז געווען אריבער, זענען די פרעמדע געבליבן אין דער היים, און אלטע לייט, וואָס זענען דורך א נאָטיץ אין דער ענגלישער פּרעס געקומען פון דער „קאונטי האָום", האָבן געזאָגט, אז זיי ווילן ליבערשט בלייבן אינדרויסן לעבן דער ארימער אידישער היים, און ניט גיין צוריק אין די ניט־אידישע אנשטאלטן.

דאָס האָט באוואויגן לואיסן, צופּאראינטערעסירן עטלאכע פּערזאָן, און אף א מיטינג, נאָך א הייסער רעדע, האָבן אלע געשווירן צו לואיסן, אז זיי וועלן ניט רוען, ביז מען וועט ניט אויסבויען א ריכטיקע היים פאר די פרעמדע און אלטע. דערנאָך האָט מען געדונגען א הויז אין 955 קאָרט־סוירקל, די טוער מיט לואיסן זענען געווען מ. קאַנטאָר, לואיס גלאזבאנד, י. קויפמאן, ל. טראוב, מרס. קאָרענסאָן, און אין פארלויף פון צען־צוועלף יאָר האָט לואיס ניט גערוט, ביז ער האָט ניט זוכה געווען צו זען, ווי דער „הכנסת־אורחים ובית־מושב זקנים איז געוואָרן דער שטאָלץ און די ציערונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין ל. א.

דער גרעסטער קריזיס אין דעם אנשטאלט, איז פאָרגעקומען אין יוני 1913, ווען מען האָט געזאָלט האָבן א פּיקניק, און א סך געלט איז אויסגעגעבן געווען, און פּלוצלינג איז אין מיטן טאָג ארויס א גוס־רעגן (א זעלטענהייט אין קאַליפאָרניע, רעגן אין חודש יוני,) און עס איז חוץ דעם קאָמיטעט קיינער ניט געקומען. לואיס איז געווען דערשלאָגן, און געטראכט, אז דאָס וועט טויטן דעם אנשטאלט. אָבער ווען ער איז געקומען אהיים, האָבן צענדליקע אידן טעלעפאָנירט, ער זאָל ניט אנטמוטיקט ווערן, אז מען וועט זען וואָס מען קען טון פאר דעם אנשטאלט. דערנאָך האָט דער „הכנסת־אורחים" געקויפט א קאָנצעסיע אף א דייטשן פּיקניק, און עס האָט אריינגעבראכט איין און צוואנ־ציק הונדערט דאלער פּראָפיט. די קאָנצעסיע האָט לואיס געקויפט פאר הונדערט און אכציק דאָלער, וועלכע ער האָט, אגב, קיינמאָל ניט געזען צוריק.

דאָס געלט האָט געלעגט דעם יסוד פאר דעם היינטיקן גרויסן אנשטאַלט.

דערנאָך האָט דער ה. א. אריבערגעצויגן אין 131 ס. באַיל, מיט פערצען זקנים. עס איז אָבער אינטערעסאַנט צו וויסן, אז זקנים, זענען לואיס און גלאַזבאַנד אומגעגאַנגען אויפזוכן. אזוי האָט גלאַזבאַנד צו זיין קרעדיט דעם ערשטן זקן, וועלכן (ליוויי, געשטאָרבן פאר א יאָרן.) ער האָט געבראַכט פון דער „קאונטי". מען איז ארומגעגאַנגען צווישן די גראָסערי-לייט, און באַקומען שפייז, פריי. מען האָט פאראינטערעסירט, די פרויען פון אָליוו סטריט, די „עקזילערי" און זיי האָבן אָנגעהויבן ארבעטן מיט איבערגעבענהייט, און אין אכט יאָר ארום, כאָטש אין דערצייט, זענען שוין אויסגעוואַקסן פארשיידענע אנשטאַלטן, האָט לואיס געזען, אז , אז עס איז צייט, דער מושב-זקנים זאָל האָבן אן אמת'ע היים, ווי עס פאַסט פאר לאָס אנגעלעס. ער האָט פאָרמירט א קאָמיטעט מיט בען ר. מייערס, ס. שוקין, פיליפ שטיין, ס. לינדענבוים, ב. פאָרער, ל. אייזנער, לואיס אייזיקס און איז מיט זיי ארומגעפאָרן זוכן פאסיקן באָדען. ענדלאַך האָט מען געפונען דאָס שענסטע, אידעאַלסטע פלאַץ — די איצטיקע היים. אין אָנהויב האָט עס אויסגעזען א חלום — פינף און זעכציק טויזנט דאָלער. נאָר לואיס האָט גלייך געזאַמלט צווישן דעם קאָמיטעט, די ברידער אייזיקס, בען מייערס, אייזנער און די איבעריקע, צען טויזנט דאָלער, אין קאַסע איז אויך געווען זיבן טויזנט דאָלער, און אזוי איז געקויפט געוואָרן די איצטיקע היים.

צווישן לואיסעס ערשטן טערמין און דעם שפּעטערדיקן, איז איין יאָר געווען בראון דער פרעזידענט, נאָר דערנאָך האָט לואיס ווידער איבערגענומען דעם אנשטאַלט, און גאַנצע אכט יאָר איז ער געבליבן דער טאַטע פון די זקנים, גענוצט א סך דיפּלאָמאַטיע, באזונדערס צווישן די „יאהודים" וואָס האָבן יאָרנלאַנג געוואָלט געבן געלט נאָר בתנאי, מען זאָל זיי איבערגעבן די פירערשאַפט . . . לואיס פלעג ארויסבאַקומען דאָס געלט, און די פירערשאַפט דאָך געהאַלטן צווישן די רוסישע אידן, אין עכטן אידישן גייסט . . .

נאָך אים איז געווען פרעזידענט אַל. האָראָוויץ, און איצט איז טשאַרלס ביוועכ דער פרעזידענט. דער אנשטאַלט וועט אָבער תמיד געדענקען, אז זיין געשיכטע איז צענויפגעוואַקסן מיט דעם נאָמען: סיימאָן לואיס.

# צדקה אנשטאַלטן און זייערע טוער

## „פעדערײשאָן אָוו דזשואיש טשאַריטיס אָוו ל. א.“

אינקאָרפּאָרירט אין 1912 מיט דער אבזיכט צו זאמלען און פאַר־טיילן צדקה צו יענע אידישע אנשטאלטן, וועלכע פארדינען געשטיצט צו ווערן, און אויך יחידים אין א נויט.

אין דער פעדערײשאָן זענען אריינגעגאנגען די אָרגאניזאציעס ווי „היברו בענעוו.“, „לײדיס היברו בענעוו.“, „קאָנסאָמפּטיוו רעליעף“, „בית־יתומים“, קאספאר קאָהן האָספּיטאל, טעמפּל סיואינג סוירקל. אין דער פארוואלטונג פון די דערמאָנטע אָרגאניזאציעס האָט די פעדערײשאָן ניט צו זאָגן, יעדע אָרגאניזאציע ווערט זעלבסטשטענדיק פארוואלטעט.

אירע פירער זענען דזשאָרדזש מאָסבאכער, דזש. י. בארו, מ. נ. ניומארק, לואיס נאָרדלינגער, אייזיק נאָרטאָן, ס. ג. מארשוץ, דר. ד. וו. אידל־מאן און אנדערע.

די עלצטע אידישע הילפס געזעלשאפט אין ל. א. איז די „היברו בע־נעוואָלענט סאָסייטי“.

### דזשאָרדזש מאסבאכער



געבוירן מילטענבערג אם מיין, באַ־וואריע, 1852, א זון פון דזשאו מאס־באכער. געהייראט אין 1883 צו דאָרא הירשבערג, וועלכע איז געשטאָרבן אין 1898. האָט איין טאָכטער, מרס סעם בערענדט אין ל. א. צו פופצען געקו־מען קיין נויאָרק, און פאר צוועלף יאָר געטון פארשיידענעס. דערנאָך געקומען אין שיקאגאָ, געווען א בוכהאלטער אין דזשוליעט. דערנאָך געווען אין סטיוואטער, מינעסאָטא, און געעפנט א סטאָר פאר א פירמע בא וועמען ער האָט פריער געארבעט אין שיקאגאָ. דערנאָך האָט ער געצויגן אין אוקלאנד און אטאבלירט א פירמע מאסבאכער קלאק און סוט האוז. אין 1902 האָט ער איינגעפירט די סיסטעם פון טיילן די פּראָפיטן מיט די אָנגעשטעלטע און דאָס האָט אָנגעהאלטן יאָרנלאנג. אין 1909 האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון געשעפט און געקומען אין ל. א. איז טעטיק אין אלע אידישע אנשטאלטן, (נאָך אפילו א מיטגליד אין מילטענבערג לעבן פראנקפאָרד, דייטשלאנד,) א דירעקטאָר אין קאָנג. „בני־ברית“, א שטיק צייט געווען פרעזידענט פון די

פעדערייש‫אָ‬ן אָוו דזשואיש טשאריטיס, ווייס פרעז. פון „בית־יתומים“. טע־טיק בא די מייסאָנס און קאָנקארדיא קלוב. ווערט פאררעכנט פאר איינעם פון די לייטענדע גייסטער צווישן די דייטשע אידן.



## לואים מ. קאָל

געבוירן אין שיקאגא איל, מארץ 24, 1878. פאָטער דר. סעמיועל קאָל, מוטער, ריטא (דינקענשיעל) געהייראט פרידא העלמאן, א שוועסטער פון מארקאָ און אווירווינג העלמאָן. קאָל האָט באקומען א ביזנעס קורס אין ברייען און סטרא־טען קאלעדזש אין שיקאגאָ. אין 1887 געוקמען אין קאליפאָרניע, גע־ווען א בוכהאלטער און שפּעטער א מענעדזשער בא קוטנער און גוטסטיין קאָ., שפּעטער געווען מענעדזשער אין דער קאָ. (ברענטש סטאָר.) אין 1896 האָט ער רעזיגנירט און געגאנגען אין מסחור פאר זיך. געעפענט א דזשענעראל מערטשענדייז און זייער שנעל פראָ־גרעסירט. אין 1897 צוריקגעקערט אין שיקאגאָ, ביז 1901. ווען ער איז צו־ריקגעקומען אין קאליפאָרניע, זיך באזעצט אין בייקערספילד, און געוואָרן א מענעדזשער פון א גרויס געשעפט. דערנאָך האָט ער רעזיגנירט און געקומען אין ל. א. און געוואָרן א מיטגליד אין דער סיימאָן ליוויי קאָ. און געטון א מיליאָן דאלארדיקע ביזנעס.

קאָל איז מיט די ראָיאל פעקינג הויז, א שטיק צייט, סעק און טרע־זשורער, און חוץ דעם האָט ער אויך פיל זייטיקע אונטערנעמונגען, וועלכע ברייננגן ריזיקע פּראָפיטן. קאָל רעכנט זיך איינער פון די פּראָמינענסטע אידן אין סיוויקס, קאָמערץ, פּאָליטיק, און זיין איינפלוס אף דעם רעפאָרמירטן אידנטום, איז אומגעהייער. ער איז א מיטגליד פון דער אמעריקאן דזשואיש קאָ. און שטייט אין נאָענטע באציאונגען מיט דער אָרגאניזאציע וואָס באאיינ־פלוסט דאָס רעפאָרמירטע אידנטום אין אמעריקע.

אין לאָס אנגעלעס איז ער דער פירער פון די „בני־ברית“ אויך דעם הילקרעסט קלאָב, דעם סיטי קלאָב, דער טשאמבער אָוו קאמערס, די שריי־נער און אלע אנדערע וויכטיקע קלובן, די אטלעטיק, קאָנקאָרדיא, נייטס אָוו פּיטיעס, עלקס, סקאָטיש רייט מייסאָן א. ד. ג.

## דזשואיש אייד סאָסייעטי

פרעזידענט, אלעקסאנדער מייער. ציעל: געבן פערזענלאכע שטיצע און לייסטונגן צו אידישע פאמיליעס אין א נויט.

## פעדערײשאָן אָוו דזשואיש װעלפעיר ארגאניזײשאָן

אָרגאניזירט אין יאנואר 1919. אלטער פּלאץ פאר קאנטאָר 610 טעמפּל. איצטיקער קאנטאָר אין 211 אינשורענס עקסטשיינזש בילדינג. דאָס לעצטע יאָר איז די פעדערײשאָן א סך רעפאָרמירט געװאָרן א דאנק דעם די־רעקטאָר, דר. באָריס ד. באָגין, װעלכער רעכנט זיך פאַ איינעם פון די ליבע־ראלסטע פּערזענלאכקייטן אויף דעם געביט פון װאױלטעטיקער ארבעט, און װעלכער האָט די דערפארונג פון האָבנדיק געװעזן פארבונדען מיט די פיינסטע און שענסטע אנשטאלטן אין דעם לאנד, און ער האָט זיכער פון זיי א סך גע־לערנט. ער האָט די טעג רעזיגנירט. (זע ביאָגראפיע: דר. ב. ד. באָגין).

די פעדערײשאָן אזוי איצט אין גייסט פון דער צייט, און זי נעמט ארונטער אונטער איר שוץ אלע װאױלטעטיקע אנשטאלטן אין ל. א. װי דעם קאספּאר קאָהן האָספּיטאל,, דעם בית יתומים, און אלע אנשטאלטן, װעלכע זענען אפיליאירט מיט דער פעדערײשאָן. די פעדערײשאָן איז אין פולער סימפּאטיע מיט דעם אידישן קאָנסאָמפּטיװ רעליף סאנאטאָריום אין דוארטי, כאָטש דער סאנאטאָריום, װי באקאנט איז א זעלבסטשטענדיקער אנשטאלט.

די פעדערײשאָן האָט אויך א דיספּענסארי און קליניק, פאר ניט פאר־מעגלאכע אידן װאָס קענען ניט בא דער ערשטער געלעגנהייט גיין צו א דאָק־טאָר. דער טשיף פון סטעף איז דר. סיזאר קאָהן, סופּערװײזינג נוירס, מיסס ליליען לובין. זי פארמאָגט אָפּטיילונגען פאר נאָז און אויערן־קראנקייטן, אויך פארן האלדז־קראנקייטן, פרויען־קראנקייט, הויט, אויגן און ציין. מען רעכנט צען סענט פאר רעגיסטראציע, 25 סענט פאר מעדיצין, אויב מען קען צאָלן, פאר אָפּעראציעס לויט דער מעגלאכקייט פון פּאציענט. שטונדען: ניין ביז צװעלף. זונטיק געשלאָסן.



### דר. באָריס באָגען

דירעקטאָר פון דער „פעדערײשאָן אָוו דזשואיש װעלפעיר“ אין לאָס אנגע־לעס, איז איינער פון די פעאיקסטע און גרעסטע אידישע טוער אויף דעם געביט פון „סאָשעל סערװיס“. יאָרן לאנג האָט ער געלייסטעט ארבעט דער עדיוקיי־שאָנאל אלייאנס“ אין נויאָרק, באראָן הירש „טרייד סקול“, דעם „היברו־טעכ־נאלאָדזשיקאל אינסטיטוט“, פון 1904 ביז 1912 איז ער געװען אין סינסי־נאטי, דירעקטאָר פון די „טשאַריטיס“, דערנאָך איז ער געװען דער נאצ־יאָנאלער דירעקטאָר און פעלד־סעקרעטאר פאר דריי יאָר צייט. אין דער מלחמ־צייט איז ער געװאָרן דער „קאָמישאָנער“ פאר דער „דזשאָינט־דיסט.

קאָמ.״ פריער אין האָלאנד, דערנאָך אין פוילן און אנדערע אייראָפעאישע לענדער. ער איז דערנאָך געוואָרן „גענעראל דירעקטאָר״ ביז איבער דער מלחמה. פאר דער צייט וואָס ער איז דירעקטאָר פון דער „דזשואיש וועל־פעיר״ בא אונז אין ל. א. האָט ער באוויזן דורכצעפירן גרויסע ארבעטן, און עס איז זיכער, אז ל. א. פארלירט אין אים א גרויסע קראפט אויף דעם געביט פון כלל־טועריי.

דר. באָגין וועט פארנעמען די הויפט־שטעלע אלס סעקרעטאר פון דעם נאציאָנאלן אָרדען „בני־ברית״.



## ס. ג. מארשוץ

געבוירן אין דייטשלאנד אין 1862, פאָטער א לערער און חזן אין באוואַריע, דערצויגן אין דערצויגן אין דייטשלאנד, באשעפטיקט בא זיין אָנקל, א גלעזער־פאבריקאנט, בא וועמען ער האָט שטודירט דאָס פאך פון צופאסן אויגן גלעזער. אין נויאָרק זינט 1883 און א יאָר שפעטער געקומען אין סאן פראנציסקאָ. א יאָר שפעטער עטאבלירט אין סט. ראמענטאָ ביז 1887. דערנאָך געצויגן אין ל. א. און זינט דאן באקאנט דורך דער פירמע מארשוץ און קאָ. א לאנגע צייט דאָ געווען וויס פּרעז. בני־ברית קאָנג. אויך איינער פון די גרינדערס פון היגן „ב. ב. לאָדזש״. געווען טשערמאן פון דער קאָמיטע צו גרינדען א אידישן „בית־יתומים״. דערנאָך געווען עטלאכע יאָר פּרעזידענט פון בית־יתומים, און אין זיין אדמיניסטראציע איז די היים אויפגעבויעט געוואָרן. איינער פון די אָרגאנאַטאָרס פון די „טשאריטים״, אויך טעטיק אין דער רעליף פאר די מלחמה־קרבנות, פיר יאָר א מיטגליד פון דער פּאָבליק לייברערי קאָמ. און טעטיק אין אלע קלובן.

## דער אידישער בית־יתומים

פּרעזידענט, דזשאָזעף ב. לאָעב, סופּעראינטענדענט, דזשאָזעף באָנאַפּארט. ציל: צו גיבן די אידישע יתומים די בעסטע מעגלאכע היים אונטער די אומשטענדען. דערציאונג די וואָקיישאָנאל, און א רעליגיעזע דערציאונג. פּלאַץ פאר הונדערט קינדער. איצט איז די היים אויף צען אקער באָדן, אין פּאלמס קאליפאָרניע, נאָנט צו דעם ים.

די סומע וואָס מען רעכנט איז לויט די איינקונפט וואָס די איבערגעבליבענע פון עלטערן פארמאָגן.

### היברו קאָנסאָמ: טיוו רעליף

די פעדעריישאָן האלט אויף דריי קאטעדזשעס אין בארלאָוו סאנאַ־טאָריום, פאר טובערקולאָזע קראנקע, זייער קאנטאָר איז אין דער אלייאנס 242 נ. באָנקער הילל.



### בען ר. מייערס

געבוירן אין סאן פראנציסקאָ, אין 1879. געווען א קלערק אין א ריטיילס סטאָר אין סטאקטאָן פאר צוויי יאָר. אין 1900 געצויגן אין ל. א. און צו געצויגן געוואָרן צו זיינע ברידער אין ריטייל און האָלסייל מילינערי ביזנעס. אין 1909 איז ער צוגעשטאנען צו דער קאספאר קאָהן און קאָ. געוואָרן דער וויים פרעז. פון דער באנק, און חוץ דעם האָט ער א צאָל אנדערע גרויסע געעשפטן. געהייראט רעי קאהן, די טאָכטער פון קאספאר קאָהן, געווען פרעז. פון „פעדעריישאָן" ביז 1916. פרעז. פון קאנקארדיא קלוב, ביז 1915 וויים פרעזידענט קאספאר קאָהן האָספיטאל.

### איזידאָר אייזנער



געבוירן אין פוילן אין 1879, א זון פון דוד אייזנער. געהייראט צו לילא דזשאַ־קאָבי אין לאָס אנגעלעס, אין 1914. אָנגעקומען אהער צו אכצען יאָר. גע־ווען אין שניידער־פאך, אין דער איינע־נער צייט באזוכט א נאכט־שול, און גלייכצייטיק אָרגאניזירט די פירמא: אייזנער און קאָ. פון וועלכע ער איז פרעז. און פירט אָן פינף הייזער אין ל. א. וויים פרעז. סאָן דראָג קאָ. א מיטגליד פון ב. ב., טשאמבער אָוו קאָמערס, קאָנקאָרד קלוב, פעדער. אָוו טשאריטיס, נייטן שטראוס פאלעסטינא אדוו. סאָסייעטי, מייסאָן, סקאָטיש רייט, 32 דעג., א דירעקטאָר אין „בית־יתומים" און אין קאספאר קאָהן האָספיטאל.

## דזשואיש אלייאנס (קלוב פאר מיידלאך)

געגרינדעט יאנואר 1919. פרעז. מרס. פ. ה. וואָלפסאָן, רעזידענט ארבעטער: מיסס מ. קאָהן. ציל: אופצוהאלטן א היים פאר אומפארהייראטע אידישע מיידלאך, און צו דינען פאר א נאכבארשאפט צענטער. פלאץ פאר נאָנט צו פופציק. עלטער פון פערצען ביז 22.

די געביידע האָט צוויי שטאָק, (ציגל געביידע) באשרענקט פאר סטו דענטן אָדער אָנגעשטעלטע. די קאָסטן זענען לויט די פארדינסטן.

## טעמפל סיווינג סוירקל

ציעל: צו נייען קליידער פאר ארעמע און נויטבאדירפטיקע. פרעז. מרס. א. פרענסלאוער, טרעזשורער, מרס. א. ווילארד. די קליידער ווערן פאר־טיילט דורך אידישע אגענטורן.

## „היברו פרי לאָאַן" און הויז־געזעלשאַפט

פרעזידענט סיזאר סעמיועלס, וויים פרעזידענט, דזשייקאָב סטיינ־בערג, סעקרעטאר סעמועל לאוויט.

ציל: העלפן איינעם זיך צוריקשטעלן אױף די פיס אין א פארצווייפלטן מאָמענט ווען איז אין געשעפט, געבענדיק אויך ראט צו קליינע געשעפטס־לייט, אָדער צו פאמיליעס, וועלכע שטרעבן צו האָבן אן אייגענע היים און ווילן אזעלכע בויען אױף אויסצאָלונגען. די „פרי לאָאַן" העלפט אזעלכע, וואָס קענען זיך אליין ניט העלפן.

## נעשאָנאל קאָונסיל אָוו דזשואיש וואָמען



געגרינדעט אין ניינצען הונדער ט און זיבן. אינקאָרפּאָרירט אין 1925.

ציל: צו ברייגגען נענטערע בז ציאונגען צווישן אידישע פרויען. צו ארבעטן געמיינשאפטלאך פאר איין א ינטערעס, פאר א שענער און בעסערער לאגע פון דער אידישער פרוי, פאר ב עסערע רעפאָרמען און א שענערן פי־לאנטראָפּיש געדאנק. אירגענד וועל כע פרוי קען ווערן א מיטגליד אין „קאונסיל". דער שטייער איז דריי ד לער א יאָר. דער קאונסיל איז א מיט־גליד אין דער פעדעראציע פון פרויענס קלוב, סטייט פעדעראציע, ל. א. דיסט. פעדעראציע, און אויך אין אינטערנאציאָנאלן קאָונסיל פאר פרויען.

פרעזידענט, ליליען בוירקארד גאָלדסמיט, וויים פרעז. מרס. לאַזארד, רעקאָרדינג סעק. מרס. הענרי מאָסלער.

דער קאונסיל האָט אויך א קינדער־ביוראָ, און אפטיילונג פאר אימי־גראנטען, און אנדערע טעטיקייטען.

איצט בויעט דער קאונסיל א נייע היים, וועלכע וועט זיין איינע פון די שענסטע אנשטאלטען פון דעם מין אין לאנד.

„עקס פיישענטס האָום סאָסייעטי"

געגרינדעט אין 1919. ערשטער טוער: י. אלטשולער, פרעזידענט, י. פינקלשטיין, וויים פרעז. עקזעקו־טיווע: קאנטאָר, קאָהן ס. סטאון און מעטלאָוו, איניציאטאָרס פאר דער היים זענען געוועזן די פאציענטען אין דעם אידישן סאנאטאָריום, וועלכע האָבן געהאלטן באם ארויסקומען פון דאָרט און אייניקע האָבן זיך פארטראכט וועגן זייער שיקזאל אף דער פרייער וועלט, ארבערטן טאָרן זיי ניט, און אין סאנאטאָריום קען מען אייביק ניט זיין. עס איז געבליבן בא זיי צו גרינדען א היים פאר געוועזענע פאציענטן. די ערשטע זיצנוג איז געהאלטן געוואָרן אין פריוואטער הויז. עס איז געשאפן געוואָרן א סומע פון זעציק דאלאר צווישן די פאציענטן. עס איז אָבער געווען שווער די ערשטע צייט צו עקזיסטירען. מיט דער צייט איז צוגעצויגן געוואָרן י. ליפמאן פון דער ל. א. פוירניטשור, געמאכט אים פאר בארד אָוו דירעקטאָר, און ליפמאן האָט זייער פיל געטאָן פאר דער היים. געעפענט איז די היים געוואָרן מיט צוועלף פאציענטן, מיט דריי יאָר צוריק.

לאַיער לאָרענס א. בלום האָט גרויסע פארדינסטן ארום דער היים, פאר וועלכע ער האָט אָפגעגעבן זייער א סך צייט. מען טאָר אויך ניט פאר־געסן די ליידים עקזילערי, או זווידער די מרס. ריטשלין, וועלכע לאָזט ניט דורך קיין איין געלעגנהייט און איז תמיד בארייט צו טון ארבעט פאר דער היים.

נאָך אלטשולערן איז געווען פרעזידענט י. ליפמאן צוויי יאָר, ס. סטאון, זעקס חדשים, ס. וו. גאָרדאָן, פון נואַרק ניו דזשוירסי, וועלכער איז היינטיקס יאָר אָפגעפאָרן האָט געלייסטעט אומערמידלאכע ארבעט אלס סעק־רעטאר. א גרויסן חלק אין דער אויפבויאונג פון דער היים האָט געוויס מ. קאנטאָר, פון דעם ערשטן טאָג וואָס עס איז פארטראכט געוואָרן צו בויען די היים ביז איצט.



## ראבי עדגאר פ. מאגנין

געבוירן סאן פראנציסקאָ אין 1890, זיין אידישע בילדונג האָט רע באקומען אין קאָנג. בית ישראל. גראדואירט אין סינסינאַטי 1913 און אויך די היברו יוניאָן קאלעדזש אלס ראביי. אָנגענומען א שטעלע אין סטאקטאָן, קאל., און געווען דאָרט דריי יאָר און דריי מאָנאטן, און אין דעצ. 1915 איז ער געוואָרן אסאָשיעיטעד ראביי אין ל. א. בני־ברית טעמפל, און זינט דעמאָלט איז זיין איינפלוס געוואקסן דאָ און ווערט פארעכנט פאר איינעם פון די ווירדיקסטע רעפאָרם־ראבינער אין לאנד. א טעטיקער קרן היסוד ארבעטער, און נוצלאך אין דער היגער געזעלשאפט.

## מרס. הערי ריטשלין



געבוירן אין פאוולאגראד, יעקאטערינאָסלאווער גוב. אין 1881. דערצויגן בא א שוועסטער. נאָכדעם ווי זי איז געבליבן א יתומה. צו אכצען יאָר חתונה געהאט פאר הערי ריטשלין אין פאוולאָגראד. געקומען אין נויאָרק, און אין פינף וואָכן ארום געקומען אין ל. א. דאָס איז געווען אין 1899. איר מאן האָט ניט געוואָלט ארבעטן אום שבת, און זיך געפלאגט, אויפקויפענדיק אלטע אייזן. געעפנט א מעבל־געשעפט, ניט געקענט מאכן קיין לעבן, געלאָזן דאָס געשעפט מיט דער פאמיליע און אליין געפאָרן אין סאן פראנציסקאָ. דאָס איז געווען אין 1906. דערווייל האָט דאָרט פאסירט די ערד־ציטערניש און דאָס גרויסע פייער, און ריטשלין איז געטראָפן געוואָרן, און איבערגעלעבט סקילה, שרפה, הרג וחנק, (געבליבן עד־היום מיט סמנים אף די הענט און פיס). צוריקגעקומען אין ל. א. זיך ווידער עטאבלירט.

פרוי ריטשלין האָט אָבער באוויזן אין דער צייט צו נעמען אנטייל אין אלע אידישע אנשטאלטן, ווי דער סאנאטאָריום, עקס פיישענטס, היברו שעלטערינג, אגודת אחים, גמילת חסדים. קורץ; קורץ וואו נאָר די ליידיס עקזילערי האָט געקענט ערגעץ טון גוטע ארבעט פאר א אידישן אנשטאלט

אין ל. א. דאָרטן וועט איר געפינען דעם נאָמען מרס. ה. ריטשלין. קוקט זיך צו צו די בילדער פון אלע אנשטאלטן, און איר וועט זען, ווי איר בילד שיינט ארויס פון אומעטום. מיר האָבן געבלעטערט די רעקאָרדן פון אידישע געזעל־שאפטן אין ל. א. פאר די לעצטע צוואנציק יאָר, און זענען איבערראשט גע־וואָרן צו זען, אז פון דעם ערשטן טאָג פון איר אָנקומען ביז היינט איז די דאָזיקע פרוי פאראינטערעסירט געוואָרן אין דער געזעלשאפטלאכע ארבעט און נאָך היינט איז זי טעטיק בא דעם סאנאטאָריום, בא די עקס פיישענטס, בא דער גמילת חסדים (טרעזשורער) און מיט דעם וואוקס פון ל. א. וואקסט איר פאָפולאריטעט, ניט קוקנדיק אף דעם, וואָס זי איז א מוטער פון פינף קינדער: סעם 25, מייער 17, רות, און פרידא (צווילינג) 15, סיליע 12. פירט אליין א הויז, געפינט צייט אויפצופאסן אף דער פאמיליע, און געפינט תמיד גענוג צייט פאר וואוילטעטיקער ארבעט, פאר אלע אידישע געזעל־שאפטלאכע ארבעטן.

## גמילת־חסדים

די געזעלשאפט איז געגרינדעט געוואָרן מיט צוויי און צוואנציק יאָר צוריק מיט דעם צוועק צו העלפן די קליינע געשעפטסלייט אף א בכבודיקן אופן, אָן שפיכת דמים, ווי דאָס ווערט פארשטאנען פון די רוסישע אידן. פון יענער צייט אָן האָט מען אויסגעבאָרגט נאָנט צו פיר הונדערט טויזנט דאָלער צו קליינע געשעפטסלייט, אָן פראָצענט, און אין פארשיידענע קריזיסן איז דער גמילת־חסדים געווען די איינציקע רעטונג, נאָכדעם, ווי די באנק האָט אמאָל איינעם ניט געקענט העלפן.

דער גמ"ח אליין האָט שוין אויך מיטגעמאכט מער ווי איין קריזיס אין זיין לעבן. אָבער צו יעדער צייט קומען נייע, פרישע מענטשען, און זיי באגרייפן די וויכטיקייט פון אָן אמתן גמילת־חסדים פאריין, וואָס זאָל זיך אָפרופן און קומען צו הילף דעם קליינעם געשעפטסמאן, אין א נויט. נאָך קיינמאָל איז דער גמילת־חסדים ניט געשטאנען אזוי גוט ווי איצט. די טוער זענען נ. לעווין, פרעזידענט, י. מארגאָלין, וויים פרעז., י. פלאקסמאן, טרע־זשורער, ה. בראנדמאן, סעקרעטאר.

## די היים פאר אונהיילבארע

די דאָזיגע אינסטיטוציע איז ארויסגעוואקסן פון דער אמאָליקער ביקור חולים, געווען א צייט, ווען די בקור חולים איז געווען זייער נויטיק. אין צייט פון דער „פליו" האָט די געזעלשאפט געראטעוועט הונדערטער אידישע נפשות. נאָך דער פעריאָדע האָבן די טוער זיך ארומגעזען, אז זייער פלאץ איז ווערט א סך געלט — מען וואָלט דאָרט געקענט בויען א אידישן שפיטאל, אָדער ענ־ליכן אנשטאלט, און נאָך פארשיידענע באטראכטונגען זענען די טוער געקו־

מען צו דעם באשלום, אז דאָס בעסטע וואָס מען קען טון איז בויען א היים פאר אזעלכע וואָס אנדערע פארזען... מער פאר אלעמען האָט מען דאָ פארזען די יעניקע אומגליקלאַכע וואָס זענען אומהייילבאר. אין אפריל, 1924 איז דער ביקור חולים פארוואנדעלט געוואָרן אין א היים פאר אומהיילבארע. (דאָס איז געווען צום ערשטן סדר) מען האָט די היים געעפנט מיט דריי פאציענטן, וועלכע י. זאָלא האָט געבראכט פון דער קאונטי האָום. היינט צו־טאָג איז די היים איינע פון די פיינסטע אידישע אנשטאלטן. עס זענען אין איר דאָ זעכ־צען פאציענטן, די היים האלט אויף נוירסעס, א סטעף דאָקטוירים, און ווערט געפירט אפן פיינסטן אופן. דער פרעזידענט איז מ. קויפמאן, די טוער: ל. גלאזבאנד, טשארלס גראָמאן, הערי לייאָנס, ה. ז. ראבינאָוויטש, די היים האָט פינף און א האלב אקער לאנד, איז ווערט איבער דרייסיק טויזנט דאָלער.



## מ. קויפמאן

פרעזידענט פון 'אונהיילבארע היים'. געבוירן אין סלאָנים. דערצויגן אין ביאליסטאָק. א תלמיד פון ראזשי־נאָיער ישיבה ביז 14. געווען א וועבער א פּאָר יאָר. אין אמעריקע פון 1901. ערשטע שטאָט, נויאָרק. גע־גאנגען אין דעם פאך פון ווייבע מעבל, באלד געקומען אין ל. א. גע־וואָרן טעטיק אין גמילת־חסדים, חסד־של אמת, און צען יאָר געליים־טעט דער „היברו שעלטערינג האָום". ערשטער טרעזשורער פון ביקור חולים, און איצט פרעז. פון דער פאר אומהיילבארע. ווידמעט א סך צייט דעם דערמאָנטען אנשטאלט.

מרס. מ. קויפמאן איז איבערגעגעבן דעם אנשטאלט, און העלפט איר מאן אין אלע אונטערנעמונגען.

ה. ז. ראבינאָוויטש (צבי זכריה) געבוירן אין ווילקי, קאָוונער גוב. אין 1866. פּאָטער נתן יהודה דער דיין, אין סלאָבאָדקע, לעבן קאָוונע, גע־קומען שפּעטער קיין אמעריקע און געווען צוועלף יאָר אין פראָווידענס, ראוד איילאנד. ה. ז. האָט געלערנט פריער בא דעם פּאָטער, דעם רב, דערנאָך אין ישיבות פון סלאָבאָדקע, קאָוונע ביז זעכצען יאָר, געלערנט דערנאָך פאר זיך. געשטודירט אין ווילנער פּאָליטעכניקום, אינזשינירונג. אין אמעריקע זינט 1887. געווען א שטיקל צייט אין נויאָרק, צווישן די ערשטע חובבי ציון. דער־נאָך געווען אין נאָרוואָלק ווירדזשיניא. צוריק אין נויאָרק, 14 יאָר. א מאנו־



ה. ז. ראבינאָוויץ

פעקטשורער. אין קאליפאָרניע זינט 1910. זיין טעטיקייט איז פארצייכנט אז די רעקאָרדען פון גמילת חסדים, בי קור חולים, מלחמה־קרבנות, אין אגודת אחים ת"ת (געווען א שטיק צייט דער זשערמאן פון באָרד אָוו עדוקיישאָן אין דער פעריאָדע ווען י. ל. מאלאמוט איז דאָרט געווען פרינציפאל), טעטיק אין ערשטען קרן היסוד דרייוו, און לעצטענס א טיכטיקער טוער בא דער „היים פאר אומהיילבארע". געווען פר יער טרעזשורער, און איצט דער וויים־פרעזידענט.

האָט זעקס קינדער, אלע געהייראט אין לאָס אנגעלעס, געשטיצט אלע אנשטאלטן, און אויך זיין פרוי, סאָפיא ראבינאָוויץ איז גאנץ טעטיק בא דער היים פאר אומהיילבארע, טוט איר ארבעט שטיל און איבערגעבן, אף דעם עכטן אידישן שטייגער.

## טשארלס גראָמאן



געבוירן 1883 אין פילעשט, בעסאראַ־ביען, פאָטער געווען אברהם יעקב גראָמאן, א איד א משכיל און באקאנט אין גאנץ בעסאראביען. געלערנט ביז צען, ז'ערנאָך אויסגעוואנדערט קיין אמעריקע, געמאכט פּאָבליק סקול אין שיקאגא. זער פרי געוואָרן א כלל־טוער. צו זעכצען געווען אין מילינע־רי פאך און סעקרעטאר בא דער איסטערן העט קאָ. טעטיק אין דראַ־מאטישע קלובן און גזעלשאפטלאכע אָרגאניזאציעס.

אין לאָס אנגעלעס זינט 1908. פון די ערשטע מיטגלידער פון סאַ־נאטאָריום ,נאָך מער פאר אלעס האָט ער גענומען א טיפן אינטערעס אין דער ארבעט פון חברה קדישא. געווען זעקס יאָר פּרעזידענט, איצט איז ער טרעזשורער. געהאָלפן בויען די ביקור־חולים, (די היינטיקע „היים פאר אומהיילבארע", גראָמאן איז אויך פאראינטערעסירט אין תלמוד־תורה, און איז מערסטענס דער אפיל־מאכער און געלט־שאפער. געווען טעטיק זעקס יאָר אין גמילת־חסדים, אויך דעם פּיאָנער פון דעם אידישן טעאטער בא דעם פאסיפיק. ער האָט אהער ארונטערגעבראכט די בעסטע טעאטער־קאָמפּאניס

פון דער „איסט" ווי טאָמאשעווסקי, לעווינסאָן, שיינהאָלץ די אייראָפּעישע גרינע רוסישע טרופּע, קאראלאָווא, שומסקי, קארפּ און אנדערע. גראָמאַן האָט אויך געבראכט אהער די חזנים קווארטין הערשמאַן, יאָסעלע ראָזענבלאט, זיי פּרעזענטירט אין בריד סטריט שול. עס איז כמעט ניטאָ קיין איין אידישער אנשטאלט, וואו שארלס גראָמאַן זאָל ניט האָבן בייגעטראָגן זיין חלק ארבעט. ער שטיצט דעם סאנאטאָריום און אלע אנדערע אנשטאלטן בא יעדער געלעגנהייט.

ער איז אן אינשורענס־בראָקער מיט אָפּיסעס אין 217 דעטוויילער בילדינג.

## הערי לייאָנס

פּארטרעטער אין דער אסעמבלי אין סאקראמענטא, געבוירן אין נעוואָל, וויטעבסקער גוב. אין 1875. פּאָטער א „נאטשאלניק סטאנציע". אין חדר ביז צוועלף יאָר. דערנאָך שטודירט און געהאָט א נויגונג צו אדוואָקאטור. אין אמעריקע זינט 1899. געווען דריי יאָר אין באָסטאָן, דאָרט געהייראט, און אין קאליפאָרניע זינט 1902, געארבעט שווער און געלערנט יוריספּרודענץ. פּראקטיצירט „לאָא" זינט 1912.

איינער פון די גרינדער פון „חברה־קדישא", בא וועלכע ער איז דעם רריטן טערמין פּרעזידענט, און דעם פינפטן טערמין וויס־פּרעזידענט. דער איינציקער אידישער אסעמבלימאַן, אין זידליכן קאליפאָרניע. דעם ערשטן מאָל איז ער דערוויילט געוואָרן מיט דריי און זיבעציק הונדערט שטימען, און בא די לעצטע וואלן איז ער דערוויילט געוואָרן צום פירטען מאָל מיט אכט טויזנט דריי הונדערט שטימען.

לייאָנס באאיינפלוסט ד יאסעמבלי בא יעדער געלעגנהייט, צו גונסטן אידן, האָט געהאָלפן, אז גאָווערנאָר ריטשארדסאָן זאָל באשטימען א אידישן ריכטער (דזשאָדזש הערי האָלצער.) ער האָפט איצט אויך, אויסצעווירקן נאָך אן „אַפּאָינטמענט" פאר א באקאנטען אידישן אדוואָקאט. ער האָט ניט דערלאָזט, אז די „ביבל־ביל" זאָל דורכגיין. און ער האָפט אָפּ א צייט, ווען אידן אין קאליפאָרניע, וועלן באגרייפן די וויכטיקייט אָנצעפירן אן אייגענע אידישע פּאָליטיק, און עס וועלן זיין אידן אין שטאָט־ראט, אין די געריכט־הייזער א. ד. ג. ער איז א טעטיקער מיטגליד אין „אָליוו סט." שול, געווען פּרעזידענט, שטיצט אויך אלע היג עאנשטאלטן.



יצחק זאָלא (זאָלאָטשעווסקי)

געבוירן אין יעקאטאַרינאָסלאוו, אין 1884. אין חדר ביז דרייצען. גע־לערנט אין סאדאמירער ישיבה, ביז זיבעצען. פאָטער, א ראש הקהל, א געעלרנטער מענטש, א מוסמך נאָר ניט פראקטיצירט. אין אמעריקע זינט 1905.ג עענדיקט קופער יוניאָן אין 1912 אלס מיקאניקאל אינ־זשעניר. אין נויאָרק געארבעט אין אן אייזן פאבריק. פון דער היים א געענדיגטער אין א פּאָ־ליטעכנישער שול. אין לאָס אנגע־לעס זינט 1913, ערשטער באָרד־מיטגליד אין חסד של אמת, זעקס יאָר אין דער באָרד, איינער פון די בוויער פון דער בריד סטריט ת"ת, זעקס יאָר אין דער גמ"ח. לעצטער יאָר, וויס פרעזידענט. איינער פון די גרינדער פון די ביקור חולים, פינף יאָר צייט זייער סעקרעטאר. דער איניציאטאָר פון דער „אינקיוראבל האָום", טשערמאן פון אדמישאָן און דיסמיסאל. א מיטגליד אין יעדן וויכטיקן אנשטאלט. זאָלא שטודירט איצט לאָאָ, האָט נאָך צו פארענדיקן איין יאָר, ער איז א בילדער פאר זיך אליין.

## מ. י. גראָססמאַן



איינער פון די פּאָפּולערסטע אידן אין לאָס אנגעלעס איז אָן ספק דער באקאנ־טער אידישער אדוואקאט, מ. י. גראָס־מאן, וועלכער האָט זיינע לאָאָ אָפיסעס אין 337 מערטשאנטס נעשאָנעל באנק בילדינג.

גראָססמאן איז א גראדואירטער פון סאוט־קאראָליינער אוניווערסיטעט, און איז אין לאָס אנגעלעס זינט 1911. א מיטגליד אין די קאָנגרעגיישאָנס סיני, אָליוו, בריד סט. און אגודת אחים. עס איז אויך ניטאָ כמעט איין „טשאריטי" אנשטאלט וואו ער איז ניט קיין מיטגליד, און אין 1922 האָט ער אף זיך גע־נומען די איניציאטיווע צו פאראייניקן אלע אידישע אָרגאניזאציעס אין א קהלה. ער האָט אף איינגענע הוצאות אינקאָרפּירירט די קהלה און באקומען פון סאקראמענטא א „טשארטער" און זינט דאן איז ער נאָך אלץ דער פרע־זידענט. מיט א יאָר צוריק איז ער געלאָפן אלס קאנדידאט פאר ריכטער אין די שטאָטישע וואלן, נאָר צום באדויערן איז ער ניט דערוויילט געוואָרן.

גראָסמאַן איז איצטער דער פּרעזידענט פון דעם „סאָשל סענטער“ אין באָיל-הײַטס, נעמט א טיפן אינטערעס אין דער קהל'שער ארבעט, און ער רעכנט זיך פאר איינעם פון די ערנסטע כלל-טוער אין לאָס אנגעלעס.

## דזשוליוס פּ. ליפּמאַן

פינ. סעק. פון די „עקס פּיישענטס“. געבוירן אין פּרעיאסלאוו, פּאָל-טאווער גוב. אין 1885. די עלטערן — סוחרים. אין חדר געלערנט ביז 16. געמאכט אכט קלאסן גימנאזיום. אין אמעריקע זינט 1908. ערשטע שטאָט—נויאָרק. געווען אן ארבעטער. אין ל. א. זינט 1909. צען יאָר געטון פאר-שיידענעס. אין 1919 געעפענט א מעבל-פאבריק און זינט דאן געוואקסן מיט דעם וואוקס פון דער שטאָט. היינט באקאנט אלס די ל. א. פוירניטשור מא-נופעקטשורינג קאָ.

ליפּמאַן איז געווען איין טערמין פּרעז. פון דער עקס פּיישענטס אין 1923. אין 1924 געווען וויים פּרעז. איצט איז ער פינאנשעל סעק. און טוט פאר דעם אנשטאַלט אַלץ וואָס עס איז נאָר מעגלאך. שטיצט אויך אלע אנשטאַלטן אין לאָס אנגעלעס.

## דזשאָזעף י. קאַמינס

געבוירן אין דזשאָנסאָן, פּענסילוויי-ניע, אין 1889. א זון פון דעם רב קאַמינסקי. באקומען א פרומע דערצי-אונג, נאָר שפּעטער אוועק שטודירן מיט די עלטערנס צושטימונג. געענ-דיקט די פּיטסבורגער אוניווערסיטעט אף אדוואָקאַט, האָט ניט געוואָלט פּראקטיצירן. פון קליינערהייט געווען גענייגט צו זשורנאליזם, און אָנגענו-מען א שטעלע אין א פּיטסבורגער „דעפּארטמענט סטאָר“ אין דעם „אד-ווערטייזינג דעפּארטמענט“ און דורכדעם באקאנט געוואָרן מיט דער צײַ-טונגס-וועלט.

אין 1920 געוואָרן א שותף צו דער „דעטראָיט דזשואיש קראָניקל“, וועלכע איז ביז יענער צייט געווען אן אסימילאַטאָרישע צייטונג, אָבער מיט זיין מיטווירקונג איז די צייטונג גאָר אינגיכן געוואָרן א נאציאָנאַל-געזאָנענע וואָכנבלאַט מיט אן איינפלוס אף דעם דאָרטיקן אמעריקאניזירטן אידענטום.

אין 1923 געקומען אין קאַליפאָרניע און אויסגעקויפט די „קאַליפאָר-ניע דזשואיש רעוויאו“ בא דר. סיילין און דר. דזשייקאָבסאָן, און זינט דאן איז די „רעוויאו“ די איינפלוסרייכסטע ענגליש-אידישע צייטונג אין ל. א.

קאָמינס איז פאררעכנט פאר א פאָרטגעשריטענעם באוואוסטזיניקן אידן, און ווען מען נעמט אי זאנבאטראכט, אז ער איז נאָך איצט א איינגערמאן קען מען האָפן, אז ער וועט נאָך וואקסן און באאיינפלוסט ווערן פון מער פראָגרעסיווערע אידייען פון אונדזער צייט.

## בען פלאט



בען פלאט איז א רוסישער איד, געבוירן אין קיעוו, די איינצעלהייטן פון זיין ארויפארבעטן די פלאט מוזיק קאָ. זענען ניט ווינציקער מערקווירדיק ווי עס איז דער לויפנדיקער וואוקס פון לאָס אנגעלעס.

אין 1905 האָט ער געעפנט א קליין געשעפט אף זיבעטע גאס. און עס האָט זיך אים אפילו ניט געחלומט, אז אין צוואנציק יאָר ארום וועט ער זיין דער פרעזידענט פון א מיליאָן אדיקען געשעפט אין קאליפאָרניע.

אינטערעסאנט איז אויך דאָ, וואָס פריהער האָט ער געהאנדעלט מיט ניי־מאשינען, און איינמאָל, ווען ער האָט געמאכט א „טרייד דיל“, פון א ניי־מאשין אף אן אלטע פיאנאָ, איז בא אים געבוירן געוואָרן דער פלאַן צו נעמען זיך פארקויפן מוזיק.

נאָך דעם ווי ער איז אריין אין דער „מוזיק־ליין“ האָט ער זיך דערוואוסט, אז יעדער הויז איז א פראָספעקט פאר א פיאנאָ, וויקטאָראָלא, אָדער אנדער מוזיקאלישער אינסטרומענט. אָפשטייענדיק א שטיקל צייט אף זיבעטע גאס ,האָט בען פלאט באשלאָסן צו ציען אף בראָדוויי, און זיינט זיי האָבן אהין אריינגעצויגן איז דער געשעפט געשטיגן ריזיק. חוץ דעם זוכט די פירמע נייע געגנטן, וואָס האלטן אין וואקסן און וועלעכ פארשפרעכן זייער פיל פאר דער נאָנטער צוקונפט, און אין יענעם געגנט פאָרט אוועק דער פרעזידענט פון דער מוזיק פירמ, ב. פלאט אליין, און ער געפינט אויס דעם בעסטן פאסיקן געגנט, און עטאבלירט דאָרט א ברענטש. אזוי האָט ער געטון מיט ברוקלין עוו. אזוי האָט ער געטון מיט פארשיידענע טיילן פון שטאָט, וואו ער האָט זיך עטאבלירט. היינט האָט פלאט זעקס סטאָרס, אויסגעצווייגט אין אלע שענסטע טיילן פון לע. א. און אומעטום קען מען געפינען א פלאט סטאָר, וועלכער ברייננגט אריין מוזיק אין סאוטרן קאליפאָרניע.

די לעצטע יאָרן הערט גראָד די אידישע וועלט פון פלאטן זייער פיל. דער קרן היסוד האָט געהאט פון אים די גרעסטע ביישטייערונג, וואָס א רוסישער איד האָט דאָ געגעבן, און אים צו פארדאנקן, זענען אריינגעקומען ביי־

טראָגן פון איינעקע פון די מואווי קאָלאָניע. ער איז אויך א מיטגליד אין אַלע היגע אנשטאַלטן, און פאר א יאָרן, ווען עס איז דאָ געווען די ווילנער טרופּע, האָט ער זיך שטארק פאראינטערעסירט אין זייער טאַלאַנט, און געהאָלפן גרינדען דעם קונסט־פאריין, גערופן זיצונגען, און געוואָלט העלפן שאפן א פעלד פאר דער ווילנער טרופּע, אז זיי זאָלן דאָ קאָנען פארבלייבן. בכלל איז פלאט נאָך געבליבן אידיש אין גייסט, און איז גרייט צו שטיצן א וויכטיקע אידישע אונטערנעמונג.



## דר. ה. פ. דזשייקאָבסאָן

געבוירן אין ווארשא, פּוילן, אין 1882, בא זייער רעליגיעזע עלטערן. שוין אלס קינד האָט ער ארויסגעוויזן אויסגעוועגטלאכע פעאיקייטן צו לערנען, און האָט געשמט פאר אן עילוי. די עלטערן האָבן בדעה געהאָט צו מאכן פון אים א רב. ביז פופצען האָט ער געלערנט אונטער די עלטערנס השגחה. נאָר דערנאָך איז ער אָנגעשטעקט געוואָרן פון דעם גייסט פון דער צייט, און איז זייער איינג ארייגעטראָטן אין דער פּ. ס. און אין 1907 איז ער געקומען אין אמעריקע. געווען זעקס חדשים אין נויאָרק, דערנאָך איבערגעפאָרן אין סינסינאטי. דאָרטן האָט ער שטודירט ביז 1912, ווען ער איז געקומען אין לאָס אנגעלעס. גענומען דאָ א קורס אין אוניווערסיטי אָוו סאוטערן קאליפאָרניע, גראדואירט און דערנאָך פּראקטיצירט ניין חדשים אין א סאן פראנציסקאָר האספּיטאל, און צוריקגעקומען. געווען א שטיק צייט אקטיוו מיט די פּועלי ציון און אין צייט, ווען עס איז געקומען א מאָמענט צו טון די גרויסע ציוניסטישע ארבעט, האָט דזשייקאָבסאָן זיך געשטעלט אין דער פאָדערשטער רייהע, און זיך געווידמעט דער קרן־היסוד באוועגונג מיט דעם גאנצן פייער פון זיין הארצן. עס האָט זיך געפאָדערט באאיינפלוסן דעם מעיאָר, דעם קאונסיל, און אלע קרייזן, פאר דער קרן־היסוד באוועגונג און ער האָט זיין ציל דערגרייכט *)

*) זע די צושריפטן פון דעם מעיאָר און פון דעם קאונסיל, אלס תשובה אף זיינע איינלאדונגען צו זיי.

אין יענער צייט האָט ער געלרענט, אז מער פאר אלץ קען ווירקן די ענגלישע פרעס, און באלד נאָכדעם האָט ער מיט דר. דזשאָרדזש סיילין געקויפט די „קאליפאָרניע דזשואיש רעוויאו“ און אין א קורצער צייט, איז די צייטונג געוואָרן א בויענדיקער פאקטאָר אין דעם היגן געזעלשאפטלאכן אידישן לעבן.

דר. דזשייקאָבסאָן איז איצט אין אייראפּא, האָפט צו באזוכן אויך ארץ ישראל.

אין דעם לעצטען קרן היסוד דרייוו האָט זיך געפילט, אז ער פעלט, און אז א סך ארבעט וואָלט ער געווען געטון, ווען ער איז אין שטאָט.

ער ווערט דערוואַרטעט אין עטלאַכע וואָכן ארום.

די פרוי דזשייקאָבסאָן, איז איינע פון די פּיאָנערן אין דער נאַצ. ראַ־דיקאַלער שול באוועגונג, האָט געלערנט א שטיק צייט, אין דער ערשטער און אויך אין דער צווייטער שול. אין דער קרן היסוד ארבעט האָט זי אים זייער פיל ארויסגעהאָלפן.

## ישראל משה טענענבוים



געבוירן אין בריסק דליטאָ, אין 1868, בא חסידישע עלטערן, פאָ־טער, א קאָמיסיאָנער, פלעג באציען מעל פון בעסאראביע. ישראל משה האָט געלערנט אין בריסקער ת"ת און דערנאָך אין ראַזשאָנאַיער ישיבה בא הרב ישראל דעם ריטשע־נער. טענענבוים האָט גענעסן טעג און דורכגעמאַכט דאָס לעבן פון דעם אָרעם בחור, און גע־דיינקט דאָס נאָך איצט אויך. צו זיבעצען יאָר איז ער מיט נאָך בחורים נעכאַפּט געוואָרן פון דער פּאָליציי, פאר ניט האָבן קיין פּאַספּאָרט, און מען האָט זיי געפירט מיט דעם עטאַפּ. מען האָט אים געמאַכט פאר אַן איין און צוואַנציקער און אָפּגעגעבן פאר א סאָלדאַט, און כדי ניט אריינצופאלן אין די גוי'עשע הענט, האָט אים דער פאָטער גע־שיקט נאָך אמעריקע. זיין ערשטע שטאָט איז געווען נויאָרק. דריי וואָכן איז ער געזעסן אין באַראָן הירש רעמואוואַל אָפיס. דערנאָך האָט מען אים אָפּגעשיקט קיין דענווער, די שטאָט, וואו דער איינגענער האָט שפּעטער גע־שפּילט א באדייטענדע ראָל אין דער אויפבויאונג פון דעם אידישן געמיינדע לעבן. דאָס איז געווען אין 1886. דענווער האָט דעמאָלט געהאט בלויז ניין רוסישע אידן. (יאהודים זענען שוין געווען מער.) ער האָט געארבעט שווער אין די מינען, האָט אויך געפּעדלעט א שטיק צייט. אין זעקס יאָר ארום האָט ער זיך עטאבלירט אין די וואָל און פעל ביזנעס, דערנאָך איז ער אויך אריין אין די קויל־ביזנעס, וואו ער איז פארבליבן ביז 1915.

טענענבוים האָט צו זיין קרעדיט, וואָס ער איז געווען פון די גרינדער אין דענווער, פון דער מגן דוד שול, געווען זייער פרעזידענט. שפּעטער האָט ער געגרינדעט די ערשטע אָרטאָדאָקסישע סעמעטערי, ער איז אויך געווען דער

ערשטער פרעזידענט פון דער „סאַנס אָוו בענדזשאמין לאַדזש", „איי אָ. ב. ב." לאַדזש, האָט אויך געגרינדעט א אידישן ברענטש פון (מאנטפיאָר טענט „מאקאביעס") איז אויך איינער פון די ערשטע גרינדער פון ביהמ"הג, וועלכע האָט ארונטערגעבראכט ראבי קאָוואר, איינע פון די מיסדים פון דענווער סאנאטאָריום, וועלכער האָט געגעבן א טענט, און איז אלע מאָל גע־ ווען א דירעקטאָר אין דער „דזשיי סי אר עס", און היינט אויך א נעשאָנאַל דירעקטאָר אין דעם נעשאָנאַל קאָנס. רעליף סאנאטאָריום. איז געווען א פארטנער אין דער קאָלאָראדער סטייט לעדזשיסלייטשור, (דערוויילט גע־ וואָרן מיט א גרויסער מאיאָריטעט) און בכלל געווען פאררעכנט פאר איינעם פון די בכבודיקסטע רעפרעזענטאנטען פון דעם אָרטאָדאָקסישן אידענטום אין קאָלאָראדאָ.

טענעבוים איז אָבער ניט פארלוירן געגאנגען דורך זיין אריבערציען זיך פון קאָלאָראדאָ. גלייך בא זיין אָנקומען אהער האָט דאָס אידענטום אין אים געפונען אן ענערגישן ארבעטער, ער האָט זיך דאָ גלייך עטאבלירט און אויסקויפענדיק די „סאוטהערן סמעלטינג" האָט ער עטאבלירט די פירמע „סאוטערן קאליפאָרניע מעטאל און ראָבער", וועלכע ער פירט נאָך אויך איצט מיט גרויס ערפאָלג, און כאָטש ער איז שטארק פארנומען אין גע־ שעפט יעדן טאָג, געפינט ער אלעמאָל צייט פאר אידישע אנגעלעגנהייטן.

ער איז באלד געוואָרן א מיטגליד אין אָליוו סט. און געהאָלפן זייער פיל דערת"ת. ער איז אויך א מיטגליד אין דער אגודת־אחים, און אין בריד סטריט שול, מער ווי אלץ איז ער אָבער אקטיוו אין דער סיני קאָנגרעגיישאָן, איז אכט יאָר א מיטגליד אף דער באָרד, און שוין זיבן יאָר דער וויים פרעז., און אלס טשערמאן פון דער באָרד אָוו עדיוקיישאָן האָט ער געעפנט די סיני ת"ת מיט פינף קינדער און איין לערער, פאר צוואנציק דאלאר א וואָך (אגב האָט ער דאָס געצאָלט פון זיין אייגענער קעשענע) און איצט פארמאָגט די סיני אכציק קינדער, האלט אויף צוויי באשטענדיקע לערער, רעוו. וועלינגטאָן, און מרס. קראסנאָוו, חוץ די זונטיק קלאסן, וועלכע זענען א גרויסער ערפאָלג, אין דער נאכבארשאפט. ער קומט אפט אין דער ת"ת און גיט זיך אָפּ מיט דער דערציאונג, ווי אן אמת'ער פירער, פאסט אויף אף דעם סדר הלימוד, נעמט א טיפן אינטערעס, איז איינער פון די בילדינגס קאָמיטעט, און האָט פיל געהאָלפן דער פארפערטיקונג פון דער נייער סיני קאָנגרעגיישאָן, וואָס ווערט איצט פארטיק.

איז א ציוניסט, איינער פון די ערשטע אקציאָנערן אין דער קאָלאָניאל באנק, געווען וויים פרעז. פון ציון דיסטריקט, אין 1921-20. האָט פיל גע־ האָלפן אלע קרן היסוד דרייוום אין ל. א. איז פון די מיסדים פון דער ישיבת תורה אור.

פארהייראט. די פרוי חנה טענעבוים, פירט אן אמת כשרה הײם, און אלע קינדער זענען דערצויגן אין אידישן גייסט, קענען גוט אידיש, און העברע־ איש, האָט פיר זין: אייב, פארהייראט אין דענווער, בען, פארהייראט דאָ.

דייוו, פארהייראט דאָ, און ווילי, דער אינגסטער איז ווי דייוו מיטן פאָטער אין די ביזנעס. אַלע קינדער האָבן געמאכט הייסקוהל, דייוו איז א גראדואירטער לאָיער, ווילי האָט געמאכט צוויי יאָר אוניוו. אָוו סאוטערן קאַל. צוויי טעכ־טער: אסתר איז איצט מרס. דזשאָזעף בריליאנט, אין דער דיימאָנט אינדוסט־ריע, און ביילע איז מרס. דר. סניידער.

## „ישיבת תורה אור דלאָס אַנדזשעלעס"

אן אינסטיטושאָן פאר העכערע אידישע לימודים, הויפּטזעכלאך תלמוד און פוסקים. געגרינדעט ג׳ כסלו תרפ״ה (30 נאָוו. 1924). ערשטער אָרגאניזאציאָנס מיטינג אין שול פון קאָנג. „בית ישראל" אונטער דעם פאָרזיץ פון הרב ש. מ. נעכעס. ערשטע אָפּיסערס 6 מאָנאַט: הרב ש. מ. נעכעס והרב ר. מ. בערמאן נשיאי הכבוד. מר. אברהם מאנדעל פּרעזידענט. ר׳ מיכל העל־מאן און מר. א. אייזנבערג וויים פּרעזידענטן. רעוו. ב. לעוו, טרעזשורער. מר. אברהם אבא בענסקי, סעקרעטאר. באָרד אָוו גאָווערנאָרס: הרב מענדל סאקאל, דר. ל. ג. ריינאָלדס, דר. ד. י. סיילין, ס. מארקאָוויץ, רעוו. ק. ל. מארש, מ. ניימאן, וויליאם ראאב, ר׳ צמח שאלאמאוויץ, רעוו. נתן מאזעוועצ־קי, ס. שוקין, רעוו. א. א. סמיט, מר. משה טאנענבוים, ר׳ שמחה נתן ווילנער און מר. ש. ווייץ. א הויז איז געדונגען געוואָרן אין 437 נ. באילסטאן (קאָר. טעמפּל) סט. הרב ר׳ מענדל סאקאל איז ערוועלט געוואָרן „ראש הישיבה" אָנפאנגענדיק מיט 18 תלמידים מסכת בבא קמא. די ישיבה האָט אין איר קורצען עקזיסטענץ פּראָגרעסירט און צעלט יעצט (סעפּט. 1925) 35 תלמידים מיט 2 געהילפן צום אויבענדערמאָנטען ראש ישיבה. די לימודים זיינען: חומש ורש״י, תנ״ך, שלחן ערוך, גמרא און פוסקים. די געגענוועטיקע בעאמטע פון די ישיבה זענען: הרב ש. מ. נעכעס והרב ר. מ. בערמאן עהרען פּרעזידענטן, מר. משה טאנענבוים פּרעזידענט, רבי יעקב בוימאן, ר׳ מיכל הלמאן, ר׳ נתן מאזעוועצקי און ר. א. אייזבערג וויים פּרעזידענטן. רעוו. ב. לעוו טרעזשורער מר. א. א. בענסקי, סעקרעטאר. אין די באָרד אָוו גאָווערנאָרס זענען, א חוץ די אויבענדערמאָנטע וועלכע זענען יעצט אויך, די פאָלגענדע: מר. אברהם מאנדעל, דזש. דראבקין, דזש. ווארענאָף, מ. איטקין, ס. וואשער, רבי וו. גאָלד־בערג, ל. מ. סעמסאָן, ש. י. דאווידסאָן, י. ח. גאָלדבערג, ר׳ אברהם אייבלסאָן, ר׳ ש. נ. האללאמבע, המשכיל יצחק ראָזענבערג, ל. זוקערמאן, ה׳ בריליאנט, ר׳ משה שרירא און מר. ס. ראָזען. 8 פעברואר 1925 איז געגרינדעט געוואָרן די „ליידים אוקזיליערי" פון די ישיבה, מיט פאָלגענדע אָפּיסערס: מרס. ב. לעוו, פּרעז., מרס. יאפע, וויים פּרעז., הרבנית טילליא נעכעס, טרעזש. מרס. שרה ראאם, סעק. באָרד אָף דירעקטאָרס: די ליידים מארש, העריסאָן, ליווינג־סטאָן, מאנדעל, ראָזענבלום, גאָלדבערג, מ. גאָלדבערג, און מרס. שוסטער וועלכע האָט מנדב געווען דעם ערשטען ש״ס און פילע אנדערע ספרים צו די ישיבה אלס עהרן מעמ.

הנדיב ר' משה שרירא מיט זיין פרוי בלומה האָבן (דזשולאי 1925) מנדב געווען זייער בית המדרש, באוואוסט אלס „בית המדרש שרירא", קאָר. 2טע און מעטהיוס סטריטס, פאר א שטענדיגע הויז פאר די ישיבה און האָבן זיך פארפליכטעט צו צאָלן 125$ מאָנאטליך פאר 10 יאָר. ווי אויך 500- יערליך פאר פרייזעס צו די אויסגעצייכענטע שילער אלס דער „שרירא פרייז". די ישיבה און איר פראָגרעס ווערט באוואונדערט פון אלע קלאסן אידן און איז א גרויסער פאקטאָר אינ'ם אָרטאָדאָקסישן אידישן לעבן אין קאליפאָרניע.

## דר. נתן זאלצמאן, אויגן דאָקטאָר



געב. אין טעאפיפל, וואָלינער גוב. אין 1889. געלערנט ביז 15 בא מלמדים און פריוואטע לערער,, גע- נאָסן א שטריינג רעליגיעזע דער- ביאונג. דערנאָך געקומען אין זשי- טאָמיר און שפעטער אין אדעס און אין קיעוו, און געלערנט פאר זיך, און שפעטער אריין אין אוניווערזי- טעט. געווען פריער אקטיוו אין „בונד", דערנאָך בא די פוע"צ, אין די דערמאָנטע שטעט. צו צוואנציק, אָפגעפאָרן אין אויסלאנד, שטודירט אין וויען אין 1910-1911. אין נויאָרק זינט 1912. אריינגעטראָטן אין דער פועלי-ציוניסטישער באוועגונג. אויך געגרינדעט א בר. נאצ. ארב. פארבאנד, אין ברוקלין, און געווען זייער סעק- רעטאר אין 1914. געווען א דעלעגאט צו דער רוטענבערג קאָנפערענץ, אף צום פאררופן דעם אידישן קאָנגרעס, זיך באטייליקט אין דר פיפלס רעליף, געווען דער דעלעגאט צו דעם ערשטן קאָנפערענץ פון רעליף. אין 1916 גע- פינערעוועט אין ניו מקסיקא, מיט סאמועל באראווסקי, און י. ראָזענפעלד, קומענדיק אין לאָס אנגעלעס אין 1917 האָט ער זיך גלייך גענומען באטייליקן אין דער ציוניסטישער ארבעט, פאר דעם נאציאָנאל פאָנד, דערנאָך פאר דעם קרן היסוד. אָנגעקומען אין אוניווערסיטי אָוו קאליפאָרניע, געענדיקט קאָלעדזש אָוו אָפטאָמעטריע, אין סעפט. 1920 געווען פארבונדען מיט דר. קירשענבוים, און דערנאָך גענומען אָפיסעס פאר זיך אין בראָקמאן בילדינג, און ער איז דאָרט נאָך איצט אויך.

דר. זאלצמאן, איז אויך א העברעאישער לערער, געלערנט א שטיק צייט אין סאנטא בארבארא געגנט, אויך אין טעמפל „בני-ברית". איצט לערנט ער שוין א לענגערע צייט אין אין דער „דזשואיש אָרפאנס האָום".



## יהושע פארבער

געבוירן אין מארקושאָוו, פוילן, אין 1892. געלערנט ביז ניינצען, און דערנאָך זיך פאראינטערעסירט מיט דער השכלה, און געוואָרן א אפיקורס. שפּעטער געוואָרן טעטיק אין דער פּ. פּ. ס. און אין אמעריקע זינט 1911. געפאָרן קיין גאלוועסטאָן, און פון דער יק"א צוריק געשיקט געוואָרן, ביז אקלאָהאָמא, אין קאליפאָרניע זינט 1915. געהאָלפן דער גאנצער ראדיקאלער באוועגונג, דעם ארבעטער רינג, און שפּעטער געווען צוויי מאָל סעקרעטאר פון סיטי און דיסטריקט קאָמיטעט, און איינער פון די גרינדער פון דער ארבעטער רינג שול אין אונדזער שטאָט.

אין די ערשטע יאָרן געווען טעטיק אין דער ארבעט פאר די פּאָליטישע ארעסטירטע. געווען א שטיק צייט פאראינטערעסירט אין דער קאָ־אָפּעראטיווע באוועגונג, פריער די בעקעריי, און שפּעטער געוואָרן דער פארוואלטער פון דער קאָאָפּעראטיווע פרעס.



## ישראל יצחק פארבער

געב. אין מארקישאָוו, פוילן, אין 1886. חדר ביז עלף, דערנאָך געקומען אין ווארשא, געוואָרן א פּראָלעטאריער. און גאנץ אינג אריין אין דער ס. ס. באוועגונג, געפירט ראיאָנע סטרייקס, ביז 1911 ווען ער איז צוליב דעם פּריזיוו אָפּגעפאָרן אין אמעריקע. ערשטע שטאָט גאלוועסטאָן, טעקסעס, דערנאָך צוריקגעשיקט געוואָרן פון דער איט"א ביז סט. פּאול.

פון דאָרטן געצויגן אין שיקאגאָ, שפּעטער קיין דענווער, וואו ער איז געווען פיר יאָר, און זינט 1915 אין ל. א. געהאָלפן דאָ אין דער ארבעט פון דער סאצ. ראדיקאלער שול, נאצ. ארב. פארבאנד, פּועלי ציון, און שטיצט איצט אויך די אידישע פאָלקשול. איז א מיטגליד אין אלע אידישע אנשטאלטן, און רופט זיך אָפּ וואַרעם אָף אידישע קולטור ענינים.

## ב. קאָהן

געבוירן אין סלאָנים, רוסלאַנד, אין 1875. פאָטער, א ראש ישיבה, און די ברידער פראָמינענטע רבנים (איצט אין ברוקלין נ. י.) קאָהן האָט אָבער גאנץ איינג זיך פאראינ־טערעסירט מיט די פּראָגרעסיווע באוועגונגען, און קומענדיק אין אמעריקע, אין אָנהויב פון צוואנ־ציקסטן יאָרהונדערט, האָט ער גע־ארבעט און גלייכצייטיק שטודירט און געענדיקט די ברוקלין אוניווער־סיטי אָוו לאָא, נאָר ניט געוואָלט פּראַקטיצירן. אין 1906 איז ער געקומען אין לאָס אנגעלעס צו באזוך, און שוין דאָ פארבליבן. אין אָנהויב האָט ער זיך עטאבלירט אין געשעפט, און וואָלט מיט זיינע גלענצענדיקע פעאיקייטן גע־ווען זיכער ערפאָלגרייך, נאָר מיט דם אויסברוך פון דער מלחמה, און מיט דעם געבורט פון דעם סאנאטאָריום, וועלכער האָט אים ביסלאכווייז ארייננגעצויגן אין דער ארבעט, אז עס איז אים פאר אים פאקטיש ניט געבליבן קיין איין מניוט צייט עפּעס צו טון פאר זיך, האָט ער אָנגענומען דעם אמט פון עקזעקוטיוו סעקרעטאר, און איצט מעג מען שוין צוגעבן, אז ניט קוקענדיק אף דעם, וואָס דער סאנאטאָריום האָט דורכגעמאכט פארשיידענע קריזיסן, צוויסטי־קייטן, און געגנערשאפטן, איז אָבער איינס זיכער— כל זמן קאָהן איז גע־שטאנען מיט דעם סאנאטאָריום, האָט ער תמיד געטראכט, געזוכט מיטלען, און געפונען וועגן, ווי אזוי צו דעקען אלע דעפיציטן, און ווי אזוי צו ברייננגען דעם סאנאטאָריום צו דער שטופע פון א נאציאָנאלן אנשטאלט. נאָך אלעמען איז ב. קאָהן געווען די נשמה פון דעם סאנטאָריום, ער איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט, און איז דאָס געבליבן אף דריי טערמינען.

ווערענדיק דער באצאָלטער פארוואלטער פון סאנאטאָריום, איז אף אים אויך געלעגען דער יאָך צו זיין דער פעלד סעקרעטאר, ווייל לאָס אנגעלעס איז זיך די לעצטע יאָרן צעוואקסן,) און אנדערע אנשטאלטן האָבן זיך אויך באליבט געמאכט בא דעם עולם, און ממילא איז אויך דער סאנאטאָריום אויסגעוואקסן, פון עטלאכע געציילטע ביידלאך איז אויסגעייאקסן א שטאָט, און ס'איז געבליבן איין וועג: צו פאָרן איבערן לאנד, און זאמלןביישטייערונ־גען. אָבער ווען קאָהן פלעג אוועקפאָרן, האָט ער דאָ געפעלט, און דער פועל יוצא איז געווען, אז ווען דער „פּאָרוורטס" אין סט. לואיס האָט אים אָנגע־באָטן א שטעל, האָט ער רעזיגנירט, בא דעם סאנאטאָריום, און אָנגענומען די שטעל בא דעם „פּאָרווערטס"", וואו ער איז איצט איינער פון די ערפאָלג־רייכסטע מענעדזשערס אין לאנד.

זיין פרוי, לענא קאָהן, איז א ווארשאווער, קומט פון אינטעליגענטער משפחה, פּראָגרעסיוו געזאָנען, האָט געשטיצט איר מאן אין אלע זיינע אונ־

טערנעמונגען, און איז אליין אויך געווען טעטיק אין דער לײדיס עקזילערי, אלע יאָרן.' זיי האָבן צוויי קינדער: מיימי, 22, גראַדואירט, זייענדיק די אינגסטע שילערין אין אוניווערסיטי אָוו קאליפאָרניע, דאָ ב. א. און מ. א. נעהאלטן די שטעלע אלס לערערין, און איז איצט אויך א לערערין אין סט. לואיס, מאָ. זייער זון — אדאָלף קאָהן, 21 יאָר, איז א גראַדואירטער פון יוניוו. אָוו קאל. בערקלי קאלעדזש, דעגרי: ב. ס. איצט איז ער מיט ראָטמאַן, פּאָבליק סערטעפייעד אקאונטאנט, אין לינקאָלן בילדינג.



## הערי מ. קאָהען, אדוואָקאט

געבוירן אוגוסט 1873 אין ראוד אייל־אנד. באזוכט די דאָרטיק פּאָליק סקל און דערנאָך דעם „ביזנעס־קאלעדזש" אין בידפאָרד, מעין. גראַדואירט פון מערילאנד אוניווערסיטעט (דעגרי ל. ל. ב.) אין 1923 איז ער געקומען אין קאַליפאָרניע, וואו די פאמיליע איז געווען זינט 1908. ביז קאליפאָרניע איז ער תמיד געווען אקטיוו אין אידישע און געזעלשאפטלאכע ענינים. ער האָט פריער געוואוינט אין מאָנטאנא, און דאָרטן אָרגאניזירט דעם „האָנטלי פּראָיעקט" פאר וואסער־געברויכער אין יענעם שטאָט. האָט זיך באטייליקט אין פארשיידענע וויכטיקע פינאנץ און פילאנטראָפּישע אנשטאַלטן, געווען דער דעלעגאט פון דער פּראָגרעסיוור פּארטיי צו דער „סטייט קאָנווענשאָן", אין 1912; פּאָרזיצענדער פון דער „סקול־באָרד"; פּרעזידענט פון דער „בני־ברית" אין בילינגס, און מאסטער אין דער א. פ.א. מ. מאָנטאנא.

אין קאליפאָרניע איז איינער פון די אקטיווסטע ציוניסטישע טוער, דער פּאָרזיצער פון נאציאָנאל־פאָנד; דער פרעזידענט פון די „בני־ציון"; פּינ. פעק. פון טעמפּל „בני ישראל", פּאסאדינא.

אין פּאָליטיק איז ה. קאָהען א פּאָרטנעשריטענער מענטש. אין אידישקייט איז ער קאָנסערוואטיוו געזאָנען.

## דער נאציאָנאל פאָנד

אין 1921, דעם 6טן פעברואַרי האָבן זיך א צאָל ציוניסטן פארזאַמעלט בא הערי פראם אין הויז, און האָבן געגרינדעט א נאציאָנאל־פאָנד סאָסייעטי. דער פרעז. איז געוואָרן ס. גראָסמאן, וויים פרעז. ר. מעל־מאן, טרעזשורער, אברהם יונה שאַ־פירא, רעק. סעק. א. ראָטשטיין, אי דער פינאנס סעקרעטאר מ. י. באנק. זינט יענער צייט טוט דער נאצ. פאָנד אויף גאָר גרויסע ארבעט. בא יעדער געלעגענהייט זענען די באאמטע, אז דער נאצ. פאָנד זאָל ניט פארגעסן ווערן, און עס ווערן דורכגעפירט יערלאכע זאמלונגען פאָנען־טעג, בלומען־טעג, און עס ווערן אויך געזאמלט גרויסע סומען דורך די נאצ. פאָנד באקסעס. די גרינדער וואָס האָבן אוועקגעלעגט א יסוד פאר דעם נאצ. פאָנד אין לאָס אנגעלעס זענען בעלא פעוזנער, הערי פראם, מארק בלאנק, ל. יאקאָבסאָן, דר. זאלצמאן, סעם ברייניין און דער ניט לאנג פארשטאָרבענער דר. מ. וו. וויסאָצקי.

## רבי נתן מאזעוועצקי



געבוירן אין שטוצין, ווילנער גוב. אין תרל"ט (1879). דער פאָטער ר' דודל מאזעוועצקי, איז געווען פאר־רעכנט פאר א גאון, און אויך איז ער געווען א ברודער פון ר' חיים ליב סטאַוויסקער. דער אייגענער איז אויך געווען רב אין זאבעלין, גראָד־נער גובערניע. דאָס שטעטל האָט געשמט מיט אירע רבנים; דאָרטן איז אויך געווען רב ר' יצחק אלחנן, (קאָוונער רב) אין 1895 האָט זיין פאָטער מיט דער פאמיליע עמיגרירט קיין ארגענטינע, און מיט דער צו־שטימונג פון דער יק"א איז ער דאָרט געוואָרן דער רב הכולל. ער האָט גע־קענט פארשיידענע שפראכן, און וועלטלאכע לימודים, דער אינגער נתן, כאָטש ער איז אין ארגענטינע געווען אן ערד־ארבעטער, צוגלייך מיט זיינע

ברידער, האָט ער אָבער ארויסגעוויזן גרויס חריפות און בקיאות ,און ער פלעגט פאר זיין פאָטער מסדר זיין די שאלות ותשובות, וועגן תקוני עגונות, א. ד. ג. וועלכע דער פאָטער פלעגט באקומען פון דער גאנצער וועלט. דער אינגער מאזעוועצקי צייכנט זיך אויס מיט א שיינם סטיל אין העברייאיש, און שרייבט גאנץ. אין 89טען האָט ער מיטן פאָטער פארלאָזן ארגענטינע, און געקומען אין ירושלים. דאָרט האָט ער געלערנט אין דער בארימטער „תורת חיים" בא ר' יצחק ווינאָגראד, אין דער אייגענער צייט געשריבן וויכטיקע ארטיקלען אין „המליץ", און שפעטער אין „הצפירה", אויך געשריבן אין „חבצלת", החרות", און אין „המוריה". געהייראט אין 1900 און זיך באזעצט אין דער קאָלאָניע „פתח-תקוה", א סך מיטגעווירקט אין דער אנט־וויקלונג פון דער קאָלאָניע, געארבעט אין „ועד המושבה" און שפעטער גע־וואָרן דער „מזכיר הועד". אין 1912 געקומען אין וועסטערן קאנאדע, גע־ווען רב און שוחט אין אייניקע פּראָווינצען און דערנאָך אויפגענומען געוואָרן אין רידזשיינא. אין קאנאדע א סך געהאָלפן דעם געזעלשאפטלאכן אידישן מצב, כסדר געווען דער דעלעגאט צו די ציוניסטישע קאָנווענשאָנס, אויך גע־ווען א דעלעגאט צו דעם קאנאדער אידישן קאָנגרעס. אין די מלחמה יאָרן זענען דורך זיינע הענט איבערגעשיקט געוואָרן טויזענטער דאָלארן צו די אומגליקלאכע אין אייראָפּאַ.

אין יוני 1924 האָט ער צוליב דער קראנקייט פון זיין פרוי געמוזט פארלאָזן קאנאדע, וואו ער איז געווען זייער געאכט און געשעצט און געקומען קיין לאָס אנגעלעס. אויך דאָ נעמט ער אנטייל אין אלע וויכטיקע ענינים, ער איז איינער פון די מוסדים פון דער נייער ישיבה „תורת אור„. ער האָט קבלה און סמיכה פון די רבני ירושלים, איבערהויפּט שרייבט וועגן אים זייער ווארם, הרב אברהם יצחק הכהן קוק, דער רב הכולל פון ירושלים, דער ראש הרבנים פון ארץ ישראל.



### בען סאיעטא

געבוירן 1892 אין לואיסוויל, קענ. די היים פון לואיס ד. בראנדעיס. דערצויגן דאָרטן און דערנאָך בא־זוכט און געענדיקט די אוניווערסי־טעט אין פענסילווייניע. דעגרים: ב. א. ב. א. ל. ל. ב.

אין קאליפאָרניע זינט 1920 געווען פארבונדען מיט י. ב. בענ־דזשאמין און אויך מיט דזש. דזש. ליבערמאן. סעקרעטאר פון דער טיפּפּאני אינוועסטמענט. סעקרע־טאר פון הערדי קארלאָס טעאטער אססין. (געווען סופּעראינטענדענט אין דער פילאדעלפיער ת"ת).

הונדערט און פערציק

געווען דאָ א לערער אין ס. וו. אוניוו. אָוו סויטערן קאליפ. סעקרעטאר פון דער ב. ב. אויך ל. א. קאָנקאָרדיא אטלעטיק קלוב.

איז אן אקטיווער ציוניסט, אויך א מיטגליד אין טעמפל עמנואל, און א מייסאָן. אין 1920 געווען געהילף צו דר. באָגין אין דעם גרויסן דרייוו. סאיעטא איז איינער פון די אינגעליִיט, וועלכע ווערן שטארק רעספעקטירט אין דער אידישער געזעלשאפט.



## ב. י. סאיעטא

געבוירן אין פילאדעלפיע, אין 1894. געמאכט די סאוטערן מאנואל היי־סקול, אין פענסילווייניע, דעגרים: באטשעלאָר אָוו סייענס, מאסטער אָוו ארטס, געווען לערער אין פענ־סילווייניע סטייט קאלעדזש אָוו אגריקולטור. אין לאָס אנגעלעס זינט 1920. געווען דער לערער וועגן אמעריקאניזאציע אין די היגע סקולס. אויך געווען א יאָר מיט דעם אידישן סאנאטאָריום, געווען דער געהילף צו דר. באָגין אין דער צייט, ווען עס איז אָנגעפירט געוואָרן דער דרייוו פאר א מיליאָן און א האלב פאר די היגע „טשאריטיס“, איז אויך דער עקזע־קוטיוו סעקרעטאר פון דעם היגן „קאָנקאָרדיא“ קלוב פון 1924 און 1925. אויך דער רעקאָרדינג סעקרעטאר פון דעם היגן אָרדער „בני־ברית“ זינט 1923-24-25. אויך דער סעקרעטאר פון דער היים פאר אומהיילבארע. א דירעקטאָר אין דער „עקס־פיישענטס“, „יאָנג מענס היברו אסס'ן“, און דער איצטיקער איניציאטאָר פון „איסטערן סטאר“, א מיטגליד אין ל. א. סיטי קלאָב, איז א טעטיקער ציוניסט, און ווערט רעספעקטירט אין דער היגער גע־זעלשאפט פון אמעריקאנער אידנטום.

## קאָנגרעגיישאָן תלמוד תורה אָוו לאָס אנגעלעס

איינע פון די עלצטע אָרטאָדאָקסישע שולן, איז געווען די „ת“ת אָוו ל. א.“ ארום דער ערשטער גאס אף ראָז סט. אין יענעם געגענט איז געווען א גרוי־סע אידישע געטאָ מיט צוואנציק יאָר צוריק. דאָרטן איז אויך געווען די אהבת־אחים, בעניגגס סט. די מיטגלידער — ראָוונער־וואָלינער אידן. צווישן זיי מ. שוקין, פיליפ שטיין, צדוק רייכלין, אידל ברוינשטיין, און טשעטשינער. די דערמאָנטע האָבן שפּעטער אריבערגעצויגן אף סענטראל עוו. און געגרינ־דעט די אגודת־אחים. איין און צוואנציקסטע סט. און סענטראל עוו. די ת“ת אָוו לאָס אנגעלעס איז געבליבן אין דער ערשטער גאס ביז מען האָט שפּעטער געצויגן אף בריד און ברוקלין (היינט די בריד סט. שוהל).

הונדערט איין און פערציק



אגודת אחים, אנשי ספרד

פיליפ שטיין, איז איינער פון די בויער פון אָרטאָדאָקסישן אידנטום אין דעם סענטראל עוו. געגנט. וועלכער איז בסך־הכל אלט צען יאָר. איידער די מען דאָרט געדאַוונט אין פּריוואַטע הייזער. ערשטער פּרעזידענט, טשע־טשינאָוו, נאָך אים, פיליפּ שטיין, און נאָך אים, ס. שוקין, און א דאנק די שול איז אויפגעבויעט געוואָרן האָט דאָזיקע אידן איז דאָרט אויפגעהאַלטן געוואָרן דאָס אלטע אָרטאָדאָקסישע אידנטום, פּונקט ווי זיי זענען געוועזן גע־וואוינט פון דער היים.

די ערשטע יאָרן איז בא זיי קיין רב ניט געווען. שפּעטער איז צו זיי אָנגעקומען הרב וואָלף. דער עיקר איז אָבער בא זיי געווען ניט דער רב, נאָר די ת"ת. דער ערשטער לערער בא זיי איז געווען דר. פּ. בערבאַן, א זון פון דעם איצטיקן רב, משה בערמאַן, און א ברודער פון פנחס בערמאַן. דר. בערמאַן, איז היינט איינער פון די אָנגעזעענסטע דאָקטוירים אין „קאַונטי האָספּיטאַל". אין יענער צייט האָט ער באנאכט שטודירט און בא טאָג גע־לערנט אין ת"ת. פּרעזידענט אין יענער צייט איז געווען ס. שוקין. אונטער זיין אדמיניסטראציע האָט די „אגודת־אחים" אויסגעבויעט אין הויף א ת"ת, מיט פּלאַץ פאַר עטלאַכע קלאַסן. אין 1920-1 איז שוקין ווידער געוואָרן דער פּרעזידענט. אין דעם יאָר האָט מען אָנגעשטעלט פאַר פּרינציפּאַל י. ל. מאַ־לאַמוט, דער איצטיקער רעדאַקטאָר פון „זונלאנד".

סענטראל עוו. איז געווען די איינציקע ת"ת, וואו די שפּראַכן האָבן אין י. ל. מאַלאַמוטס צייטן געהאַט גלייכבארעכטיקונג, מען האָט גערעט, געליינט, געשריבן און געלערנט אידיש פּונקט ווי העברעאיש.

אין שוקינס אדמיניסטראציע איז אויך אראָפּגעבראַכט געוואָרן הרב משה בערמאַן, דער פאָטער פון דר. און פנחס בערמאַן.

גרויסע פארדינסטן אין דער דערמאַנטער ת"ת האָט אויך די לערערין פרידא קאהאנאָוויץ, וועלכע לערנט שוין אין דער ת"ת אריבער א צענדליק יאָר, פון דעם ערשטן טאָג, וואָס די ת"ת האָט זיך געעפנט. זי פירט נאָך עד־היום די אָנפאנגער־קלאסן, אזוי, אז אלע קינדער דערצויגן אין יענעם געגנט, זענען אירע תלמידים.

איצט לערנט דאָרט רעוו. משה האַלצמאן, וועלכער איז אויך דער חזן פון דער „אגודת־אחים". מען לערנט דאָרט תנ"ך, היסטאָריע, אָבער שוין צוריק אף ענגליש, כאָטש הרב בערמאן איז, פארשטייט זיך פאר אידיש.

א גרויסן פארדינסט האָט די „ליידיס עקזילערי", און דער עיקר, די פּרעזידענטן, מרס. רייכלין, וועלכע האָט אין אלע צייטן געזען פאראייניקן אלע פרויען אין דעם געגנט פאר דער ת"ת.

## חברה קדישא פון דער אגודת אחים.

די איין און צוואנציקסטע און סענטראל עוו. שול, אגודת אחים האָט אויך אן אייגענע חברה קדישא, וועלכע באזאָרגט מיט קרקע אירע אייגענע מיטגלידער און אלעם אנדערעס אין א טויטן־פאל, זייט די לעצטע דריי יאָר. אין דער אמתן איז דאָרט שוין געוועזן א חברה קדישאָ נאָך א סך פריער. נאָר רעאָרגאניזירט האָט זיך די חברה ריכטיק מיט דריי יאָר צוריק אונטער ספּיוואקס אדמיניסטראציע.

די ערשטע באאמטע זענען: ס. ספּיוואק, פּרעז., ב. גראדאָוויץ, טרע־זשורער, בצלאל רובין, סעקרעטאר, און די טראָסטים: ל. שניידער, קורלאנ־דער, ריטשלין, סארוועטניק, און ווייס. די מסעתקים זענען: משה גראָשער, דוד סאָלאָמאָן, משה אהרן האַלצמאן, יעקב ראָזנבלום, שלמה פלעט, יעקב זינקאָוועטסקי, ש. י. ראבינאָוויץ, צדוק רייכלין, משולם פאָנער, אריה שניי־דער, משה שמעון שוסטער.

איינע פון די וויכטיקסטע תקנות בא דער חברה קדישאָ איז דאָס, וואָס יעדער נפטר ווערט אריינגעפירט אין זייער פנקס, און זיין יאָרצייט ווערט אָפּגעהיט אלע יאָר, און עס ווערט נאָך אים געמאכט הזכרה, אין די אידישע ימים־טובים, ווען מען איז אים מזכיר־נשמות. די רווחים פון דער חברה־קדישאָ גייער פאר אויסצוהאלטן און צו פארגרעסערן מיט אלע מעג־לאכקייטן די תלמוד־תורה, פון דער אגודת־אחים, וועלכע האָט זיך אין אלע צייטן געצײלט צווישן די בעסטע ת"ת אין דער נאכבארשאפט און אין גאנץ לאַנד אנגעלעס.

די פרויען וועלכע פארדינען דערמאָנט צו ווערן, זענען: חיה אסתר רייכלין, די פּרעז. פון דער ליידיס עקזילערי, און אויך עטל ראבינאָוויץ, אינדע גראנץ, שרה פערלמאן, ראשע קאָהן, עטל מילער, מרס. כשדן, שרה בערמאן, די פרוי פון הרב משה בערמאן, חנה פלעט און שרה האַלצמאן.

אין סענטראל עוו. און איין און צוואנציקסטע איז שוין געוועזן א ת"ת

נאָך אין 1910, נאָר די באפעלקערונג איז ניט געווען גרויס גענוג זי אויס־צוהאלטן. די גרינדער פון דער ת"ת זענען געווען: קורלאנדער, ספּיוואק, צדוק רייכלין, סעם בערמאן, און פיליפּ שטיין. די ת"ת האָט עקזיסטירט א יאָר צייט, געלערנט האָט ל. לאנדעס.

אין די צווישן צייטן פון פיליפּ שטיין, און שוקין, האָבן דאָרט אויך געלערנט: ל. לעווי, י. ראדאָוויץ (היינט ראדלין) און אנדערע. אין דער צייט ווען די ת"ת האָט זיך ווידער רעאָרגאניזירט, איז דער פּרעזידענט געווען ל. שניידער.

די הויפּט טוער אין דער שול זענען תמיד געווען צ. רייכלין, ס. בער־מאן, איגלאָוויץ (היינט אויך איינער פון די טראָסיטס.) מ. א. האָלצמאן, ס. שוקין, קורלאנדער, ס. ספּיוואק, (שוין איבער זיבן יאָר זייער פּרעזידענט.) ה. ז. ראבינאָוויץ, האָט זיך א שטיק צייט אָפּגעגעבן מיט דער ת"ת, אלס טשערמאן פון דער באָרד אָוו עדיוקיישן.

די איצטיקע פּרעזידענטין פון דער ליידיס עקזילערי איז חיה אסתר ריטשלין, די פרוי פון צדוק ריטשלין.

## אידל ברוינשטיין



זייער וועניק מענטשן אין אונזערע צייטן זיינען זוכה צו אריכות ימים, און עס איז אינטערעסאנט געווען פאר אונדז צו געבן דאָס בילד פון אידל ברוינשטיין, (דער פאָטער פון עמיל ברוין,) און דער שטאָלץ פון דער גרויסער פאמיליע, וועלכע איז מיט אים ארומגערינגעלט אף דעם בילד. דאָס בילד איז גענומען געוואָרן פון דער משפחה אין דעם טאָג, ווען רב אידל האָט געפּייערט זיין פינף און זיבעציק יאָריקן געבורטסטאָג. רב אידל איז א ניין און פער־ציקער. ער איז געבוירן אין 1849 אין איזמאיעל, בעסאראביען, בא א פאָטער א מלמד. און די גאנצע פּרנסה־געבערין איז געווען זיין מוטער. ביז צען יאָר האָט אידל געלערנט אין א חדר און דערנאָך האָט ער זיך שוין אליין איינגעשפּאנט אין יאָך פון פּרנסה, און געהאָלפן דער מוטער, איינצעל־ניק געשעפט. ער האָט אָנגעהויבן מיט איר פאָרן אף די ירידים, און נאָך סחורה. צו דרייצען יאָן האָט ער שוין אליין געפירט די מסחרים, געררייזט קיין יאסי און גאלאץ, אין 1872 חתונה געהאט און ארויסגעצויגן קיין בול־גראד. דאָרט איז געבוירן געוואָרן זיין עלצטער זון, עמיל (היינט עמיל ברוין)

אידל איז אין זיינע יונגע יאָרן געווען א קאָמישאָנער בא דער אייזנבאַן סטאַנציע, און ער דערציילט איצט, אז די דאָרטיקע אידן זענען געווען מאָדנע, גראָבע אינגען, זייערע קינדער האָבן זיי ניט דערצויגן, און ווען ער איז אָנגעקומען, האָט ער אָרגאַניזירט דאָרט די ערשטע ת"ת. ער מיט נאָך איניקע רוסישע אידן האָבן אָנגעשטעלט גוטע לערער, און מען האָט געעפנט א ריכטיקע תלמוד תורה און אין א משך פון א קורצער צייט האָבן זיי געהאַט זעקס לערער, וועלכע האָבן מיט די קינדער געלערנט אידיש, תנך, און טאַקע אויך רוסיש, דייטש און אפילו פראַנצויזיש. אין אמעריקע איז ער זינט 1907. ער איז געקומען צו זיין עלצטען זון, עמיל, נאָכדעם ווי יענער איז דאָ אָפּגעווען בלויז צוויי יאָר, שפּעטער האָט עמיל ארונטערגעבראַכט די אינגערע ברידער.

אידל ברוינשטיין איז איינער פון די ערשטע מיטגלידער פון דער אגודת־אחים אנשי ספרד, און בא אים אין הויז איז געווען דער ערשטער מנין. דאָס ערשטע האַלבע יאָר, ווען די אגודת־אחים האָט זיך געגרינדעט. ער איז אויך געווען איין יאָר פּרעזידענט, נאָר ער האָט זייער ניט ליב קיין אַמט. מער האָט ער קיינמאָל ניט אָנגענומען. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט עמיל געהאַלטן די טרעזשורע פון דער אגודת־אחים.

אידל געדיינקט די ערשטע צען אידן, וועלכע ער האָט אַלע פּריוויט געשלעפּט צו זיך אין שטוב אריין צו מנין: האַלצמאַן, שפּירא, בערג, בליינק (ע"הש), קאַמינסקי, ראָבינזאָן, און זיינע זין, צדוק רייכלין און אידל מיט די קינדער.

כאָטש א זקן פון אריבער זיבעציק יאָר לאַכט זיך רב אידל אויס פון אַלע, וועלכע רופן אים „אַלטער“ און ער האָפט נאָך צו לעבן לאַנג און זען נאָך א דור. ער ווערט געשעצט פון אַלע זיינע קינדער און קינדסקינדער, און באַזונדערס טאַקע בא זיין רייכסטען זון, וועלכער איז מער ווי מקיים דאָס געבאָט פון „כבוד אָב ואם“.



### עמיל בראון

געבאָרן אין בולגראַד, בעסאַראַביען אין 1882. פאָטער אידל בראונשטיין, איינער פון די אידן פון יענעם דור אין בעסאַראַביען, געווען א וויינשענקער. אן אמת פרומער איד, אַלע קינדער האָבן באַקומען א רעליגיעזע דערציאונג, און צווישן זיי אויך עמיל. קיין אמעריקא איז עמיל געקומען אין יאַנואַר פון 1904, געאַרבעט פריער בא יענעם און זייער וויינציק פאַרדינט. אין 1907 איז ער אָנגעקומען אין קאַליפאָרניע, געעפנט א קליינע „שיעט־מעטאַל“

פאבריק, פון וועלכע עס איז זיך צעוואקסען זיין איצטיק ריזיק געשעפט פון עמיל בראון אן קאָ. אין 300 איסט ניינטע גאס.

בראון איז אויך באקאנט אלס ערפאָלגרייכער „בילדער“ און ער האָט זיך די לעצטע צייט בארימט געמאכט מיט דעם, וואָס ער האָט אָרגאניזירט די „בילדער עקסטשיינדזש“ וועלכע רעכנט זיך פאר איינע פון די מיליאָן־דאלארדיקע אונטערנעמונגען אין לאָס אנגעלעס. בראון איז דער איינציקער איד, וועלכער האָט באוויזן די אלע ניט־אידן, אז דאָס וואָס זיי האָבן געזוכט אויפצוטון זינט די לעצטע דרייסיק יאָר, האָט ער היינטיקס יאָר פאר זיי פארפולקאָמט.

בראון איז איצט אויך אין בילדינגס קאָמיטעט פון דעם „סיני טעמפל“, און די „סיני קאָנגרעגיישאָן“ איז זיכער, אז בראון וועט זייער אונטערנעמונג דורכפירן פונקט אזוי ערפאָלגרייך, ווי די געביידע פון די „בילדער סעקסטשיינדזש“. היינטיקע ימים־נוראים, ערווארטעט בראון, אז מען זאָל שוין צייטווייליק קענען עפנען דעם „סיני־טעמפל“, פירטע און ניר העמפשייער. די נייע געביידע וועט קאָסטען אן ערך פון דריי הונדערט טויזנט דאלאר, און וועט זיין א מוסטער פון ארכיטעקטור. עמיל איז אויך איינער פון די מיטגלידער אף דער „באָרד“ אין „קאָנקאָרדיא“ קלאָב. און איז בכלל טעטיק אין אלע אידישע אנשטאלטן אין לאָס אנגעלעס.

## הרב משה בערמאן



געבוירן אין תרכ"ו אין אנטאפאָל, פוילן. זיין רבנישער יחוס גרייכט ביז דעם בעל־הרוקח. דרייסיק יאָר רב אין אנטאפאָל, און אן אמת'ר ירא ושלם, רעכנט זיך פאר א גרויסן למדן אין מלחמה צייט זער פיל געליטן פאר זיין קהלה. זיין דירה איז חרוב געוואָרן, מער פאר אלצדינג האָט דער אלטער רב געליטן פון דער ממשלה פון דעם באנ־דיט בעלאכאָוויטש, וועלכער האָט אף אנטאפאליע ארויפגעלעגט א שווערע קאָנטריבוציע, און גענומען הרב בערמאן פאר א משכן. מען האָט דעם רב געפייניקט מיט עינוים קשים, און ער האָט אלצדינג אָנגענומען באהבה. ער האָט ניט געוואָלט לאָזן זיין קהלה, כאָטש די קינדער אין לאָס אנגעלעס האָבן אים שוין לאנג געוואָלט ארונטערברייינגען. נאָר ווען די קהלה איז אינגאנצן חרוב געוואָרן, און הרב בערמאן האָט שוין מער גאָרניט געקענט טון, האָט ער מסכים געווען צוקומען אהער, און ווערן רב בא דער אגודת־אחים. 21טע און סענטראל עוו. הרב בערמאן שיקט פון זיינע אָרעמע פארדינסטען מעשר פאר

זיינע לאנדסלייט אין אנטאָפּאַליע, און דאָ רעכנט ער זיך פאר א שטרענגען רב אין הלכות כשרות, פּאסט אויף אף דער ת"ת אין זיין שול, איז אן אנהענגער פון אידיש, און בכלל ווערט ער פאררעכנט פאר איינעם פון די ראשי הרבנים אין לאָס אנגעלעס. דער רב האָט דאָ צוויי זין, דר. פ. בערמאן, אין קאָונטי האָספּיטאל, און דער דיכטער, אונדזער חשוב'ער מיטארבעטער, פּנחס בער־מאן. ער האָט דאָ אויך א פארהייראטע טאָכטער, די פרוי פון ה. זילבער־שיין, א רבס א זון.



## הרב יעקב בוימאן

געבוירן יאָר תרל"א (1871) אין ריי־סעשיץ, פּוילן. אינגערהייט גע־לערנט בא רב שמואל וויינגארט, (קאָוולער רב,) און דערנאָך האָט ער געלערנט בא הרב אביגדור יהודא לייבוש, (קאָוול(. דערנאָך האָט ער געלערנט בא דעם גאון רב אברהם בוירנשטיין, פון סאָכאָטשאָוו, בא וועמען בוימאן איז געוועזן פאר־רעכנט פאר א תלמיד מובהק, צו פינף און צוואנציק יאָר האָט ער בא־קומען סמיכה אויף רבנות פון רב אברהם יצחק, דער זאגראָווער רב, א זון פון רב שלמה פּויזנער, א תלמיד פון רק"א. דערנאָך האָט ער באקומען סמיכה בא רב צבי בעדראָווסקי (דער קאָנינער רב). קומענדיק קיין אמעריקע האָט ער באקומען סמיכה פון דעם נויאָרקער רב יהושע סעגאל, אין לאָס אנגעלעס איז ער אכצען יאָר. געוועזן צוויי יאָר בא דער אגודת אחים, (ווען זיי האָבן נאָך געדאוונט אין א פּריוואט הויז) דערנאָך איז ער אויפגענומען געוואָרן בא דער קאָנג. תלמוד־תורה אָוו לאָס אנגעלעס, געוועזן בא זיי צוויי און א האלב יאָר. איצט איז ער רב בא דער קאָנג. שערי־תורה. איינער פון די גרינדער פון דעם הכנסת אורחים ומשוב־זקנים. האָט אויך געהאָלפן גרינדען דעם חסד־של אמת. און אנדערע אידישע אנשטאלטן. האָט געשריבן א ווערק „חמדת יעקב" א פּלפּול אף אייניקע סוגיות אין ש"ס.

אין דער אלטער היים האָט הרב יעקב בוימאן אויך געמאכט אייניקע קלאסן אין רוסיש, (ווי דאָס געזעץ האָט דעמאָלט פארגעשריבן.)

## בערנארד שירעזאָן

געבאָרן אין 1881 אין טאוורינג, קאָוו־נער גוב. באקומען א רעליגיעזע אידי־שע דערציאונג. אין 1902 אויסגע־וואנדערט קיין לאָנדאָן, ענגלאנד. אין 1905 אָנגעקומען אין אמעריקע. די ערשטע שטאָט זיינע איז געווען לאָס אנגעלעס. געווען אָנגעשטעלט אין דער יונייטעד סטייטס נעשאָנאל באנק זיבן יאָר צייט. בערנארד שירעזאָן איז איינער פון די ערשטע ציוניסטען, בא וועמען ציוניזם איז באמת א אידעאל, און אין קאליפאָרניע איז ער איינער פון די ערשטע מיטגלידער אין דער ערשטער ציוניסטישער אָרגאניזאציע: אהבת־ציון, וועלכע איז דאָ געגרינדעט געוואָרן באלד, ווי ער איז געקומען קיין קאליפאָרניע. די צווייטע ציוניסטישע אָרגאניזאציע דאָ איז געווען די „צערי־ציון“ און אויך דאָ איז ער געווען א מיטגליד.

בערנארד איז א מיטגליד פון סיני קאָנגרעגיישאָן, א באָרד־מיטגליד פון דעם קרן־היסוד, זינט דעם ערשטן טאָג, ווען די באוועגונג איז אויסגע־וואקסן, נעמט נאָך היינט א טיכטיקן איינטייל אין אלע ציוניסטישע אנגע־לעגענהייטן. ער האָט אייניקע יאָר געוואוינט אין עלסענטראָ, און זינט די לעצטע צוויי יאָר איז ער ווייטער אין לאָס אנגעלעס.

## מאקס שירעזאָן

א ברודער פון בערנארד שירעזאָן. גע־באָרן אין טאוורינג, קאָוונער גוב. אין 1882. דערצויגן געוואָרן אף דעם אָרטאָדאָקסישן שטייגער. אין אמעריקע זינט 1900. פריער געוואוינט אין פראָווידענס, ראוד איילאנד. אין קא־ליפאָרניע זינט 1903. דער ערשטער איד אין דער „ליין“ פון מוזיק, ער האָט אָנגעהויבן פיאנערעווען מיט א קאפיטאל פון דריי־הונדערט דאלאר, אף דעם איינענעם „בלאָק“ וואו זיין הויפט־געשעפט געפינט זיך נאָך איצט אויך. ווען מאקס שירעזאָן איז אָנגעקומען אין לאָס אנגעלעס, איז נאָך דאָ מער ניט געווען ווי צוויי שולן, דער בני ברית, און די אָליוו סטריט שול. הרב אידלמאַן האָט זיך שוין געהאט אָפגעטיילט פון די רעפאָרמער, און געפירט א מנין פאר זיך אין א „האָל“. חוץ שולן האָבן דאָ זיך געפונען בלויז צוויי אידישע „סאָסייעטים“: די „היברו בענעוואָלענט“ און דער „גמלת־חסדים“.

די נייע אידישע לאָס אנגעלעס איז אלזאָ אויסגעוואקסן פאר דער

צייט, וואָס שירעזאָן וואוינט דאָ. ווי זיין ברודער איז אויך מאקס אַן איבער־געבענער ציוניסט, כאָטש די צייט דערלויבט אים ניט אָפּצוגעבן זיך פיל מיט געזעלשאַפטלאכער ארבעט, מחמת, זיינע געשעפטן זענען זיך אין די לעצטע עטלאכ יאָר ברייט צוואַקסן. ער האָט שוין היינט אויך א גרויס מוזיק גע־שעפט אַף ברוקלין עוועניו.

מאקס שירעזאָן איז א מיטגליד אין אלע היגע אנשטאלטן, רופט זיך אָפּ גאנץ ווארם אַף אלע וויכטיקע אידישע און שטאָטישע אנטערנעמונגען, און רעכנט זיך פאר א הייסן ציוניסט.

---

# וועגן די געשיכטלאכע מאטעריאלן פון די אידן אין קאליפאָרניע

עס איז ניט מעגלאך אין איין מאָל אויסצושעפּן דעם גאנצן מאטעריאל וועגן דער געשיכטע פון די אידן אין קאליפאָרניע. דעריבען האָבן מיר דאָס איינגעטיילט אזוי: אין דעם העפט גיבן מיר די הויפט מאטעריאלן וועגן לאָס אנגעלעס. די אנדערע שולן, קאָנג. און אלע לאָדזשעס וועלכע ווערן ניט דער־מאָנט וועלן אריינקומען אין קומנדיקן העפט. דערנאָך וועלן קומען די טעמפּלן, וועלכע זענען ערשט געבויט געוואָרן די לעצטע פאָר יאָר. נאָך זיי וועלן קומען די פּראָווינץ שטעט פון זידליכער קאליפאָרניע. א באזונדערע אויסגאבע ווערט צוגעגרייט פאר דער נאָרדליכער קאליפאָרניע.

אין די ווייטערדיקע העפטן וועלן מיר פאָרטזעצן די ביאָגראפיעס פון כלל־טוער, חשובע אידן אין קאליפאָרניע, און אויך פון יענע, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן דעם פראָגרעס אַף פארשידענע געביטן. די געשיכטלאכע מא־טעריאלן וועלן יעדנפאלס רעווידירט ווערן, און מיט אייניקע אויסבעסערונגען וועלן זיי אינגיכן אריינקומען אין בוכפאָרם, ארויסגעגעבן פון פארלאג „זונ־לאנד“. ווייל דאָס העפט האָט געדארפט דערשיינען פאר ראש־השנה, איז דאָס ווייט ניט פולקאָם, אָבער ביז מאטעריאלן וועלן גיין אין בוכפאָרם, וועלן מיר האָבן די מעגלאכקייט צו געבן אייניקע זייער וויכטיקע באמער־קונגען. — רעד.



## הרב שלמה מיכאל נעכעס

באריממער רב, געלערטער, און רעדנער (אידיש און ענגליש). געבוירן אין ירושלים, ארץ ישראל, אום שבת 8 טעג אין תשרי תרנ"ב. (10טען אָקטאָבער 1891), צו זיינע עלטערען הר"ר יצחק וגלדה נעכעס. (יעצט אין נויאָרק). הרב נעכעס פאָטער איז דער 5טער דור פונ'ם ווילנער גאון ר'אליהו ז"ל. און זיין מוטער איז הגאון ר' וועלוועלע וואָלפער'ס איין אייניקעל אויך דער לעצטער גראדנער רב, הגאון ר' אלכסנדר זיסקינד, (בעל „יסוד ושרש העבודה"), וואר איר עלטער זיידע.

נאָך אלס קינד איז ער גיווען באוואוסט אלס איין „עילוי". און איז צו 18 יאָר נסמך געוואָרן אלס רב פון זיין רבין הגאון ר' יוסף יהודה שטראסבערג (קאסעווער דיין). אויך פון ירושלים'ער בית דין, ווי אויך פון פונ'ם יפו'ר ספרדישען בית דין, איז אויך געווען א תלמיד מובהק בא הרב הירשעלע סלאבאָדקער. זייענדיק אין יפו פילע זומערס איז ער געווען נאָענט צו הרב הגאון ר' אברהם יצחק הכהן קוק (יעצט ראש הרבנים פון ארץ ישראל) און געהערט זיינע שיעורים. הרב קוק האָט פיל השפעה געהאט אויף איהם. אויף הרב נעכעס אטעסטאנט (דיפּלאָם) פון „עץ חיים" ישיבה איז הרב קוק געחתמ'עט מיט פיל לויב צום יונגען רב. אין 1911 איז הרב נעכעס געקומען קיין אמעריקע און איז באלד אויפגענומען געוואָרן אלס געהילף רב אין קאָנג. בית יעקב אנשי שלום אין ברוקלין, דאן האָבן אים אויך מסמיך גיווען אויך די גאוני אמעריקע נעמליך הרב הגאון ר' אברהם אהרן יודעלאָוויץ (קאָפוליער רב) והרב הגאון ר' בנימין ברוך גוטה (דאן ראש ועד הרבנים דנויאָרק). נאָוו. דעם 18טען 1913 האָט הרב נעכעס געהייראט הרבנית והמשכלת טילליא בת הרב ר' חיים ישראל גודשטיין (דאן שו"ב) אין פיטסבורג, פענסילווייניא, וואו ער איז פארבליבן רב אין קאָנג. „מגן דוד אנשי רוסיא" און אין קאָנג. „בני ישראל" וועלכע איז דורך אים געבליבן איינע פון די גרעסטע איינפלוסרייכסטע קאָנג. אין וועסטערן פענסילווייניא. אין 1918 איז הרב נעכעס גערופן געוואָרן אין קאָלומבוס אָהייאָ וואו ער איז אויפגענומען געוואָרן אלס רב העיר פון אלע קאָנגרעגיישאָנס. אין קאָלומבוס האָט הרב נעכעס געגרינדעט א היברו אינסטיטוט, דורכגעפירט א „כשר ביל" אין לעדזשיסלייטשור, ווי אויך א „רעזאָלושאָן" וועלכע האָט אויסגעדריקט אָהייאָ'ס צופרידענהייט און פארלאנג אז ארץ ישראל זאָל געגעבן ווערן צו אידן. דיזעס האָט אויך דער קאטוילישער בישאָפּ פון קאָלומבוס אויסגעדריקט אין א ספעציעלן בריוו צו הרב נעכעס וועלכעס האָט געמאכט א רושם דאן אין די צייטונגען. ער

האָט אויך דאָרטען געגרינדעט א „זייאָניסט דיסטריקט“ פון וועלכען ער איז געוועןן פרעזידענט צוויי יאָר, און איז ערוועלט געוואָרן אלס דעלעגאט צום 12טען ציוניסטישן קאָנגרעס אין קארלסבאד (1921). הרב נעכעס האָט אויך גענומען א גרויסן אנטייל אין שטאטס און לאנדס פאליטיק. איז געוועןן מיטגליד פון גאָווערנאָר קאקס' אמעריקאניזיישאָן קאָמיטע, פון קאָלומבוס סיטי ביוטיפייאינג קאָמיטע. פונ'ם דרעפט באָרד. קאָמיוניטי טשעסט. און איז גיווען א פערזענלאכער פריינט פון פרעזידענט הארדינג. זייענדיג וויים פרעזיעדנט פון אָהייאָ וואָר רעליף האָט ער געשאפן אונגעהוירע סומעס פאר די אידישע מלחמה קרבנות. אין 1921 איז הרב נעכעס גערופן געוואָרן קיין לאָס אנגעלעס, וואו ער איז געשעצט און געאכטעט, העלפנדיק אלע אינסטיטושאָנס א. ז. וו. זייענדיק דער ליבלינג רב, רעדנער און פירער פון שטאָט.

## הרב נעכעס אלס מחבר און ליטעראַט:

הרב נעכעס איז זייער באקאנט אין די רבנישע ווי אין די ליטעראַרישע וועלט דורך זיינע ספרים א. ז. וו. אין העברייאיש, אידיש און ענגליש. אין די העברייאישע ענציקלאָפעדיא „אוצר ישראל“ (אייזענשטיין) האָט הרב נעכעס געשריבן 10 ארטיקלען איבער פערשידענע תלמודישע ביאָגראפישע און וויסנשאפטלאכע געגענשטענד. אין 1916 האָט הרב נעכעס געדרוקט א רבנישן ספר „שמן תורק“ (פיטסבורג תרע"ו). וועלכער איז זייער געלויבט געוואָרן אויסער ביי די גרעסטע רבנים און גאונים פון יוראָפ און אמעריקע, איז אויך זייער געלויבט געוואָרן בא די אידישע קריטיקער און געלערנטע. אין דעם זעלבען יאָר האָט ער געדרוקט זיין „טשילדרען סוירוויסעס“, פאר שול קינדער נאָכ'ן אָרטאָדאָקסישן גייסט, (פיטסבורג 1916. צווייטע אויפלאַגע: קאלומבוס 1918). אין דעם יאָר 1924 האָט הרב נעכעס דורכגעמאכט א קורס אין פאָליטיקאל סייענס אין די יוניווערסיטי אָוו סויטערן קאליפאָרניע. פאר זיין דיסערטאציע האָט ער געשריבן א בוך „דהי דזשו ענד אמעריקאן סיטיזענשיפ“. (לאָס אנגעלעס 1924( וועלכעס איז געגרינדעט געוואָרן איבערן גאנצן לאנד פון אידישע און ניט אידישע חכמים. הרב נעכעס האָט געשריבן פיל ארטיקלען אין די אידישע וועלט (קליוולאנד), קאל. אידישע שטימע (לאָס אנגעלעס) און איז יעצט א מיטארבעטער אין אינ'ם „טאגעבלאט“ פון נוירק (ענגליש) אין די קאל. דזשואיש רעוויאו, וואו ער שרייבט יעדע וואָך איבער דער תלמוד ווי אויך קליינע וויציגע רבנישע געשיכטעס. הרב נעכעס איז אויך א מיטגליד אין „פולל סטענדיג“ אין די לאָא סקול פון די אוניווערסיטי אָף סויטערן קאליפאָרניע.



## חיים צבי געננס

חיים צבי געננס, געבוירן אין וועוויא, ווילנער גוב. אין 1845. פאָטער, א סוחר, געלערנט פאר זיך און באַ־קומען זיין סמיכה פון רב אליהו דוד תומים, און רב יצחק אלחנן, (קאָוו־נער רב.) האָט אויך סמיכה פון סלאָבאָדקער, א חוץ אנדערע רבנים אין אייראָפּא און אמעריקע. אין אמעריקע איז ער זינט 1858 (אי־בער פערציק יאָר. )זיין ערשטע שטאָט איז געווען האָדסאָן נ. י. דערנאָך איז ער געווען רב אין שריוופּאָרט א יאָר און א האלב. נאָך שפּעטער אין פאָרטוואָרט, טעקסעס. פון דאָרטן איז אויפגענומען געוואָרן אין סעאטל, וואשינגטאָן וואו ער איז אָפּגעווען 29 יאָר.

אין קאליפאָרניע איז ער זינט 1918 און האָט געזאָלט אָנקומען אלס רב צו דער אגודת־אחים, נאָר ער איז בא זיי קיין רב ניט געוואָרן, און שטאָט צו זיי איז ער געוואָרן רב בא דער „עזרה ואמונה". בא זיי איז ער געווען רב נור איין יאָר. דערנאָך האָט ער אליין געמאכט א שול פאר זיך. (עדת־ישראל) אָף צוואנציקטע גאס, צוזאמען מיט זיין דירה, און דאָרט איז ער פאר די לעצטע פיר יאָר.

ער האָט געפּלאנעוועט צו פאָרן אין ארץ־ישראל, האָט שוין אָנגע־גרייט פאפירן, נאָר עס האָט זיך אים געמאכט אן עיכוב, און חוץ דעם איז ער די לעצטע צייט אויך קראנק געוואָרן, און איז ערשט די טעג ארויסגע־קומען פון שפּיטאָל. איז נאָך איצט אויך ניט אינגאנצען געזונט. זיין איינ־ציקער האָפנונג איז, צו ווערן געזונט, און צו פאָרן מיט דער פאמיליע קיין ארץ־ישראל, און דאָרטן שוין פארבלייבן על התורה ועל העבודה.

## הרב אליהו מאיר ווינקלער



נעב. אין 1882 אין סעלעשמעזא, טשעכאָסלאָוואקיע, געלערנט אין בארימטע ישיבות אין אונגארן, בא די אָרטיקע גאונים, און שטו־דירט אין בודאפּעסטער סעמינאר, בא רב משה בלאָך, דר. בלאכער, דר. בלאו, פינף יאָר. באקומען דאָרטן זיינע מאטוריטעטס צייג־ניש. באזוכט דעם אָרטאָדאָקסישן טעאָלאָגישן לער־אנשטאלט אין ווין און נאָך פינף יאָר באקומען די

התרת הוראָה, (סמיכה) גלייכצייטיק שטודירט אין ווין „סעמיטיקס“, און קלאַסישע פילאָלאָגיע, און פילאָזאָפיע. האָט באַקומען דעם טיטול דר. פי־לאָזאָפיע. דערנאָך איז ער געוויילט געוואָרן אלס ראבינער בא דער בודאפעס־טער געמיינדע און זיך דאָרט אויסגעצייכנט אף דעם געביט פון חנוך און איז אויך געווען אקטיוו אלס ציוניסט. אין 1921 איז ראבי ווינקלער געקומען אין אמעריקע מיט זיין פאמיליע, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרן אלס רב אין טשעסטער פא. בא דער רודף שלום קאָנג. פון דאָרט איז ער גערופן געוואָרן קיין לאָס אנגעלעס צו דער סיני קאָנג. וואו ער איז לעצטענס גאנץ באליבט פאר זיינע פארשיידענע טעטיקייטן. פירט אָן די ת"ת און סאָנדעי סקול און אויך קלאסן פאר אינגעלייט אין היי סקול עלטער. ער האלט אויך אויף א שיינע ביבליאָטעק, און גיט ארויס א ספּעציעלן בולעטין „סיני קאָל“.

דר. ווינקלער איז דער פארפאסער פון א ווערק „די העברעאישע עלע־מענטען אין די ווערק פון העראָנימוס, און איז אויך א מיטארבעטער אין דער אייראָפּעאישער פּרעס.

לעצטען יאָר איז ער ערוויילט געוואָרן פון דער יונייטעד סינאגאָגס אָוו אמעריקע אלס דער דירעקטאָר פון דער סאָוט־וועסט. דר. ווינקלער איז זייער טעטיק אף דעם געביט פון אָרגאניזירן געמיינדען, און האָט אויך צו זיין קרעדיט די אָרגאניזירונג פון ביבל קלאסן און די „וואומענס ליג“.

אונטער זיין אדמיניסטראציע האָט די סיני היינטיקס יאָר אויסגע־בויעט איינע פון די גרעסטע אידישע שולן, וועלכע וועט חוץ א שול אויך זיין א גרויסע סאָשעל סענטער פאר דעם טראדיציאָנאלן אידנטום אין לאָס אנגעלעס.



ווילים וו. ביערמאַן

### טעמפּל עמנואל

דאָס איז געווען אום זומער 1919, ווען א קליינע גרופּע אידן האָבן אונ־טער דער פירערשאפט פון סעמויעל הוירש, און וויליאם וו. ביערמאַן זיך פארטראכט וועגן א אידישער שיל אין ווילשייער האליוואוד דיסט־ריקט. אינספּירירט פון די שולן אין דער „איסט“ האָבן די דערמאָנטע באשלאָסן צו באשאפן א שול לויט דעם מוסטער פון דער פרייער סי־נאגאָגע אין נויאָרק. עס איז טאקע געווען הוירש, וועלכער האָט בא־קומען פון דער נויאָרקער פרייער סינאגאָג א מוסטער פון איר קאָנסטיטוציע און ביי־לאָאָס. נאָך אייניקע ענדערונגען האָט דער טעמפּל עמנואל אין נאָוו. 1919 ארויסבאקומען א

טשארטער און די פאָלגענדע זענען געווען די גרינדערס:

פרעזידענט סעמויעל הירש, ערשטער וויים פרעז. וויליאם וו. בער־מאן, צווייטער וויים פרעז. דזשעק ציטראָן, טרעזשורער, הערמאן סעגאל, סעקרעטאר, דזשעק קערן, און טראָסטים „אדאָלף בראנדסטעטער, ס. ה. אמער־שלאק, מאקס קאָרנפעלד, לואי גראומאן, דזשאָזעף שאפּיראָ, דזשעק רוסאָ, סאָל גודמאן, ראב יערנסט אראטנער, און איזידאָר בערשטאָק.

ערשטער ראבי איז געווען לעכניטיז, נאָך אים האָט געפאָלגט ראבי שרייבער, און אין יוני פון 1921 האָט די קאָנג. ארויסגעפאָדערט ראבי ערנסט טראטנער, פון „בית ישראל“ אין סאן דיעגאָ, און די ערשטע סערוויסעס האָט טראטנער געהאלטן אין דעם ווילשייער מעסאָניק האָל, פרייטיק דעם צווייטן סעפּט. און דעם צווייטן פרייטיק איז ער אָפיציעל אינסטאָלירט געוואָרן אלס זייער ראבי, דורך ראבי עדגאר פ. מאגנין פון טעמפל „בני־ברית“.

פון דעם טאָג אָן, וואָס ראבי טראטנער איז אָנגעקומען אהער, האָט דער טעמפל דורכגעמאכט א מערקווירדיקן רעקאָרד. פון די פינף און פער־ציק מיטגלידער, וואָס זענען דאָ אף דעם טשארטער ציילט דאָס טעמפל איצט שוין פיר הונדערט און צוויי און צוואנציק.

מיט דער מיטגלידערשאפט איז אויך געוואקסן די אקטיוויטעט פון טעמפל. ראבי טראטנער האָט צו זיין קרעדיט דעם עמנואל סענטער קלוב פאר אינגליייט, פון 1923, און דאָס לעצטע אויפטואונג איז דער הייסקול דעפּארטמענט, פאר אידישע בילדונג, דאָס, איניינעם מיט דער „שוועסטער־שאפט“, און „זונטיק שול“ גיט דעם טעמפל אן איינפלוס אף אריבער טויזנט אידישע מיטגלידער.

פאר אזא גרויסע טעטיקייט האָט זיך ניט געפונען גענוג פלאץ, און דאָס האָט געצוואונגען דער „עמנואל“ אָפּט זיך צו פארזאמלן אין קירכען און נאכבארליכע זאלן. צוערשט האָט „עמנואל“ געקויפט א לאט אף זעקסטע און סויט קאטאלינא, נאָר ווייל די פאסיפיק עלעקטריק האָט דאָרט געהאט אן אינטערעס פאר א פלאן וועגן א סאָבוויי, איז דער פלאץ באטראכט גע־וואָרן פאר ניט פאסיק, און אנשטאט דאָרט איז געקויפט געוואָרן א לאט אף מאנעטן פליים, לעבן ווילשייער, אין ספרינג, פון 1922 און דאָרטן איז אויפגעשטעלט געוואָרן א טעמפל אף צוויי לאטס, הונדערט און פופציק בא הונדערט און פופציק, און מיט דעם לאט איז אויך געקויפט געוואָרן א גרויסן פערצען צימערדיקע הויז. דאָס הויז איז באנוצט געוואָרן פאר דער „זונטיק שול“, און פאר פארזאמלונגען, און אין ספרינג פון 1924 איז דאָס קאָמיוניטי הויז פארקויפט געוואָרן, און אוועקגענומען געוואָרן פון לאט. אין יולי 8טען האָט מען זיך געשטעלט בויען, און פעברואַרי 19טען איז פאָרגעקומען דער חנוכת־הבית.



## ראבי ערנסט טראטנער

געב. אין דענווער, 4טען נאוו. 1898, איינער פון די אינגסטע און פעאיק־סטע אינגעלייט אין דער ראבינער־שאפט אין אמעריקע. ער האט אנגע־הויבן זיין קאריערע אלס רעדנער און פרעדיקער נאך מיט פופצען יאר צוריק. צו דרייצען איז ער אריין אין דער היברו יוניאן קאלעדזש, אין 1915 איז ער צוריקגעקומען קיין דענווער אף א יאר צו פארענדיקן זיין קורס אין הייסקול, דערנאך האט ער באזוכט די אלעגעני קאלעדזש אין אהייא סטייט, דערנאך האט ער געענדיקט די אוינוו. און שיקאגא פון זיך ספעציאליזירט אף אנטראפאלאגיע.

אין 1920 האט זיך טראטנער גרייט געמאכט צו פארן אין איירא פא און בדעה געהאט אריינצוטרעטן אין פאריזער עקאל דע האוטס עטיודס אין פאריז, נאר זיין מוטער איז פלוצים קראנק געווארן אין סאן דיעגא, און ער איז גערופן געווארן צו איר קראנקען בעט.

אין יענער צייט איז אין געווען לער די שטעל פאר א ראבי אין סאן דיעגא, אין דעם „בית ישראל", און ער איז איינגעלאדן געווארן, און בא זיי שטארק אויסגענומען, און ער האט זיך בא זיי זייער באליבט געמאכט, און אין א האלב יאר ארום האבן זיי געמוזט פארגרעסערן זייער טעמפל. ער האט דארט געגרינדעט און רעדאקטירט די „דזשואיש קאמיוניטי ניוס" און פון דארט איז ער ארויסגערופן געווארן אהער צו דעם טעמפל „עמנואל" אין 1921 אלס דער איינציקער ראבי אין ווילשייער־האליוואוד געגנט, און ער איז געעוון ערפאלגרייך צו זען, אז זיינע מיטגלידער זאלן אויפשטעלן איינעם פון די פראכטיקסטע טעמפלען, וועלכער קאסט אן ערך פון פיר הונדערט טויזנט דאלאר, פארמאגענדיק יעדע איינריכטונג, וואס א מאדערנער טעמפל נוטיקט. עס געלינגט אים צו פאראינטערעסירן אלע קלאסן מענטשן, אינגע און על־טערע, ער געווינט אלעמענס ליבע און אכטונג. ראבי טראנטער איז אויך דער גרינדער פון דער „קאליפארניע דזשואיש רעוויאו", היינט די גרעסטע ענגליש אידישע צייטונג אין דער וועסט.

ניט קוקענדיק אף דעם, וואס ער איז זייער פארנומען מיט זיין קאנג. האט ער תמיד געפונען צייט פאר ציוניזם און אנדערע טעטיקייטן אין קאלי־פארניע. אין 1922 איז ער געווען פרעזידענט פון דעם ציוניסטישן דיסט־ריקט אין לאס אנגעלעס. ער איז באקאנט פאר איינעם פון די בעסטע לעקטארן אין דער שטאט קאליפארניע.

## לואיס גלאזבאנד



מען קען ניט דורכלאָזן די געלעגנ־
הייט און ניט צו דערמאָנען די פאר־
דינסטען פון לואיס גלאזבאנד, דער
סופּעראינטענדענט פון דער חסד של
אמת האָט אין דער אויפבויאונג פון
דער אידישער לאָס אנגעלעס.

וויפיל טרערן ער האָט אָפּגע־
ווישט פון אלמנות און יתומים, ווי־
פיל אָרעמע לייט עס זענען פון אים
געהאָלפן געוואָרן, עס וואָלט גענו־
מען מער ווי איין בוך איבערצוגע־
בען אלץ וואָס עס איז פארשריבן אוף די רעקאָרדס פון דער חסד של אמת.

חוץ דעם האָט ער זיין חלק ארעבט געטון בא דער היברו שעלטערינג
האום. ער איז געפאָרן איבער די קאונטי פארמס און אויפגעזוכט אידישע
זקנים און זיי געגעבן א היים. ער האָט מער ווי איינמאָל געטון זיין חוב צו
דער אידישער לאָס אנגעלעס, בא וועלכער עס איז שווער צו באקומען א
דאנק.

גלאזבאנד איז אויך א מיטגליד אין דעם סאנאטאָריום, בא די עקס־
פּיישענטס, איינער פון די גרינדער פון דער ביקור חולים, א מיטגליד אין
דער היים פאר אומהיילבארע און שטיצט אלע אידישע אנשטאלטן איבער זיי־
נע כחות.

## לעאָ לערנער, קאונסעלאָר



געב. אין בענדער, בעסעראַביען גאָוו.
15טען, 1859. 12 טעג נאָך זיין פאָ־
טערס טויט. פאָטער איז געווען א
העברעאישער לערער און באריסטער
משכיל. לעאָ האָט געלערנט אין
בית המדרש, און בא 15 האָט ער
געשמט אין דער גוב. אלס משכיל
למדן, נאָר זיך גענומען צו קאָמערץ,
און געוואָרן אן עקספּערט אקונ־
טאנט. אין 77טען געהייראַט פון
א חסידיש רבנישער משפחה און
זיין הויז איז געוואָרן אן אמת'ער בית ועד לחכמים, אפילו פאר די רעוואָ־
לוציאָנערע עלעמענטן.

אין אמעריקע זינט 1891 מיט דער פאמיליע, א פרוי מיט פינף קינ־

דער, גענענדיקט נויאָרק אוניווערסיטי לאָו מיט דעגרי ל. ל. ב. אין 1896 און פּראַקטיצירט זינט 1897.

א טעטיקער מיטגליד אין אָרדן בני־ציון, א. אָ. ב. א. עדיוק. אַליאַנס, גמילת חסדים און געווען דער איניציאַטאָר פון דעם אידיש־נאַצ. בית יתומים. נאָך קישינעווער פּאָגראָם האָט לערנער אָרגאַניזירט די קישינעווער רעליף, איז אויך דער גרינדער פון דער בעסעראַביער פּאַרבאַנד, געווען זייער פּרעז. און דער ערשטער מיטינג פאר א אידישן קאָנגרעס איז געהאַלטן געוואָרן אין זיין קאַנטאָר.

פרוי לערנער איז באַקאַנט אַלס א טעטיקע מיטווירקערין אין מאַנס אַלע אונטערנעמונגען. די לערנערס האָבן פיר טעכטער, אַלע געבילדעט און גליקלאַך פּאַרהייראַט.

אין ל. א. איז לערנער איינער פון די איניציאַטאָרן אין דער מאָדער־נע תלמוד־תורה און סאָשל סענטער, וואו ער איז נאָך איצט אויך א באָרד־מיטגליד.

## הרב יהודה ליב דאַווידזאָן



געבוירן אין סובאַלק, אין תר״ד (מיט 82 יאָר צוריק) געקומען אינ־געהייט אין שיקאַגאָ, וואו ער האָט געהאַלפן באַפעסטיקן דאָס אָרטאָ־דאָקסישע אידנטום, מיט יאָרן צו־ריק. איינער פון די ערשטע ציונים־טישע מטיפים אין יענער צייט. א גרויסער אָנהייגער פון דער מאָ־דערנער ציוניסטישער באַוועגונג. היינט וואָלט ער זיכער געווען א פּי־רער בא די מזרחים.

אין שיקאַגאָ געווען רב יאָרנלאַנג, און מיט פופצען יאָר צוריק געקו־מען אין קאַליפאָרניע. געווען רב בא דער אָליוו טס. קאָנג. בית ישראל, און שפּעטער אין קאַסטער סט. שול. אף דער בילד פון דער קאַליפאָרניער „אחוזה" פון תר״עד געפינט מען דאָס בילד פון דעם רב גאַנץ פּראָמינענט וואָס דאָס באַווייזט אז די אחוזה מיטגלידער האָבן אים געשעצט פאר זיין אַקטיוויטעט אין דער ציון באַוועגונג.

אין תר״פ (מיט פינף יאָר צוריק) האָט דער רב באַשלאָסן, ווי אַן אמת'ער ציוניסט צו פאָרן זיך באַזעצן אין פּאַלעסטינע. ער איז אָפּגעפאָרן, און אין דעמאָין, אייאָוואַ איז ער קראַנק געוואָרן און דאָרט געשטאָרבן.

בא זיין טאָכטער אין לאָס אַנגעלעס איז געבליבן זיינען א א ניט־גע־דרוקטער חיבור אף תורה „דרך האמת". דער כתב־יד איז נאָך גאַנץ פריש און ווערט אָפּגעהיט אין דער משפחה לזכרון דורות.

## יצחק חנוך גאָלדבערג (שוב)

אן איידעם פון אָרב יהודה ליב דאַ־ווידזאָן. געבוירן אין טאמבאָוו, 1882. געקומען אין אמעריקע ווען אכט יאָר אלט. דער ערשטער תלמיד פון דער ישיבה, וועלכע איז שפּע־טער געוואָרן די ישיבת עץ־חיים אין שיקאגאָ. אין יענער צייט האָט שיקאגאָ ניט פארמאָגט מער אידן ווי היינט לאָס אנגעלעס, און דאָס אידנטום איז נאָך געווען פאָרמלאָז, ווי היינט דאָ. די חברה „משנה־גמרא שול" אױף דזשעפערסאָן האָט דערלויבט איר שול פאר א פּריוואטער ישבה, און דאָרטן האָבן גרינע אלטע אידן געלערנט מיט די גרינע אינגלאך א בלאט גמרא, און שפּעטער איז פון דעם אָרט ארויסגעוואקסן די איצטיקע „עץ־חיים.

אין קאליפאָרניע איז ער זינט 1910 און ער האָט געהאָלפן גרינדען די ראָז סט. ת"ת, איז דאָרטן געווען א דירעקטאָר, און שפּעטער האָט ער אויך געהאָלפן אין דער גרינדונג פון דער ת"ת אָוו באָיל הייטס (היינט איז דאָס די בריד סטריטער שול און ת"ת. ער איז אויך דאָ געווען א יאָר פּרעז.

ביז מיט איייניקע יאָר צוריק איז רעוו. גאָלדבערג געווען א סוחר. אזוי ווי ער האָט געהאט קבלה פון אייראָפּעאישע און שיקאגאָר רבנים, האָט ער די לעצטע יאָרן זיך ווידערגענומען צו שחיטה. ער שטייט אונטער דער השגחה פון הרב משה בערמאן, און רעכנט זיך פאר איינעם פון די חשובע שוחטים אין ל. א.



הונדערט אכט און פופציק

## הרב זאב אריה (פאָלישוק) גאָלדבערג

געבוירן אין תרמ"ו אין בערדיטשעוו דער פאָטער, ר' שלמה פאָלישוק א ראש הישיבה, שטאמט פון רא"ש'ס יחוס. זאב אריה האָט געלערנט בא דעם פאָטער אין בארדיטשעוו, און אויך אין קארסאָנער ישיבה, בא רב הירשל שלעס, וועלכער איז דער מחבר פון „שיחות חולין".

ערשטע סמיכה האָט ער באקומען פון רב יוסף יוזפאָ אין בארדי־

טשעוו, אין תר״ס. האָט אויך סמיכה פון רב פנחס דיין (באַרדיטשעוו), אויך פון רם יוסף ראכמאן, און פון רב לייזערן, (יוסף יוזפּאַס זון).

געווען מו״צ אין זשיטאָמיר, אין תרס״ב, ג. און ד. און איז אין אמע־ריקע זינט תר״ע. געווען רב אין ברענדאָן, מאַניטאָבע, אין מוס דזשאָ, און אין וואַנקאָווער.

אין ל. א. זינט תר״ע, בא דער עזרה ואמונה, איסט אדאמס און בא דער בני יעקב. אויך געווען בא דער היברו עדיוקיישאָנאַל, 33טע, היינט רב בא דער קאָנג. „אהבת אחים״, אין איסט אדאמס.

## דניאל הירש שו״ב



געבוירן אין מאַריאַמפּאָל, סובאַלקער גוב. אין 1886. פאָטער, חזן, שוחט פון איירפּא. דניאל האָט געלערנט ביז 17, אין סלאָבאָדקער ישיבה, בא ר׳ הירש לאָענטאל, ז״ל, ביז 18 געלערנט שחיטות גסות בא ר׳ אברהם משה מעזעריטשער ז״ל. קבלות פון אליהו קלאצקע, (היינט אין לובלין). ר׳ אליעזר שמחה ראַ־בינאָוויץ, (קאָבריער רב) ר׳ משה בצלאל פון סיניע.

אין אמעריקע זינט 1905. ערשטע שטאָט, נ. י. דערנאָך אין דענווער קאָל. (1 יאָר) דערנאָך צוריק אין שיקאַגאָ. שפּעטער געווען אין נ. דעקאָטא זעקס יאָר. געווען שוחט אין דעווילסלייק, מיינאָט וויליסטאָן. דאָרטן חתונה געהאַט און אָפּגעפאָרן קיין אָמאַהאַ און דאָרטן געווען צוועלף יאָר שוחט.

אין קאַליפאָרניע זינט 1923. (איז א ברודער פון הרב מאיר הירש פון סאַן פראַנציסקאָ). א ציוניסט פון די ערשטע (מזרחי), געהאָלפן גרינדען די ת״ת אונטער טאַקסינס אדמיניסטראַציע, געווען זעקס יאָר סעקרעטאַר בא די קאפּוליער און דאָ„ איינער פון די מיסדים פון מאָדערנע ת״ת, און א באָרד אָוו דירעקטאָר. שטיצט אויך די ישיבה און רופט זיך בכלל אָפּ ווארם אף אַלע אידישע אנגעלעגנהייטען.

# חזנים אין לאָס אנגעלעס

## קאַנטאָר דזשייקאָב וויינשטאָק



אויב עמיצער האָט געטון ריכטיקע פּיאָנערן ארבעט אַף דעם געביט פון אידישער סינאגאָגאַלער און פּאָלקס מוזיק, און בכלל אַף דעם געביט פון ליטעראַריש־מוזיקאַלישע גע־זעלשאַפטן, האָט די פאַרדינסטן פריער פאר אַלע דער באקאַנטער מוזיקער, און היינטיקער דירעקטאָר פון טעמפּל „בית־אל“, דזשייקאָב וויינשטאָק.

געבוירן אין מאַרגאַרעטן, אונ־גאַרן, אין 1878 בא רעליגיעזע עלטערן, דערצויגן געוואָרן ביז פופצען יאָר אין עכטן אידישן גייסט, און שוין אלס קינד גע־שמ'ט פאר אַטאַלאַנט. אָנ־געהויבן זינגען בא חזנים זייער אינג, און ארויסגענומען געוואָרן קיין וויען, דאָרטן געזונגען בא מאיר שור, (פון דער משפחה פון מחבר פון „תבואת שור“) געווען אין וויען זיבן יאָר, געשטודירט אין קאָנסערוואַטאָריום, געענדיקט מיט אויסצייכנונגען.

אין אמעריקע זינט 1900. ערשטע שטאָט — נויאָרק. געווען דריי־דזשאָר אין אטאָרנ סט. שול. אין דער איינענער צייט געזונגען מיט דעם כאָר פון דער מעטראָפּאליטאַן אָפּערא. געקומען אין שיקאַגאָ אין 1902 און דאָרטן געמאכט דעם גרעסטן ערפאָלג. וויינשטאָקן האָט אָבער געצויגן צו דער קאָנצערט־בינע, און ער האָט זיך אנגאַזשירט מיט דער איטאַליענישער אָפּערא געזעלשאַפט, און גערייזט מיט זיי א לאַנגע צייט.

מיט זיי איז ער אויך געקומען אין קאליפאָרניע, אזוי, אז ער איז שוין דאָ געווען אין 1907. אין יענער צייט איז נאָך דאָ חוץ אַליוו סטריט קיין אָרטאָדאָקסישע שול ניט געווען. די קאָנגרעגיישאָן האָט אָבער שוין גע־הערט פון וויינשטאָקן, האָבן זיי אים אנגאַזשירט אַף ימים־נוראים צו דאַוונען פאר זיי אין פיגאַראָ סט. (אין פריידעי מאָרנינג קלוב). ער האָט געמאכט גרויס ערפאָלג, נאָר אזוי ווי קיין שול האָבן זיי ניט פאַרמאָגט, איז ער צוריק געפאָרן אין שיקאַגאָ. אין 1911 איז ער צוריקגעקומען מיט דער פאַמיליע און ער איז שוין דאָ פארבליבן.

פון יענער צייט אָן ביז איצט, האָט וויינשטאָק געהאַט א האַנט אין מער ווי איין אידיש מוזיקאַלישער און דראַמאַטישער געזעלשאַפט. די געשיכטע פון די ראַדיקאַלע שולן דאָ, פון דער פאָלקשול, פון דעם פּראָגרעסיוו מוזיקאַלישן און דראַמאַטישן פאַריין איז איינג פארבונדען מיט דעם נאָמען דזשייקאָב וויינשטאָק.

## פראָפעסאָר פאול לעמקאָוו



געבוירן אין פלאָנסק, פוילן אין 1888 בא חסידישע עלטערן. גע־לערנט אין ביהמ"ד ביז 15, אין דער איינגענער צייט געזונגען בא אָרטיקע חזנים, און שוין געווען פאר'שמ'ט, אלס פריץ דער אלט. געשטודירט אין ווארשא, און געענדיקט אלס מיליטערישער קאפּלמייסטער. דער־נאָך שטודירט אין פעטערבורג בא גלאזונאָוו, געענדיקט אלס „פרייער קינסטלער". געלערנט אין איין צייט מיט צימבאליסט און יאשא חפיץ, (דער אלטער חפיץ האָט געשפּילט בא לעמ־קאָוון אין אָרקעסטער אין פעטערבורג). אין 1914 געקומען אין מאָסקווא, געווען צוויי יאָר דיריזשאָר אין זינינס טעאטער, מוזיק דירעקטאָר און דער צווייטער קאנטאָר אין פּאָליאקאָווס קאָר־שול, געארבעט איניינעם מיט דעם באקאנטען מוזיק און קאָמפּאָזיטאָר איינגעל פאר דער אויפלעבונג פון דער ליטורגישער אידישער מוזיק. צוליב דעם וועלט־קריזיס איז לעמקאָוו געקו־מען אין אמעריקע אין 1921. זיין משפחה איז אין קליוולאנד און אָנקומענדיק אהין, איז ער געוואָרן דיריגענט אין לאָרעין־פולטאָן טעאטער. דערנאָך איז ער אויך געווען דער מוזיק דיריגענט אין גליקמאנס „פּאלאס טעאטער" אין שיקאגא, און צוליב זיין פרוים געזונט איז ער ארויסגעקומען אהער. ער איז אָנגעשטעלט געוואָרן בא דעם טעמפּל „עמנואל" ווילשייער אלס קאנטאָר און מוזיק דירעקטאָר, און רעכנט זיך אלס איינער פון די מוזיקאלישסטע די־רעקטאָרן, אין לאָס אנגעלעס.

## חזן דובער לעוו



געבוירן אין דערצען, א שטעטל אין גראָדנער גוב. פאָטער, יהושע דוד, א תלמיד־חכם, אן אָנהייגנער פון הרב אהרל'ע קארלינער. אן איידעם פון רב יעקב זילבערבלאט פון ביא־ליסטאָק. פאָטער געשמט פאר א שיינעם בעל־תפלה, און דער אינ־גער בערעלע האָט געציינגט גרויס מבינות אין לערנען און זינגען. גע־דאווענט באם עמוד צו דרייצען יאָר אין דער אייגענער צייט, ווען ער האָט געלערנט אין סלאָנימער ישיבה. צון זעכצען איז ער געווען שוין פאר־הונדערט איין און זעבציק

רעכנט פאר א חזן. האָט באַזעסן א דראמאטישע טענאָר־שטימע, געזונגען בא שמואל משהן, בא רב יוסף סלאָנימער, וועמען מען האָט גערופען יאָשע „דער נאָטן־פרעסער“ אויך האָט ער געזונגען בא מענקוסן אין זאבלעדראָווסקים כאָר־שול אין ביאַליסטאָק, בא דעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר מענעדעלעוויץ, אין סלאָנים. און אין 1894 איז ער געוואָרן חזן־שוחט אין נארעווקע, ביז 1899. ווען ער איז אָנגעקומען אין וואַלפּא, גראָדנער גוב. אין אמעריקא זינט 1899. געווען בא דער קאָנג „אוהבי־שלום“, טשעלסי, מאס., און דאָרטן געשטמט מיט זיין העלדן־טענאָר־שטימע און זיסן דאווענען.

זיך ניט געקענט צוגעוואוינען צ ודעם כאאָס אין דעם אמעריקאנעם אידענטום, איז ער צוריקגעפאָרן אין רוסלאנד, וואו ער איז אָנגעקומען אלס חזן־שוחט אין מערעץ, ווילנער גוב. צוליב דער רוסיש־יאפּאנעזישער קריג איז ער אין 1904 צוריקגעקומען אין אמעריקע. און די „בניאברהם“ קאָנג. וואוס־עטר מאס. האָט אים ארגאזשירט אף צוויי יאָר. באלד האָט אים די „שערי־תורה“ אין דער אייגענער שול צוגענומען און בא זיי איז ער אָפּגעווען גאנצע אכט יאָר, פון וואנעט ער איז אָנגעקומען אין „בית־ישראל“, אָליוו סט. לאָס אנגעלעס, און דאָ איז ער געווען חזן זיבן יאָר.

חזן לעוו רעכנט זיך פאר איינעם פון די פיינסטע חזנים און שוחטים, מיט קבלות פון גאוני־ישראל, ווי הרב הגאון יוסף שלופער, פון סלאָנים, לוי ליפשיץ פון מערעץ, יהודאָ יודזיק פון וואַלפּא, רב מנחם נחום פון קאָברין, ווי אויך פון די אלע רבנים פון די אמעריקאנער שטעט, וואו ער איז געווען.

ע ס איז אויך כדאי צו דערמאָנען, אז זיין פרוי, מרס. שיינע חוה לעוו איז פאררעכנט פאר אן אמת'ע כלל־טוערין, וועלכע גיט זיך אָפּ מיט די היגע אנשטאלטן, און באזונדערס האָט זי דאָ געגרינדעט די „לחם־לרעבים“, וועל־כע באַזאָרגט אָרעמע־לייט איידער די אָרגאניזירטע „טשאריטיס“ אונטער־זוכן און גיבן זייער שטיצע.

## יעקב לעוו

א זון פון חזן דובער לעוו, געבוירן אין וואָלפּא, גראָדנער גוב. איז גע־קומען אין אמעריקע אלס קליינער אינגעל, איז פאקטיש דערצויגן אין אמערי־קע. און דאָך פאררעכנט אין לאָס אנגעלעס פאר אן עילוי, בקי אין העברע־אישער שפראך. לערנט גוט א בלאט גמרא — פאראינטערעסירט אין חינוך. איינער פון די בעסטע לערער, האָט היינטיקס יאָר גראדואירט אין אוניווער־סיטי אָוו סאַטערן קאליפאָרניע, און פלאנעוועט צו נעמען א קורס אין סעמי־נאר, האָט א נויגונג צו שטודירן אף ראבינער.

יעקב לעוו איז דער פּרינציפּאל אין דער תלמוד־תורה אין טעמפל „עמנואל“ ווילשייער. ער איז אויך דער גרינדער פון די „יאָנג מענס היברו אססאָסיאיישאָן“.



## אברהם סילווערמאַן, קאַנטאָר

קאַנטאָר א. סילווערמאַן, פון סיני קאָנג. געבוירן גריידינג, פּאָדאָליער גוב. פאָטער, וואָלף זילבערמאַן געווען חזן אין דער אלטער שטאָט גריידינג, געדאַוונט אין אָדעס, און באַקאַנט פאַר א שיינעם מנגן. אברהם, האָט אָנגעהויבן זינגען צו אכט יאָר, פריער מיט׳ן פאָטער, דער נאָך מיט חזן שקאָלניק, און שוין אלס איינגל געדאַוונט אין פּראָסקוראָווער כאָר־שול. אין אמעריקע זינט 1900. געשטודירט בא פּריוואַטע לערער, בא ווייסהאָף און פלאַטאָן ברונאָף, געלערנט פּיאַנאָ, קאָמפּאָזיציע און שטים־בילדונג. געוועזן חזן אין פלעטבוש, נ. י. פינף יאָר. געזונגען מיט קאָרימאָל, ראָזנבלאַט און אנדערע.

די פלעטבוש שול האָט אים רעקאָמענדירט צו דער סיני אין ל. א. אין 1918, וואו ער איז קאַנטאָר פאַר די לעצטע זיבן יאָר.

חזן זילבערמאַן האָט געמאַכט היי־סקול, רעכנט זיך פאַר אַן אינטעליגענטן מאָדערנעם אידן, ער שאַפט אויך אייגענע קאָמפּאָזיציעס, מיטגליד פון די מיניסטערס קאַנטאָרס אסס׳ן אָוו נויאָרק.

ער איז אַן איידעם פון מאָטל־שוחט, פון ליטנאָוועץ, (נאָוואַ־אושיצע). ער באַזיצט א געשולטע באַריטאָן־שטימע. פאַררעכנט צווישן די פּראָמינענטע חזנים אין לאָס אנגעלעס.

## קאָנג. אַנשי ספרד, קאָרנוועל סט.

געגרינדעט אין 1918. טוער: דזש. וואַיאַנאָוו, מ. ראָזענבערג, ב. ראָזענבערג, י. איטקין. געדאַוונט אַף ברוקלין עוו. ביז חזן גאַרדנער איז געקומען און זיי פאַרגעשלאָגן צו בויען פאַר זיי אַן אייגענע שול, און אזוי פיל אָנהייגער האָבן זיך געפונען פאַר אַן אייגענער שול, אַז אין פערצען טעג איז די שול פאַרטיק געוואָרן. די שול רעכנט זיך פאַר איינע פון די שענסטע שולן אין „באָיל־הייטס“, האָט עלף הונדערט פלעצער. עס ווערט אויך אויפגעהאַלטן א טעגלאַכע תלמוד־תורה, וואו עס לערנען זיך פריי הונדערט און פופציק קינדער. די לערער זיינען סטאָן און פיינבערג. די שול איז באַזירט אַף א סיסטעם, וואָס אָרעמע לייט האָבן פרייע פלעצער א גאַנץ יאָר.

## חזן בנימין גארדנער



געבוירן אין סלוצק, מינסקער גוב. 1883. פאטער א סוחר, מוטערס צד אלע חזנים. זיידע א מוסמך, ניט גע־וואָלט זיין קיין רב. בנמין האָט גע־לערנט ביז זיבצען, אָנגעהויבן זינ־גען אינגערהייט בא חזנים, פריער בא אפרים סלוצקער, דערנאָך בא רב מאיר לידער, ארומגעפאָרן מיט רב משה (דער בלינדער חזן). אין אמעריקע זינט 1907. ערשטע שטאָט, נויאָרק.. געווען אין קאלי־פאָרניע מיט 17 יאָר צוריק, אָפּגעפאָרן אין מאנטשעסטער נ. ה. געווען דאָרט חזן פינף יאָר. פינף יאָר געווען אויך חזן אין ברידזשפאָרט קאָנעטיקוט.

אין לאָס אנגעלעס צוריק פאר די לעצטע זעקס יאָר, געווען א יאָר דער חזן אין בריד סטריט, דריי יאָר אין קאסטאָר סט. און פאר די לעצטע צוויי יאָר האָט ער צונויפגענומען א גרויסן עולם אין קאָרנוועל נאכבארשאפט און פאר זיי אויסגעבויעט אן אייגענע שול.

## קאנטאָר חיים יהושע קארר

געבוירן אין רומען, פאלטאווער גוב. אין 1871, בא א חסידישער פאמיליע. פאָטער איז געווען א בעל תפלה און בא דעם פאָטער האָט דער אינגער חיים יהושע אָנ־געהויבן צו זינגען ווען ער איז אלט געווען צען יאָר.

צו 15 יאָר איז ער געקומען אין אמעריקע מיט די עלטערן. פאָטער געווען שוחט אין וויניפעג מאניטאָ־בא, און אונטער פאָטערס השגחה האָט ער אויסגעלערנט שחיטה. אין 1889 געקומען אין שיקאגאָ, געזונגען באקופערן אי זדער רוסישער שול, בא קאנטאָרן אין דער מאריאנפּאָלער שול, צוריקגעקומען אין וויניפעג דאָרטן חתונה געהאָט און אינגיכן ווידער אָפּגע־פאָרן „איסט" געשטודירט מוזיק בא מאָרעלאָ פון דער מעטראָפּאָליטאַן אָפּע־רא, אויך מיט דר. מייערס, אָנגענומען א שטעלע אלס חזן אין האָבאָקען, ניו דזשערסי. אין 1912 ארויסגערופן געוואָרן קיין סאן פראנציסקאָ, און געוואָרן חזן בא דער קאָנג. אוהבי־שלום (בוש סט.) געווען מיט זיי ניין יאָר.

אין 1923 איבערגעצויגן אין לאָס אנגעלעס, אויפגעגעבן דאָס חזנות אלס פראפעסיע, ווייל ער נויטיקט זיך ניט אין דעם. פונדעסטוועגן רעכנט זיך קארר נאָך היינט אויך פאר א גוטן חזן, און ער האָט באוויליקט צו דאַווענען היינטיקעס יאָר פריי בא דער „היברו שעלטערינג ענד האָום פאר די איידזשד".

קאנטאָר יהושע חיים קארר איז א ברודער פון אלעקסאנדער קארר, דער באליבטער אידיש־ענגלישער אקטיאָר, וועלכער האָט זיך מיט יאָרן צוריק קונה שם געווען מיט זיין „פּאָטאַש און פערלמוטער". אויך דער ברודער איז אין קאליפאָרניע, און פילמט איצט אין „אוניווערסאל סיטי".



רעוו. יוסף חיים פישקעס

געבוירן אין ווילנא, אין 1883. שטודירט מוזיק א לאנגע צייט, דערנאָך געענדיקט מאָסקויאר קאָנסערוואַטאָריום, און איז אויך געפאָרן שטודירן אין איטאליען. זיין פאָטער איז געווען חזן אין גראָדנאָ, אַזואַראַדאָק, און אויך אין באלטערמאַנץ. זיין עלטער פאָטער איז געווען שוחט אין ווילנא, און מען האָט אים גערופן יאָסעלע דער בעל־שם. פישקעס האָט געלערנט חזנות בא פיניע מינקאָווסקי. געווען 3 יאָר ווילנער שטאָט חזן, אין דער גרויסער זאוולס שול. אויך געווען חזן אין דייטשלאנד אין בויטענער טעמפל און פינף יאָר אין ריגא.

די לעצטע צוויי יאָר איז ער געווען חזן אין דער בריד סט. שול.



## חנניה קאפעלעוויץ

חזן, שוחט. געבוירן אין יאמפאָל, פּאָד. אין 1877, בא א פּאָטער א סוחר. חנניה האָט געלערנט ביז אכצען, פריער בא מלמדים, דערנאָך אין בית המדרש. אין אמעריקע גע־קומען אין 1905. ערשטע שטאָט, וויניפעג, מאניטאָבא קאנאדע. גע־ווען דאָרט א לאנגע צייט און העב־רעאישער לערער צווישן די פּראָמי־נענטסטע, חשוב'ע בעלי־בתים, זיך גע'עוסקט מיט ציוניזם, און פאר די מלחמה־קרבנות. אין דער אייגענער צייט דאָרטן אויסגעלערנט שחיטה, און באקומען קבלה פון דעם באָרימטן וויניפעגער רב, ישראל יצחק כאנהאָוויץ, וועלכער רעכנט זיך פאר א גדול בישראל אין קאנאדע.

שפּעטער געוואָרן חזן און שוחט אין ליפּטאָן, סאסקאטשעוואן, צוויי יאָר, דערנאָך געווען צוויי יאָר אין מעדיסאָן העט אלבערטא, קאנאדע, אויך א דעלעגאט צום דעם קאנאדער אידישן קאָנגרעס, און בכלל גענומען א טיכ־טיקן און וואַרימען אנטייל אין אלע אידישע געזעלשאפטלאכע ענינים, און זיך ערוואָרבן א גוטן נאָמען.

אין 1922 האָט ער מיט דער פאמיליע איבערגעצויגן אין קאליפאָרניע, און זיין היים איז דאָ אין לאָס אנגעלעס, זינט יענער צייט.

---

## דוד לאזאר


הונדערט זעקס און זעכציק

געבוירן אין קאראסטישעוו, קיווער גוב. אין 1873 בא רעליגיעזע עלטערן, געגאנגען אין חדר ביז 12 יאָר. גע־לערנט ביז א בלאט גמרא. דערנאָך געוואָרן א סטאָליאר און געארבעט ביז ניינצען יאָר. אָנגעהויבן ארבעטן פאר זיך. אָנגעקומען אין שיקאגא אין 1904, געארבעט בא דעם אייגענעם פאך, ביסלאכווייז זיך פאראינטערע־סירט אין דער בוי־אינדוסטריע, און אָנגעהויבן בויען פאר זיך. מיט דעם וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין שיקאגא, איז אויך געוואקסן לאזאר.

דער בילדער, און געמאכט א גרויספארמעגן.

אין 1914, מלחמה צייט, האָט דיפירמא, לאזאר און קאָ. געהאלטען באם פארלירן דאָס גאנצע פארמעגן. לאזארהאָט אויספארקויפט אלץ וואָס ער האָט פארמאָגט, אלעמען אָפגעצאָלט, און איז ארויס נקי. א שטיקל צייט האָט ער ווידער געארבעט פאר יענעם, און פארדינט צום לעבן.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָבן לאזארס קרעדיטאָרן ווידער אים געשיקט רופן, געגעבן אים א „לאָט" און אביסל געלט, און ער האָט ווידער אָנגעהויבן פון דעם אָנהויב. ער האָט ארייננענומען זיין איידעם, נייטן העיגין, נעגרינדעט א פירמא: „לאזאר און זון" און ווידער האָט לאזאר אָנגעהויבן צו וואקסן, ביז 1923 איז ער שוין ווידער געווען איינער פון די רייכסטע „בילדער" אין שיקאגאָ.

צוליב זייער געזונט, איז לאזארס פרוי, און דער אינגערער זון, הערי אָפגעפאָרן קיין קאליפאָרניע, און ווען לאזאר איז צום סוף 1923 געווען דאָ צו באזוך, האָט ער געזען פאָראויס, אז קאליפאָרניע האָט אויסערגעוואוינט־לאכע מעגלאכקייטן, און ער האָט געקויפט דאָ אייניקע פלעצער. אין 1924 איז ער ווידער געקומען, מיט די איבעריקע קינדער, זיך דאָ באזעצט, און גלייך געוואָרן אקטיוו אין דער בוי־אינדוסטריע, צווישן אנדערעס האָט ער געקויפט דעם „קאָרנער פיקעט און ברוקלין, ארייננענומען זיין צווייטן איידעם, לואיס מ. קויפמאן, פון שיקאגאָ פאר א דריטן שותף, און דאָ געגרינ־דעט די פירמע „לאזאר און סאָנס קאָנסטראָקשאָן קאָ." פאברוקלין און פיקעט שטייט איצט דאָס גרויסע, וועסט־קאוסט טעאטער, ארום טעאטער זענען דאָ עטלאכע „סטאָרס", איבערן טעאטער מיטינג־לאָקאלען, און אָפיסעס פון דער פירמא, און לאזאר און די זין זענען היינט גאנץ פאָפולאר אין לאָס אנגעלעס, פונקט ווי מיט אייניקע יאָר צוריק אין שיקאגא.

דוד לאזאר האָט אף זיך גענומען די איניציאטיווע און אָרגאניזירט דעם שיקאגאָ „סאָשעל קלוב", צו באפריינדען און שטיצן שיקאגאָר אידן, ווען נויטיק. ער איז א מיטגליד אין „בני־ברית", „ברית־שלום" „נייטס אָוו פיטיאס, געווען צוויי יאָר פרעזידענט פון דער קאראסטישעווער שול אין שי־קאגאָ, און ער באטייליקט זיך דאָ אין אלע צדקה־טעטיקייטן.

דער אינגסטער זון, הערי באזוכט די סאוטערן קאליפאָרניע אוניווער־סיטי, שטודירט פאר ארכיטעקט און אינזשעניר. די אינגסטע טאָכטער בא־זוכט די לינקאָלן היי־סקול.

## בערנארד גודמאן



געבאָרן אין ווארשא אין 1890. באקר־
מען דאָרט די עלעמענטארע ערציאונג.
געענדיגט שפעטער די אָדעסער קאָ־
סערטשעסקע אוטשילישטשע, געהאט
א שטארקע נייגונג צו מוזיק נאָך פון
קינדוויים, געשטודירט אין פעטערס־
בורגער קייזערלאכע מוזיקאלישע שולע,
בא קאדראָוון. אין 1910 איז ער גע־
קומען אין אמעריקע, געווען אין נויאָרק
א קורצע צייט, דערנאָך איז ער אָפ־
פאָרן אין סאן פראנציסקאָ. אין 911
1 איז ער געקומען אין לאָס אנגעלעס
און איז געווען פארבונדען מיט דער „יו
ניווערסיטי אָוו סאוטהערן קאליפאָרניע
קאלעדזש אָוו מוזיק", מיט האָריישא קאָקסוויל. דערנאָך האָט ער זיך עטאב־
לירט אין א מוזיק סטודיאָ פאר זיך. אין 1914 האָט ער געפיאָנירט אף דעם
מוזיק־געביט אין מעקסיקאָ סיטי, און אין 1916 איז ער צוריקגעקומען קיין
ל. א. ער האָט דערנאָך איבערגעצויגן קיין נויאָרק, אָבער אין 1919 איז ער
ווידער צוריקגעקומען. געעפנט א מוזיק געשעפט אין האָנטינגטאָן, ביז 1921,
ווען פלאט מוזיק קאָ. האָט אים אויסגעקויפט, און פאר אים געעפנט א מוזיק־
געשעפט אף ברוקלין הייטס.

גודמאן איז דער ערשטער, וואָס האָט געבראכט מוזיק אף ברוקלין
הייטס, און דער אידישער ברענטש טוט א ריזיקע „ביזנעס", א דאנק גודמאנס
פאָפולאריטעט.

(צוליב טעכנישע אורזאכען ארויסגעפאלן)

### ביבליאָגראפיע:

הרב נעכעם שרייבט יעצט זיין לעבנס ווערק, ווי ער רופט עס, אן
ענציקלופדיה אויף פרק „אָבות" פון וועלכע א היבשער טייל איז באלד
פארטיג.

„אוצר ישראל" (ענציקלופדיה עברית) חלק ו' ט. (נויאָרק 1911—13
אייזענשטאדט: „לתולדות ישראל באמעריקה" זייטע 39־40. (נ. י. 1917
„דזשואיש פיטסבורג סאָסייטי בוק" (1914, זייט 45.)
פראָפ. ג. זעליקאָוויטש: „טאגעבלאט" (יוני 28, 1916 — 21 נאָוו. 1924
יחזקאל לעוויט: „באָסטאָנער אידישע שטימע" (16 יוני 1916(
פ. ווייערניק: „מאָרגען זשורנאל" (נויאָרק 14 דעצ. 1924
דר. ג. סיילין: „קאל. דזשואיש רעוו." (2 יאנ. 1925).




ה. ד. סטעק, פרעז. דייוויד מילער, וויס פרעז. דר. ס. ג. ז. גאנס, צווייטער וויס. דזש. סי קאמינס, סעק. אלבערט לעין, טרעזשורער, דזשארדזש אפפעל, מ. סאיעטא, מ. סע גאלאוו, סאול בראון, ב. מ. גאלדמאן, הענרי גילבערט, דזש. שאפירא, הערי גענסער, ווס. וו. ביערמאן, טשארלס בראון, עמיל בראון, דר. ליעטש גראס, י. ב. בענדזשאמין, ר. לייקין, ל. א. בלום, ר. ראזענבערג, דזשאזעף שלייעז, ארטור בארד.



„דער גארטן פון די געטער“ (אין קאלאראדא) ווי עס זעט אים דער מאלער פ. קאנאט



א. ל. גאָר, מ. ל. גאָר, סאל לעסער און אדאָלף רעמיש, פון „וועסט קאָוסט טעאטערן״

## PACIFIC COAST JEWISH BLUE BOOK WILL BE OUT BY JANUARY FIRST

Owing to the great demand for an English translation of the California Jewish Diamond Jubilee of which the first edition was shipped out by mail to various parts of the United States and Canada, and the second edition completed and being sold now within a period of four weeks, the publishers decided to meet the request of the most prominent Jews in California to put out a Pacific Coast Jewish Blue Book.

This book will publish biographies of all the prominent Jewish leaders in every walk of life. Most of the biographies that appeared in the Jewish Diamond Jubilee edition, are now being translated by the staff of the Sunland Publishing Company and are simultaneously run off in sections.

By January first the Pacific Coast Jewish Blue Book will be delivered to every subscriber. This book will have a popular edition, priced one dollar, and also a de luxe edition at five dollars.

Both editions, the Yiddish and the English, have been copyrighted in order to assure them a great success and to keep away cheap competition and imitations.

**THE SUNLAND PUBLISHING COMPANY**

**Offices: 402 Bryson Building**

**Los Angeles, California**

## נייטען שילער



געבוירן אין מינסק, אין 1885, פאָ־
טער א איד א סוחר, און ברודער לו־
איס שילער, א מוסמך פון רב ישראל
סאלאנטער, די ברידער שילער האָבן
פארלוירן די עלטערן זייער אינג
און אָנגעהויבן לערנען און אויך
גלייכצייטיק ארבעטען און פארדי־
נען צום לעבן. נייטן איז געוואָרן
א דעקאָראטאָר, איז אינגערהייט
געקומען אין ענגלאנד, און פון
דאָרטן באלד אין אמעריקע, וואו
ער האָט געארבעט בא דעם אייגענעם פאך. שפּעטער געוואָרן א „באָס־פּיינ־
טער" און געארבעט פארן בילדינג טרייד. אין 1920 אָפּגעפאָרן אין סאן
פראנציסקאָ און אָרגאניזירט די שילער פּראָדוקטס קאָ. וואו ער איז שנעל
געוואקסן. אין 1923 איבערגעצויגן אין לאָס אנגעלעס און אריין אין בילדינג
טרייד. איצט האָט ער אויסגעבויעט די פאבריק פון דער „היברו נעשאָנאל
כשר פּראָוויזשאָן אָוו קאליפאָרניע", בשותפות מיט רעוו. ב. גארדנער, און
די פאבריק ווערט די טעג געעפענט. נייטן האָט צוויי טעכטער, מארגארעט,
17, אטענדעט ביזנעס קאלעדזש, און אסתר, 13, געענדיקט דזשוניאָר היי
סקול, צוויי אינגערע קינדער איזידאָר און טשארלי, עלף און ניין.

נייטן איז א מיטגליד אין אלע אידישע אנשטאלטן, שטיצט מיט דער
פולער האנט, און איז בכלל גוט באקאנט אין דער אידישער געשעפטס וועלט.

## לואיס שילער, סאן פראנציסקאָ

א ברודער פון נייטן שילער, א מוסמך, נאָר וויל ניט פּראקטיצירן
קיין רבנות אין אמעריקע. לואיס איז דער אייגענטימער אין דער גאָלדען
סטייט בעווערידזש קאָ. איז גוט באקאנט אין דער סאן פראנציסקאָר אידישער
און אלגעמיינער געשעפטס וועלט, איז א מיטגליד אין אלע אידישע אנ־
שטאלטן, א פּראָמינענטער קלוב מיטגליד, און רעכנט זיך פאר איינעם פון
די אָנגעזעענסטע אידן אין ס. פ.

משה רודין

געבוירן אין ברוסילאָוו, קיוועד גוב. אין 1897. פאָטער, א וואָל־העגדלער. משה האָט געלערנט ביז דרייצען יאָר, גע־וויזן גוטע פעאיקייטן, אָבער אומ־שטענדען האָבן אים געצוואונגען אָנ־צעהויבן צו ארבעטען צו דרייצען יאָר, בא ברודער אין א שפייז־געוועלבעל. אין 1914 געקומען אין קאנאדע, (טאָ־ראָנטאָ) געארבעט בא טאבליציר, אָבער דער אינגער רודין איז געווען אין א וואנדער־שטימונג, און ער האָט געוואנדערט איבער די קאנאדישע וועסט־לאכע פראָווינצן, סאסק. אלבערטא, בריטיש קאָלומביא, פון דאָרטן אויך געפאָרן אין אלאסקא, פרובירט זיין גליק אין פיש־כאפן, איז אויך געווען א „מיינער" און דערנאָך איז ער געקומען אין ריאטל, און פון דאָרטן געצויגן קיין סאן פראנציסקא. אָנגעקומען אהין איז ער דעם טאָג, ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט (עלפטן סעפט.( געארבעט א שטיקל צייט, נאָר עס האָט אים ניט געלאָזן איינזיצן, און ער איז געקומען א קוק טון אף לאָס אנגעלעס.

אכט חדשים האָט רודין געארבעט בא יענעם, דערנאָך האָט ער אָנ־געהויבן פאבריצירן ווייכע מעבל פאר זיך. ער איז געווען דער ערשטער אין דעם פאך פון ווייכע מעבל. דירעקט פון פאבריק צום קאָנסומער. ער האָט אָנגעהויבן אדווערטייזן, בעת ער איז געשטאנען אין א קליין פלאַץ; (25 פוס די ברייט) אף דזשעפערסאָן סטריט. דערנאָך האָט ער דאָרטן אָנגעהויבן צו פארגרעסערן דאָס פלאַץ, איז געוואָרן פאפולאר, און אויסגעוואקסן צו איינע פון די גרעסטע פירמעס אין דער מעבל־אינדוסטריע און זידליכער קאליפאָרניע.

מיט אריבער א יאָר צוריק האָט ער אריינגענומען א שותף, דזשיי־קאָב מאנדעל, פון ס. פ. און היינט צוטאָג האָט די פירמע רודין און קאָ. א חוץ דאָס גרויסע געשעפט אף 27טע און מעין אויך א גרויסן מעבל־געשעפט אין לאָנג ביטש, און א געשעפט אין סאן־דיעגאָ.

רודין איז אָבער געבליבן דער איינגענער פשוטע'ר אינגערמאן, כאָטש ער קען מער אקטיוו זיך ניט באטייליקן אין קיין געזעלשאפטלאכער ארבעט. ער געדיינקט אָבער, אז ניט לאנג צוריק אין טאָראָנטאָ איז ער געווען דער גרינדער פון ארבעטער רינג ברענטש, איז אליין געווען דער סעקרעטאר א שטיק צייט און א דעלעגאט צו די קאָנווענשאָנס. ער באוועגט זיך היינט ניט, אָבער ער איז א פראָגרעסיווער מענטש, און רופט זיך אָפ גאנץ שיין אף אלע סימפאטישע באוועגונגען, סיי וואויל־טעטיקע און סיי ליטעראַרישע.

## הערמאן שניידער און זיינע זין





הערמאן שניידער עליו השלום, איז געבוירן אין לעמבערג אין 1855. גע־קומען אין נויאָרק אין אָנהויב פון 1905, א דעזעינער בא דעם טרייד, געווען טעטיק אין ארב. רינג. אהער געקומען אין 1916, געווען אקטיוו און סימפאטיש צו דער ראדיקאלער באוועגונג. די קאָאפעראטיווע בע־קעריי, קאָאפעראטיווע פרעס, גע־שטיצט דעם סאנאטאָריום, און פלעגט זיך מאכן פאר זיין אויפ־גאבע ארויסצופאָרן יעדען זונטאג, און באזוכן די עלענדע פאציענטן. געשטאָרבן 1920. איבערגעלאָזן א גוטן נאָמן און אן אלמנה, עמיליע שניידער, פיר זין, מאַרטאָן הער־בערט, סידני און עדדי, 31, 28, 25 און 22. אויך א טאָכטער, ראוז 29. מאַרטאָן האָט גראדואירט פאָבליק און היי־סקול, אין לואיסוויל קענ־טאָקי ,2 יאָר קאלעדזש אָוו פארמא־סי, ל. א. האָספיאל קאלעדזש. איצט אין אויטאָמאָביל טרייד אף ברוק־לין און סאָטאָ.

אויך הערבעט איז א גראדואייט פון לואיסוויל, קאלעדזש אָוו פאר־מאסי, געווען מענעדזשער פון דער ניומאן דראָג קאָ. איצט קומט ער אין קאליפאָרניע, און וועט צושטיין צו זיינע ברידער אין אוטאָ טרייד.

ראָז שניידער, האָט גראדואירט פאָבליק, היי־סקול, און ביזנעס קא־לעדזש, געארבעט אין האָל אָוו רעקאָרד אין ל. א. איצט פארהיי־ראט.

סידני האָט גראדואירט פאָבליק סקול און געמאכט דעם קורס אין אויטאָמאָטיוו נעשאָנאל סקול, גע־

וועז פיינעל אינספעקטאָר אין פרענקלין אוטאָ פעקטאָרי, סירא־קוז, נ. י. געהאלטן א קאָמישן אין דער לעצטער מלחמה מיטן אוויי־איישאָן קאָרפּס, איז אין ביזנעס

מיט די ברידער. עדרי איז א מע־
כאניק און אָנגעהויבן זייער אינג.
די ברידער שניידער האָבן די
ערשטע געעפנט א גאראדזש אױף
באָיל הייטס, און האָבן זיך פאַ־
די זעקס יאָר צייט גוט ארויפגעאר־
בעט, א דאנק זייער סערוויס און
ראיעלקייט. אינגיכן וועלן זיי
בויען א גרויס פּלאַץ אױף ברוקלין
און גאנאל, דאָס וועט זיין דאָס
שענסטע אוטאָמאָביל הויז אין דער
גאנצער נאכבארשאפט, וועט האָבן
אלע מאָדערנע באקוועמלאכקייטן,
דער גאראדזש וועט זיין אָפן טאָג
און נאכט.

אלע שניידער-ברידער זענען באַ־
קאנט פאר ליבעראלע מענטשן,
שטיצן אידישע אנשטאלטן, זענען
מיטגלידער אין די שענסטע אידישע
קלובן, און ווערן רעספעקטירט פון
אלע וועלכע קענען זיי.

## „די ברוקלין-הייטס פּאָסט"

אױף ברוקין עוועניו איז היינטיקס
יאָר צוגעקומען אן ענגלישע וואָכנ־
בלאט „די ברוקלין הייטס פּאָסט",
ארויסגעגעבן פון צוויי אידישע אינגע־
לייט, אל. סילווער און ד. פיינשטיין.
די צייטונג איז איינגאנצן קוים א יאָר
אלט, און דאָך קען מען ניט לייקענען,
אז זי האָט אן איינפלוס אױף דער באַ־
פעלקערונג אין דעם דערמאָנטען געגנט.
די צייטונג האָט זיך גלייך בא דעם אָנ־
הויב געמאכט פאר איר אויפגאבע צו דינען דער באפעלקערונג מיט אלע מעג־
לאכקייטן, און זי האָט גענומען אױף זיך שוין מער ווי איינמאָל די איניציאטיווע
צו קומען דער אידישער באפעלקערונג צו הילף. דער „פּאָסט" צו פאַרדאנקען
האָט דער געגענט זיך אָרגאניזירט אן אייגענעם „טשעמבער אָוו קאָמערס"
און שפּעטער אויך אן „אימפּרואוומענט אסס'ן". דער צייטונג געלינגט אָפט
אויפצעכאפּן אן „אישו" וואָס איז פון גרויס וויכטיקייט פאר דער נאכבאר־
שאפט, און עס פארשטייט זיך, אז אונדזערע אידן זענען דאנקבאר. עס זענען
דאָ קרעמער אין דער געגנט וואָס באטראכטן דאָס איצט פאר זייער חוב, צו
שטיצן די „פּאָסט" אנערקענענדיק דאָס גוטע און לויבענסווערטע,
וואָס די לאָקאלע בלאט האָט געלייסטעט אין דעם ערשטן יאָר פון איר
עקזיסטענץ. די מיטארבעטער ביז איצט זענען געווען דער באקאנטער דר.
דזשאָרדזש סיילין, אטאָרני דזשעק גרינבערג, דייוויד גראָקאָווסקי, און אל.
סילווער, דער רעדאקטאָר.

דער סוד פון דעם ערפאָלג פון דער „פּאָסט" ליגט, ערשטענס אין דעם,
וואָס זי ווייסט ווי אויפצוכאפּן אן „אישו", און צווייטענס, ווייל זי פאַר־
שפּרייט זיך פריי פון טיר צו טיר. ביז דער ערשיינונג פון דער „פּאָסט"

פלעג אין דעם געגנט פארשפרייט ווערן די „שאפינג־ניוס“ און דאָס פלעגט שלעפן דעם „טרייד“ צו דאון־טאון. די „פּאָסט“ זוכט צו געווינען דעם „טרייד“ פון דער באפעלקערונג פאר די געשעפטסלייט אין דער נאכבארשאפט.

אלס נאכבארשאפט־צייטונג איז די פּאָסט א לעבעדיקער פאקטאָר און א דערשיינונג וואָס דארף באגריסט ווערן.

עס איז נאָר צום באדויערן, ערשטענס, וואָס די „פּאָסט“ רעט צו דעם אידישן עולם ניט אין דער אידישער שפראך און אויך דאָס, וואָס זי דרוקט זייער ווינציק לעזעשטאָף. מען מעג האָפן, אז צו דעם נייעם יאָר, וועט די „פּאָסט“ אויך איינפירן רעפאָרמען אויך אין אירע אייגענע קאָלומס, און די באפעלקערונג וועט דאָס זיכער וויסן ווי אָפּצושעצן.

## סאָשל סענטער

געגרינדעט אין אָקטאָבער, 1922. טוער דר. דזשאָרדזש סלין, לעאָ לערנער, א. אייבלסאָן, און דוד הירש, ש״וב. א יאָר צייט האָט די אָרגאניזאציע ניט געפונקציאָנירט, דערנאָך געקויפט דעם ראָג גאס, סאָטאָ און מישיגאָן און איבערגעבויעט, פאר א פאסיק הויז סענטער. אָפיציעל ערעפענט אין יאנ־ווארר, 1925. הויפט אויפגאבע פון צענטער: א שטאָטישע תלמוד־תורה. דער צענטער רופט זיך: ת״ת ברענטש א. לערער: פרינציפאל, י. אלקאָוו, הויפט־לערער מ. טאָלטשינסקי און מ. סקאָס. עס זענען דאָ אכט קלאסן, פון א־ב ביז אדוואנס העב. ליט. עס לערנען זיך אן ערך פון צוויי הונדערט און פופציק תלמידים.

איצט ווערן דערווארטעט צוויי נייע לערער פון סאן פראנציסקאָ, וועל־כע מען האָפט וועלן אָנגעשטעלט ווערן פאר נייע סעמעסטערס.

דער צענטער האָט ארום צוואנציק אָרגאניזאציעס און קלובן, וועלכע פונקציאָנירן אין דעם צענטער. דאָס נעמט אריין די רעליגיעזע, אטלעטישע און קולטורעלע. דער צענטער פלאנעוועט א סעריע לעקציעס פאר יעדן פרייטיק אָוונט דורך דעם קומענדיקן סעזאָן.

---

## מארקאָ ר. ניומארק

(א זון פון הערים ניומארק)

באגריסט דעם „זונלאנד" צו דער ערשיינונג פון די מאטעריאלן וועגן די ערשטע אידן אין קאליפאָרניע.

---

# באגריסונגען פון

דר. און מרס. לעאָ בלאָס.

דר. און מרס. דזשאָרדזש סיילין.

דר. און מרס. הענרי לעווימאַן.

דר. און מרס. מ. נ. בינגלמאַן.

דר. און מרס. באָריס ד. באָגין

דר. און מרס. אלעקס. גאָטליב.

דר. ה. דזשיי. פיינשטיין.

פראָפעסאָר פאול לעמקאָוו.

מר. און מרס. ס. שוקין און קאָ.

**דזשאָזעף י. קאָמינס**
ארויסגעבער פון „קאַל. דזשואיש רעוויו" באגריסט אלע אידן און ווינטשט זיי א גוט יאָר.

**אָשר ר. קאָמינס**

**מ. מ. דאָליצקי**
ווינטשט אלע קאָלעגן ,דאָ און אר־מעטום א יאָר פון שפע, ברכה און הצלחה.

**י. ל. און בערטא מאלאמוט**
באגריסן זייערע פריינט, דאָ, דאָרט און אומעטום.

**מ. י. גראָסמאַן**
ווינטשט אלעמען א גוט יאָר.

**א. ב. מגיד (סאן פראנציסקאָ)**
ווינטשט אלעמען א יאָר פון גליק און געזונט.

**יצחק פארבער און זיין פאמיליע**
באגריסן אלע זיינע חברים און פריינט צום נייעם יאָר.

**יהושע פארבער**
באגריסט אלע פריינט און גענאָסן, און ווינטשט זיי א יאָר פון ערפאָלג.

**מאקס ריינהארט און זיין פאמיליע**
ווינטשען אלעמען א גליקליך יאָר.

**דר. נייטן זאלצמאַן (אווינג דאָקטאָר)**
ווינטשט אלעמען א גליקליך און ליכטיק יאָר.

איך ווינטש אלע מיינע פריינט דאָ און דאָרט און אומעטום א יאָר פון גליק און שלום.

**ה. גאָלד**
1053 סענטינעל עוועניו
לאָס אנגעלעס, קאל

**דר. און מרס. קאָווינאָקי**
ווינטשען אלעמען א גליקליך יאָר.

**די נייע אידישע טרופע אין קעפיטאָל טעאטער**
ווינטשט אלעמען א פריילאך יאָר.

**אברהם יונה שאפיראָ**
באגריסט אלע ציונסיטן אויף דער גאנ־צער וועלט און ווינטשט זיי א יאָר גע־זונט און הצלחה צווישן אלע אידן אויף דער גאנצער וועלט.

**קאָנג. אגודת־אחים**
זייערע באאמטע, און זייער ליידים עקזילערי ווינטשען אלעמען א שנת חיים ושלום.

**הרב משה בערמאַן**
ווינטשט אלע אידן א כתיבה וחתימה טובה.

**הרב שלמה מיכאל נעכעס**
ווינטשט אלעמען א שנת חיים ושלום, ברכה והצלחה.

**קאַנטאָר אברהם סילווערמאַן**
פון סיני קאָנגרעגיישאָן ווינטשט אלעמען א גוט יאָר.

באגריסונג

צו אלע פאציענטען אין דער עקס פיישענטס האום, און באָרד אָוו דירעקטאָרן פון לעצטען און הײנטיקען יאָר.

דזשולים ליפּמאן, אייגענטימער פון ל. א. פוירניטשור מאנופ. קאָ.

# באגריסונגען פון

**חזן ב. לעוו**
ווינטש אלעמען א יאָר פון אלדאָס־גוטס.

**הרב יעקב בוימאן**
באגריסט אלע אידן צום נייעם יאָר.

**עמיל בראון און זיין משפחה**
ווינטשען אלעמען א יאָר פון גע־זונט און פּראָספּעריטי.

**ס. א. פּרעס**
קאָנג רודף־שלום, ווינטשט אלעמען א גליקליך יאָר.

**ראבי ערנסט טראטנער**
באגריסט אלע אידן צום נייעם יאָר און ווינטשט זיי פיל גליק.

**מר. און מרס. סיימאָן לואיס**
ווינטשען אלע זייערע פריינט א יאָר פון געזונט און גליק.

**מר. און מרס. לואיס גלאזבאנד**
באגריסן אלע אידן אין ל. א. צום נייעם יאָר.

**י. ראשעל פון ראשעל סיין קאָ.**
**2134½ ברוקלין עוו.**
באגריסט אלע, וועלכע העלפן שאפן דאָס „זונלאנד“.

**י. אייזענבערג (אונדזער צייכנער)**
באגריסט אלעמען צום נייעם יאָר

**מ. קויפמאן (פרעזידענט פון „היים פאר אומהיילבארע“)**
באגריסט אלע אידן און ווינטשט זיי אלדאָס גוטס.

**יצחק זאָלא**
באגריסט אלע פריינט צום נייעם יאָר.

**מר. און מרס. צדוק ריטשלין**
ווינטשען אלעמען א גוט יאָר.

**מר. און מרס. הערי ריטשלין**
ווינטשען אלע אידן א גליקליך יאָר.

**דוד לאזאר, לואים קויפמאן, און נייטן העיגין פון דער לאזאר קאָנסטראָקשאָן קאָמפּאני**
**2526½ ברוקלין עוועניו**
ווינטשען אלע אידן א יאָר פון פרייד און גליק.

**טשאלס גראָסמאן און זיין פאמיליע**
ווינטשען אלעמען א יאָר פון גליק

**טשארלס ביוועך, פרעזידענט פון הכנסת אורחים ובית מושב זקנים**
באגריסט אלע אידן צום נייעם יאָר.

# מר. און מרס. י. א. ראזענקראנץ

ווינטשען אלע פאציענטען און אלע בארד או
דירעקטארען פון סאניטאריום, ווי אויך אלע
אידן אין לאס אנגעלעס א יאר פון געזונט און גליק

# לשנה טובה תכתבו

די גאָנגרעגיישאָן אנשי ספרד, קאָרנוועל סט. ווינטשט אלע אידן

אין ל. א. א יאָר פון געזונט און גליק, און לאדעט איין צו קומען הערן

# חזן בנימין גארדנער

מיט זיין גרויסארטיקן דאָבל-כאָר, אונטער זיין אייגענער דירעקציע.

מיר גאראנטירן אייך, אז איר וועט האָבן אן אמת'ן עונג-רוחני, קומט

און באזאָרגט זיך באצייטענס מיט טיקעטס.

די קאָמיטע.

באגריסונג צו אלע אידישע פראָגרעסיווע אַנשטאַלטען

אין לאַס אנגעלעס

## און א גוט יאָר צו אלע כלל-טוער

ה. סיטרין.



באגריסונג פון

י. מייער.

אייגענטימער פון מוזיק ארט סטודיאָ און סימפאָני זאל.

---

לשנה טובה

צו מײַנע שװעסטער און ברידער

װערא גארדאן

אלע פאטא־ענגרייווינגס אין דעם העפט

זיינען געמאכט בא דער

for first-class

**cuts**

phone 885329

SERVICE ENGRAVING CO.

PHOTO-ENGRAVERS

DAY & NIGHT SERVICE

128 EAST THIRD ST-LOS ANGELES

באגריסונג
# צו אלע אידישע קינסטלער
פון
## כרמל מייערס
## ציון מייערס
## חנה מייערס
## אמבאסאדאָר האָטעל

---

## מאקס פאקטאָר
## טעאטריקאל מייק־אָפּ
## די גרעסטע פירמע אין אמעריקע
## פאר טעאטרישע מייק־אָפּס.
## 326 סאוט הילל סטריט

א דאנק אונז איז געגעבן געוואָרן א מעגליכקייט פאר אקטיאָרן ארויסצוברייננגען די גרעסטע היסטאָרישע און לעגענדארישע טיפּן אף דעם פילם. בא אונדז איז באשטעלט געוואָרן דער מייק־אָפּ פא ר „טיף אָוו באגדאד“, „אראב“, „בען האָר“, „סי־האָק“, קעפּטען בלאָד“, „טען קאָמענד־מענטס“ און צענדליקע אנדערע בילדער אפן ליילעך אף דער לעגיטימאלער בינע.

מיר האָבן פאר א יאָרן צוגעשטעלט אלעם וואָס עס האָט זיך געפּאָדערט פאר דער בינע פון דער ווילנער טרופּע.

---

באגריסונג פון
## אלעקסאנדער ה. לעווי
(ערשטער סעקרעטאר פון דעם אידישן קאָנסאמפּטיוו רעליף סאנאטאָריום אין לאָס אנגעלעס)

---

## דוד העיז
קאָנצערט־מאנדאלינסט־לערער
סטודיאָ 229 נ. סאָטאָ

---

באגריסונג פון **מ׳רס. לאָסמאן**
פון סטאָר פאר צייטונגען און סטיישאָנערי
2108 ברוקלין עוועניו

---



---

באגריסונג פון

# דר. און מרס.

# נחום און נאדינא קאווינאקי

צו אלע אידן אין לאס אנגעלעס

---

### דער ערשטער האָטעל ווערט פארטיק אין באָיל הייטס

אָנהויב אָקטאָבער ווערט פארטיק דער גרעסטער האָטעל אין באָיל הייטס, וועלכער וועט זיכער זיין א נייעס אין ברוקלין הייטס. דער האָטעל ווערט געבויעט פון אהרן שווארץ אף קאָרנער שיקאגאָ און ערשטע גאס, וועט האָבן הונדערט מאָדערנע צימערן, מיט אלע באקוועמלאכקייטן, און דערצו טאקע איז דאָס ניט נאָר א האָטעל, נאָר אויך א טערקישע און רוסישע ערשטע קלאס שוויץ־באָד, וואו א רייזענדער פון גאנץ אמעריקע, אויב ער וועט קו־מען אין לאָס אנגעלעס און וועט וועלן זיין אין דעם אידישן געגנט, וועט ער דאָרט געפניען אזוי פיל באקוועמלאכקייט ווי דאון טאון, און וועט נאָך דערצו קענען זיין צווישן זיינע פריינט.

די שוויץ־באָד וועט האָבן אלע מאָדערנע אימפּרואוומענטס, אויך א רעסטאָראנט, א בארבער־שאפּ, א קלינינג און פרעסינג, און אנדערע נויטיקע אימפּרואוומענטס.

דער האָטעל וועט קאָסטן הונדערט טויזנט דאלאר, און וועט זיין די שענסטע געביידע אף דער איסט סייד.

די צייט פון דער עפענונג וועט באקאנט געמאכט ווערן אין דעם קומענדיקן העפט.

---

---

## שלום וויינער — א גוט יאָר!

מיין הארציקן גערוס צום רעדאקטאָר און צו אלע פריינט און מיט־ארבעטער פאר זייער באמיהען זיך צו פארפלאנצען אידישע ליטעראטור און קולטור בא דעם פאסיפיק.

---

באגריסונג פון

## דר. מ. ריינהארט

ווינטשט זיינע קאָלעגען איבער דער גאנצער וועלט א גליקליך יאָר פון שאפן פאר דער אידישער קולטור.

---

## מאדאם פעני ריינהארט

ווינטשט אלע היגע אנשטאלטען און כלל־טוער און ארטיסטען איבער דער וועלט א יאָר פון ערפאָלג.

---

## קאנטאָר דזשייקאָב וויינשטאָק

פון טעמפפעל בית־אל

באגריסט אלע אָפיסערס פון טעמפל, און אויך אלע פריינט צום נייעם יאָר.

---

באגריסונג פון שרה־באשע

די לעזערין און אָפּשאצערין פון ליטעראטור און קונסט

איך באגרים דעם רעדאקטאָר און אלע מיטארבעטער פון דעם איינציקן זשורנאל פאר ליטעראטור, קונסט און קולטור אין קאליפאָרניע.

## מעשה׳לאך פאר אידישע קינדער

פון י. ל. מאלאמוט

אין פארלאג „זונלאנד“ איז צו באקומען:

א) אמאָל איז געווען א מלך
(צייכנונג פון י. ליכטענשטיין)

ב) טייבעלאך
(צייכנונג פון שלמה י. בעלסקי)

פרייז פון יעדען ביכעל צען סענט. פּאָרטא פריי.

שולן באקומען פערציג פּראָצענט.

פארלאג „זונלאנד“

